# חײם הזז

# דער טײַך גײט

ייִדיש ל. אָליצקי

HAIM HAZAZ

# THE RIVER ROLLS
# DER TEICH GEHT



1964 — ניו־יאָרק — תשכ"ד

*Published by*

DER KVAL, I. LONDON, *Publisher,* NEW YORK, N.Y., U.S.A.

PRINTED IN THE UNITED STATES OF AMERICA
MARSTIN PRESS, INC., NEW YORK
I. LONDON, PRESIDENT

## *i*

**אַ לאַנגע צײַט** האָב איך געגאַרט אַראָפּצופֿאָרן קיין לכיש, װעגן װעלכער כ'האָב אַ סך געלייענט און געהערט. דאָס אָרט, װאָס איז דערמאָנט אין די ערשטע און לעצטע נביאים, האָט זיך געטאָן דאָס זײַניקע, און די אײַנװוינער, װאָס זענען זיך דערין צונױפֿגעקומען פֿון בבֿל און פּערסיע, פֿון מאַראָקאָ און טוניס, האָבן געטאָן דאָס זייעריקע, און מײַן געמיט האָט זיך נישט באַרויִקט ביז איך האָב, אָפּשלעפּנדיק די זאַך פֿון טאָג אויף טאָג לאַנגע חדשים, זיך אָפּגעזוכט אַ פּאַסיקן מאָמענט און בין אַראָפּגעפֿאָרן קיין מגדל־אַשקלון.

אין מגדל האָב איך זיך אַרײַנבאַקומען אין אַן אויטאָבוס. דער אויטאָבוס איז געװען פֿול מיט מאַנסביל, װײַבער און קינדער, פֿון די פֿאַרשיידנסטע עלטערס, פֿון קינדער־עלטער ביז זיקנה־און גרײַז גראָע־עלטער; אָנגעשטאָפּט מיט אַ סך פּעק און פּעקלעך, װאָס ליגן אויף די נעצלעך אויבן, און פֿאַרװאָרפֿן מיט בערגלעך טלומיקעס, זעק און כּלים, גראָבאײַזנס, קירקעס און קאָסעס, אָנגע־הויפֿנטע איינע אויף די אַנדערע אין סאַמע מיטן דורכגאַנג.

דער געפּילדער איז געװען אַ גרויסער, אַ צעשאָטענער, אויסגעמישט פֿון אַ סך לשונות, װאָס האָבן זיך אַרײַנגעשניטן איינס אין אַנדערן, מיט געװיינערײַען פֿון קינדער און קװיטשערײַען פֿון װײַבער, און דערצו מיט אַ זייער האַרבן שװייסגערוך, װאָס איז אים אָנגעמאָסטן, אַ גערוך פֿון אַ סך שװיצנדיקע, פֿאַרנדיקע לײַבער.

כ'האָב געפֿונען אַ ליידיקן פּלאַץ לעבן איינעם אַ מענטשן, אַ נידעריקן און קורצן, מיט אַ ברייטן רוקן, װי בײַ אַ שאָפּנבאָק, מיט אַ פּנים פֿאַרשטעקט אין אַ קופּע באָרד; איינער פֿון יענע לײַט, װעגן װעלכע מע דריקט זיך אויס: „אַ פּראָסטער שלוש־סעודות". כ'האָב אים אָפּגעגעבן שלום, און ער האָט מיר

אפּגעענטפֿערט מיט אַ שוואַכער שטים און שווערמוטיק, ווי מען ענטפֿערט פּראַסטאַקעס אום תּשעה־באָבֿ, הגם דעמאָלט איז געווען תּמוז־צײַט.

איך האָב נעפּרוּווט פֿאַרפֿירן מיט אים אַ שמועס.

— וואָס פֿירט איר עפּעס עופֿות פֿון שטאָט? — האָב איך אים אַ ווונק געטאָן אויף אַ רויטן האָן צווישן צוויי ווײַסע הינער, וואָס זענען געלעגן אויף דער פּאָדלאָגע געפּענטעטע. — זענען דען נישטאָ קיין הינער אין אײַער מקום?

ער האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן מיט אַ פֿאַרגאַפֿט פּנים, גלײַך ווי איך וואָלט אים געשטעלט אַ גרויסע און האַרבע קשיה, און מיר געענטפֿערט עפּעס אויף תּ ר ג ו ם־לשון, וואָס איך האָב נישט פֿאַרשטאַנען.

דאָ האָט זיך דער שמועס צווישן אונדז איבערגעריסן, ווײַל איינער האָט נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס דער צווייטער רעדט. איך האָב נישט געוווּסט, וואָס אים צו זאָגן, און ער נישט — וואָס מיר צו ענטפֿערן.

איך האָב זיך אַרומגעקוקט אַהין און אַהער, אויסגעדרייט דעם קאָפּ הינטער זיך און באַטראַכט מײַנע מיטפֿאָרער. צוליב דעם וואָס זיי האָבן געטוישט זייער טראַכט און זיך געקליידט לויטן שטייגער פֿונעם אָרט, האָבן זיי זיך דורכוים געענדערט. אויסגעזען משונהדיק, ווי עפּעס אָפּגעקומענע און פּראָסטע חיי־וקימס, און ס'איז שווער זיך פֿונאַנדערצוקלײַבן ווער זיי זענען און פֿון וואַנען זיי קומען. דאָך איז נאָך פֿאַרבליבן אין זיי איבערגענגוג זייער אייגנ־טימלעכס, אין דעם קורדער זײַנס און אין דעם תּימנער זײַנס, און אַזוי אַלע אַנדערע. יעדער שטעקן אין דער הייך געוואָרפֿן — אויף זײַן וואָרצלעק בלײַבט שטיין.

אין מײַן רעכטער זײַט איז געזעסן אַ מאַן מיט אַ ווײַב, מאַראָקאַנער אַ פּנים, און פֿיר קינדערלעך פּילדערן קעגן זיי: „אַרטיק! אַרטיק!". קעגן מיר אין סקאַס איז געזעסן אַ היפּשע פֿרוי, מיט אַ פּנים ווי אַ פֿולער לבֿנה־דיסק, ווען ער שטײַגט אַרויס פֿון הינטער די בערג, מיט אַ גראָבער שטים, נישט צו דער־קענען, צי אַ ווײַבערישע, אָדער אַ מאַנסבילשע. זי איז געווען אין אַ בונטפֿאַרביק קלייד, פֿון פֿאַרנט צעשפּיליעט, און ס'זעען זיך אַרויס דערפֿון די בריסט. אַ קליין נאָזרינגל, ווי אַ גילדערן אַרבעסל, שטעקט איר אין דער נאָז, און אויר־רינגלעך, ווי ליליע־אַרבעס אין די אויערן. זי האָט געשמועסט מיט אַ צווייטער פֿרוי, אַ געזונטע און קליינע, אַן אויסגערונדיקטע און קײַלעכיקע, מיט אַ יעריק עופּעלע אויף די הענט; זי איז געזעסן הינטער איר, לעבן איר מאַן, אַ טוניסער מיט געפּוצטע וואָנצעס, מיט ביסטרע, פֿײַערדיקע אויגן, ציגײַנערישע. פֿאַר זיי איז געזעסן אַ תּימנער, אַ שוואַרצלעכער, אַ טרוקענער, ווי אַ באָקסער, מיט לאַנגע פּאות, געקרײַזלטע, וואָס לאָזן זיך אַראָפּ ווי פּראָפּן־ציִערס, מיט אַ בערדל — אַ פּיצלס, אַ מויל — אַ ברייטס, אַ שפּאָטיש־שמייכלדיקס. אויף דער לעצטער באַנק זענען געזעסן פֿינף קורדן אין איין כאָפּטע און האָבן געשמועסט אויף קולי־קולות וועגן אַ געשעעניש, וואָס האָט פּאַסירט, משמעות, אין זייער מקום. אויסער איינעם אַ זקן, מיט אַ געדיכטער באָרד און ברייטע פּלייצעס, מיט צעפּראַלטע אויגן, ווי בײַ אַן אָקס, מיט אַ ברייטן גאַרטל־פּאַס

ארום בויך און א געפּלאַכטענעם טורבאַן אויפֿן קאָפּ. ער איז געזעסן צווישן זיי ווי עפּעס א נבֿוכדנצר און האָט קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט, נאָר בלויז צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. אַקעגן מיר און העכער זענען געזעסן נאָך עטלעכע גלאַט־אַזוי־זיך־מענטשן, קורדן, פּערסער און מאַראָקאַנער, און האָבן, שמועסנדיק צווישן זיך, ווער געצופּט פֿון א טרויבן־הענגל און ווער געלעקט פֿון א בעכערל אײַזקרעם.

און מענטשן האָבן זיך נאָך אַלץ אַרײַנגעשטופּט צעיאָכמערט און פֿאַרשמײַעט, אַרויפֿגעשלעפּט מיט זיך זייערע טלומקעס, זיי אָנגעוואָרפֿן און געברענגט נאָך. הינטער זיי קריכן אַרויף די ווײַבער מיט די קינדער, גייען אָפּ מיט שוויים און סאָפּען ווי געגנדז, מיט צעפּלאָמטע פּנימער. מחמת גרוים שטיקעניש האָבן זיי זיך אַראָפּגעזעצט אויף די הויפֿנס פּעקלעך און זענען געזעסן, ווי ווײַבער אויפֿן בראָכשטול, יעדע אויף איר פּעקל און זעקל, ליאַרעמענדיק און שעלטנדיק געריסן די קינדערלעך און געטריבן פֿון זיך.

פֿון מאָל צו מאָל האָט עמעץ אַרײַנגעשטעקט דעם קאָפּ אין דער טיר און א פֿרעג געטאָן:

— דער אויטאָבוס גייט קיין חלץ?

— דער אויטאָבוס גייט קיין קרית־גת?

האָט מען גלײַך צו אים צוריקגעשריגן פֿון דאָ און דאָרט:

— ניין, כאַבֿיבֿי, ניין! קיין קרית־גת איז נישט דאָ! קיין קרית־גת איז אַן אַנדער כּבֿיש!

דער געפּילדער איז אַלץ שטאַרקער געוואָרן. די קינדער האָבן געוואַיעוועט. די ווײַבער האָבן געמאַטלט און געיענטעוועט. די מאַנסביל האָבן געשמועסט צווישן זיך אויף קולות, גלײַך זיי וואָלטן זיך אַרומגעקריגט. אַנדערע האָבן זיך פֿון צײַט צו צײַט אַראָפּגעכאַפּט און אומגעקערט מיט א שׂמחת־מצווה־פּנים, מיטגעבראַכט מיט זיך א קאַוועגע, א בעכערל אײַזקרעם, פּאַפּיראָסן און זיך מכבד געווען איינער דעם אַנדערן. זיי האָבן אַלע אויסגעזען ווי איין קאָמפּאַניע, ווי מענטשן פֿון איין פֿאַמיליע, וואָס זענען זיך האַרציק נאָענט, און ס'איז צווישן זיי ששׂון־ושׂמחה.

כ'האָב זיך געקליבן צו פֿאַרפֿירן מיט זיי א שמועס, אָבער ס'האָט זיך מיר נישט אײַנגעגעבן, ווײַל דאָס העברעיִש איז זיי אָנגעקומען שווער, קוים־קוים.

— וואָן פֿאָרט מען? — האָב איך א פֿרעג געטאָן מײַנע צוויי שכנים פֿאַר מיר.

איינער פֿון זיי האָט מיט צוויי פֿינגער אויסגעשנײַצט די נאָז און געלאָזט הענגען מײַן פֿראַגע אָן א תּשובֿה, און דער צווייטער האָט אָנגעשטעלט אויף מיר די אויגן און געשוויגן.

— זיי האָבן נישט קיין פֿאַרשטאַנד צו פֿאַרשטיין. — האָט זיך אָפּגערופֿן דער תּימנער פֿון זײַן אָרט מיט א טאָן, פֿון וועלכן ס'האָט זיך אַרויסגעשפּירט גאַווהדיקער חוזק און פֿאַראַכטונג.

— איך פֿרעג, — האָב איך געוואָנדן דאָס פּנים צו אים — וואָן וועלן מיר רירן?

— גערולדיקט זיך אַ ביסל, אדון. — האָט ער מיר געענטפֿערט געלאַסן.
— מיר וואַרטן שוין דאָ אַ שפּאַרע צײַט.
— פֿינקטלעך זעקס וועלן מיר רירן. פֿינקטלעך־געגנוי.
און בעת־מעשׂה האָט ער זיך אַ ריס געטאָן פֿון אָרט, איז צוגעגאַנגען צו מײַן שכן לעבן מיר, אים עפּעס אײַנגערוימט, און ס'האָט יענעם אַ הייב געטאָן פֿון אָרט. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן זײַנע דרײַ עופֿות, וואָס האָבן צעפּאָכעט די שפּיץ פֿליגל און עקן, און איז געגאַנגען און זיך געזעצט אויפֿן תּימנערס אָרט.
— ערשט קאָנט איר רעדן, — האָט זיך דער תּימנער געזעצט לעבן מיר מיט אַ צעשמייכלט פּנים. — איך פֿאַרשטיי אַלץ.
באַלד האָט ער מיך גענומען בדקענען: ווער בין איך און וואָס בין איך, און פֿון וואַנען בין איך און וווּהין פֿאָר איך. כ'האָב אים עפּעס וואָס געענטפֿערט, אָבער ער האָט מיך אַלץ נישט צו רו געלאָזן, געוואָלט געוואָר ווערן אקוראַט דעם צוועק פֿון מײַן פֿאָרן.
— איר זענט פֿון דער סוכנות? — איז ער צו מיר צוגעשטאַנען.
— ניין.
— פֿון דער ממשלה?
— ניין.
— איז וואָס איז אײַער טועכץ?
— קיין שום טועכץ.
— נאָר וואָס?
— סתּם אַזוי זיך אַ שפּאַציר.
ער האָט געטאָן אַ פֿינטל מיט די אויגן, אַ קוק אויף מיר מיט אַ שפּור פֿון אַ שמייכעלע און אַ זאָג מיט אַ ממזרישן רמז:
— און רופֿט מיך קנאַקניסל...
כ'האָב געשוויגן. ער האָט געשפּירט, אַז זײַנע ווערטער האָבן מיר נישט געשמעקט. האָט אײַליק אַ כאַפּ געטאָן די פֿאַלע פֿון זײַן בגד און גענומען זיך אָפּפּאָכען.
— כ'בעט איבער אײַער כּבֿוד. — האָבן זיך אים די ליפּן צעגומען מיט אַ נעבעכדיק שמייכעלע. — ס'האָט זיך מיר ארויסגעכאַפּט.
אין דעם מאָמענט איז ארויפֿגעקומען דער שאָפֿער. ס'האָט נישט גענומען קיין עטלעכע רגעס, ווי מיר זענען אָפּגעפֿאָרן.

## *ii*

זיי האָבן באַלד גענומען זינגען. אַ פֿיר־פֿינף מאַראָקאַנער האָבן זיך צונויפֿגענומען און געזונגען צוזאַמען. דער תּימנער לעבן מיר האָט זיך נישט פֿאַרלאָזט אויף זייער געזאַנג און גענומען זינגען פֿאַר זיך אַליין:

— אַבֿ שמעון יגול... — דער פֿאָטער שמעון זאָגט.

ער איז געזעסן, די אויגן פֿאַרמאַכט, האָט זיך געשאָקלט, ווי אַ שיכּור, און געציקלט, אַראָפּ און אַרויף, אַרויף און אַראָפּ, און ווידער און אָבער דאָס אייגענע.

דערנאָך, אויפֿגעהערט זינגען, האָט ער געעפֿנט דאָס מויל און אָפּגעאָטעמט.

— אַזוי, כאַבֿיבֿי, — האָט ער אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו מיר, זיפֿצנדיק און קוועלנדיק, ווי איינער וואָס איז געווען שטאַרק דורשטיק און האָט זיך אָנגעטרונקען צו דער זעט. — צו דאַנקען און צו לויבן דעם, וואָס זיצט אויבן.

ערשט האָב איך געפֿונען אַ פּאַסיקן מאָמענט צוצושטיין צו אים, ווי ער איז פֿרײַער צו מיר צוגעשטאַנען.

— ווי הייסט איר? — האָב איך אים אַ פֿרעג געטאָן.

ער האָט מיר געענטפֿערט מיט אַ געצוווּנגענעם שמייכל, ווי עמעץ וואָס ענטפֿערט אויף אַ קליינער און לײַכטער פֿראַגע וועגן עפּעס, וואָס איז אַלעמען באַוווּסט:

— זכריה, זכריה הייס איך.

ערשט איצט האָב איך זיך אָנגעזעצט אויף אים, ער זאָל מיר דערציילן זײַן לעבן און זײַנע פֿאַרלויפֿעניש: ווער איז ער און פֿון וואַנען, און פֿון ווי לאַנג איז ער אין ישׂראל, און ווו וווינט ער און וואָס טוט ער.

ער האָט מיר געענטפֿערט על ראשון ועל אחרון. האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז נישט מער ווי דאָס, וואָס איך האָב זיך וועגן אים אָנגעשטויסן: איז אַ תּימנער און געקומען צו פֿליען אויף די „אָדלער־פֿליגל“,

און ווינט אין לכיש־געביט, אין אַ געוויסן דאָרף, וואָס זײַן נאָמען האָב איך שוין פֿאַרגעסן, און ער אַרבעט אויף פֿעלד, און אַזוי ווײַטער, און אַזוי ווײַטער.

— און פּרנסה איז דאָ. — האָב איך גלאַט אַזוי אים אַ זאָג געטאָן, ווי אַ זיכערע זאַך.

— פּרנסה? — האָט ער אויף מיר אַ קוק געטאָן שיקלדיק, זײַטיק. — ס'איז דאָ און דאָ, גענוג און גענאָך! אַ כּזית דאָ, און אַ כּזית דאָ, כּאַבֿיבֿי, און אַ האַרעלע אין מיטן.

איך האָב זיך נישט געריכט צו הערן פֿון אים אַזאַ מין סאָרט תּשובֿה.

געזען מיך זיצן אַ פֿאַרחידושטן, האָט ער זיך אַ נעם געטאָן צו מיר.

— כּמעט אַן עני חשובֿ כּמת, — האָט ער צוגעגעבן נאָך שטאַרקער.

— ווי געשיקט זיך עס? — האָט איך אים געפֿרעגט פֿאַרוווּנדערט.

— אָט דאָס איז עס, אָט אַ, — האָט ער מיר געטײַטלט מיטן פֿינגער.

איך האָב ווײַטער אָנגעהאַלטן מיט אים דעם שמועס, הגם ער האָט זיך נישט געאײַלט מיר צו ענטפֿערן צו דער זאַך.

— וויפֿל דונאַם האָט איר? — האָב איך אים צוגעשפּאָרט.

— צוויי דונאַם.

— וואָס האָט איר אויף זיי?

— אַ ביסל פֿעפֿערלעך, פּאָמידאָרן אַ ביסל, זונרויזן און נאָך אַזעלכע קלייני־קייטן.

— ווײַל, — האָב איך אים אַ זאָג געטאָן — דאָס זענען צוויי דונאַם, וואָס איר האָט בײַ דער שטוב. און וויפֿל האָט איר אין צוגרייטונג?

— אין צוגרייטונג? — האָט ער געלאַכט, און זײַן נאָז האָט געשפּילט אויף פֿאַרשיידענע אַנצוהערענישן. — דאָס איז דער סוכנותס.

— וויפֿל? — בין איך נישט אָפּגעטראָטן פֿון אים.

— איך ווייס? אפֿשר צוואָנציק, אפֿשר דרײַסיק. פֿון וואַנען זאָל איך וויסן? דאָס איז דער סוכנותס.

— און די סוכנות באַאַרבעט זיי דורך אײַך אַליין, געוווינט אײַך צו צו אַרבעט, און צאָלט אײַך דערווײַל טאָגלוין אויף חיונה. נישט אַזוי?

— איך ווייס נישט דערפֿון, — האָט ער אָוועקגעקערט די אויגן פֿון מיר. — מענטשן רעדן דערוועגן און ברײַען פֿאַרשיידנס.

אונדזערע נאָענטע שכנים האָבן אָנגעשפּיצט די אויערן צו אונדז און זיך געגרייט צו הערן. און ווײַל זיי האָבן נישט פֿאַרשטאַנען אונדזער געשפּרעך, האָבן זיי געפֿרעגט דעם תּימנער, וואָס איך האָב צו אים. האָט ער זיי דערקלערט דעם תּמצית פֿון אונדזער שמועס. פֿון ערשט אַז האָט ער גענומען זיי איבערגעבן דאָס, וואָס ער זאָגט מיר, און דאָס, וואָס איך זאָג אים, און זיי האָבן אָנגעהויבן זיך באַטייליקן אין דעם שמועס.

— איר זאָגט, אַדון, — האָט זיך דער תּימנער צוריקגעקערט צום אָנהייב — צי קלינגלענדיק זיך, צי מיטן מיין צו באַווײַזן זײַן שאַרפֿזיניקייט, — אַז איך זאָל קלאַמפּערשט האָבן צוואָנציק, אָדער דרײַסיק דונאַם. ווען כ'וואָלט

האבן, וואָלט איך זיך געוועזן שעמען פֿאַר אײַך? נישט מער, איך האָב נישט. דאָס אַלץ געהער צו דער סוכנות.

— אבא פרחאַן. — האָט אַ זאָג געטאָן איינער אַ מאַראָקאַנער, ווי אַ גדול און אַ חכם־עתיק, און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— ער זאָגט: „אבונא פרחן!" — האָט זיך דער תימנער צוגעאײַלט מיר דער־קלערן אויף זײַן לשון — דאָס הייסט: אַ גדולה אויף אונדזער טאַטן!

אַזוי האָט ער אַ זאָג געטאָן און זיך צעלאַכט מיט אַ שאַרף און הויך געלעכ־טער, ווי פֿון אַ קוויטשענדיקער יִדענע, און אַ סך האָבן מיט אים מיטגעלאַכט.

איך האָב געשוויגן. נישט געוואָלט זיך איבערחזרן. אָבער ער אַליין האָט איבערגעחזרט.

— די סוכנות גרייט צו! — האָט ער געזאָגט מיט אָפֿענעם שפּאָט. — און ווען וועל איך די זכיה האָבן? — וואַרט, כּאַבּיבּי, וואַרט . . .

און גלײַך האָט ער אָנגעהויבן אויף אַ קול און מיט אַ ניגון, ווי געלייענט די מגילה, מדקדק זײַענדיק מיט אַלע דקדוקים:

— „ששה חדשים בשמן המור וששה חדשים בבשׂמים ובתמרוקי הנשים. . . "
— זעקס חדשים מיט אייל פֿון מירע, און זעקס חדשים מיט בשׂמים און מיט זאַלבן פֿון פֿרויען.

די מענטשן האָבן אָנגעשטעלט אויף אים די אויגן, זענען געזעסן און גע־קוואָלן. ער אַליין איז געזעסן ווי אַ העלד, וואָס האָט געזיגט אויפֿן גאַנצן פֿראָנט. זײַן פּנים האָט זיך געענדערט און איז שיין געוואָרן, אויסגעאיידלט און אויס־געלײַטערט. זײַנע אויגן האָבן געגלאַנצט מיט אַ תּמימותדיקער און לוסטיקער שײַן, און אַ שמייכל פֿון קינדישקייט, פֿון פֿרײַנדלעכקיים און מענטשן־ליבשאַפֿט האָט געשוועבט אויף זײַנע ליפּן, צווישן זײַן וואָנצע און שיטערלעכן זאַנג־בערדעלע.

— גלײַך מיר וואָלטן קיין קעפּ אויף די פּלייצעס נישט האָבן. — האָט ער ווײַטער געצויגן, ווי געהנדלט זיך. — ווי מיר וואָלטן זײַן ווײַבער און קליינוואַרג, וואָס מע דאַרף זאָרגן צוצוגרייטן פֿאַר זיי.

ס'מאַכט נישט, — האָב איך אים געזאָגט. — נאָך צוויי־דרײַ יאָר און איר זענט שוין אַ באַהאַוונטער און געניטער ערדאַרבעטער און פֿאַרמאָגט צו ביסלעך פֿעלד, פּלאַנטאַציע, ווײַנגאַרטן. ס'וועט שוין רעכט זײַן.

— ע, — האָט ער אַ נייג געטאָן דעם קאָפּ אויף אַ זײַט און אַ קוואַטשקע געטאָן, ווי אַ הון פֿון שלאָף אַרויס. — „יבוא יומו" שטייט אין פּסוק — זיץ און שוויַג.

אויך דער שאָפֿער האָט זיך אַרײַנגעלאָזט אין דעם ענין און דערציילט אַ מעשׂה מיט די לײַט פֿון דאָרף נתיבֿ, וועלכע האָבן תּחילת געהאַט דאָרט גע־האַקטע צרות, אַרומרײַסעניש צווישן זיי און דער סוכנות און צווישן זיך גופֿא, אָבער לסוף באַקומען די צוגעגרייטע באַדנס. הײַנט איז דאָרט שלום־ושלוה. אַ גן־עדן, אַ גן־עדן.

— נו, זעט איר שוין! — האָב איך אים, דעם תּימנער, געבראַכט אַ ראיה פֿונעם שאָפֿערס רייד — זעט איר!

דערויף האָט ער אַ זאָג געטאָן סתּם זיך, ווי אַ זעלבסטפֿאַרשטענדלעכע זאַך:

— יעדער איינער בענטשט פֿאַר זיך.

איינער פֿון די פֿאָרער, וואָס כ'האָב נישט געקאָנט באַשטימען צי ער איז אַ מצרימער, אַ מאַראָקאַנער, אָדער אַן איראַקער, איז אַרויס מיט אַ טענה קעגן דער סוכנות, וואָס זי באַזעצט דעם נגבֿ און דעם לכיש און ענלעכע שווערע מקומות בלויז מיט אונדזערע ייִדן.

— זענען מיר דען גרעסערע בריות אין דעם פֿאַרשיק־אָרט, — האָט ער געטענהט — פֿון די „ווּס־ווּוּסן"* ?

— פֿאַר זיך זענען זיי מקיל, — האָט זיך אָנגערופֿן אַ צווייטער — און פֿאַר אַנדערע מחמיר.

— וואָס אַ הונט פֿאַרבראַקעוועט צו פֿרעסן, — האָט אַ זאָג געטאָן אַן אַנדערער — שטאָפּט מען דערמיט אונדז.

מײַן תּימנער האָט צענומען די ליפּן מיט אַ פֿאַרגעניגיק שמייכעלע, גלײַך ער וואָלט זיך קלײַבן זאָגן עפּעס באַטעמטס.

— אַלץ וואָס דו קאָנסט אַנלאָדעווען אויפֿן רשע, לאָדעווע אָן. — האָט ער געזאָגט.

— וואָס איז דאָס מיט אײַך, רבותי! — האָט דער שאָפֿער אַ קער געטאָן צו זיי דאָס פּנים און גערעדט מיט אַ שטראָפֿנדיקן טאָן געלאָסן. — דער לכיש־געביט איז אַ פֿאַרשיק־אָרט אין אײַערע אויגן, דער נגבֿ געפֿעלט אײַך נישט! אין דאַראַב באַ־טאַוויל, אָדער אין מלאַך סאַלי** איז געווען בעסער? געקומען אַהער, האָט איר געטראָפֿן אַ צוגעגרייטע שטוב מיט מעבל, אַרבעט, באָדן אין צוגרייטונג, און נישט קיין צוואַנציק דונאַם, נאָר פֿערציק דונאַם. פֿ ע ר צ י ק , פֿ ע ר צ י ק דונאַם! וואָס ווילט איר נאָך? דאָס זענען דאָך משיחס צײַטן, בּמעט משיחס צײַטן, ימח־שמם זאָלט איר ווערן!

— „לתת לך ערים גדולות וטובות אשר לא בנית" — צו געבן דיר שטעט גרויסע און גוטע, וואָס דו האָסט נישט געבויט, — האָט דער תּימנער אויפֿגע־הויבן די שטים, גלײַך ער וואָלט לייענען אין תּורה — „ובתים מלאים כל טוב אשר לא מילאת, ובורות חצובים אשר לא חצבת, כרמים וזיתים אשר לא נטעת, ואכלת ושבעת..." — און הײַזער אָנגעפֿילטע מיט כּל־טובֿ, וואָס דו האָסט נישט אָנגעפֿילט, און ברונעמער געהאַקטע, וואָס דו האָסט נישט געהאַקט, ווײַנגערטנער און אייל־בערטביימער, וואָס דו האָסט נישט געפֿלאַנצט, און וועסט עסן און זיך אָנזעטיקן.

— טאַקע, טאַקע! — האָט דער שאָפֿער געזאָגט מיט אַ טאָן פֿון פֿירהאַלט, צושאָקלענדיק מיטן קאָפּ.

* זייערס אַ צונעמעניש פֿאַר די אַשכּנזים.

** דער אָרעמער קוואַרטאַל אין קאַזאַבלאַנקאַ; דאָס געטאָ פֿון שטאָט סאַלי.

איינער אַ פּאַרשוין, ענלעך צו אַ וואַליקו באָק, אַ זשערבער, לויט מײַנע שכנים האָבן מיר געזאָגט וועגן אים, האָט זיך אָנגערופֿן פֿון זײַן ווינקל.

— ניי — — יין! — האָט זײַן שטים אַ הילך געטאָן, ווי אַ פּויק — דאָס זענען נישט משיחס צײַטן. משיח איז נישט געקומען. ער וועט ערשט קומען. ער וועט ערשט קומ — — מען.

זיי האָבן געשוויגן אַ צוויי־דרײַ מינוט, ביז דער תּימנער האָט זיך אָנגערופֿן מיט אַן אויסגעצויגענער, שוואַכער שטים:

— זאָל ער בעסער נישט קומען, בעסער אַזוי.

כ׳האָב אַ קוק געטאָן אויף אים און געזען, ער זיצט זיך אַליין, און זײַן פּנים זעט אויס קרענקלעך.

— פֿאַר וואָס? — האָב איך אים אַ פֿרעג געטאָן מיט חידוש.

ער האָט מיר נישט געענטפֿערט.

כ׳האָב זיך אָנגעזעצט אויף אים:

— פֿאַר וואָס האָט איר געזאָגט אַזוי?

— ער וועט קאָס — — ען. — האָט ער אַ פֿיר געטאָן די האַנט פֿאַר זיך, ווי אַ סערף אין זײַן שווונג, האַלטנדיק די אויגן פֿאַרמאַכט. זײַן פּנים איז בלאַס, און אַן אויסטערלישער שמייכל באַרירט קוים־קוים זײַנע ליפּן. — ער וועט קאָס — — ען! ס׳אַ רחמנות אויף מענטשן, אויף די אַ בידנע . . .

די מענטשן זענען געזעסן שווײַגנדיקע. ס׳איז געשטאַנען אַ שטילקייט אין אויטאָבוס, אַ שווערע, אַ מין שטילקייט פֿון בהלה.

איינער אַ מענטש, וואָס כ׳האָב אים ביז ערשט נישט באַמערקט, אַן אויסגע־קוואַרטער און צעקנאָדערטער און שוין צו גאַרנישט טויגלעך, האָט אָנגעשטעלט אויף מיר די אויגן:

— ער וועט אויסהרגענען! — האָט ער אַ פֿיר געטאָן די האַנט הין און צוריק איבערן האַלדז.

ער האָט צוגעוואָרט אַ ווײַליטשקע און ווידער געטאָן אַ פֿיר די האַנט איבערן האַלדז און שטיל אַ שעפּטשע געטאָן:

— אויסהרגענען!—

אין דעם מאָמענט איז דער אויטאָבוס שטיין געבליבן, מיך אַראָפּצולאָזן, און כ׳האָב זיך געלאָזט אויסשטײַגן. דער עולם האָט מיך געזעגנט.

— כאַפּט זיך אַ מאָל אַרײַן צו מיר, — האָט מיר דער תּימנער אַ זאָג געטאָן מיט אַ פֿרײַנדלעך פּנים. מירן זיצן און זיך בײַנאַנד משׂמח זײַן.

אויסגעשטיגן, האָב איך דערהערט ווי ער האָט אַ זאָג געטאָן מיט אַ ביסל פֿאַראַכטונג:

— ברוך שפּטרני.

# iii

כ'האָב זיך איַינגעקוואַרטירט אין ראַיאָן־צענטער בײַם סעקרעטאַר פֿון אָרט־ראַט, שמעון זית. האָב אים באַקענט אין ירושלים, ווען ער האָט נאָך געוווינט דאָרטן, און די באַקאַנטשאַפֿט איז געווען אַ ווײַטלעכע. מיר פֿלעגן זיך טרעפֿן פֿון צײַט צו צײַט אין גאַס, שטיין און פֿירן צווישן זיך אַ וויכטיקן שמועס אויף איין פֿוס, אין פֿרײַנדשאַפֿט און צוגעלאָזנקייט.

אַ מאָל איז ער געווען דאָס, וואָס מענטשן רופֿן עס אַ הויכער באַאַמטער, באַשעפֿטיקט אין דער קליטה־אָפּטיילונג פֿון דער סוכנות. ביז ער האָט זיך אין איינעם אַ טאָג אויפֿגעהויבן און פֿאַרלאָזט זײַן אַרבעטפּלאַץ און איז צוזאַמען מיט זײַן פֿרוי אַוועק אין לכיש־געביט זיך צו פֿאַרנעמען מיט די זאָרגן פֿון די נײַע עולים. אַ דאַנק דעם האָט ער באַקומען אַ שם צווישן מענטשן.

ווען כ'בין אָנגעקומען אין ראַיאָן־צענטער, האָב איך אים געטראָפֿן שטיין אין דרויסן, לעבן דער סעקרעטאַריאַט־ביוראָ, שמועסן מיט אַ מענטשן, און נישט גלאַט שמועסן, נאָר ווי זיך בייזערנדיק אויף אים:

— „ריבונו־של־עולם! ריבונו־של־עולם!” איר מיינט, אַז גאָט, ברוך־הוא, האָט שוין מער נישט וואָס צו טאָן, ווי נאָר פֿאַרריכטן די נאַרישקייטן וואָס איר טוט אָפּ!

ווען ער האָט מיך דערזען, האָט זיך זײַן פּנים געענדערט, און ער האָט זיך גענומען וווּנדערן.

— באַ־באַ־באַ! — האָט ער אויסגערופֿן מיט שטוינונג און געפֿינטלט אויף מיר מיט די אויגן און געקנייטשט די נאָז — וועמען איך זע עס! איר? איך פֿריי זיך, כ'פֿריי זיך אײַך צו זען!

זײַן מיטשמועסער האָט איבערגעשטעלט אַ פֿוס, אַ שמייכל געטאָן מיט אַ צעטומלטן שמייכל, ווי ער וואָלט בעטן אַנטשולדיקונג, און זיך געלאָזט גיין.

— גייט געזונטערהייט. — האָט שמעון זיך אויסגעדרייט צו אים דעם קאָפּ.
— מיר'ן עס איינאָרדענען, מיר'ן די זאַך איינאָרדענען. זאָרגט ניט.

בעת־מעשה האָט ער געשטראַלט צו מיר מיט דער גאָרער פֿולקייט פֿון זיין פּנים און אַ פֿרעג געטאָן מיט אַ פֿריינדלעכן שמייכל:

— איר זענט געקומען זיך באַזעצן?

— כ'בין געקומען, — האָב איך אים געענטפֿערט — אַ קוק טאָן אויף די נייע עולים אין זייערע נייע וווינערטער.

— אַהאַ! — האָט ער זיך געכאַפּט — ראָמאַנטיק... ס'איז דאָ! ס'איז דאָ! ס'זענען דאָ דערפֿער, טשערעדעס, פֿערד, עופֿות, הינט, בערג, אַ סך אַרבעט, אַ סך עדהס, פֿאַרשיידענע אויסטערלישע מינהגים און מלבושים, צרות, יסורים און ווייטיקן. אַ שלל ראָמאַנטיק. אַ גאַנצער יאַריד!

באַלד האָט ער אָפּגעהאַקט.

— קומט צו אונדז. — האָט ער מיך גענומען אונטערן אָרעם און געפֿירט מיט זיך. — איר וועט באַקענען מיין מרימען. זי איז ביי מיר אַ טשודאַטשקע. אַ אומאָפּהענגיקער כאַראַקטער... אַ פֿאַרברענטע מפּא"יניצע... ווערט פֿאַר־ברענט אין דעם פֿלאַם פֿון דער טעטיקייט...

ער האָט געשטעלט פּאַמעלעך קליינע טריט, געמאָסטענע. איך האָב אים זייטיק נאָכגעקוקט און באַטראַכט. פֿאַר די צוויי יאָר וואָס כ'האָב אים נישט געזען האָט ער זיך לחלוטין נישט געענדערט.

ער איז געווען אַ מאַן צווישן די פֿופֿציק און זעכציק, אַ באַלייבטער און פֿליכעוואַטער, און ווייל ער האָט געהאַט אַ גרויסן קאָפּ, האָט זיין וווקס אויסגעזען קנאַפּלעך. זיין פּנים איז אַ פֿלעגמאַטיש, אַ רויט און גראָבלעכס, ווי ס'וואָלט געהאַקט געוואָרן מיט אַ האַמער און אַ האַק. זיינע אויגן — קליינע און גרויע, שפּאַטישע, און זייערע שטערנבערעמען געלע און געדיכטע. און אַ שלעפֿעריקער שמייכל, אַ אומעטיקער עטוואָס, ליגט אין די ווינקלען פֿון זיינע צו דיקע ליפּן.

— און וואָס מאַכן אונדזערע דעמאָסטענעסעס? — האָט ער אַ פֿרעג געטאָן, קנייטשנדיק די נאָז און פּינטלענדיק מיט די אויגן. און געזאָגט האָט ער, נישט דעמאָסטענעסעס, נאָר „דעמאָספֿענעסעס", ווי אויף רוסיש.

— וועמען מיינט איר עס? — האָב איך אים געפֿרעגט, כאָטש כ'האָב פֿאַרשטאַנען, אַז ער מיינט עס די חברים, וואָס פֿאַרנעמען זיך מיט געזעל־שאַפֿטלעכער טעטיקייט, די באַרימטע לייט.

— יענע קליינשטעטלדיקע דעמאָסטענעסעס, — האָט ער געזאָגט פֿאַרשטעלט.
— די שליחים, וואָס דרייען זיך אַרום אין אייראָפּע און אַמעריקע, אַרטיסטן זענען זיי!...

כ'האָב נישט באַוויזן אים צו ענטפֿערן, ווי מיר זענען שוין צוגעקומען צו זיין שטוב. זיין פֿרוי האָט מיך אויפֿגענומען איינפֿאַך, פֿעסט געדריקט מיין האַנט און אַ זאָג געטאָן:

— איך קאָן אייך. נישט איין מאָל האָט זיך אייך דערמאָנט.

זי איז געווען אַ דריבנע און ברונעטע פֿרוי, אַ פֿלינקע, דער קאָפּ פֿול גרויע האָר, דאָס פּנים פֿול מיט שאַרפֿע שטריכן: פֿון שטערן, פֿון די שלייפֿן, די קינבאַקן, פֿון דער נאָז און דער גאָמבע.

נאָך אַ געכאַפּטן שמועס וואָס מיר האָבן דאָ געהאַט, האָט זיך שמעון זית גענומען אײַלן אַוועקצוגיין.

— איך האָב נאָך וואָס צו טאָן, — האָט ער אַ זאָג געטאָן. — קומט שנעלער, וועל איך אײַך ווײַזן דאָס אָרטשאַפֿט.

— דער אמת פֿאָדערט אַנגעשטרענגטע אַרבעט. — האָט מיר מרים דערקלערט מיט אַ פּנים פֿון רעכט־פֿאַרטיקונג. — איר וועט שפּעטער קומען טרינקען טיי.

מיר האָבן זיך געלאָזט אַוועקגיין.

ווי מיר גייען אַזוי, טו איך אים אַ פֿרעג:

— וואָס איז מיט די עולים? זענען צופֿרידן?

— וואָס? — האָט ער צוגענייגט אַן אויער, ווי ער וואָלט נישט דערהערט.

— איך פֿרעג, צי זיי זענען צופֿרידן.

— צופֿרידן? — האָט ער אויף מיר אַ קוק געטאָן שפּאָטיש פֿאַרוווּנדערט.
— און אַז מ'האָט די ייִדן גענעבן מן פֿון הימל, זענען זיי געווען צופֿרידן? אויך דעמאָלט האָבן זיי זיך געקלאָגט און געשריגן: „ועתה נפשנו יבשה!"
— און אַצינד איז אונדזער זעל פֿאַרטריקנט.

ער האָט געמאַכט צוויי־דרײַ גרויסע, שווערע טראָט און צוגעגעבן:

— ס'איז נישט וויכטיק: יאָ צופֿרידן, נישט צופֿרידן. אָבער ד אָ זענען זיי. און דאָס איז וויכטיק. ייִדן! אײַ, אײַ... י ײִ ד ן זענען וויכטיק! ייִדן זענען געקומען קיין ארץ־ישׂראל. איר פֿאַרשטייט? ז ע נ ע ן ג ע ק ו מ ע ן! משה רבנו, איז אַפֿילו זײַן געבײן נישט אַרײַנגעקומען קיין ארץ־ישׂראל...

ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און עפּעס מהרהר געווע;

ס'פֿעלן מענטשן, — האָט ער אָפּגעזיפֿצט — דאָס איז די צרה. ס'איז נישטאָ ווער ס'זאָל זיי אינסטרויִרן, דערציִען, לערנען זיי ישוב־ארץ־ישׂראל . . . וואָס זאָל מען טאָן?... שטייט דאָך... שטייט דאָך... „ורב יעבוד צעיר" — און דער עלטערער וועט דינען דעם ייִנגערן. דאָס איז אַ כּלל־גדול. פֿאַרשטענדלעך. ווער באַדינט וועמען? — דער גרויסער דעם קלענערן פֿון זיך: די מוטער דאָס קינד, דער בכור דעם מיזיניק. די זון באַדינט די ערד. דאָס גראָז באַדינט זי, אַן איין־און־איינציק שטענגל ווילדגראָז באַדינט זי, אַ קליין ווערעמל, וואָס פּויזעט אויף דער ערד... איז ווו זשע זענען אַלע אונדזערע ג ד ו ל י ם, אַלע פֿרײַוויליקע פֿאָלקסקעמפֿער, אַלע אויסדערוווילטע פֿון דער צווייטער און דריטער עליה, די סטודענטן, די גאַנצע יוגנט אונדזערע! ווו זענען זיי!...

— דאָס איז אונדזער שול, — האָט זיך זײַן פּנים געענדערט, זאָגנדיק עס מיר מיט אַ מין שטאָלצקייט — מײַן מרים איז דאָ די לייטערין.

מיר זענען אַרײַנגעגאַנגען אינעווייניק. ער האָט מיך געפֿירט און מיר געוויזן

די קלאַסצימערן, דאָס לערער־צימער, דאָס נאַטור־צימער, די ביבליאָטעק, דאָס גימנאַסטיק־צימער, די קיך, דאָס עסצימער.

— און מיר בויען נאָך צו ווייטערע קלאַסן, — האָט ער זיך באַרימט פֿאַר מיר. — קומט מיט מיר ווייטער.

מיר זענען אַראָפּגעגאַנגען אויפֿן הויף. דאָרט זענען געשטאַנען דריי הייזער אין געבוי.

— מה נורא המקום הזה — ווי מוראַדיק איז דאָס דאָזיקע אָרט! — האָט ער אויפֿגעהויבן די האַנט קעגן די פֿעלדער, וואָס האָבן געבלענדט מיט זייער שיין פֿון ווייטן — אַן די הייזער און אַן די מענטשן, דאָס אָרט אַליין!

ער האָט באַלד אָוועקגעקערט די אויגן פֿון די פֿעלדער צו די דריי בנינים.

— ס'זענען נאָך נישטאָ קיין טירן־פֿענצטער, — האָט ער געזאָגט — און עס איז שוין בית־אלוהים, בית, בית־אלוהים, דער אינעווייניק, דער לערער חלל...

מיר זענען פֿון דאָרט אָוועקגעגאַנגען. ער האָט מיר ווייטער געוויזן דעם יוגנט־צענטער, די אַמבולאַטאָריע און די ביורא פֿונעם אָרטשאַפֿטראַט.

— פֿיין, פֿיין! — האָב איך אים דערמוטיקט. — אַ יישר־כּוח. גרויסע אויפֿטוען, אַ וואָזשנע נחלה...

— „צו זיין אים אַ פֿאָלק אין אָרב" — האָט ער זיך אָפּגערופֿן נאָך מיר מיט אַ צעשמייכלט פּנים — מיר זענען דעם אייבערשטנס אימעניע. מיר מאַכן דעם אייבערשטן פֿאַר אַ פּאָמעשטשיק אין דער וועלט... אַך, דעם גאַנצן טאָג קלאַפּן מיר פּסוקים אין האַרץ, פּסוקים, פּסוקים... פּסוקים שרייען, פּסוקים ליאַרעמען געוואַלד...

דאָס אָפּגעזאָגט, האָט ער אַ קנייטש געטאָן מיט די פּלייצעס און זיך שעמעוודיק צעשמייכלט.

— נו, איך מוז גיין, — האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן — איך האָב נאָך וואָס צו טאָן. גייט צוריק צו אונדז אין שטוב, איר וועט זיך אויסרוען אַ ביסל, אָדער גייט שפּאַצירן. ווי ס'גלוסט זיך אייך. אין אַ שעה אַרום וועל איך צוריק קומען.

ער האָט גלייך געשטעלט פֿיס און זיך געלאָזט גיין. נישט געמאַכט קיין דריי־פֿיר טראָט, האָט ער זיך אויסגעדרייט און אומגעקערט צו מיר.

— איי, איי, איי, פֿאַר וואָס קומען זיי נישט? — האָט ער געפֿרעגט, שטייענדיק פֿאַר מיר אַ פֿאַרזאָרגטער אין מחשבֿות, וואָס האָבן אים קענטיק געערגערט. — אויב מיר וועלן זיך פֿאַרזינדיקן, וועלן דאָך הימל און ערד באַשטראָפֿט ווערן, הימל און ערד וועלן אָפּקומען פֿאַר אונדזערע זינד! הימל און ערד זענען פֿאַראינטערעסירט אין אונדז... היינט צו טאָג ווערט געזאָגט צום פֿאָלק ישׂראל: „ייִדן, אָט איז הימל און ערד!" און ס'ווערט געזאָגט צו הימל און ערד: „הימל און ערד, אָט איז דאָס פֿאָלק ישׂראל!", פֿאַר וואָס זשע איז קיינער נישטאָ? פֿאַר וואָס קומען זיי נישט און מע זעט זיי נישט?

אַזוי רעדנדיק האָט ער אויסגעדרייט דעם קאָפּ און איז בחיפּזון אַריין אין דער סעקרעטאַריאַט־ביוראָ.

# טו

**אין אָוונט זענען** מיר געזעסן זאַלבע דריט, שמעון זית, זײַן פֿרוי און איך, פֿירנדיק אַ שמועס. שמעון זית האָט גערעדט אויף די פּאַרטייען און זייערע האַנדלונגען, די מיניסטאָרן און וויצע־מיניסטאָרן און די כּנסת־מיטגלידער און זיי באַצירט מיט צונעמענישן און טיטלען, וואָס צוליב רעספּעקט וויל איך זיי נישט איבערחזרן. מרים האָט זיך אַרײַנגעלאָזט מיט אים אין אַן אומבאַדאַכטן און קאַכיקן וויכּוח און, ווי זאָגט מען עס: „ער — בוידעם, זי — קלאָץ". מיט סכּנות־נפֿשות האָט זי פֿאַרטיידיקט מפּא"י, ווײַל זי איז דאָך געווען, ווי באַוווּסט, אַ פֿאַברענטע מפּא"יניצע, און זיך ביטער געראַנגלט מיט אים, אַ סך געמאָלן, געזיפֿצט אַהין און אַהער ווי אַ זיפּ, און ווידער און אָבער דאָס זעלבע. נאָר אַז זי האָט אים נישט געקאָנט בײַקומען, ווײַל נישט געפֿונען דאָס פּאַסיקע וואָרט צום מאָמענט און נישט קיין ענטפֿער אָפּצופֿרעגן זײַנע טענות, האָט זי אָוועקגענייגט דעם קאָפּ אויף אַ זײַט און אָנגעשטעלט אַ נעבעכדיק פּנים.

— סיאָמע! — האָט זי געמורמלט, ווי אַ פֿאַרחלשטע — האָב רחמנות, דערבאַרעם זיך...

האָט ער גלײַך קאַפּיטולירט.

— גוט, גוט, מיראַטשקע, — האָט ער זיך געאײַלט זי מפּייס צו זײַן און באַרויִקן.

— ביסט נישט גערעכט. — האָט זי געזאָגט מיט אַ שוואַכער און ציטעריקער שטים — שרעקלעך נישט גערעכט.

— איך קאַפּיטוליר, כ'קאַפּיטוליר, — האָט ער אַרויפֿגעהויבן ביידע הענט.

— תּמיד איז ער אַזוי, — האָט זי געוואָנדן צו מיר דאָס פּנים, פֿאַרקלאָגנדיק אים פֿאַר מיר — ער איז אַ רויִקע חיה, אַ גוטער בער, און איך פֿאַרער אים. שעץ זײַן פּערזענלעך אָפּערן זיך, זײַן אַנטוויקלט אחריות־געפֿיל, זײַן איבער־

גענעבנקייט, דינאַמישקייט און אויסהאַלטעוודיקייט. און באַזונדערס זײַן גענפֿיל פֿאַר מאָראַל. איך בין פֿון אים פּשוט באַגײַסטערט. אויסער איין זאַך, וואָס ער פֿאַלט אָן אויף מפּא"י. איך פֿרעג: וואָס וואָלטן מיר דאָ געהאַט, ווען נישט מפּא"י? אדרבה, זאָג דו אַליין.

— רעכט, רעכט, — האָט שמעון זית שעמעוודיק געשמייכלט.

ס'זענען נישט אַריבער קיין עטלעכע מינוט, ווי מיר האָבן ווײַטער געצויגן דעם שמועס.

מיר האָבן גערעדט וועגן טאָג־טעגלעכע און היימישע זאַכן: אַמעריקע, רוסלאַנד, די רעגירונג, די כּנסת, די קאָאַליציע, פֿאַרדאָרבנקייטן אין דער געזעלשאַפֿט, שווינדל, גנבֿה, כאַבאַר־נעמען, פּראָטעקציע.

ביסלעכווײַז האָט זיך שמעון זית אַרײַנגעצויגן אין די רייד און איז אַרויס מיט טענות קעגן די לינקע פּאַרטייען, קעגן דעם ווירוואַר אין אונדזער לעבן, דעם כאַאָס, דעם יאַריד פֿון נישטיקייט און פּוסטקייט.

— אַז מע האָט דעם עיקר גאָר אין גאַנצן פֿאַרגעסן! — האָט ער אויפֿגעזאָטן און אויפֿגעשוידערט — ירדן! י ר ד ן און נישט קיין יאַריד!... אַך, אַ מיתה־משונה! „במדבר"־געשעפֿטן: נדב ואביהו, אלדד ומידד, דאָס מחלוקת פֿון קורח מיט זײַן עדה, די זינד פֿונעם עגל... מאַרקסיזם, לעניניזם, צוויי פֿאָטערלענדער — אַ גאַנצער מחלוקת־הפּוסקים! נישט דאָס איז די צרה, וואָס מע טוט אַן עבֿירה, וואָס מען עסט חזיר מיטן פֿולן מויל, נאָר די צרה איז וואָס מע באַהאַלט זיך אויס מיט אַ מצווה, אין פֿאַרבאָרגעניש, ווי גנבֿים!

מרים איז געזעסן, אונטערגעשפּאַרט די גאָמבע מיט דער האַנטפֿלאַך, און האָט געקוקט אויף אים און קיין וואָרט נישט אָפּגעבראָכט פֿון מויל. ווען ער האָט אָפּגעהאַקט דאָס רעדן, האָט זי אָנגעשטעלט די אויגן אויף מיר און אַ שעפּש געטאָן, ווי עמעץ אַנטפּלעקט אַ סוד־זאַך:

— איך פֿאַרער דעם דאָזיקן מענטשן!

גלײַך האָט זי אים אויסגעשטרעקט די האַנט און אַ זאָג געטאָן מיט אַ פֿריידיק און שטאָלץ פּנים:

— איך דריק דיר די האַנט! פֿײַן געזאָגט. ריכטיק, זייער ריכטיק. ס'איז נישטאָ צו דיר גלײַכן, סיאָמע!

— „דבר אל בני ישראל ואמרת אליהם..." — רעד צו די בני־ישראל און זאָלסט זאָגן צו זיי, — האָט שמעון זיך ברייט צעזעצט און גערעדט מיט הנאה, פּינטלענדיק מיט די אויגן און קנייטשנדיק די נאָז. — דאָס איז איינס פֿון די שענסטע זאַכן וואָס איז פֿאַראַן: רעד... א ו ן  ז אָ ל ס ט  ז אָ ג ן! אונדזערע דעמאָסטענעסעס, זיי רעדן און רעדן און זאָגן גאָרנישט... כאַ־כאַ־כאַ... זיי זאָגן גאָרנישט... כאַ־כאַ־כאַ...

אויפֿגעהערט לאַכן, האָט ער זיך אויפֿגעהויבן און איז צוגעגאַנגען צו זײַן שרײַבטיש, וואָס איז געשטאַנען אין אַ ווינקל לעבן דער ביכער־עטאַזשערקע.

— כ'זאָל נישט פֿאַרגעסן. — האָט ער גערעדט צו זיך אַליין, אַרויסגענומען עטלעכע פּאַפּירן פֿון קעשענע און זיך אַנידערגעזעצט מעיין זײַן אין זיי.

מרים האָט מיך פֿאַרווײַלט מיט אַ שמועס, אויסגעלויבט מיר אירע זין און טעכטער, וואָס אַלע זענען זיי קיבוצניקעס, און די חכמה פֿון אירע קליינע אייניקלעך. זי האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו דער ביכער־עטאַזשערקע, אַרויסגענומען פֿון איר אַ גרויסן אַלבאָם, איז צוריקגעקומען און מיר געוויזן זייערע אַלעמענס פֿאָטאָגראַפֿיעס. דערבײַ האָט זי מיר געוויזן איר אייגענע פֿאָטאָגראַפֿיע, בעת זי איז געווען אַ גימנאַזיסטקע, און איר מאַנס, ווען ער איז געווען אַ סטודענט אין כאַרקאָוו, און אויך עטלעכע אירע פֿאָטאָגראַפֿיעס צווישן אַ גרופּע חלוצים אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און אויף דער שיף, אויף קאָנפֿערענצן און אויספֿלוגן אין לאַנד.

און דאָ האָט זי מיט אַ מאָל געטאָן אַ פֿאַרמאַך דעם אַלבאָם.

— גענוג. — האָט זי אַ זאָג געטאָן — ס'איז נישט וויכטיק.

זי האָט זיך אויף אַ ווײַל פֿאַרטראַכט.

— נו, גוט, — האָט זי זיך אויסגעטשוכעט פֿון די מחשבֿות — אויך הײַנט איז מײַן לעבן פֿול מיט אינטערעס. ס'איז נאָר אַ שאָד, וואָס מיר האָבן נישט פֿאַרלאָזט די שטאָט מיט צען יאָר פֿרײַער.

— ס'מאַכט נישט אויס, — איז שמעון זית צוריק צוגעקומען און האָט זיך געזעצט מיט אונדז. — ביז איין טאָג פֿאַרן שטאַרבן איז קיין שום מענטש נישט צו אַלט אויף צו דערפֿילן זײַן פֿליכט.

— מיר האָבן שוין פֿון לאַנג געוואָלט איבערלאָזן אַלץ און גיין אין אַ קיבוץ.

— האָט מרים אַ קוק געטאָן אויף מיר זײַטיק, פֿון אויבן אין דער נידער — אָבער תּמיד, זעט איר, האָט זיך געפֿונען עפּעס, וואָס האָט געשטערט. דאָס און דאָס, און יענץ... ביז מיר האָבן סוף־כּל־סוף באַשלאָסן. אין איינעם אַ שיינעם פֿרימאָרגן האָבן מיר זיך אויפֿגעהויבן און איבערגעלאָזט אַלץ, אַ גוטן פּאָסטן, אַ וווינונג מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן, אַן אויטאָ, חבֿרים און פֿרײַנד, קאָקטיילס, רעסעפּשענס, און געקומען אַהער...

— נאָר וואָס דען? — איז איר שמעון זית אַרײַנגעפֿאַלן אין די רייד — וואָס זענען מיר? געסט בײַם רבונו־של־עולם, אָדער איידעמלעך אויף קעסט? זענען מיר געקומען! מיר זענען פּשוטע לײַט, גייען זיך „אין די טריט פֿון די שאָף".

מרים האָט געוואָנדן דאָס פּנים צו אים און געקוקט אויף אים מיט ליבשאַפֿט און פֿאַרערונג.

— מיר מוזן זיך אײַנשאַפֿן גרעסערע אַקציעס, — האָט ער ווײַטער גערעדט מיט אַ שלעפֿעריקן שמייכל — ווײַל מיר זענען ווינציק, איינער אין אַ שטאָט און צוויי אין אַ משפּחה.

ער האָט אונטערגעוואַרט און צוגעגעבן, ווי זיך אויסגעבעסערט:

— וירא כי אין איש... — און ער האָט געזען, אַז קיין מענטש איז נישטאָ.




פֿון איין זאַך צו דער צווייטער, פֿון איין ענין צום אַנדערן, ביז מיר זענען אַרויף אויף די אַרטיקע ענינים, דעם לכיש־געביט. מרים איז ערשט געווען די הויפּטרעדנערין. זי האָט דערציילט זאַכן, פֿאַרגעקומענע מיט איר גופֿא, און זאַכן, וואָס אירע אויגן האָבן געזען און די אויערן געהערט, סײַ אַלטע געשעענישן, סײַ נײַע.

— ווען מיר זענען געקומען אַהער, מיט צוויי יאָר צוריק, — האָט זי אָנגעהויבן — איז דאָס געווען אַ וויסטעניש, אַ מדבר־שמם. בלויז אין נתיבֿ האָבן געוווינט צען פֿאַמיליעס. דערנאָך האָט מען גענומען בויען רננים. איך געדענק עס ווי הײַנט: נאָך ימים־נוראים האָט מען געבראַכט מענטשן גלײַך פֿון דער שיף קיין רננים, עולים פֿון צפֿון־אַפֿריקע. זיי האָבן אַ קוק געטאָן און דערזען דאָס דאָזיקע וויסטעניש, און אַ שרעק איז זיי באַפֿאַלן. האָבן נישט געוואָלט אויסשטײַגן פֿון די אויטאָבוסן. אָבער בשום־אופֿן נישט. דאָס איז געווען אום פֿרײַטיק. מוצאי־שבת זענען מיר געפֿאָרן צו זיי, איך און שמעון. מיר האָבן זיי געטראָפֿן זיצן אַרום אַ קאָפּטשענדיקן נאָפּטלאָמפּ, יעדע פֿאַמיליע באַזונדער, זיצן און וויינען. מיר האָבן זיי צונויפֿגעזאַמלט אין איין צריף, מכבד געווען מיט דעם ביסל, וואָס מיר האָבן מיטגעבראַכט, און זיך באַמיט זיי אויפֿצוהײַטערן, דערמוטיקן. אום האַלבער נאַכט האָבן מיר זיך צוריקגעקערט און פֿאַרבלאָנדזשעט אין וועג. געדענקסט, שמעון? ס'איז נאָך דאָ קיין כּבֿיש נישט געווען. מיר האָבן נישט געקאָנט געפֿינען דעם וועג. ס'איז געווען אַ חושכדיקע נאַכט. קיין פֿונק ליכט נישט אין דער גאַנצער געגנט. און די פֿעדאַיִנער האָבן דעמאָלט געווילדעוועט אין דעם געביט. סכּנת־נפֿשות! הײַנט זענען שוין פֿאַראַן אַ סך ישובֿים. פֿײַערלעך פֿינקלען אומעטום, פֿון דער נאָענט און פֿון דער ווײַט. פֿײַערלעך, פֿײַערלעך . . .

— בקיצור, — האָט שמעון זית אַרויסגעשטאַרצט די ליפּן, ווי אַ רערל, און לוסטיק אַ זאָג געטאָן — מיר זענען דאָ די ערשטע מאָהיקאַנער...

דערפֿון איז מרים אַריבער צו דער שול, אַז זי איז אַ צענטראַלע פֿאַרן גאַנצן ראַיאָן, און די קינדער פֿון אַלע דערפֿער אין ראַיאָן, פֿון אַלע פֿאַרשיידענע עדהס, לערנען אין איר און מישן זיך צוזאַמען, און ס'ווערט „אַ מיזוג־גלויות אין פֿולן זינען פֿון דעם וואָרט".

— איך בין די לייטערין, — האָט זי מיר צו וויסן געטאָן מיט אַ מין שמייכל־דיקן ערנסט — כאָטש איך בין נישט, צו מײַן באַדויערן, קיין קוואַליפֿיצירטע לערערין. מיר אַלע דאָ זענען נישט קיין קוואַליפֿיצירטע מענטשן. אָבער וואָס קאָן מען מאַכן? די קוואַליפֿיצירטע זיצן אין תּל־אָבֿיבֿ. איך באַנעם נישט ווי מע קאָן רויִק זיצן אין תּל־אָבֿיבֿ, בעת דאָ זענען פֿאַראַן טויזנטער עולים, און ס'איז אַזאַ מאַנגל אין הענט.

— זיי זענען העלדן, — האָט איר שמעון זית אויפֿגעקלערט — באַהערשן זייער דראַנג און בלײַבן זיצן.

— וואַרט! וואַרט! — האָט זי אַ מאַך געטאָן צו אים מיט דער האַנט און זיך געאײַלט מיר זאָגן, מיט אַ צעפּלאַמט פּנים און פֿינקלענדיקע אויגן — איר זאָלט נישט מיינען, אַז אויב ס'איז אַ שול, איז עס גאָרנישט, אַ ליאַדע זאַך עפּעס. ניי — — יין, די זאַך איז נישט אַזוי פּשוט, ווי איר קאָנט זיך מיינען. ראשית, זענען זיי נישט געוווינט צו שיקן די קינדער אין אַ מאָדערנער שול. און שנית, ווילן זיי די קינדער זאָלן אַרבעטן אויפֿן פֿעלד. ס'זענען פֿאַראַן פֿאַמיליעס, וואָס האָבן נישט קיין הילף, וואָס דער טאַטע איז דער איינציקער אַרבעטער. פֿונדעסטוועגן האָבן מיר זיי צוגעוווינט, און כּמעט אַלע שיקן די קינדער. דאָס איז נישט אַזוי פּשוט. אָט איז פֿאַראַן בײַ מיר איינער אַ תּלמיד פֿון אַ יאָר צוועלף. מיט צוויי יאָר צוריק, ווען די ראַיאָן־שול האָט נאָך נישט עקסיסטירט, און איך בין דעמאָלט געווען לערערין אין נתיבֿ. האָט אַ דאָס יִנגל נישט געקאָנט קיין צורת־אַלף. גאָרנישט נישט געקאָנט. פֿלעגט זיצן ווי אַ גולם און זיך נישט באַטייליקן אין די לעקציעס. און ס'איז שוין געווען אַן אָפּגערעדטע זאַך בײַ אַלע קינדער, אַז ער קאָן נישט. בקיצור, אַ בור גמור, פֿון אַ פֿאַמיליע פֿון דור־דורות בורים. וואָס אַפֿילו זײַן טאַטע קאָן נישט דאַווענען פֿון סידור און נישט מאַכן קיין ברכה איבער דער תּורה. דער טאַטע איז אַ ייִד אַ גבֿר. לויט זײַנע רייד איז ער געווען אַ ראָש פֿון אַ רויבער־באַנדע פֿאַר עפּעס אַן אַראַבישן שייך אין קורדיסטאַן. און קיין סך קינדער האָט ער נישט, נאָר עפּעס אַ טאָכטער אַ בוגרת און דאָס אַ יִנגל. און אַז ער שיקט אים אין שול, איז עס בכלל פֿאַר אים אַ גרויסער קרבן. בפֿרט אַז ער האָט נישט קיין פּעולה אין די לימודים און האָט גאָלדענע הענט צו דער אַרבעט. איין מאָל האָט ער מיך באַגעגנט לעבן דאָרף און מיר אַ זאָג געטאָן: „ממיתט אים!" האָב איך אים געפֿרעגט: „פֿאַר וואָס?" „ער זאָל לערנען. ממיתט! איך דאָס לײַב, און די ביינער מיר".

לאַנג האָט זי וועגן דעם דערציילט, ווי זי האָט זיך פֿאַרליינט אויף דעם יינגל און געהאַרעוועט מיט אים, געלערנט מיט אים באַזונדער. ביז זי איז אים לסוף בייגעקומען, און היינט קאָן ער שוין לייענען און שרייבן, און גראָד ווי איינער פֿון די אויסגעצייכנטסטע שילער.

— כ'האָב ממש געראַטעוועט אַ נפֿש! — האָט זי אויסגערופֿן, און איר פּנים האָט אויפֿגעלויכטן.

אַ פֿינף־זעקס מענטשן זענען אַריינגעקומען פֿאַר אַ מאָל, און די שטוב איז פֿול געוואָרן מיט גערודער.

— כ'דערצייל וועגן דוד שעריפֿים, — האָט זי זיי געזאָגט.

— דאָס זענען אונדזערע שכנים. אינסטרוקטאָרן, לערער. — האָט מיר שמעון זית דערקלערט — זיצט, רבותי, זיצט. ווער ס'מערט צו זיצן, מערט חכמה.

זיי האָבן מיך באַגריסט, זענען איינציקווייז צוגעקומען, מיר דערלאַנגט די האַנט און זיך אַנידערגעזעצט.

מרים האָט ווייטער גערעדט און דערציילט מיט חן און מייסטעריש אַ געשיכטע, וואָס האָט מיט איר פּאַסירט אין שול. זי האָט געלערנט חומש אין דריטן קלאַס, די פּרשה פֿון יעקבֿן מיט עשׂון. זי האָט געפֿרעגט די קינדער, וואָס יעקבֿ האָט זיך געטראַכט, ווען ער האָט אונטערגעטראָגן די מתּנה עשׂון, זיך צעשיידט מיט אים און געלאָזט אין וועג אַריין. זיי האָבן געענטפֿערט פֿאַרשיידן. איינער האָט געזאָגט, ער האָט געוואָלט זען צי זיין טאַטע לעבט נאָך, און אַ צווייטער האָט געזאָגט, ער האָט געוואָלט זען, וואָס די שאָף מאַכן און צי די קאַווענעס און די קאַרטאָפֿל זענען געראָטן. האָט זיך אויפֿגעשטעלט איינס אַ יינגל, פֿון אַ פֿאַמיליע אַ מטופּלער מיט אַ סך קינדער, צען ברידער און שוועסטער אין דער היים, און געזאָגט: ער האָט געטראַכט, אַז אפֿשר איז אים געבוירן געוואָרן נאָך אַ ברודערל, האָט ער געוואָלט עס זען.

אַלע האָבן געלאַכט. מרים איז געגאַנגען אין קיך אַריין צוגרייטן טיי פֿאַר די געסט.

אין אַ ווייל אַרום איז זי צוריקגעקומען.

— ס'וועט באַלד זיין טיי. — האָט זי זיך געזעצט אויפֿן אָרט. — איר הערט? זיי, אָט די קורדן און מאַראָקאַנער, וועלן זיין דאָ די באַלעבאַטים, זיי וועלן באַאַרבעטן די ערד און זי אָפּהיטן, און נישט די יעניקע ייִדן, וואָס זענען לעצטנס געקומען פֿון פּוילן.

— איר אידעאַליזירט זיי, — האָט זיך אָנגערופֿן איינער.

דאָס איז געווען אַ לאַנדווירטשאַפֿטלעכער אינסטרוקטאָר, אַ מאָגערער און הויכער בחור, מיט אַ לאַנג פּנים, אַראָפּגעלאָזטע אויערן און אַרויפֿגעהויבענע שלייפֿן, שמאָלע און לאַנגע.

— מיר פֿאַרשטייען זיי נישט. — איז מרים נישט געווען איינפֿאַרשטאַנדן מיט אים — מיר פֿאַרשטייען זיך נישט קעגנזייטיק. און וויפֿל מיר זאָלן זיך

נישט באַמיִען, װעלן מיר זײ נישט פֿאַרשטײן. אָבער זײ זענען בעסער װי מיר מײנען.

— איך האַלט נישט אַזױ, — האָט דער אינסטרוקטאָר אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און גערעדט צום סערװעט אױפֿן טיש. — סע שטעקן אין זײ אַלע שלעכטע זיטן: שׂנאה און קנאה, נישט־פֿאַרגינערישקײט און שװינדל און פּשוטע גנבֿה, און צבֿיעות, און פֿױלקײט און שיכּרות. כ'װאָלט קענען אַ סך דערצײלן װעגן דעם.

— איר דאַרפֿט עס מיר נישט דערצײלן, — האָט אים מרים געענטפֿערט מיט אַ באַלײדיקט פּנים — איך װײס עס פּונקט װי איר. נישט דעם ערשטן טאָג װױן איך צװישן זײ.

— מען קאָן נישט אָנהײבן די װעלט פֿון צענטן דור, — האָט זיך אָנגערופֿן שמעון זית געלאַסן — פֿון אַבֿרהם אָבֿינו, אָדער פֿון משה רבנו.

— זײערע שלעכטע מידות קאָן מען אױסבעסערן, — האָט מרים אַ זאָג געטאָן, װי אַ לערער צו אַ שילער — דאָס געװענדט זיך אין אײַך, אין די מדריכים, װאָס זענען זיך מיט זײ מטפּל, אין אונדז אַלע.

— אַ סך קאָנט איר ענדערן מזרחין? — האָט איר דער אינסטרוקטאָר צוגעשפּאַרט.

זי האָט אים נישט געענטפֿערט אױף זײַנע װערטער, נאָר אױפֿגעהױבן די אױגן צו מיר און געזאָגט:

— מיר האָבן דאָ אַ געװיסן מענטשן, אַ קרענקלעכער, כּמעט אַ קראַנקער, װעלכער קאָן נישט אַרבעטן. דערצו נאָך איז זײַן פֿעלד װײַט פֿון דער שטוב, און ער איז דער אײנציקער שפּײַזער: מײדלעך. אין שטוב זענען דאָ מײדלעך, פֿולע מײדלעך. און לאַ־די װאָס ער איז אַ קראַנקער און קאָן מער נישט אַרבעטן, האָט מען אים נישט באַשטימט גענוג אַרבעטטעג אױף זיך אױסצוהאַלטן. אַזױ טענהט ער. אַז װעדליג װי אַ קראַנקן קומט אים מערער. אַגבֿ, טרינקט ער אױך אַ סך. שיכּורט זיך אָן כּמעט נאַכט־נעכטלעך. אײן מאָל בײַ נאַכט, פֿאַר אַ יאָרן, איז ער געשטאַנען אױף דער װאַך. האָט זיך אַרײַנגעריסן מיט דער ביקס צו אונדז אין שטוב און געװאָלט הרגענען שמעונען. װײַל אין דער גאַנצער ביטערניש, װאָס האָט זיך אָנגעזאַמלט אין זײַן האַרצן, האָט ער באַשולדיקט שמעונען. גלײַך שמעון איז שולדיק אין זײַן גאָרער ביטערער לאַגע. ער איז נישט גאָר אין גאַנצן פֿאַרענטפֿערלעך געװען פֿאַר זײַנע האַנדלונגען אין יענעם מאָמענט — שיכּור לוט. כ'בין צו צו אים און האָב אַרױסגעכאַפּט די ביקס פֿון זײַן האַנט, און ס'איז מיר געראָטן אים צו באַרויקן. הײַנט איז בײַ אים געבױרן געװאָרן אַן ערשט אײניקל. װידער אַ מײדעלע. שבת בין איך געװען בײַ אים מיט אַ װיזיט און האָב אים געבראַכט אַ מתּנה.

— װאָס? אַ מתּנה? — האָט דער אינסטרוקטאָר אױסגעגלאָצט די אױגן— איך װאָלט אים געבראַכט מתּנות!

— אױ, דער גאַז! דער טשײַניק איז שױן אװדאי אױסגעלאָפֿן! — האָט זיך מרים אַ ריס געטאָן און איז געלאָפֿן אין קיך אַרײַן.

— דאָס וואָלט זיך געווען געקאָנט ענדיקן אויך אַנדערש, — האָט דער אינסטרוקטאָר געזאָגט. — אָט האָבן אין תּפֿארת די לײַט געכאַפּט צוויי אָנגעשטעלטע פֿון דער צרכניה* און זיי אַנגעבויקערט און אַראָפּגעצויגן פֿון זיי דאָס אַנטועכץ. און פֿאַר וואָס? צוליב אַ נאַרישקייט, צוליב עפּעס אַ ליידיקער פֿלאַש, וואָס ער האָט געבראַכט אין דער צרכניה און געוואָלט באַקומען פֿאַר איר פּופּצן גרוש. אָבער אין דער צרכניה האָט מען אים נישט געוואָלט געבן, ווײַל די פֿלאַש איז געווען אַן אַן עטיקעט. האָט מען גלײַך אָנגעהויבן זיך קריגן. יענער, דער פֿאַרשווין פֿון דער פֿלאַש, האָט שפּעטער דערציילט אין דער פּאָליציי אַזוי, בזה הלשון: „כ'זאָל אַזוי לעבן, כ'ווייס נישט ווי אַזוי די וואָג איז מיר אַרײַן אין האַנט, ווי כ'האָב אויפֿגעהויבן די האַנט, און די וואָג האָט פֿון זיך אַלייז געטאָן אַ פֿאַל. דעמאָלט האָט ער גלײַך גענומען שלאָגן. האָב איך אים געזאָגט: היט זיך, איך האָב היים בלוט! האָט ער נישט געהאָרכט. דעמאָלט האָב איך גענומען בויקערן. איך ווייס נישט, ווי שפּעטער איז געקומען זײַן חבֿר אים העלפֿן. דעמאָלט האָבן אויך מײַנע חבֿרים מיר געהאָלפֿן. איך האָב זיי געזאָגט: מע דאַרף נישט, איך קאָן אַליין. מיר האָבן זיי אָנגעבראָכן די ביינער און אויסגעטאָן נאַקעט. דאָס איז אַלץ".

מרים איז אַרײַנגעקומען און געבראַכט גלעזלעך טיי אויף אַ טאַץ.

— זיי ווייסן אָבער ווען צו שלאָגן, — האָט זי אַנידערגעשטעלט אַ גלאָז טיי פֿאַר יעדן פֿון די געסט — די צוויי אָנגעשטעלטע פֿון דער צרכניה האָבן נישט ליב די עולים.

— איך וואָלט מסכּים זײַן, זיי זאָלן עפּענען אַ פּריוואַט געוועלב, — האָט זיך אָנגערופֿן שמעון — די צרכניה מיינט אין דער אמתן, אַז זי טוט אַ טובֿה די עולים.

— הערסט, רמי? — האָט זיך אָנגערופֿן אַ צווייטער בחור, דער געזעלשאַפֿטלעכער אינסטרוקטאָר, צום לאַנדווירטשאַפֿטלעכן אינסטרוקטאָר, מיט אַ לוסטיק פּנים און אַ מויל פֿול געלעכטער — כ'האָב פֿאַרגעסן דיר צו דערציילן. נעכטן אין אָוונט האָט זיך יענער געיאָגט נאָך מיר מיט דער ביקס אין האַנט. אַרײַנגעקוקט אין מײַן דזשיפּ און אַ זאָג געטאָן: „אָך, ס'איז נישט רמי. פֿאַרט!"

— ער וויל מיך הרגענען, — האָט רמי געשמייכלט.

אַלע האָבן געלאַכט, גלײַך זיי וואָלטן הערן עפּעס, וואָס פֿאַרשאַפֿט זיי פֿרייד, און געמישט מיט די לעפֿעלעך אין די גלעזער טיי.

— עמוס, — האָט אָנגעהויבן אַ דריטער בחור — האָט אַן אַנדער סיסטעם, אַ זייער גוטע סיסטעם. ער האָט צוגענומען איינעם אַ מאַראָקאַנער, אַ יונג נאָכן מיליטער־דינסט, ער זאָל השגחה האָבן אויף זײַנע אַרבעטער אין חוסן, אויף דער אַרבעטס־נאָרמע. פֿרײַער האָט ער תּמיד געהאַט צו טאָן מיט זיי. הײַנט איז שלום־ושלוה. תּחילת האָבן זיי אויך מיט אים געוואָלט פּראָווען זייערע

* צאַרכעניאַ — קאָאָפּעראַטיווו געוועלב.

קונצן, ווי זיי זענען געווינט: „געזעץ און גערעכטיקייט! מיר דאַרפֿן אײַך נישט האָבן! מיר ווילן נישט דאָ, מיר ווילן אַ מעברה!" איז צו זיי צוגעגאַנגען אַט דער מאַראָקאַנער און האָט זיי רויִק אַ זאָג געטאָן: „איר הייבט זיך אָן מיט מיר? איך בין דער טשעמפּיאָן פֿון די באָקסערס פֿון צה"ל!" האָט גלײַך אַרויסגענומען פֿון קעשענע עטלעכע צײַטונגען, וואָס האָבן וועגן אים געשריבן, מיט זײַנע פֿאָטאָגראַפֿיעס, ווי ער שטייט, די אייבערשטע העלפֿט נאַקעט, מיט מוסקלען, ווי שטריק. און וואָס מיינט איר? — זיי האָבן קיין פּאַרע פֿון מויל נישט אַרויסגעלאָזט, זענען געוואָרן שטיל, ווי שעפּסעלעך.

זיי האָבן מיט הנאה געטרונקען די טיי און געשמועסט צוזאַמען ביז האַלבער נאַכט.

ווען די געסט האָבן זיך אויפֿגעהויבן און זענען אַוועק, בין איך אַרויסגע־גאַנגען אין דרויסן און האָב געשפּאַצירט צווישן די הײַזער, זיך אײַנגעקוקט אין די פֿײַערלעך, וואָס האָבן געפֿינקלט פֿון דער נאָענט און פֿון דער ווײַט און געטראַכט וועגן די אַלע זאַכן, וואָס כ'האָב געהערט.

אין עק גאַס האָט מיך באַגעגנט איינער פֿון די געסט, געבעטן בײַ מיר דערלויבעניש און מיך באַגלייט אויף מײַן שפּאַציר.

— איך הייס אורי, — האָט ער זיך אָנגערופֿן — בין אַ סטודענט. געקומען אַהער, צווישן די עולים־חדשים, דורכצופֿירן אַ סאָציאָלאָגישע פֿאַרשאַרבעט.

אָפּגעהוסט אַ צוויי־דרײַ מאָל, האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט אַ הייזעריקער, דענערווירטער שטים:

— כ'וואָלט וועלן האָבן אַ שמועס מיט אײַך...

כ'האָב נישט גערן אײַנגעשטימט:

— ביטע.

ער האָט אַ קורצע ווײַל געשוויגן און איז געגאַנגען געבויגן און פֿאַרמחשבֿהט. ביז ער האָט ענדלעך גענומען רעדן, תּחילת שטאַמלענדיק און שפּעטער, אָנגע־מענדיק זיך מיט כּוח, פּליסיק, ווי אַ שטראָם:

— קיבוץ־גלויות איז אין דער טעאָריע און אין דער פּראַקטיק זענען צוויי פֿאַר־שיידענע זאַכן... — ער האָט ווידער אָפּגעהוסט אַ צוויי־דרײַ מאָל. — הײַנט אין אָוונט האָט מען דיסקוטירט דאָרט... אַרויסגעשטעלט יעדן מום־רע, יעדע שלעכטע מידה... דאָס איז ריכטיק. אָבער נישט דאָס איז דער עיקר. נאָר... איר ווייסט? אין עטלעכע יאָר אַרום וועלן די מזרח־עדהס בילדן די מערהייט אין לאַנד. און די עליה קומט אויך ווײַטער פֿון מזרח. דער סוף — מיר'ן ווערן אַ מזרח־פֿאָלק. נישט נאָר די העלע פּנימער, די בלאָנדע האָר, די בלויע אויגן וועלן פֿאַרשווינדן, נאָר אויך אַלע אייגנשאַפֿטן, וואָס האָבן זיך אין אונדז אײַנגעוואָרצלט אין משך פֿון די צוויי טויזנט גלות־יאָרן אין אייראָפּע, און מיר זענען אַ דאַנק זיי געוואָרן אַן אייראָפּעיִשע פֿעלקערשאַפֿט. די פֿראַגע באַשטייט דערין: צי קאָן מען אַנטרויען אין די הענט פֿון אַ מזרח־מענטשן דעם גורל פֿונעם ייִדישן פֿאָלק, די ייִדישע געשיכטע און, נאָך מער, דעם גורל פֿונעם

לאַנד? צי וועלן זיי עס קאָנען אַנטוויקלען, פֿאַרטיידיקן, זיך מוסר־נפֿש זײַן פֿאַר דעם? איך האָב שטאַרק מורא! דער מזרח האָט זיך געוויס מעלות, אָבער זײַנע חסרונות זענען געוואַלטיקע. ער איז גלײַכגילטיק, שטעקט אין דער רוטין פֿון לאַנגע דורות. „נישטאָ קיין נײַס אונטער דער זון", דאָס איז זײַן דעוויז. ער איז אַנאַרכיש, אינדיווידואַליסטיש, עקסטרעם, פֿויל, להוט נאָך פֿאַרגעניגנס און ווילטאָג, האָט ליב כאַבאַר און איז געלטגײַציק, און נאָך, און נאָך, און נאָך. אָט האָבן מיר דאָך געזען דעם מזרח אין זײַן קאַמף מיט אונדז... און איר זאָלט נישט זאָגן: מיר'ן זיי איבערדערציִען, אַסימילירן. ניין, ניין! מע קאָן זיך אויף איבערדערציִונג נישט פֿאַרלאָזן. די אײַנגעשאַפֿטן, די ערשטע נייגונגען קערן זיך תּמיד אום צוריק, און קערן זיך אום גראָד אין גורלדיקע מאָמענטן, אַנטשיידנדיקע. די היברידן קערן זיך אום צוריק נאָך אַ סך, אַ סך דורות צו זייער אָנהייב, צו זייער מהות אין אָנהייב. דאָס איז באַוווּסטע זאַך. איך האָב מורא, שטאַרק מורא...

מיט אַ מאָל האָט ער אָפּגעהאַקט, אַ זאָג געטאָן שלום מיט אַ צערודערט פּנים, זיך אויסגעדרייט און אַוועק בחיפּזון. ס'האָט נישט גענומען קיין צוויי־דרײַ מינוט ווי ער איז פֿאַרשוווּנדן פֿון מײַנע אויגן.

# vi

**אויפֿן צווייטן טאָג גאַנץ פֿרי** איז געקומען דער ראַיאָניקער אַדמיניס־טראַטאָר, יובל, און מיך גענומען אויף זײַן דזשיפּ. ער איז געפֿאָרן, לויט זײַן שטייגער יעדן טאָג, אויפֿפּאַסן אויף די ענינים פֿון געביט.

מרים האָט מיר פֿרײַנדלעך מיטגעגעבן סענדוויטשן, צידה־לדרך, און אַ תּנ״כל, מעיין צו זײַן דעריז, ווען ס׳וועט נייטיק זײַן. אין יענעם מאָמענט האָב איך זיך אויסגעזען אין מײַנע אויגן ווי נאַפּאָלעאָן, ווען ער האָט זיך געלאָזט קיין מצרים, מיטנעמענדיק אין זײַן מיליטערישער ביבליאָטעק אַ תּנ״ך. נישט מער, נאַפּאָלעאָן האָט געוואָלט לערנען פֿון אים פּאָליטישע גענג, און איך די געאָגראַפֿיע פֿון מײַן לאַנד.

ווען מיר זענען אײַנגעשטיגן אין דזשיפּ און האָבן גערירט פֿון אָרט, האָב איך אַ זאָג געטאָן צו יובלען, וועלכער איז געזעסן פֿאַרקלערט מיטן שטײַעררעדל אין האַנט:

— ערשט וועל איך אַ דאַנק אײַך באַקענען דעם געביט.

ער האָט נישט געלייגט קיין אכט אויף מיר און מײַנע רייד.

ער איז געווען אַ מאַן פֿון אַ יאָר דרײַסיק, אַ פּראַקטישער מענטש, אַ באַדאַכטער, רעדט נישט קיין סך און אײַלט זיך נישט צו ענטפֿערן, אַ נידעריקער און ברייטער, מיט אַ ברייט פּנים, אַ געלס, ווי ס׳וואָלט זײַן פֿאַרשטויבט. ער איז גאַנצן — ווי געמאַכט דורכויס פֿון אַ סטערטע תּבֿואה.

אין אַ קורצער ווײַל אַרום האָט אונדז דער דזשיפּ אַוועקגעטראָגן פֿון דאָרף, און מיר האָבן זיך געפֿונען אויפֿן כּבֿיש.

אָפּגעשניטענע פֿעלדער האָבן זיך געצויגן פֿאַר אונדזערע אויגן ווי הפֿקרדיקע גיטער, צעפֿראַלטע, רחבֿותדיקע, צעכראַסטעטע קעגן דעם ווײַסן הימל. נידעריקע

בערגלעך האָבן אויפֿגעטויכט און זענען אַנטקעגנגעקומען, אַ בערגל דאָ, אַ בערגל דאָרט. פֿון מאָל צו מאָל האָט זיך דאָס אויג פֿאַרטשעפּעט אויף אַ לאַנגער שורה קליינע הײַזקעס, נײַע, ווײַסע, מיט רויטע דעכער. פֿון ווײַטן האָט געבלויט דער האָריזאָנט, גרויס און ברייט און פֿול געהיימעניש, ווי יענער וואָס כ'פֿלעג אים קינדווײַז נאָכלויפֿן און נישט דערגרייכן, און ס'האָבן געפֿלאַטערט די הרי־יהודה, ווי אָפּגעבליאַקעוועט בלוי זײַדנס, און זייער צייכענונג איז קוים־קוים קענטיק.

צוליב העפֿלעכקייט האָב איך געפּרוּווט אַ רעד טאָן צו יובלן, כאָטש כ'בין אין דעם מאָמענט נישט אויפֿגעליינט געווען דערצו.

— זענען דאָ געווען אַראַבער אַ מאָל, פֿאַר דער מלחמה? — האָב איך גע־פֿרעגט.

— יאָ. — האָט ער געענטפֿערט קעגן דעם שטײַערערדל מיט אַ פֿאַרטאָן פּנים.

— אַ סך?

— אַ סך.

— מע דערקענט עס נישט לחלוטין. — האָב איך זיך געוווּנדערט. — זיי האָבן נישט איבערגעלאָזן נישט קיין הויז, נישט קיין בוים, נישט קיין שום זכר און שפּור.

ער האָט זיך צו מיר נישט אָפּגערופֿן.

כ'האָב צוגעוואַרט אַ קורצע ווײַל און ווידער אַ מאָל אַ זאָג געטאָן:

— די געגנט איז ענלעך צו אַ רוסישן סטעפּ.

קיין וואָרט נישט.

כ'האָב זיך אײַנגעקוקט און דערזען ווי עפּעס אַ וואָלקנדל אויפֿן הימלראַנד.

— וואָס איז עס דאָרטן? — האָב איך אים אָנגעוויזן מיט אַ פֿינגער.

ער האָט אויפֿגעהויבן די אויגן אויפֿן גלאָזוועגטל פֿאַר זיך.

— אַ שטויבן־ווירבל, — האָט ער מיר געענטפֿערט קורץ.

— ווירבל?... — האָב איך אים נאָכגעזאָגט.

— אַ שטויבנזײַל, וואָס ווירבלט זיך צווישן הימל און ערד. די סאַמע כאַ־ראַקטעריסטישסטע דערשײַנונג אין נגבֿ.

— אַ כאַראַקטעריסטישסטע דערשײַנונג זאָגט איר?

אַז ער האָט מיר נישט געענטפֿערט, האָב איך אַ מורמל געטאָן צו זיך אַליין, וואָס כ'האָב געהאַט אויפֿן זינען:

— אַן אומבאַקאַנט לאַנד...

— איך קאָן דעם דאָזיקן געביט, ווי מײַנע צען פֿינגער, — האָט יובל זיך אָנגערופֿן מיט אַ נאָכלאָזיקן, לאַנגווײַליקן טאָן. — איך קרײַז דאָ אַרום טאָג־טעגלעך.

— אַן אומבאַקאַנט לאַנד. — האָב איך ווידער אַ מאָל אַ מורמל געטאָן צו זיך. — מיר טיילן אָפּ פֿון דאָזיקן מקום צוויי טויזנט יאָר.

ער האָט אויף מיר זײַטיק אַ בליק געטאָן און אַרײַנגעשמייכלט אין זײַן געלבלעך, ווי פֿאַרשטויבט, פּיצל וואָנצעלע. איך מיין, ער האָט בדעה געהאַט

מיר צו זאָגן, אַז פֿאַר אַזאַ פֿאַרשווין ווי איך איז נישטאָ קיין בעסערס און שענערס ווי צו זיצן אין דר'היים. כ'האָב נישט פֿאַראיבל געהאַט אויף אים. אויפֿגעהערט צו רעדן און גערן געשוויגן.

כ'האָב זיך אַרומגעקוקט און געזען טשובאַטע לאַרכן היפּן איבערן כּבֿיש, ווי זיך רייצנדיק מיט אונדז, נאָענט צום דזשיפּ, גיבן זיך, איידער דער דזשיפּ טוט אַ פֿאָר אַן אויף זיי, אַ ריס און אַ פֿלי אַוועק אין איין טשאַטע און קערן זיך ווידער צוריק; פֿראַנטלעך און דראָסלעך פֿליִען איבער פֿון איין אָרט אויפֿן צווייטן; טעלעגראַף־סלופּעס זיך ציִען נאָך אַנאַנד איינער נאָך דעם אַנדערן סקאָס־אויס די פֿעלדער. אונטן זענען געלעגן די פּירעקן פֿון דער קוקורוזע, פֿון די זונרויזן און די ערדניסלעך און האָבן געשימערט, יעדער פּירעק מיט זײַן גרין און מיט זײַן קאָליר.

לײַכטע וואָלקנדלעך האָבן אומגעריכט אָנגעצויגן אויפֿן הימל און זענען געלעגן, טייל צונויפֿגעזאַמלטע און טייל פֿונאַנדערגעשפּרייטע, גלײַך זיי טוען גאַרנישט און רוען זיך אָפּ; די זון איז געוואָרן לעסטיק, האָט אַרויסגעוועבט די וועלט פֿון דער ווירקלעכקייט און צוגענומען בײַ יעדער זאַך איר האַפֿט. גרויס און ברייט, ווי דער גאַנצער וועלטרוים, האָט זיך צעשפּרייט דאָס פֿלאַכלאַנד ביז דער צוים פֿון די בערג, געהילטע אין זייער בלוי, און ביז דעם הימל און זײַנע ראַנדן. וואָס ווײַטער ס'האָט זיך אַוועקגעצויגן, איז עס פֿאַרפֿלייצט געוואָרן מיט דעם אייבערשטן בלוי, גלײַך ווי ס'וואָלט זיך צוזאַמענגעמישט מיט הימל און געוואָרן הימל.

„אַ גרויסע געאָגראַפֿיע"... — האָט מײַן יצר גענומען מיך אויפֿרײַסן די אויגן און באַווײַזן דעם פֿאַרנעם פֿון דעם לאַנד, ווײַל ביז הײַנט האָב איך עס געהאַלטן פֿאַר אַ סך קלענער, ווי עס איז — „אַ היפּש גרויסע געאָגראַפֿיע".

דאָס אַ האָט מיר פֿאַרשאַפֿט נישט־ווייניק נחת־רוח און האָפֿערדיקייט. איך האָב נישט אָפּגעווענדט די אויגן פֿון דעם פֿלאַכלאַנד־רחבֿות, פֿון אָט דעם גרויסן האָריזאָנט, וואָס הימל און ערד זענען זיך אין אים בײַנאַנד משתתּף, און ס'איז פֿאַראַן אַ קרובֿישאַפֿט צווישן אים און דעם מענטשנס זעל, וואָס בענקט און לעכצט צו אים.

כ'האָב געוואָלט אויך יובלען מזכּה זײַן צוזאַמען מיט זיך.

— אַ רחבֿות, האַ!... — האָב איך אים אַ ווײַז געטאָן אויפֿן פֿלאַכלאַנד פֿאַר אונדז.

ער האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן מיט חידוש, גלײַך איך וואָלט זיך אויסלויבן מיט מעלות, וואָס איך פֿאַרמאָג נישט.

— אין נגבֿ זענט איר געווען? — האָט ער מיך אַ פֿרעג געטאָן — אין אילת?

— ווו איז אילת, — האָב איך צו אים אַ געשריי געטאָן — און ווו לכיש! לכיש איז דאָך נאָענט, דאָ אין פֿלאַכלאַנד, אין זײַן סאַמע מיטן.

— איז וואָס? האָט ער מיר געשטעלט אַ פֿראַגע — וואָס ענדערט דאָס?

— יאָ, סײַ דער נגבֿ, סײַ אילת, — האָב איך מיטגעשטימט — זענען ברייטע סטעפּעס, כאַבֿיבֿי...

כ'האָב באַלד באַקומען חולשת־הדעת צוליב אַט דעם פּוסטן שמועס און מײַן לײַכטן אופן רעדן. בעסער וואָלט איך געשוויגן. כ'האָב פון לכתחילה באַדאַרפט שווײַגן. ווײַל האַרציק אינטימע זאַכן דאַרפן נישט אויפגעדעקט ווערן. ענדלעך האָב איך געמוזט אַנטשוויגן ווערן.

כ'האָב זיך פאַרטראַכט וועגן לכיש, וואָס איז וועגן אים געזאָגט געוואָרן אין דער תורה און אין די נביאים, — אָבער ס'איז מיר אַרויס פון זכרון. כ'האָב געעפנט דאָס תנ"כל, וואָס כ'האָב געהאַט מיט זיך, און עס אַזוי לאַנג געבלעטערט, ביז כ'האָב וועגן אים געפונען אַ צוויי־דרײַ פסוקים אין מלכים און ירמיהו. פון דאַנען ביז איך אַריבערגעגאַנגען צום אויפשריפט, וואָס איז אָפּגעפונען געוואָרן אין אונדזער צײַט: „כי אל משואות לכיש נחנו שומרים" — ווײַל בײַ פײַער־שײַטערן פון לכיש שטייען מיר אויף דער וואַך, — און דערמיט איז דער חשבון אויסגעשעפּט. דאָס איז אַלץ וואָס איז איבערגעבליבן פון אַ סך פעלקער און קולטורן, פון אַ סך דורות מענטשלעך לעבן, פון ברכה און גוטס, פון מי און יסורים, ענדערונגען און איבערקערענישן און מלחמות — אַ ברויזן ליטעראַטור...

ערשט האָב איך ווידער אַ מאָל דערזען דאָס פלאַכלאַנד ליגן זיך אַט אַזוי פּראָסט־פּשוט, אַרויסגעוואָרפן אויף דער זון, באַשטימט אין זײַן אומבאַשטימט־קייט, אין אייביקער פאַרגעסונג. גלײַך ווי גאָרנישט איז אויף אים נישט געשען אַ מאָל, קיינע פּאַסירונגען זענען אויף אים קיין מאָל נישט פאָרגעקומען. ס'איז נישטאָ אין אים מער פון דעם, וואָס ס'איז איצטער, וואָס די אויגן זעען, און נאָך עפּעס וואָס, פאַרהוילנס און אָפּשרעקנדיקס, וואָס לאָזט זיך נישט דערקלערן, וואָס איז אין אים אָנגעוווּנקען און נישט אָנגעווווּנקען...

כ'האָב געוואָנדן מײַן געדאַנק צו די לאַנגאַניקע צײַטן, ווען סנחריב דער מלך פון אשור איז באַפאַלן די פאַרפעסטיקטע שטעט פון יהודה, און אַן אימה איז באַפאַלן אַלע אײַנוווינער פונעם פלאַכלאַנד. מהרהר געווען וועגן די נביאים רייד, וואָס זענען פאַרזונקען און נישט אָפּערגעבראַכט געוואָרן, וועגן מעשׂים און פּאַסירונגען אין שעת־חירום און אַ סך פּורעניותן אין באַלאַגערונגס־און מלחמה־טעג. די וועלט, איר וועזן, האָב איך געמיינט צו זאָגן, האָט זיך נישט געענדערט. די זעלבע, וואָס פאַר צײַטנס, די זעלבע ביז הײַנטיקן טאָג: דער זעלביקער הימל אויבן און דאָס זעלבע פלאַכלאַנד אונטן, די זעלבע הרי־יהודה און די זעלבע תּמוזדיקע זון; די ייִדן רוען אויף זייער ערד, מצרים פון דער זײַט און אשור פון דער זײַט, און צווישן דעם, וואָס איז געווען און דעם וואָס איז הײַנט, איז דער אונטערשייד בלויז צוויי טויזנט פינף הונדערט יאָר.

# vii

די זון האָט געברענט און געבראָטן אין הימל, אַן אומדערטרעגלעכע, אַ פֿאַרמאַטערנדיקע, און דער פֿרימאָרגן איז האַרב און דערשלאָגנדיק, ווי מיטאָגצײַט. דאָס פֿלאַכלאַנד איז אויסגעשפּרינקלט מיט ישובֿים און פֿעלדער־קאַלירן, און שטויבזײַלן הייבן זיך אַרויף אין דער ווײַט. כ'האָב זיך דערמאָנט אין דידראָס טוריסט, וועלכער האָט געזאָגט: „ווי שיין ס'איז דאָס דאָזיקע פֿעלד!" און אין אַ צוויי־דרײַ שעה אַרום האָט אים געענטפֿערט זײַן מיט־רײַזנדער, וואָס איז געזעסן מיט אים אין קאַראָט: „זייער אַ שיין פֿעלד".

מײַנע מחשבֿות האָבן מיך מיטגעצויגן. וויסנדיק און אומוויסנדיק האָב איך געטראַכט וועגן דעם ייִדישן פֿאָלק און די גרויסע געשעענישן וואָס האָבן דעם פּאַסירט דאָ, אין זײַן לאַנד. הינטער זיי האָבן זיך געצויגן, ווי געדיכטע וואָלקנס הינטער שיטערע וואָלקנס, מחשבֿות וועגן דער פֿאַרגאַנגענהייט און מחשבֿות וועגן דער צוקונפֿט: וואָס וועט דאָ זײַן אין די קומענדיקע יאָרן? וואָס פֿאַר אַ כאַראַקטער וועט האָבן דאָס אַ פֿאָלק, וואָס פֿאַר אַ געשטאַלט און אויסזען, און וואָס פֿאַר אַ פֿאַרדינסט און זכיה וועט עס פֿאַרמאָגן? מיט וואָס וועט עס אויסדרויערן און מיט וואָס דערהאַלטן זײַן קיום? ס'ליגט זיך נישט אויפֿן שׂכל, אַז עמעצער אַ מענטש פֿון דעם חורבן־דור זאָל האָבן צו יענער צײַט געגלייבט, אַז די ייִדן וועלן זיך נאָך צוויי טויזנט יאָר אומקערן אין זייער לאַנד, עם אײַננעמען און שאַפֿן דערין אַ מלכות. ס'האָט זיך פֿאַרבונדן אַ שמועס דורך מיר און אין מיר צווישן אַ מאַן פֿון מצדה און אַ מענטשן פֿון אלף־השישי, און זיי האָמפּערן זיך, רעדן וועגן געשעענישן, אַ געשעעניש נאָך אַ געשעעניש, אַלטע, נײַע, און אַלץ דורכוים וועגן ארץ־ישׂראל. ביידע זענען זיי געווען פֿאַרשיידן איינער פֿונעם צווייטן, מענטשן פֿון צוויי עקסטרעמען, פֿון צוויי

נויטוועגדיקייטן: דער איז פֿאַרקוקט אין אַ צוקונפֿט, וואָס איז כּולו־טובֿ, און דער דערמאָנט זיך אין דעם וואָס איז פֿאַריבער און קוקט אין דער צוקונפֿט מיט שרעק און שוידער, און זענען נישט שוה־בשוה איינער מיטן אַנדערן.

אַ פֿעלד זונרויזן האָט געטאָן אַ שפּרונג אַרויס פֿאַר אונדז און אויפֿגערודערט אין מיר מײַנע קינדער־יאָרן. דערנאָך איז אונדז אַנטקעגנגעלאָפֿן אַ בוימוואָל־פֿעלד. ווי אַ פֿעלד פֿול מיט אויפֿגעבליטער הרעטשקע, אַזאַ ווי איך פֿלעג זען אַ מאָל, ווען איך בין נאָך אַ קינד געווען, הינטערן שטעטל, לעבן וואַלד. ס'איז נישט אַריבער קיין קורצע ווײַל, ווי מיר זענען צוגעקומען צו אַ פֿעלד סאָרגום, אַ ברוינס, אַ שימערירנדיקס, ווי אַ שיינע טונקעלע פֿרוי, וואָס האָט זיך אָפּגע־ברוינט אויף דער זון פֿון פֿאַרגעניגן ווענן.

מיר זענען אָנגעקומען אויף אַן אָרט נאָענט צו אַ ישובֿ, אין אַ תּחום וווּ געשיכטע און ווירקלעכקייט זענען צוזאַמענגעמישט. ס'האָבן גענומען זיך טרעפֿן אונדז מענטשן אויפֿן וועג. תּחילת איז אונדז אַנטקעגנגעקומען אַ פֿרוי, געקליידט אין טראַנטעס, מיט אַ קינד צוגעבונדן אויפֿן רוקן. זי האָט אויף אונדז געוואָרפֿן אַ דערשראָקענעם בליק, ווי געטריבן פֿון אַ בייזן גײַסט, און זיך געטאָן אַ רוק צום ראַנד פֿון כּבֿיש. דערנאָך האָט אונדז באַגעגנט אַן איראַקער און פֿאַר־האַלטן. דאָס איז געווען אַ הויכער פֿאַרשוין, מיט אַ היפּשער נאָז און געדיכטע שטערן־ברעמען, מיט אַ שוואַרצער באָרד, מיט אַ קײַלעכיקן און ווי פֿון געשײַערט קופּער גלאַנצנדיקן שטערן. אַ געלבלעכער טיורבאַן באַקרוינט זײַן קאָפּ, און ער זעט אויס ווי עפּעס אַ תּגלת־פּלאַסר, אָדער מראָדך בלאַדן פֿון בבֿל.

ער האָט זיך אַרײַנגעלאָזן אין אַ שמועס מיט יובֿלן.

— אָט האָבן מיר געאַרבעט, געאַרבעט און געאַרבעט, — האָט ער אַ זאָג געטאָן — און קיין לוין נאָך אַלץ נישט באַקומען.

— זאָגט אײַער בוכהאַלטער, ער זאָל אַרויספֿירן דעם חשבון. — האָט אים יובֿל געענטפֿערט, האַלטנדיק די האַנט אויפֿן שטײַערערדל.

— און פֿאַר וואָס האָט מען אין מצליח שוין אויסגעצאָלט? — האָט דער פֿאַרשוין געטענהט.

— וואָס אַרט עס אײַך, וואָס אין מצליח האָט מען שוין אויסגעצאָלט? — האָט יובֿל צעגומען די ליפּן מיט אַ שמייכל.

— זיי זענען בעסער פֿון אונדז? האָט יענער אָנגעשטעלט די אויגן מיט אַ מינע פֿון אַ גרויס און ביטער געשריי.

— און אײַך האָבן מיר געגעבן פֿאַרהאַנט בײַם פֿאַרזעצן די קאַרטאָפֿל אום אָסיען, — האָט אים יובֿל צוריקגעשלאָגן מיט אַ קעגן־טענה.

— דאָס איז גאָרנישט, — האָט דער פֿאַרשוין געשאָקלט מיטן קאָפּ אַהין און צוריק — מע דאַרף אונדז אויסצאָלן דעם לוין.

— הערט וואָס איכ'ל אײַך זאָגן, — האָט יובֿל גערעדט צו אים געלאַסן — אַ טאַטע האָט צוויי קינדער, קויפֿט ער איינעם אַ היטל און דעם צווייטן הויזן. די סוכנות אויך אַזוי: גיט דאָס דעם, און יענץ יענעם. פֿאַרשטאַנען?

אפּגעפֿאָרן, האָט מיר יובל אַ זאָג געטאָן:

— אַ ראש פֿון אַ חמולה*.

ער האָט געדרייט מיט דער האַנט דאָס שטײַעררעדל אַהין און צוריק און אויפֿגעהויבן די אויגן אויפֿן פֿעלד, וווּ ס'האָט געאַקערט אַ טראַקטאָר.

— איך ווייס ווי מע באַדאַרף מיט זיי רעדן, — האָט ער צוגעגעבן. — מע באַדאַרף געווינען זייער האַרץ, זייער צוטרוי צו זיך. אויב דאָס גיט זיך אײַן, האָט מען מצליח געווען.

בײַם פֿעלד, וואָס ווערט געאַקערט, זענען מיר שטיין געבליבן. ס'איז אונדז אַנטקעגנגעגאַנגען אַ יונג פֿון אַ יאָר צוויי און צוואַנציק, אַ הויכער און דאַרער, מיט אַן ענערגיש פּנים, מיט האָר אָפּגעבליאַקעוועטע אויף דער זון און אַרויפֿגעקרײַזלטע, ווי אַ כוואַליע, וואָס רײַסט זיך אַרויף פֿון ים. אויב דער איראַקער האָט מיר דערמאָנט דעם גלות־אשור און בבֿל, האָט מיר דער אַרויפֿגעבראַכט אויפֿן זינען טיטוסן, דעם חורבן־בית־המקדש, וואָס טיטוס האָט געמאַכט.

— שלום, יורם. — האָט אים יובל באַגריסט. — וואָס הערט זיך?

— אַלץ אין אָרדענונג, — האָט אים יורם געענטפֿערט, קנאַנקנדיק זונרויזן־קערלעך מיט בריהשער פֿלינקייט.

זיי האָבן זיך באַלד אַרײַנגעלאָזט אין אַ קעגנזײַטיקן אויספֿרעגן זיך און געשמועסט וועגן די ענינים פֿון דעם פֿעלד און די דערפֿער.

— ס'זענען דאָ קלאָפּאָטן מיטן פֿאַרלייגן די וואַסעררער אינעם מושבֿ, — האָט געזאָגט יורם, האַלטנדיק אַ קערל צווישן די ליפּן.

— און וואָס גייט עס? — האָט יובל געפֿרעגט מיט אַ פֿאַרלאַנגווײַליקט פּנים.

— איכ'ל דיר זאָגן, — האָט יורם אַרײַנגעוואָרפֿן אַ קערל אין מויל — זיי זענען נישט צופֿרידן פֿונעם פֿאַרלייגן די רער.

— ווער?

— אַלע.

— גיב זיי צו פֿאַרשטיין, אַז זיי דאַרפֿן זיך פֿרייען...

— איין מינוט...

— גיב זיי צו פֿאַרשטיין, — האָט יובל נישט געלייגט קיין אַכט אויף זײַנע ווערטער — אַז זיי דאַרפֿן זיך פֿרייען, און נישט קומען מיט קיין טענות. דערמאָן זיי די צײַט, ווען זיי פֿלעגן שלעפּן וואַסער פֿון שותּפֿותדיקן פּלומפּ. זיי האָבן אויך נישט געהאַט פֿון וואַנען צו באַוואַסערן דאָס שטיקל באַדן...

— איין מינוט... — איז אים יורם אַרײַן אין די רייד.

— איז וואָס? וואָס ווילן זיי? — איז יובל געווען אומגעדולדיק.

— איין מינוט... — האָט יורם אויסגעשפּיגן אַ לושפּײַקע — איכ'ל דיר זאָגן. זיי זענען נישט צופֿרידן, ווײַל בעתן פֿאַרלייגן די רער מאַכט מען קאַליע בײַ וועמען אַ קאַווענע, בײַ וועמען אַ פּעפּערל אויף זײַן שטיקל ערד בײַ דער שטוב. זיי שרײַען: פֿאַר וואָס האָט מען זיי נישט געזאָגט פֿריער, אַז מע וועט

* כאַמולע — אַ פֿאַרצווײַגטע משפּחה.

דאַ פֿאַרלייגן אַ רעד. ווען זיי וואָלטן געוועןוויסן, אַז מע וועט פֿאַרלייגן אַ רעד, וואָלטן זיי דאָ נישט געווען פֿאַרזעצט. און ס׳זענען דאָ אַזעלכע וואָס זאָגן בפירוש: „ביי מיר וועט מען קיין רעד נישט פֿאַרלייגן!...״

יובל האָט אַ ווייליטשקע נאָכגעטראַכט.

— איז אויב אַזוי, — האָט ער אָנגעשטעלט די אויגן אויפֿן יונג — רוף צוזאַמען די עלטסטע פֿון די חמולהס, זיי זיי מסביר די זאַך, און זיי וועלן עס שוין איבערטראַגן צום עולם. זיי זיי מסביר, אַז מ׳האָט נישט געקאָנט וויסן פֿריִער דאָס אָרט ווו די רעד וועט פֿאַרלייגט ווערן, און אַז דער שאָדן איז אַ נישטיקער, באַזונדערס אין פֿאַרגלייך מיט די נוצן, וואָס דערוואַרט זיי פֿון דער רעד אין דער נאָענטסטער צייט.

אַזוי האָט ער געעצהט און אויסגעשטרעקט די האַנט צום שטייערערדל. אין דעם מאָמענט איז צוגעקומען דער טראַקטאָר און האָט גענומען זיך אויסקערעווען.

— לאָז אַ ביסל מער אַראָפּ די מעסערס, — האָט יובל אַ געשריי געטאָן צום טראַקטאָריסט — און אַקער טיפֿער!

— פֿאַרלאָז זיך אויף מיר! — האָט זיך יענער אַ בייג געטאָן צו אים, זיין פּנים, שוואַרץ פֿון שווייס און דעם פֿעלדשטויב, האָט זיך באַצירט מיט אַ ברייטן שמייכל, און ס׳האָבן שטאַרק אַ בלענד געטאָן זיינע ציין אין מויל.

יובל האָט אים גאָרנישט נישט געענטפֿערט, נאָר אויסגעשטרעקט די האַנט צום שטייערערדל.

— גיב אַכטונג אויף יעדער באַראַזדע, — האָט ער געזאָגט צו יורמען — יעדער באַראַזדע אויף פֿאַרשיידענע ערטער, איבער דער גאַנצער לענג. סט׳פֿאַרשטאַנען? און אויב וועסט אויסגעפֿינען, אַז ער האָט געגראָבן ווייניקער מיט איין צענטימעטער, שטעל אים גלייך אָפּ אין דער אַרבעט.

— אָ־קיי. — איז יורם אָפּגעשפּרונגען פֿונעם דזשיפּ, וועלכער האָט זיך צעשאָקלט און צערוישט. — שלום, יובל!

מיר האָבן זיך דערווייטערט פֿון דאָרט.

— איר האָט נישט ווייניק צרות, ווי איך זע, — האָב איך צו אים געזאָגט — מיט די נייע עולים.

ער האָט געשוויגן און געדרייט מיט דער האַנט דאָס שטייערערדל הין און צוריק.

— ס׳איז דאָ, יאָ, ס׳איז דאָ אַ שפּאָר. — האָט ער געענטפֿערט פֿאַרטראַכטערהייט אין אַ ווייל אַרום. — דער עיקר דאַרף מען וויסן ווי זיך צו באַגיין און רעדן מיט זיי. ווי צו האַנדלען.

ס׳זענען נישט אַריבער קיין עטלעכע מינוט, ווי ער האָט ווידער גענומען רעדן:

— מיר האָבן דאָ אַ געוויסן לאַנדווירטשאַפֿטלעכן אינסטרוקטאָר, אַ קיבוץ־מיטגליד. אפֿשר איז ער נישט קיין לאַנדווירטשאַפֿטלעכער ידען פֿון ערשטער מדרגה, אָבער, וואָס ס׳איז וויכטיקער דערפֿון, ער האָט אַ צוגאַנג צו די עולים, און זיי האָבן צוטרוי צו אים און פֿאָלגן אים אין אַליץ. איין מאָל האָט ער מיר דערציילט ווי זיי קומען צו אים מיט פֿראַגעס וועגן זייערע אינטימסטע ענינים.

זיי זענען אין גרעסטן טייל רעליגיעזע לייט, און ער איז אַ קיבוץ־מענטש, און ווייסט נישט וואָס זיי צו ענטפֿערן: צי זאָגן זיי וואָס ער פֿילט און טראַכט, אָדער זיך רעכענען מיט זיי, וואָס זענען צוגעבונדן צו דער רעליגיע און דער פֿאַרגליווערטער טראַדיציע און אַל דאָס איבעריקע...

ער האָט גלייך אָפּגעהאַקט.

— נו?... — האָב איך אים אונטערגעטריבן.

ער האָט אָפּגעוואַרט אַ צוויי־דריי מינוט און אַ זאָג געטאָן:

— כ'האָב אים געזאָגט: ענטפֿערט זיי דאָס וואָס איר טראַכט.

מיר זענען אַראָפּגעפֿאָרן פֿונעם כּבֿיש אויף אַן ערדוועג און האָבן זיך געלאָזט צו אַ קליינעם דאָרף, וואָס האָט זיך געוויגלט אויף אַ בערגל.

— ווי הייסט דאָס דאָרף? — האָב איך געפֿרעגט.

— גתים, — האָט ער מיר געענטפֿערט.

— גתים, גתים, — האָב איך איבערגעחזרט און געזאָגט דאָס, וואָס איך האָב פֿריִער געטראַכט — דאָ זענען געשיכטע אוןווירקלעכקייט פֿאַרוועבט צוזאַמען.

— וואָס זענען זיי? — האָט ער זיך אויסגעדרייט און מיך אָנגעקוקט.

— אויסגעמישט צוזאַמען, — האָב איך אים אויסגעטייטשט.

— אַ־אַ... — האָט ער זיך באַרויִקט — אַבי נאָר גאָט זאָל זיך דאָ נישט אַריינמישן.

כ'בין געוואָרן פֿאַרבליפֿט, דערהערנדיק די דאָזיקע ווערטער פֿון זיין מויל. וואָס איז אים איינגעפֿאַלן אַזוי צו זאָגן? גלאַט אין דער וועלט אַריין, אַ שטות, מיר פֿאַרגעניגן צו פֿאַרשאַפֿן? אָדער צו רעצן? אָדער אפֿשר האָט ער געזאָגט פֿון האַרץ אַרויס דאָס, וואָס מאַטערט אים דאָרט, אַליין נישט וויסנדיק דער־פֿון?...

אין אָט די טראַכטענישן, וואָס כ'האָב דאָרט געהאַט, זענען מיר אַריינגעפֿאָרן קיין גתים.

# viii

יובל האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט אין סעקרעטאַריאַט. איך בין געגאַנגען באַטראַכטן דאָס דאָרף.

— איר זאָלט זיך נישט פֿאַרזאַמען, — האָט מיר יובל צוגעוואָרפֿן פֿלאַחר־יד.

— מיר פֿאָרן באַלד ווײַטער.

די הײַזער זענען געשטאַנען צעוואָרפֿן אין צוויי שורות, ענלעכע איינס צו דעם אַנדערן, ווי איינס וואָלט נאָכגעמאַכט דאָס צווייטע: אַלע פּירעקעדיק, אַלע אויפֿגעהויבן איבערן באָדן, די ווענט ווײַסע, די דעכער רויטע, און ס׳רינגלט זיי אַרום אַן אָפֿן גערטנדל, אין וועלכן ס׳וואַקסט אַ ביסל זונרויזן, אַ ביסל פּעפּערלעך און שאַר־ירקות.

כ׳האָב געשפּאַצירט איבער דער ליידיקער גאַס און זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זײַטן. האָב נישט געזען קיין לעבעדיקן נפֿש, חוץ אַ פּוסט־און־פּאַס מויל־אייזל, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ הויף אײַנגעבויגן און אָפּטרײַבנדיק מיטן עק פֿון זיך די פֿליגן; אַ ווײַסן הונט, וואָס איז געלעגן אין מיטן גאַס מיט אַן אַראָפּהענגענדיקן צונג; און אַ מיידעלע, וואָס איז געשטאַנען בײַ אַ הויפֿן רערן, אַ באָרוועסע, צעשויבערטע, דאָס גאַמבעלע און איין שלייף פֿאַרפּאַטשקעט מיט פּיאָלעטן יאָד.

כ׳בין צוגעגאַנגען צו איר.

— ווי הייסטו, מיידעלע? — האָב איך זי געפֿרעגט.

זי האָט אַראָפּגעלאָזט דאָס קעפּל צו דר׳ערד און מיר נישט געענטפֿערט.

— ווי רופֿט מען דיך? — האָב איך זי נאָך אַ מאָל געפֿרעגט.

זי האָט גאָרנישט נישט געענטפֿערט, נאָר געגראַבלט מיטן גראָבן פֿינגערל פֿון איר פֿיסל אין זאַמד און שווער געאָטעמט, ווי ס׳וואָלט איר באַפֿאַלן די אַסטמע, און ס׳פּנימל איז איר רויט געוואָרן.

— ווּ איז דײַן מאַמע?

זי האָט אַלץ נישט געענטפֿערט.

כ'בין פֿון איר אַוועקגעגאַנגען. זי האָט גלײַך אַ שפּרונג געטאָן און איז פֿאַרשוווּנדן הינטער דער שטוב.

כ'האָב אָנגעקלאַפּט אין אַ צוויי־דרײַ טירן, און קיין ענטפֿער נישט באַקומען. איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז דאָס רובֿ דאָרף איז אַוועק אויף דער אַרבעט אין פֿעלד.

כ'בין צוריקגעגאַנגען אין גאַס אַרײַן, אין דער שפּעט ליכט, וואָס זעט נישט אויס ווי פֿון אַ ישובֿ, נאָר פֿון אַ וויסטעניש. גלײַך ווי, אויב מע קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, ס'וואָלט זיך אויפֿגעהאַדעוועט אין אַ הייסן, וויסטן מדבר.

אַ געבוירענע אַלטיטשקע איז מיר, ווי אַנשווימענדיק, אַנטקעגנגעקומען. כ'האָב זיך געאײַלט זי צו באַגריסן.

ווּ זענען אַלע מענטשן? — האָב איך זי געפֿרעגט.

זי האָט אויפֿגעהויבן אויף מיר די אויגן, צאַרטע און גוטע אויגן, און מיר געענטפֿערט, אַז זי קאָן נישט רעדן קיין עבֿרית.

נישט עבֿרית. — האָט זי אַ זאָג געטאָן מיט אַ קרענקלעכן, שולדיקן שמייכל.

אין אַ קורצער ווײַל אַרום איז מיר פֿאַרבײַגעגאַנגען אַ מעוברתע פֿרוי. זי האָט געכאַפּט אויף מיר אַ קרומלעכן בליק, זײַטיק, ווי אַן אַלמנה וואָס מאָנט איר כּתובה, און כ'בין געוואָרן אַפּהענטיק און האָב איר גאָרנישט נישט געזאָגט. ס'איז אונטערגעקומען אַן אײַנגעבויגענע, צעקנייטשטע זקנה און לעבן איר אַ יונגע פֿרוי, אַ שוואַרץ־חנעווודיקע, אַ נ אַ כ ט י ק ע , וואָלט מען געקאָנט זאָגן, ענלעך צו אַ טיף פֿינצטער רויט נעגעלע.

כ'האָב זיי נאָכגעקוקט, ווי אַ פֿאַרלוירענער, און בין מיר ווײַטער געגאַנגען פּאַמעלעך, פֿויל און פֿאַרלאַנגווײַליקט. און ווי יענער בשעתו באַרימטער אַר־כעאָלאָג, וועלכער איז געקומען מאַכן אויסגראַבונגען אין מצרים, האָט, כאַפּנדיק אַ קוק אויף די פּיראַמידן, זיך גלײַך אומגעקערט צו זיך אין לאַנד אַרײַן, האָב איך אַ בליק געטאָן אויף די קליינע הײַזלעך, וואָס שטייען זיך אין שלוה און לאַנגווײַל, אויף דעם מוילאייזל, וואָס שאָקלט מיטן קאָפּ, און דעם הונט אין מיטן גאָס, און בין צוריק געגאַנגען צו דער צרכניה.

באַלד איז צוריקגעקומען יובֿל, אַ אויפֿגערעגטער, אַ צעטראָגענער, דאָס פּנים פֿאַרמאַטערט און פֿאַרשוויצט. ער איז אַרויף אויפֿן דזשיפּ און האָט אַ נעם געטאָן דאָס שטײַערראָדל. ווען איך וואָלט נישט געווען אַ געשריי טאָן צו אים „נו, און איך!" וואָלט ער מיך געווען איבערגעלאָזט און אַוועקגעפֿלויגן.

— אַרויף, אַרויף. — האָט ער מיר געזאָגט בחיפּזון און צעשטרײַט.

מיר זענען אַרויסגעפֿאָרן פֿון דאָרף, אָבער נישט אַרויף אויפֿן כּבֿיש, נאָר פֿאַרקערעוועט אויף אַ ווילדפֿעלד און געפֿאָרן איבער דעם, זיך שאָקלענדיק און טרייסלענדיק.

— אײַער געשיכטע האָט מיר געמאַכט אַ מישעניגע אין קאָפּ. — האָט יובֿל אַ זאָג געטאָן מיט אַ ביטערן שמייכל אין פֿעלד אַרײַן.

— ווי אַזוי? — בין איך געווען פֿאַרוווּנדערט פֿון זײַן זאָג.

ער האָט געלאָזט די פֿראַגע אָן אַן ענטפֿער.

אין אַ קורצער ווײַל אַרום האָב איך אים ווידער געפֿרעגט:

— וווּהין פֿאָרן מיר?

— אין פֿעלד אַרײַן. — האָט ער מיר אַ ווײַז געטאָן מיט די אויגן איבער דעם שטײַערערדל. — איר וועט זען די עולים בײַ דער אַרבעט.

— אַך, אַך! — האָב איך אויסגערופֿן פֿריילעך. — זייער גוט. איך וויל זיי טאַקע זען!

ער האָט אַוועקגעקערט די אויגן פֿון מיר און אַראָפּגעשלונגען אַ ברויזל שמייכעלע אין וואַנץ אַרײַן.

אין דעם מאָמענט איז מיר אײַנגעפֿאַלן אַרײַנצוזאָגן אים עטלעכע שאַרפֿע ווערטער, אים אויסצושייגעצן. אָבער כ'האָב זיך באַהערשט און נישט געזאָגט, ווײַל כ'האָב געזען באַשײַמפּערלעך, אַז ער האָט נישט געמיינט מיך צו באַליידיקן, נאָר איז געווינט אַזוי פֿון זײַנע יונגע יאָרן אָן און פֿירט זיך שוין אַזוי, ווי ס'איז וויל באַקאַנט: אַ סאַברע.

כ'האָב זיך פֿאַרטראַכט וועגן פֿאַרשיידענע זאַכן. תּחילת וועגן יענע מענטשן, וואָס כ'בין געפֿאָרן זיי זען און די שמועסן וואָס מיר האָבן. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז זייער שמועס וועט זײַן וועגן ריבונו־של־עולם, וואָס פֿאַר זײַן נאָמען און כּבֿוד וועגן האָבן זיי זיך צונויפֿגעזאַמלט פֿון אַרבע־כּנפֿות־הארץ אין דאָזיקן לאַנד, וואָס ער האָט אויסדערווײלט, אין דעם הייליקן לאַנד, וואָס איז אַ הייליק לאַנד פֿאַר זיי, און איר ערד איז הייליק. און דאָ האָב איך זיך דערמאָנט יובלס ווערטער, אַז זאָל גאָט פֿון הײַנט און ווײַטער זיך נישט אַרײַנ־מישן אין אונדזערע טועכצן דאָ, און כ'בין פּלוצעם פֿאַרבליפֿט געוואָרן, ווי כ'וואָלט דערזען פֿאַר זיך אַ זאַך וואָס טרעפֿט זיך נישט און פֿירט זיך נישט בײַ ייִדן. „אַ תּהום, אַ תּהום", — האָב איך געטראַכט, — „אַ תּהום הויערט צווישן אים און זיי אויף דער דאָזיקער ערד, וואָס ער און זיי זענען פֿאַרטאָן אין באַאַרבעטן זי".

וואָס מער איך האָב זיך דערין אַרײַנגעטראַכט, איז מיר אַלץ קלאָרער געוואָרן, דער אונטערשייד צווישן זיי און אים, אַ גרעסערער אונטערשייד, אַ טיפֿערער פֿון דעם אונטערשייד צווישן דער פֿאַרגאַנגענהייט און דער צוקונפֿט, צווישן איין פֿאָלק און אַ צווייטן און צווישן איין רעליגיע און אַ צווייטער.

כ'האָב נאָך געהאַט אַ סך אַרײַנצוטראַכטן אין דעם עניין, אָבער דער דזשיפּ האָט זיך פֿאַרהאַלטן און איז געבליבן שטיין.

# *ix*

מיר האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט בײַ אַ ריוועטשיק, וואָס שנײַדט דורך אַ פּאָמידאָרן־פֿעלד. כ'האָב אָפּגעריסן פֿון אַ קוסט איינעם אַ פּאָמידאָר, אַ קליינעם, אַ לענגלעכן, ווי אַ טייטל, און מיט די פֿינגער אַראָפּגעווישט פֿון אים דעם שטויב. פֿון ווײַטן האָט זיך דערטראָגן אַ געפּילדער פֿון אַן עולם מענטשן. כ'האָב אָנגעשטעלט די אויגן און זיך אײַנגעקוקט, האַלטנדיק דעם פּאָמידאָר צווישן די ציין, און קיינעם נישט געזען.

— פֿון וואַנען הערט זיך דער געפּילדער? — האָב איך אַ פֿרעג געטאָן יובלן, וועלכער האָט געשפּרײַזט פֿאַר מיר.

אין דעם מאָמענט האָט אַ ווייע געטאָן אַ מערבֿ־ווינטל.

— אַך! — האָט יובל אויסגעדרייט דעם קאָפּ אויף אַהינטער. — ענדלעך קאָן מען אַ ביסל אָפּאָטעמען.

דער גערויש איז שטאַרקער געוואָרן, און כ'האָב שוין פֿון אים אַרויסגעהערט ווערטער און געזאַנג. און אָט שטייען מענטשן אײַנגעבויגן צווישן די פּאָמידאָרן־קוסטעס, אָנגעהאַנגענע שורותווײַז איבער דראָטן, געצויגענע פֿון איין דרענגל צום צווייטן.

דער עולם האָט אונדז באַמערקט.

— יובל! — האָט מען גערופֿן פֿון דאַנען און פֿון דאָרטן מיט פֿריילעכע פּנימער, גלײַך מע האָט זיי אָנגעזאָגט אַ בשׂורה־טובֿה. — שלום! יובל! שלום, שלום, יובל!

די אינסטרוקטאָרן און די אַנדערע ממונים האָבן אַוועקגענומען יובלען און זענען געשטאַנען און געשמועסט מיט אים. איך בין געשטאַנען אַליין און באַטראַכט די מאַסע אַרבעטער, צעשפּרייטע צווישן די קוסטעס, יעדער מיט זײַן

קערבל און יעדער מיט זײַן בלעכפּושקע אויף דר'ערד. טײל יונגעלײַט און זקנים, טײל בחורים און מײדלעך, און אויך מעוברתע ווײַבער און קלײנוואַרג.

ס'איז געוואָרן לעבעדיק. די אַרבעט איז אָנגעגאַנגען פֿלינק, אין געפֿלוידער און געלעכטער. די מײדלעך האָבן פֿון העפֿלעכקײט וועגן אײַליק געשנײַצט די נעזלעך. פֿון מאָל צו מאָל אויסגעשאָסן אַ שטיפֿעריש געלעכטער, אַ קוויטשעדיקס. זײערע אויגן האָבן געפֿינקלט, די צײן זיך געווײַזלט, און די פּנימער געטלײַעט, ווי קוילן, פֿון צווישן די גרינע קוסטעס אָפּער.

אַ צוויי־דרײַ מאָל האָבן די מענטשן געשריגן צו יובלן, ער זאָל צוקומען צו זײ, אַז זײ דאַרפֿן אים עפּעס האָבן. אָבער ער האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף זײ.

— זאָגט אים, אַדון, — האָט צו מיר אַ זאָג געטאָן אײנער פֿון זײ מיט אַ צעקראַכענער, קריכיקער שטים און צעקרימט פּנים, ווי אַ צאָן וואָלט אים געקוועלט, — זאָל ער רחמנות האָבן, ווי גאָט איז אים ליב.

— וועגן וואָס האַנדלט זיך עס? — בין איך צו זײ צוגעגאַנגען.

זײ האָבן גענומען מיר דערצײלן אויף זײער שפּראַך און גערעדט אַלע פֿאַר אַ מאָל, דער פֿון דער זײַט און דער פֿון דער צווייטער. און פֿון אַלע זײערע רייד האָב איך פֿאַרשטאַנען בלויז, אַז זײ ווילן געווינען מײַן האַרץ. אַרויסרופֿן בײַ מיר מיטגעפֿיל.

כ'האָב זײ דאַרט עפּעס אַ זאָג געטאָן.

באַלד האָבן זײ גענומען מיך חוקר־ודורש זײַן: ווער בין איך און צוליב וואָס בין איך געקומען.

— פֿון דער סוכנות? — האָבן זײ געפֿרעגט. זײ האָבן גערעדט וועגן מיר צווישן זיך, אויסגעטאַפּט מיר יעדעס בײנדל באַזונדער און זענען אַ פּנים געקומען צו אײן דעה, אַז איך בין אויף געווים אַ מענטש פֿון דער סוכנות, אָדער אײנער פֿון דער רעגירונג. פֿונדעסטוועגן, און אפֿשר גראָד צוליב דעם, האָבן זײ זיך נישט געשעמט צו זאָגן אַ לצנותדיק ווערטל, ווײַל זײ האָבן אויסגעשאָסן אַ געלעכטער און נאָך עפּעס צוגעגעבן צום פֿרײַערדיקן, און ווידער אַ מאָל אויסגעשאָסן אַ געלעכטער.

יובל האָט פֿאַרענדיקט זײַנע געשעפֿטן מיט די אינסטרוקטאָרן און איז צוגעקומען צו די אַרבעטער, צווישן די פּאָמידאָרן־קוסטעס.

— מרחבא! — האָבן זײ זיך געפֿרײט מיט אים. — ברוך הבא! ברוך הבא! אָט איז ער שוין צוגעקומען צו אונדז!

— וואָס איז אַזוי די גדולה אויף אײַך? — האָט יובל אויף זײ זײַטיק אַ בליק געטאָן.

— מיר פֿרייען זיך צו זען אײַער ליכטיק פּנים. — האָבן זײ אים געענטפֿערט.

— נו, וואָס? — איז יובל געוואָרן אומגעדולדיק — ווי זעען אויס די ענינים? דער אײבערשטער האָט נאָך נישט געהאָלפֿן?

— נאָך נישט, נאָך נישט, יובל. דער אײבערשטער האָט נאָך נישט געהאָלפֿן. אונדזער לאַגע איז קלאָגעדיק, — זענען צוגעקומען אַ פֿינף־זעקס אירע, אָפּ־

גערײסענע און אָפּגעשליסענע, ווי די גבֿעונים בשעתּם, און שטיין געבליבן פֿאַר יובלן — קלאָגעדיק, קלאָגעדיק איז אונדזער מצבֿ...

— וואָס איז די מעשׂה? — האָט זיך יובל געמאַכט פֿאַר אַ תּם און געוווּנדערט — דער רוקן טוט ווײ?

— טוט ווײ, טוט ווײ. — האָבן זײ געזאָגט נעבעכדיק און באַטאַפּט מיט די פֿינגער דעם בויך און די לענדן — ווי זאָל נישט ווײ טאָן דער אַ פֿעסטער גוף? מיר זענען שוין מיד ווי אַ הונט. די הענט לאָזן זיך שוין אַראָפּ, ווי די אויערן בײַ אַן אייזל.

— ס'איז גאָרנישט. — האָט יובל געשמייכלט איראָניש — שבת וועט איר זיך אויסרוען.

— נחמדו רבי*, — האָבן זײ פֿאַרגלאָצט די אויגן צום הימל און געקושט די שפּיץ פֿינגער — וואָס ער האָט אונדז געבראַכט דעם שבת, מיר'ן זיך אויס־רוען. ווען מיר נישט האָבן אויך די אַ מתּנה, מיר שוין לאַנג געשטאָרבן, לאָ־עלינו. אַרבעט, אַרבעט, גאַנצן טאָג אַרבעט. זײַן נאָמען זײַ געאַכפּערט, ער אונדז געבראַכט די אַ מתּנה!

איינער, אַ דינער און לאַנגער, ווי אַ פּרימאָרגנדיקער שאָטן, מיט אַ שמאָל און שאַרף פּנים, ווי ס'וואָלט געמאַכט געווען פֿון בלויז צוויי פּראָפֿילן, מיט פֿלאַקערדיקע און הין־און־צוריק־לויפֿנדיקע אויגן, האָט אויפֿגעזאָטן און אַ זאָג געטאָן:

— די נאָרמע איז אַ צו גרויסע! פֿינף און צוואַנציק קעסטלעך! ווו איז דאָס געהערט געוואָרן! ווער איז אין שטאַנד צו מאַכן פֿינף און צוואַנציק קעסטלעך אַ טאָג! דאָס איז שוין צו פֿיל! ערגער ווי דער שעבוד־מצרים!

— ריכטיק, ריכטיק, — האָבן אַלע איבעריקע אים אונטערגעהאַלטן — פֿינף און צוואַנציק איז צו פֿיל. ס'דאַרף זײַן צוואַנציק, נישט פֿינף און צוואַנציק.

— פֿינף און צוואַנציק קעסטלעך אַ טאָג איז נישט צו פֿיל, — האָט זײ יובל געענטפֿערט. — דאָס איז אַן אַרבעט וואָס אַפֿילו קינדער טוען זי.

— הה, הה... — האָבן זײ געשאָקלט צו אים מיטן קאָפּ — האדא הווה!** אַפֿילו קינדער.

— לאָזט צו רו מיט די נאַרישקייטן. — האָט זיך יובל געלאָזט אַוועקגיין.

די מענטשן האָבן זיך אויך געלאָזט אַוועקגיין צו דער אַרבעט.

— מיר זענען נישט מסכּים. — האָט אַ זאָג געטאָן יענער, דער דינער און לאַנגער מיטן שאַרפֿן און שמאָלן פּנים — מיר ווילן נישט.

— וואָס ווילט איר נישט! — איז יובל ווידער געבליבן שטיין און האָט זײ פֿאַרשנדיק אָנגעקוקט.

— מע וויל נישט קיין דאַרף. — האָט יענער געוואָרטשעט — מע וויל נישט קיין באָדן.

* געלויבט דער אייבערשטער.
** אַזוי, אַזוי.

— איר ווילט נישט, דאַרף מען נישט. — האָט יובל געזאָגט געלאַסן.
— מע וויל אַ מעברה.*
— נישטאָ קיין מעברה. — האָט זיי יובל אָפּגעשניטן — איז גיכן וועט מען ליקווידירן אַלע מעברות.
זיי האָבן זיך אײַנגעבויגן און געטאָן די אַרבעט שווײַגנדיק.
— נישטאָ קיין רחמנות. — האָט ווײַטער גערעדט איינער פֿון דער חבֿרה און אָפּגעזיפֿצט. — נישט געבליבן קיין רחמנות. נאָר נאָרמע, נאָרמע...
יובל האָט זיך אַ ריר געטאָן און איז שטיין געבליבן.
— האָרכט, — האָט ער אָנגעהויבן מיט אַן איבערבעטנדיקן שמייכל — כ'וועל אײַך עפּעס דערציילן. איין מאָל האָט מען געפֿרעגט אַ קלוגן מאַן, ווער ס'איז גרעסער פֿון וועמען: דער ערדאַרבעטער, צי דער פּערסישער שאַך? האָט דער קלוגער מאַן געענטפֿערט: דער ערדאַרבעטער. פֿאַר וואָס? ווײַל אַז דער ערדאַרבעטער וועט נישט געבן קיין ברויט, וועט דער שאַך שטאַרבן פֿון הונגער.
דער עולם האָט אויסגעהאָרכט, אַ קוק געטאָן איינער אויפֿן אַנדערן מיט אַ משונהדיק פּנים, אַ ליכטנדיקס און גאַפֿנדיקס.
איינער האָט אַ ברום געטאָן:
— המם...
און אַ צווייטער:
— אוממם...
אַ דריטער:
— וואָס? וואָס ט'ער געזאָגט?
האָבן זיי דערקלערט איינער דעם אַנדערן, דער וואָס האָט פֿאַרשטאַנען יענעם וואָס האָט נישט פֿאַרשטאַנען.
— און איר זאָגט, — האָט יובל אויסגעלאָזן — איר ווילט נישט קיין דאַרף, ווילט נישט קיין באָדן...
— וואַללה! — האָבן זיי געשריגן צו אים — הדי הדרא!**
— לחד מעאַ!***
— איל אַ ריזון.****
אַלע האָבן אויסגעזען צו זײַן צופֿרידן, און זייערע פּנימער שמייכלען און זענען אויפֿגעלייגט.
— אָבער פֿינף און צוואָנציק קעסטלעך! — האָט איינער פֿון זיי אַ זיפֿץ געטאָן. — דערצו מוז מען האָבן כּוחות...
האָבן זיך גלײַך בײַ אַלע געענדערט די פּנימער, און זיי האָבן אַ זאָג געטאָן:
— מע וויל נישט.

* מאַבאַראַ — איבערגאַנגס־לאַגער.
** דאָס זענען דיבורים.
*** אָט אַ איז עס.
**** ער האָט רעכט.

אין דעם מאָמענט האָבן זיך דערטראָגן געשרייען פון דעם נאָענטן פעלד, און מענטשן זענען געלאָפן פון אַלע זײַטן.

— עטר! עטר! — האָט מען, לויפנדיק צעמישט, געשריגן איינער צום אַנדערן.

ווען מיר זענען אַהין צוגעקומען, האָבן מיר דערזען פאַר זיך אַ מאָגערן און שוואַרצלעכן בחור, מיטן נאָמען עטר, יהודה עטר, וועלכער האָט זיך אַרײַנגעלאָזט אין אַ געקריג מיטן אינסטרוקטאָר. ער איז געשטאַנען אין מיטן פּאָמידאָרן־פעלד, די האַנט אויסגעשטרעקט צו אַ קוסט, און דער אינסטרוקטאָר פאַרשטעלט אים דעם וועג.

—יהודה, דו וועסט דאָ נישט אַרבעטן! — כאַפּט ער אים אַן פאַרן אָרעם און חזרט איבער — יהודה, דו וועסט דאָ נישט אַרבעטן!

אָבער אַט דער יהודה טוט אַ קער צו אים זײַטיק דאָס פּנים, וואָס איז שטאַרק בלאַס געוואָרן, און זאָגט אים מיט אַ הייזעריקער און צעציטערטער שטים:

— נעם צו די הענט!

ווײַזט זיך אַרויס, אַז אַט דער יהודה האָט פאַרלאָזט זײַן באַשטימטן אַרבעטס־פּלאַץ, וווּ די פּאָמידאָרן זענען שוין ווינציקער געוואָרן, און איז אַוועק אויף אַ צווייט פעלד, אויף וועלכן מ'האָט נאָך נישט געריסן, און ס'זענען דאָ דערויף אַ סך פּאָמידאָרן. צוליב דעם האָט אויסגעבראָכן דאָס געקריג.

דער עולם האָט זיך אַרײַנגעמישט צווישן זיי, אײַנגענומען עטרן, געלאַשטשעט אים און מילד פירגעהאַלטן.

אַז זיי האָבן ביַי אים גאָרנישט פּועל געווען, און ס'עסק האָט אָנגעהויבן ווערן הייס, האָט דער עולם גענומען שרײַען:

— יובל! יובל!

יובל איז געשטאַנען אין אַ זײַט, די הענט אין די קעשענעס, מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן.

— וואָס יובל! — האָט ער געזאָגט געלאַסן — ער וועט מיך נישט געהאָרכן. אמת, יהודה, אַז דו וועסט מיך נישט געהאָרכן? ס'איז ווי יענע מעשׂה, וואָס כ'האָב געהערט. איינער אַ חזן האָט אַ מאָל נישט געוואָלט מאַכן אַן אל־מלא־רחמים נאָך אַ געוויסן געשטאָרבענעם. „ער איז ברוגז מיט מיר, — האָט ער געזאָגט — און וועט מיך נישט הערן. געפינט פאַר אים בעסער אַן אַנדער חזן". כ'האָב ריכטיק געזאָגט, יהודה?

איידער ער האָט זיך געלאָזט אַוועקגיין, האָט ער געטאָן אַ הייב אויף די אויגן צום אינסטרוקטאָר און אַ זאָג אים מיט שפּאָט און גרינגשעצונג:

— לאָז אים צו רו.

האָט אים דער אינסטרוקטאָר צו רו געלאָזן און איז אַוועקגעגאַנגען. אויך דער עולם איז אַוועק צו זײַן אַרבעט, יעדערער אויף זײַן פּלאַץ.

עטר האָט אויסגעשטרעקט די האַנט צו אַ קוסט און נאָך אַנאַנד געריסן און אַרײַנגעלייגט אין קערבל.

— איר האָט נעכטן געזאָגט, אַז איר וועט מיך אָנבויקערן, — האָט ער נאָכגעשריגן דעם אינסטרוקטאָר מיט אַ נצחון־שמייכעלע — אדרבה, בויקערט! קומט און בויקערט מיך אָן!

יובל האָט זיך געאײַלט צו פֿאָרן אין נאָענטן דאָרף.

— וואַרט אויף מיך דאָ. — האָט ער מיר אײַליק צוגעוואָרפֿן. — כ'וועל זיך אומקערן, וועל איך אײַך נעמען.

דער עולם האָט אַרומגעשמועסט וועגן דעם, וואָס איז פֿאָרגעקומען צווישן דעם אינסטרוקטאָר און יהודהן. פֿון זייערע רייד האָב איך זיך דערוווּסט, אַז ער שטאַמט פֿון אַ גרויסער חמולה, אָט דער עטר, אַז ער איז אַ צולהכעיסניק און היים געבאָדענער, אַ שלעגער, און שוין נישט איין מאָל איז דאָס דאָרף אויפֿגעטרייסלט געוואָרן צוליב אַ קריגערײַ, וואָס ער האָט פֿאַרפֿירט. איצטער, האָבן זיי געשמועסט, האָט ער זיך גענומען טשעפּען צום אינסטרוקטאָר, און הלוואי ער זאָל אַרויס אַ גאַנצער פֿון זײַנע הענט.

אַלע האָבן זיך געקלאָגט אויף אים, סײַ מאַנסביל, סײַ פֿרויען, יונג און אַלט.

— אויך אויף אונדזער פּאַרצעלע, — האָבן זיי געטענהט — זענען דאָ ווינציק פּאָמידאָרן. זאָל יעדער איינער נעמען שפּאַצירן צווישן די שורות און רײַסן?! און ווער זאָל נאָכגיין נאָך אים און אויפֿקלײַבן די איבערגעבליבענע?

און נאָך אַ טעם האָבן זיי געזאָגט:

— ווי וועט מען באַוואַסערן אַ פּאַרצעלע, וואָס מ'האָט זי נאָך נישט געהעריק אויסגעגענדיקט? מע באַוואַסערט נישט כּל־זמן מע מאַכט נישט פֿון פּאַרצעלע איין בלאָק!

דאָקעגן האָבן אַלע אויסגעלויבט יובלן.

— ער איז גאָלד! האָבן זיי געזאָגט. — ער איז דער טאַטע אונדזערער!

# א

כ׳בין געגאַנגען פֿון איין אָרט אויפֿן אַנדערן, פֿון איין פֿעלד אויפֿן צווייטן. אויף איין פֿעלד האָב איך זיך אַרײַנגעלאָזט אין אַ שמועס מיט אַ גרופּע מענטשן. זיי געפֿרעגט וועגן זייער ווינאָרט, זייער ווירטשאַפֿט, זייער פֿאַמיליע און דעם גלײַכן געוויינטלעכע זאַכן. זיי האָבן מיר געענטפֿערט על ראשון ועל אחרון אחרון.

— וויפֿל זענט איר אין אײַער מושבֿ? האָב איך געוואָלט וויסן גענוי.

— ס׳זענען דאָ אַכציק פֿאַמיליעס. — האָבן זיי מיר געענטפֿערט.

— זענט איר צופֿרידן?

— געלויבט השם־יתברך. — האָבן זיי זיך געקוועטשט. — איר שווין זאָרגן פֿאַר אונדז.

— אַרבעט איר און האָט הנאה פֿון אײַער מי?

— אַך... — האָבן זיי מיר באַאַכצעט מיט יסורימדיק אַכצעניש.

איך האָב זיך אויף זייער אַכצעניש נישט אומגעקוקט.

— ווען די ייִדן טוען דעם אייבערשטנס רצון, ווערט זייער מלאכה געטאָן דורך זיי אַליין. — האָב איך זיי פֿאַראַפֿראַזירט דעם מאמר חז״ל.

זיי האָבן נישט באַנומען וואָס איך זאָג.

— מען אַרבעט, מען אַרבעט, — האָב איך זיי אויסגעטײַטשט. — דאָס איז ווײַל. ייִדן אַרבעטן פֿאַר זיך אַליין, און נישט פֿאַר פֿרעמדע, נישט פֿאַר גויים.

— מע דאַרף עס האָבן פֿאַרן בויעכצערײַ פֿון לאַנד. — —האָבן זיי מיך געחנפֿעט און אונטערגעקויפֿט מיט אַ נעבעכדיק שמייכעלע.

איינער פֿון דער גרופּע, אַ מענטש אַ באַלײַבטער און ברייטפּלייציקער, מיט אַן אָפּגעברוינט פּנים, אַ באַוואַקסנס מיט אַ ריזיקער באָרד, מיט אַ מגושמדיקער

נאז, א דרום־חלק פון זײַן פנים, גרויסע אויגן און שווערן בליק, האט איבערגעריסן זײַן ארבעט און א זאג געטאן צו מיר מיט א צארנדיקער שטים:

— דא ארץ־ישראל . . . דא נישט־גוט . . .

דאס זענען געווען קלארע און אויפריכטיקע ווערטער, ווערטער וואס קומען פון הארץ ארויס, און ווער ס'האט זיי געזאגט, איז קענטיק אז איש־אמת און רעדט ערלעך.

איך האב זיי אבער שווערלעך באנומען.

— פאר וואס? — האב איך געפירט די אויגן איבער די פנימער פון דעם עולם — פאר וואס איז דא נישט־גוט?

אלע האבן געשוויגן, ווי געמאכט יד־אחת נישט צו ענטפערן.

— איר זענט אין אײַער לאנד, אין אייגענעם, — האב איך ווײַטער גערעדט צו זיי — נישט אין גלות, און האט א שטוב און מעבל, פעלדער און פרנסה אויף צום לעבן.

באלד האט דער באררדאטש גענומען רעדן אויף אראביש מיט אן אײַליקן מישמאש פון א סך רייד, נישט קלאר צי ער פארקלאגט זיך, צי ער מאכט אויסרופן מיט גרויס פאמפע.

ווען ער האט אויפגעהערט רעדן, האב איך זיי געפרעגט, וואס ער האט געזאגט.

האט זיך אויסגעגלײַכט א בחור, א נאקעטער די אייבערשטע העלפט, א נעבעכדיקער און מאגערער, הויט און ביין, ווי יענער האן וואס דיאגענעס האט אים אפגעפליקט און געוויזן דעם עולם ווי פלאטאנס מוסטער פון א מענטשן, און געזאגט:

— ער זאגט, אז אין מאראקא איז נישטא קיין גלות. פון זינט די פראנצויזן זענען געקומען קיין מאראקא, איז דארט נישטא קיין גלות, זאגט ער.

— וואס נאך האט ער געזאגט? — האב איך געפרעגט דעם בחור.

האט ער געשוויגן.

— זאגט, — בין איך צו אים צוגעשטאנען — שעמט זיך נישט.

— דאס איז אלץ וואס ער האט געזאגט. — האט ער געענטפערט מיט אן אראפגעלאזט פנים.

איינער א מענטש, א לאנגער ווי א דראנג, מיט א געגאלט פנים, א שטארק געקנייטשטס, אן ציין, האט מיר אקעגנגעטראגן א שמייכל, ווי א מין העזה פון געוויין.

— ער האט געזאגט, ער וויל צוריקפארן קיין מאראקא. — זענען די ווערטער ארויסגעקומען פון זײַן אײַנגעפאלן מויל צעקראכענע. — א לאנד וואס עסט אויף אירע אײַנוווינער, האט ער געזאגט. נאר צו שווארצער ארבעט. מע לאזט אונדז נישט ארבעטן בײַ אונדזער פאך: א שנײַדער אדער א שוסטער. נאר צו שווארצער ארבעט. א חודש איז דא ארבעט, און דרײַ חדשים נישטא קיין ארבעט. ווער זאל אונדז באזארגן דאס שטיקל ברויט און דאס פעפערל? און דאס טײַערקייט פון לעבנס־מיטל איז זייער טײַער. ער פארדינט זעקס לירות, און א הויז קאסט פינף אדער זעקס לירות, האט ער געזאגט.

דער באַרדאַטש האָט זיך ווידער עפּעס אָנגערופֿן אויף אַראַביש. האָבן באַלד אַלע אויסגעשאָסן אַ גרויס געלעכטער.

— ער באַדויערט, וואָס ער האָט פֿאַרלאָזט מאַראָקאָ. — האָט זיך יענער לאַנגער פֿלאַקן געפֿלײַסט מיך אַ פּיעשטשע צו טאָן מיט אַן אָנצייניק שמייכעלע — אַ מענטש קאָן נישט אַכטן זײַן הינטן, סײַדן ער זיצט אויף זײַן קאָפּ.

נישט באַוויזן נאָך צו פֿאַרענדיקן די רייד, האָט ער אַ שאָקל געטאָן דעם קאָפּ אַהין און אַהער און אויסגעשאָסן אַ געלעכטער.

אין יענעם מאָמענט האָט דער בחור, יענער וואָס זעט אויס ווי דיאָגנעסעס האָן, זיך אָנגענומען מיט אַ סך גבֿורה און אַ געשריי געטאָן צום באַרדאַטש:

— צום טײַוול דער דור־המדבר! איר זענט דער דור־המדבר!... כּל דכפֿין, זאָל קומען און בלײַבן, כּל דכפֿין, זאָל קומען און אַוועק! צום טײַוול איר אַלע! אײַערע קינדער און קינדס־קינדער וועט דאָ זײַן גוט!

ביידע, דער באַרדאַטש און דער בחור, האָבן גענומען זיך קעגנזײַטיק אויס־טענהן.

— כדאַב אַבוּאַ, כדאַב אַבוּאַ!* — האָט דער באַרדאַטש געפֿאָכעט פֿאַר אים מיט דעם פּאָמידאָר אין האַנט — אַ שקרן איז דער טאַטע פֿון יענעם, וואָס פּאַטשט זיך אין בײַכל, בעת זײַן מאָגן איז ליידיק.

— איז צו וואָס זענט איר געקומען אַהער? — האָט זיך מײַן איבערזעצער שטאַרק געאַמפּערט מיט אים וועגן דעם. — ווער האָט אײַך גענייט?

— ס'איז אַ גזירה פֿונעם אייבערשטן! — האָט דער באַרדאַטש צעגומען די הענט, און זײַן פּנים איז פֿול געוואָרן מיט יראת־שמים. — ווי קאָן איך איבערטרעטן אַ גזירה פֿונעם אייבערשטן?

און אויף אַראַביש האָט עס געזאָגט:

— כיף תקול קדאַם אַללה! איך בין שוין אַ פֿאַרפֿאַלענער. בין ווי אַ לערע כּלי, וואָס מע וואַרפֿט זי פֿון איין אָרט אויפֿן צווייטן. אַרײַנגעוואָרפֿן אין דער גרוב פֿונעם אייבערשטן. חנה מחבוּסין פל חבס הקדוש־ברוך־הוא. אַ רחמנות, אַ רחמנות אויף מיר...

— ווער איז אַן עושר? — האָט אים דער בחור אָפּגעפֿרעגט מיט אַ מאמר חז"ל — דער וואָס איז צופֿרידן מיט זײַן חלק.

— כדאַב אַבוּאַ! — האָט דער באַרדאַטש נישט אײַנגעשטימט מיט אים.

— צופֿרידן מיט זײַן חלק איז דער וואָס איז רײַך, ווער ס'עסט און טרינקט און לאָזט זיך ווױלגיין!

— האָרד! האָרד! — האָט זיך פֿאַר אים אַ שטעל געטאָן איינער מיט אַן אויסגעדרייטן פּוס אויף אַ זײַט. — ווער איז אַן עושר? ווער ס'איז אַ שמח בחלקו. מיט זײַן ח ל ק! מיט זײַן ח ל ק!

אַזוי האָט ער געזאָגט און, זאָגנדיק זיך אָנגעכאַפּט פֿאַרן האַלדז, ווײַל אויף אַראַביש הייסט האַלדז ח ל ק.

* זײַן טאַטע איז אַ שקרן.

— ער עסט און טרינקט פון אל דאס גאטס גוטס, — האט ער געזאגט מיט א פנים פון א פיק־חכם און א בעל־המצאה, און א טפשותדיק שמייכעלע האט געצאפלט צווישן זיינע ליפן — און דערפאר איז ער א שמח־בחלקו.

— דאס א איז עס. — האט זיך אנגערופן דער בארדאטש — האדא הוא.

ווי אן אויסגעזידלטער בין איך פון אים אוועק. א סך מחשבות זענען מיר באפאלן, מחשבות וועגן אומגליקספאלן און מחשבות וועגן פורעניותן, פרישע און אלט געבאקענע, און האבן געקלעמט מיין הארץ.

א שלעכט געשטימטער און נידערגעשלאגענער האב איך ארומגעשלייכט פון איין פעלד צום צווייטן.

— עט... — האב איך אוועקגעמאכט, א פארמאטערטער און אפהענטיקער.

כ'האב אויפגעהויבן די אויגן אויף דער וועלט, אויפן פלאכלאנד, וואס ליגט אויסגעשפרייט פאר מיינע אויגן, אויפן ברייטן האריזאנט, וואס איז פארטיפט אין בלוי.

— א גוט און שיין לאנד. — האב איך געשעפטשעט צו זיך אליין און איבערגעחזרט, ווי דאס וואלט אין שטאנד זיין צו נישט צו מאכן יענע אלע בייזע מחשבות אין מיין געמיט. — דאס איז א גוט לאנד, א גוטס, א גוטס, א גוטס און א שיינס...

## xi

כ׳האָב זיך געלאָזן נאָכן געזאַנג פון אַ לאַרד מיט אַ שטעגל, ביז כ׳בין צוגעקומען צו אַן אָפּגעשניטן פעלד. ס׳זענען דאָרט געזעסן אַלטע לײַט אויף דר׳ערד און האָבן געגישטערט מיט די הענט אין שטויב. כ׳האָב געוואָלט זיי פאַרבײַגײן, אָבער זיי האָבן מיך באַגריסט.

— שלום! שלום — האָבן זיי געוואָנדן צו מיר די פּנימער.

כ׳בין צוגעגאַנגען צו זיי.

— וואָס טוט איר? — האָב איך געפרעגט.

— ציבעלעס! מיר קלײַבן ציבעלעס — האָבן זיי מיר געענטפערט. — דאָס איז אַ גרינגע אַרבעט, וואָס אַפילו קינדער טוען עס.

איינער אַן אַלטער מאַן, מיט אַ גרויסער נאָז און גרויסע אויגן, מיט אַ פּנים ווי פון נאָך־מנחה־צײַט, האָט אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן רוקן און אַ זאָג געטאָן מיט אַ שלאָפער שטים:

— איך האָב אַ רוקן.

— וואָס הערט זיך? — האָב איך, נישט אומקוקנדיק זיך אויף אים, געפרעגט מיט אַ האַלב מויל גלאַט אין דער וועלט אַרײַן.

— ששון־ושמחה! — האָט אַן אַנדערער אויפגעהויבן דאָס פּנים, וואָס זעט אויס געזונט און שיין און איז באַצירט מיט אַ גראָער באָרד, אַ שימערנדיקע מיט לבנה־שײַן, אַ קורצע, צעשויבערטע און שטאַרצט אַרויס אין די זײַטן. — געלויבט דער אייבערשטער, מע זיצט אין לאַנד און מע רעדט אויפן לשון פּסוק און לשון עבֿרי־לשון!

ער האָט מיך אָנטציקט מיט זײַן אויסזען, מיט די תּמימותדיקע אויגן, פולע מיט

די נסים־ונפלאות פון דעם קודשא־בריך־הוא, מיט זײַן פרייד, ברידערלעכקייט און פרײַנדשאַפט.

כ׳האָב זיך אָפּגעשטעלט לעבן אים און אים געפרעגט פון וואַנען ער איז געקומען.

— פון זשערבע. — האָט ער מיר געענטפערט. — פון זשערבע בין איך. איך הייס יהודה הכּוהן.

— אַלע זענט איר דאָ פון זשערבע? — האָב איך אַ פיר געטאָן די אויגן איבערן פעלד און די זקנים.

— ברידער, אויסגעלייזטע ייִדן! האָט ער אַ רוף געטאָן, אויפהייבנדיק די שטים. — די שמועות און די בשורות־טובות, וועגן וועלכע מיר האָבן געוווּסט און געדענקט, זענען מקוים געוואָרן. אָט זענען אויף דעם אַ פעלד מענטשן חכמים און זקנים, און נכבדים פון די מזרח־לענדער, און אויך פון לאַנד בבל, און פון לאַנד פּרס־ומדי, און פון הודו און פון לאַנד תּימן. „קול צופיך נשׂאו קולם, יחד ירננו, כּי עין בעין יראו בשוב ה׳ ציון״ — האָרך! דײַנע וועכטער הייבן אויף זייער קול, זיי זינגען אין איינעם, וואָרעם אויג אויף אויג זעען זיי ווי גאָט קערט אום קיין ציון!

— און איך בין אַ ירושלימער. — האָב איך אים געזאָגט.

— אַזוי?... — האָט ער מיך געפאָרשט מיט די אויגן. — האַ, האַ! ס׳איז מיר אַ גלוסטעניש אָנצוקוקן אײַער פּנים! אין ירושלים האָט מען זיך ליב אַנאַנדער... איך האָב אַ גלוסטונג עולה צו זײַן קיין ירושלים. מײַן זעלע לעכצט אַרומצוגיין איבער אירע גאַסן...

ער האָט אַרויסגענומען אַ דרײַ־פיר ציבעלעס פון דר׳ערד און זיך צוגעבויגן ביז דער העלפט צו מיר.

— וויפל מערק זענען דאָ אין ירושלים? — האָט ער מיך אײַליק צעמישט אַ פרעג געטאָן.

— ס׳איז דאָ דער מאַרק פון מחנה־יהודה, — האָב איך אים געענטפערט, — ס׳איז דאָ דער מאַרק פון מאה־שערים, און ס׳איז אויך דאָ אין דער שכונה פון די בוכאַרער.

— פאַר צײַטנס זענען געווען צוואַנציק מערק, — האָט ער צו וויסן געטאָן מיט אַ שטאָלץ פּנים — דער מאַרק פון די מלכים, דער מאַרק פון די נביאים, דער מאַרק פון די כּוהנים, דער מאַרק פון די לוויים, דער מאַרק פון ישׂראל...

— ווי לאַנג זענט איר אין לאַנד? — האָב איך אים איבערגעשלאָגן.

— צוויי יאָר מיט אַ האַלבס, כּאָבֿיבֿי. צוויי יאָר מיט אַ האַלבס.

— און ווי גייט עס אײַך?

— געלויבט דער אייבערשטער, מיר האָבן בטחון אין אונדזער באַשעפער, געלויבט זאָל ער זײַן, און קומען נישט אָן צו לײַטן.

— זענט איר, הייסט עס, צופרידן?

— געלויבט דער אייבערשטער, געלויבט דער אייבערשטער. „ועל פּתחינו כּל מגדים״ — פאַר אונדזערע טירן זענען אַלערליי טײַערע פרוכטן.

— און ווי אַזוי זענט איר געקומען קיין ארץ־ישׂראל? — האָב איך אים ווײַטער געפרעגט.

— מיט גרויס מי זענען מיר געקומען. — האָט זיך אַ שמייכל אַרײַנגע־פלאָנטערט אין דעם גרוי פון זײַן באָרד און זי באַלויכטן פון אינעווייניק — אָט איז נאָך משיח־צדקנו נישט געקומען, און מיר זענען שוין דאָ! ס'איז שוין געווען די מלחמה פון גוג־ומגוג, און מיר זענען אַנטלאָפן אין הייליקן לאַנד, און אונדזער מלך־המשיח פאַרזאַמט זיך נאָך אַלץ.

— לעת־עתּה, — האָט זיך אָנגערופן נאָך אים אַ צווייטער דערנעבן מיט אַ נידעריקער שטים — איז דאָ גאולה אין ארץ־ישׂראל. אָבער ס'איז נאָך דאָ גאולה אויף משיחן.

— ווער קאָן פאַרשטיין, — האָט יהודה ווײַטער געצויגן — די מחשבה פונעם אייבערשטן, זאָל געלויבט זײַן, פאַר וואָס פריִער איז געקומען די גאולה פון די ייִדן און דער קיבוץ־גליות...

— דער כּותל־המערבֿי איז נאָך אין גלות, — האָט זיך ווידער אָנגערופן דער צווייטער.

— דער כּותל־המערבֿי איז געבליבן פאַר משיחן, — האָט געענטפערט יהודה הכּוהן — פאַר משיחן, וואָס וועט קומען במהרה בימינו.

אין דעם מאָמענט איז יענער ייִד מיט דער גרויסער נאָז אַרײַן זיי אין די רייד און האָט זיך אָנגערופן מיט אַ קול פון אַ קראַנקן:

— ס'זענען זיך אַהער צונויפגעקומען זינדיקע און שלעכטע מענטשן, וואָס אַזעלכע האָט נאָך די וועלט נישט געזען!

— אָבער צוליב וואָס זענען זיי געקומען? — האָט אים יהודה הכּוהן גע־שטעלט אַ פראַגע — כּדי חוזר־בתּשובֿה צו זײַן.

— דערפאַר קומט נישט משיח, — האָט זיך דער ייִד מיט דער נאָז געהאַלטן ביי זײַנעם — ווײַל מיר זענען אַרויסגעגאַנגען פון גלות, האָבן מיר אָנגעווירן דעם מלך־המשיח.

כ'בין דערשטוינט געוואָרן דאָס צו הערן.

— פאַר וואָס? — האָב איך געפרעגט.

— דערפאַר וואָס מיר זענען אַרויס פריִער פון אים. — האָט ער געענטפערט מיט תּרעומות, נישטערנדיק מיט די פינגער אין דער ערד. — ער זאָגט: „האַ — — אַ, אַזוי? איר זענט געקומען אָן מײַן רשות — טאָ זאָרגט זשע פאַר זיך אַליין!..."

ס'האָט זיך דערהערט ווי דער דזשיפּ טרומייטערט און רופט מיך.

— וואָס? — האָט יהודה הכּוהן זיך אויסגעדרייט צו מיר מיט אַ זײַט און לעבעדיק אַ פרעג געטאָן — און רוים איז שוין חרובֿ?

— רוים? — האָב איך איבערגעחזרט פאַרווונדערט.

— איז נאָך נישט חרובֿ געוואָרן? — האָט ער אָנגעשטעלט אויף מיר די אויגן — אָדער אפשר האָט דער אייבערשטער, געלויבט זײַן נאָמען, ערשט אָנגעהויבן דערנידעריקן דעם כּבֿוד פון רוים?...

דער דזשיפּ האָט מיך אַ רוף געטאָן אַ צווייט מאָל און אַ דריט מאָל.

— אָבער דער סמבטיון האָט זיך לחלוטין אָפּגעשטעלט! — האָט ער אַ זאָג געטאָן ווי אַ זיכערע זאַך, נישט צו צווייפלען דערין.

ער האָט זיך געטאָן אַ שטעל אויף, אַ הייב אויף די הענט און אויסגערופן:

— ברידער, בני־סמבטיון! זייט וויסן, אַז דער טייך האָט זיך אָפּגעשטעלט לחלוטין...

כ'האָב געוואָלט גיין צוריק צום דזשיפּ, וועלכער האָט מיך צוגעאײַלט, און נישט געקאָנט זיך אָוועקרײַסן פונעם אַלטן, — האָב איך זיך אַ וואַקל געטאָן און בין שטיין געבליבן.

— „אני ישנה ולבי ער..." — איך שלאָף, און מײַן האַרץ איז אויף, — האָט ער צוגעגעבן, און זײַנע אויגן האָבן געבליאַסקעט, ווי פײַער, און זײַן פּנים איז צעטראָגן, צעפלאַמט, פול מיט פאַרהוילענישן און סודות. — דער אייבערשטער זאָגט צו די ייִדן: „אני ישנה ולבי ער, פּתחי לי, אחותי רעיתי"...

— איך שלאָף, און מײַן האַרץ איז אויף, עפן מיר, מײַן שוועסטער, מײַן געליבטע. עפנט מען אים גלײַך, און זיי זעען משיחן שטיין אין סאַמע מיטן מדבר... און אליהו הנביא קומט, נעמט אַרויס דעם ספר־הישר, וואָס די גאַנצע תורה איז בלויז איין געזאַנג פון אים, און דער קדוש־ברוך־הוא צערײַסט די הימלען...

דאָס טרומייטערן פונעם דזשיפּ איז אַלץ שטאַרקער געוואָרן. בגוואַלד האָב איך זיך געשיידט מיט זיי.

ס'איז נישט אַוועק קיין קורצע ווײַל ווי איך בין אַרויף אויפן דזשיפּ, און מיר האָבן זיך געלאָזט פאָרן צוריק צום ראַיאָן־צענטער.

# xii

אָנהייב חודש אלול בין איך ווידער א מאָל אַראָפּגעפֿאָרן אין לכיש־געביט. ס'האָט מיך אַרומגעכאַפּט א בענקעניש נאָך ג ר ו י ס און ב ר י י ט לאַנד, נאָך גרויסע שטרעקעס, וואָס שטייען אָפֿן און קיין זאַך פֿאַרדעקט זיי נישט, און — צו וואָס פֿאַרהוילן? — נאָך ייִדן, געקומענע פֿון די פֿיר וועלט־זייַטן צו בויען און באַזעצן דאָס לאַנד. ס'האָט שוין געזאָגט דער דיכטער: „יעדער איינער לויפֿט נאָך זייַן לייַדנשאַפֿט".

מייַן כּוונה איז געווען אַראָפּצופֿאָרן אין נגבֿ, און כ'האָב געזוכט עמעצן פֿון די סוכנות־לייַט, וועלכער זאָל גרייט זייַן מיך מיטצונעמען אין זייַן אויטאָ. ביז ס'האָט מיך געטראָפֿן יובֿל אין גאַס, אין ירושלים, ווי ער גייט זיך מיט דער טעקע אין האַנט. תּחילת האָב איך אים נישט באַמערקט. נאָר אַז ער האָט אַנגעשטעלט אויף מיר די אויגן, האָב איך אויף אים א בליק געטאָן און נאָך אַלץ געצווייפֿלט: איז עס ער, אָדער נישט ער.

— שלום! — האָט זייַן פּנים צו מיר א שייַן געטאָן — נו, ווען קומט איר צו אונדז?

— יובֿל! — האָב איך זיך מיט אים דערפֿרייט — שלום, יובֿל! כ'האָב אייַך כּמעט נישט דערקאַנט!

ער איז געשטאַנען א צעשמייכלטער, האָט עפּעס אויסגעזען ווי אַנדערש, גלייַך ער וואָלט אַראָפּ פֿון זייַן גדולה, אָדער זיך אָפּגעשוירן און איז נידעריקער געוואָרן.

— וואָס טוט איר דאָ? — האָב איך אים א פֿאַרש געטאָן.

— געקומען אין דער סוכנות.

— וואָס הערט זיך אין לכיש?

— אַלץ אין אָרדענונג. קומט, וועט איר זען.

— מיר גלוסט זיך פֿאָרן אין נגבֿ. — האָב איך אים געזאָגט.

— איר'ט נאָך באַוויַיזן. קודם קומט צו אונדז. איר'ט זען דעם אַראַפּנעם פֿון בוימוואָל.

כ'האָב נישט געגלייבט מיַינע אויערן. וואָס איז דאָס געשען מיט יובֿלן? דער מענטש האָט זיך געענדערט, געענדערט: זעט אויס צוגעלאָזן צו מענטשן, רעדט ווייך און קוקט אויף דיר פֿריַינדלעך. כ'האָב זיך עס אויסגעטיַיטשט, אַז ס'איז צוליבן פֿרעמדן מקום, צוליבן טומל פֿון דער שטאָט, צוליבן פֿריַי זיַין פֿון אַרבעט. סיַי ווי, כ'האָב געזען באַשיַימפּערלעך, אַז ער איז געוואָרן צו מיר געמיטלעך און ווי אַ לאַנגאָניקער פֿריַינד. און אַז ער האָט מיך נאָך אַ מאָל געבעטן צו פֿאָרן מיט אים, האָב איך איַינגעשטימט.

אין צוויי טעג אַרום האָט ער מיך אָפּגעוואָרט, לויט מיר האָבן זיך אָפּגעשמועסט, אין מגדל־אשקלון, אין אַ קליין קאַוועהויז, און מיר האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריַין, צום לכיש־געביט.

ערשט איז יובֿל צוריק געוואָרן, ווי ער איז געווען: אַ פּראַקטישער מענטש, אַ באַדאַכטער און זעלבסטזיכערער. פֿונדעסטוועגן האָט זיך אים איַינגעהיט עפּעס וואָס פֿון דער ענדערונג, וואָס איז אים פֿאַרגעקומען צום גוטן, און ער איז זיך באַגאַנגען מיט מיר פֿריַינדלעך און האַרציק.

ווען מיר זענען אַרויף אויפֿן וועג צום לכיש־געביט, האָב איך אים אַ זאָג געטאָן:

— ס'איז היַינט דער אַראָפּנעם. אַ סך אַרבעט.

ער האָט עפּעס אַ טראַכט געטאָן און מיר גאָרנישט נישט געענטפֿערט.

— איר זענט שטאַרק פֿאַרטרודט. — האָב איך וויַיטער גערעדט, — בין איך נאָך געקומען פֿאַר אַ צולאָג.

— ניין, ניין. — האָט ער זיך אויפֿגעכאַפּט.

ער האָט אָפּגעוואָרט אַ וויַילעטשקע און ווידער אַ זאָג געטאָן:

— האָרכט! אויך פֿאַר מיר איז דאָס געווען אַ גוטע לערע, איַיער טיוּל...

— אַ גוטע לערע? — האָב איך זיך געוווּנדערט — ווי אַזוי?

— מיר זענען תּמיד אין דער אויפֿגאַבע, — האָט ער אָנגעבונדן צו זיַינע פֿריִערדיקע רייד — און ס'איז נישטאָ קיין געלעגנהייט...אַזוי...אַ קוק צו טאָן אויף די זאַכן פֿון דער זיַיט. ווען איר זענט אַוועקגעפֿאָרן, האָט איר, כ'ווייס נישט ווי אַזוי, ווי גורם געווען, כ'זאָל מאַכן... ווי זאָגט מען דאָס? — אַ חשבון־הנפש, אָדער וואָס...

„ס'האָט עמעץ אָפּגעגעבן אַז עין־הרע מיַינע קליינע ציגעלעך". — האָב איך פֿאַר זיך איבערגעחזרט אַ פּערז פֿון דעם דיכטער.

— אָט אַרבעט איך שוין צוויי יאָר אין לכיש־געביט. — האָט ער וויַיטער גערעדט צום שטיַיערערדל צווישן זיַינע הענט. — פֿרעגט, פֿאַר וואָס בין איך געקומען. ס'איז דערין נישט פֿאַראַנען קיין שום... איך בין וויַיט פֿון יעדער מין אידעאָלאָגיע. איך בין פֿון יענע, וואָס אַז מע רופֿט זיי, גייען זיי. אַזוי איז עס געווען אין דער ציַיט פֿון די געשעענישן און דער עליה ב', שוין אָפּגערעדט

פֿון דער צײַט פֿון פֿלמ״ח און דער באַפֿרײַונגס־מלחמה. און נאָך דער מלחמה, אהין־אַהער, כ'בין שוין אַ חתונה־געהאַטער, און ס'איז שוין דאָ אַ קינד אין שטוב. מע דאַרף טאָן עפּעס פֿאַר זיך אַליין. כ'בין אַוועק אין משק פֿון מײַן פֿרוים עלטערן און האָב געטראַכט: געענדיקט! פֿון דאַנען ריר איך זיך נישט. און איר ווייסט, ווי דאָס איז אין אַווירטשאַפֿט? מ'איז באַלאָדן מיט אַרבעט. די צײַט רינט אויס פֿון צווישן די פֿינגער. אין צווישנצײַט איז געבוירן געוואָרן נאָך אַ קינד. ביז אין איינעם אַ העלן פֿרימאָרגן איז דערשינען בן־גוריון, דעמאָלט, נאָך זײַן אַוועקגיין קיין שׂדה־בוקר, און געוואָרפֿן דעם לאָזונג „אין נגבֿ, צו די דערפֿער פֿון די עולים". ס'איז נישט אַריבער קיין חודש, און פֿון אונדזער מושבֿ זענען עטלעכע חבֿרה־לײַט אַוועק אין נגבֿ. איך — מיט זיי. אָן דער פֿאַמיליע, אַליין, און אַזוי אַרײַן אין די ענינים, אַז אַזוי שלעפּ איך זיי ביזן הײַנטיקן טאָג.

ער האָט אָפּגעהאַקט. דער דזשיפּ האָט אָנגעהויבן לויפֿן שנעלער.

— זענט איר פֿריִער, הייסט עס, געווען אין נגבֿ. אַז — — וי. — האָב איך געזאָגט.

— יאָ, אין נגבֿ. כ'בין געווען אין אַ מושבֿ פֿון קורדן. — האָט ער געזאָגט, ווי זיך דערמאָנט אין ווײַטע יאָרן. — און אַז ס'איז פֿאַרלייגט געוואָרן דער לכיש־געביט, האָב איך זיך אַריבערגעפּעקלט אַהער.

— און ס'טוט אײַך נישט באַנג? — האָב איך געפֿרעגט.

— אויב איר וועט פֿרעגן אויפֿן סדר־הכּל, — האָט ער געזאָגט נאָך אַ צוויי־דרײַ מינוט נאָכטראַכטן — זענען געווען אַ סך אַנטוישונגען. נישט אַזוי האָבן מיר זיך פֿאָרגעשטעלט די עולים און זייער גיין אויף התיישבֿות. צווישן אונדז און זיי איז אַ תּהום. אָבער ביסלעכווײַז־ביסלעכווײַז איז דאָ און דאָרט אַריבער־געוואָרפֿן געוואָרן עפּעס אַ בריקל. זיי הייבן אָן אַרײַנגיין אין דער אַרבעט, און מיר הייבן אָן באַנעמען וואָס אונדז שטייט דאָ פֿאָר. דערווײַל פֿאַרשלינגט די אַרבעט. קלאָפּאָטן, רײַסערײַען, קריגערײַען, אַלערליי קליינלעכע ענינים. און כ'ווייס נישט פֿאַר וואָס, אָבער גראָד ווען כ'האָב אײַך געזען קומען צו אונדז פֿון שטאָט, פֿאַראינטערעסירט אין דער לאַגע, זיך צוצוקוקן צו זיי, אויספֿרעגן, וועלן וויסן, האָט עס מיך דערפֿירט צו זען די זאַך איז אַן אַנדער פּערספּעקטיוו. דאָס הייסט: צו זען סײַ זיי און סײַ זיך אַ ביסל מן־הצד.

— און גלייבט מיר, ס'איז כּדאַי געווען. — האָט ער, אַפּוואַרטנדיק אַ קורצע ווײַל, ווי גערעדט צו זיך אַליין — אין אַזעלכע מינוטן הייב איך אָן עפּעס וואָס צו פֿאַרשטיין, עפּעס וואָס תּופֿס צו זײַן . . . אָבער דאָס גערעדט נישט לאַנג. איר פֿאַרשטייט? . . . ווען מע פֿירט אונטער אַ באַלאַנס פֿון דעם משק, דעמאָלט איז די זאַך קלאָר: אַזויפֿל און אַזויפֿל האָסטו אינוועסטירט אין פֿעלד, אַזויפֿל און אַזויפֿל גערעטעניש האָסטו באַקומען, און דער חשבון איז קלאָר. אָבער דאָ, מיט די נײַע עולים, דאָס איז עפּעס אַ פֿאַרהוילעניש, עפּעס אַן איקס אַזאַ, וואָס קאָנסט אים נישט אַרײַנשטעלן אין קיין שום ראַם. פֿאַראַן צײַטן, ווען איך טראַכט: אָט! מיר האָבן צו עפּעס וואָס דערגרייכט. און פֿאַראַן צײַטן, גלײַך איך וואָלט געשטאַנען אין יענער רגע, ווען מ'האָט זיי אָראָפּגענומען פֿון

די אויטאָס, און זיי האָבן זיך אײַנגעשפּאַרט און נישט געוואָלט בלײַבן דאָ. נישט איין מאָל שטיי איך פאַר אַן אײַזערנער וואַנט פון עקשנות: „מיר ווילן נישט! מיר ווילן נישט קיין משק, מיר ווילן נישט קיין באָדן, מיר ווילן נישט קיין דאָרף!" און דאָס — שוין נאָך אַ יאָר, אָנדערטהאַלבן פון צרות, מאַטערניש און לערע. און אויב איר ווילט מיך פרעגן: וואָס וועט זײַן דער סוף, וואָס וועט אַרויסקומען פון דעם אַלץ? איין גאָט ווייסט!

ער האָט אַ קוועטש געטאָן מיט די פּלייצעס, אָפּגעהאַקט, און איז געבליבן שווײַגן.

— אַזוי, אַזוי, מײַן פרײַנד, — האָב איך געזאָגט אַ פאַרטראַכטער און ווי באַוווּנדערנדיק. — איר האָט געהאַט און געהאַט, ווי איך הער. אויך אין פּלמ"ח האָט איר באַוויזן צו זײַן...

ער האָט זיך נישט געאײַלט מיר צו ענטפערן.

— האָרכט! — האָט ער אָנגעהויבן מיט אַ נידעריקער שטים, זײַן פּנים איז געוואָרן הארב, און ווי ס'וואָלט געפאַלן אַ שאָטן דערויף. — איר ווייסט, וועגן פּלמ"ח פּלאַפּלען אַ סך זייערע. אַזעלכע וואָס זענען געווען, און אַזעלכע וואָס זענען נישט געווען. איך בין געווען אין פּלמ"ח אַ פיר יאָר. אַן אויסשפּירער. האָב געהאַט אַן אָפּטיילונג, חבֿרה איינס און איינס. נישט קיין סך זענען געבליבן. דאָס רובֿ זענען געפאַלן אין דער באַפרײַונגס־מלחמה.

ער האָט איבערגעוואַרט אַ רגע און נאָך שטילער אַ זאָג געטאָן, כּמעט שעפּטשענדיק:

— יענע צײַטן וועלן זיך שוין אויף יעדן אופן נישט אומקערן. עפּעס אַזעלכס טרעפט איין מאָל און נישט מער...

ער איז גלײַך אַנטשוויגן געוואָרן און האָט געדרייט מיט דער האַנט דאָס שטײַעררעדל. אין אַ ווײַל אַרום האָט ער זיך אויסגעגלײַכט, אָוועקגעקערט דאָס פּנים אויף אַ זײַט.

— ער טראָגט זיך אָפּ. — האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט אַ בלאָסן שמייכל וועגן דעם לאָרד, וואָס האָט זיך אַ ריס אָפּ געטאָן פון פאַרן דזשיפּ און איז אָוועק־געפלויגן. — ער דערמאָנט מיר מײַן ערשט מאָל אַקערן. דאָס איז געווען אין דער צײַט פונעם פּלמ"ח. מ'האָט אונדז געשיקט אין איינעם אַ קיבוץ אַרײַן. און ווען כ'בין אַרויס צום אַקערן, זע איך ווי זיי שפּאַצירן זיך אַרום מיר, אַזעלכע גרויינקע, טשובאַטע. און מיט אַ מאָל, אַן שום הקדמות, טוט זיך אַ הייב אַרויף איינער אַזעלכער און לאָזט הערן, ווי העננענדיק אין דער לופט, אַ מין זמר, אַז סע ווערט ממש גוט אויפן האַרצן. און דעמאָלט האָב איך פאַרגעסן אַלע צרות מיט די מוילאייזלען, די קרומע באַראַזדעס, וואָס זיי וועלן מיר מאַכן, און אַז דערנאָך וועט קומען דער פאַרוואַלטער פון דער באָדן־באַאַרבעטונג און מיר מאַכן שוואַרץ אין די אויגן. כ'בין געשטאַנען מיט אַ צעעפנט מויל און געהאָרכט. ס'איז מיר פּשוט געווען גוט.

און, אַלץ נאָך נישט קלאָר, צי ער וויל מיך פאַרשמועסן, אָדער אײַנשטילן זײַן האַרץ־אומרו, האָט ער ווײַטער געצויגן:

— און אַט די ממזרימלעך, די דראָסלעך, קאָנט איר? אין פֿלוג אַ ליבלעך פֿייגעלע. די אַראָבער האַלטן עס פֿאַר זייער סאָלאָווײ. און ווען סע באַגײַסטערט זיך, קאָן עס באמת פֿײַן זינגען. אָבער דאָס זענען שאָדן־ברענגערס, וואָס נישטאָ זייער גלײַכן! מחבלים! אומעטום וועסטו זיי טרעפֿן: אין גרינסגאָרטן, אין פּלאַנטאַציע, אויף די תּבֿואה־פֿעלדער. בײַ מיר אין משק, אין דער פּלאַנטאַציע האָבן מיר געמאַכט שותּפֿות: פֿיפֿטי־פֿיפֿטי. איך בין נישט אַזוי צופֿרידן פֿון דעם שותּפֿות, אָבער זיי, חמד ללה*, מערן זיך אַן עין־הרע...

אַזוי שמועסנדיק זענען מיר אַרײַנגעפֿאָרן אין תּחום פֿון דעם געביט.

איינער אַ מענטש האָט זיך געטאָן אַ טוק אַרויף פֿון פּאָמידאָרן־פֿעלד און איז אונדז אַקעגנגעגאַנגען. יובל האָט מיט דער האַנט באַדעקלט די אויגן און אָפּגעשטעלט דעם דזשיפּ.

— אַך, יפֿרח! — האָט ער אַ רוף געטאָן. — וואָס הערט זיך בײַ דיר? זיי האָבן זיך אַרײַנגעלאָזט אין אַ געשעפֿטלעכן שמועס.

— איך האָב פּאָמידאָרן אַרויסצושיקן. — האָב איך געהערט שטיקלעכווײַז זייער שמועס, טראַכטנדיק פֿאַר זיך מײַנע אייגענע מחשבֿות. — דערנאָך וועלן זײַן פּיסטאַשקעס, נאָך יום־טובֿ.

— וויפֿל האָסטו פּיסטאַשקעס? — האָט יובל געפֿרעגט אַ צעשטרײַטער.

— צוועלף דונאַם.

— נו! — האָט יובל אַ מאַך געטאָן מיט אַ פֿאַרוווּנדערט פּנים. — צוועלף! דערנאָך איז איינער געקומען צו לויפֿן מיט אימפּעט. זײַן מױלאייזל איז קראַנק געוואָרן, האָט ער געזאָגט, און ער לויפֿט טעלעפֿאָנירן צום „מױלאייזל־דאָקטער". שפּעטער האָט אונדז פֿאַרהאַלטן איינער און זיך געקלאָגט אויפֿן שותּפֿות, וואָס ער האָט מיט זײַן שכן אין אַ שקאָפּע.

— איך וויל נישט קיין שותּפֿות! — האָט ער ווי אַרויסגעלאָזט אַ כּרוז. — שותּפֿות איז נישט גוט!

— מע מוז. — האָט יובל אײַנגעטענהט מיט אים — ס'זענען דאָ ווייניק פֿערד.

— ניין, ניין! איך וויל זײַן זעלבשטענדיק. — האָט זיך יענער געהאַלטן בײַ זײַנעם.

אָפּגעפֿאָרן פֿון דאָרט, האָט יובל אַ זאָג געטאָן מיט אַ נחת־רוחדיק פּנים:

— איר האָט געהערט? ער וויל זײַן זעלבשטענדיק. דאָס איז שוין אַ סימן פֿון אײַנוואָרצלען זיך. ער הייבט אָן לעבן מיט די באַגריפֿן פֿון אַ לאַנדווירט.

— יאָ. — האָב איך אײַנגעשטימט מיט אים. — ייִדן זענען דאָ נישט עוסק אין די הוויות פֿון אביי ורבא.

— און ס'איז נאָך אַלץ נישט זיכער, — האָט יובל אויסגעלאָזט — ווי לאַנג ער וועט זיך האַלטן דערבײַ.

* אַ דאַנק דעם אייבערשטן.

# xiii

די בוימוואָלפֿעלדער זענען געווען געשפּרענקלט מיט קנײַלעכלעך, ווײַסע ווי שניי. דער עולם אויף די פֿעלדער האָט געאַרבעט פֿלינק און פֿלײַסיק. די מאַנסביל האָבן אַרבעטנדיק געשמועסט מיט אַנאַנדער, די ווײַבער — איינע מיט דער צווייטער, און זייערע קולות זענען געגאַנגען פֿון איין ראַנד פֿעלד ביזן צווייטן. די בחורים האָבן געזונגען, און די מיידלעך האָבן זיי באַגלייט. צווישן איין ליד און אַ צווייטן האָט מען געזאָגט געפּעפּערטע שפּאַסרײַען, און באַלד האָט זיך דאָס גאַנצע פֿעלד צעקלונגען פֿון געלעכטער. אויך קליינוואַרג איז דאָ, שטרענגען זיך אָן און אַרבעטן איבער זייערע כּוחות, די פּנימלעך צעפֿלאַמט, און האָבן הנאה פֿון זייער מי און פֿון זייער פֿאַרמעסט איינער מיטן צווייטן. פֿון מאָל צו מאָל גלײַכט זיך אויס אַ מעוברתע פֿרוי, וואָס איז איר שווער צו שטיין געבויגן צוליב איר בויך, און שטייט ווי פֿאַרגאַפֿט אין דער וועלט אַרײַן. אַ קינד, וואָס ליגט אין שאָטן פֿון אַ קוקורוזע־אָפּדאַך, צעיאָמערט זיך אויף אַ קול, ווי אַ ציגעלע, און זײַן מאַמע לויפֿט עס אָנצוזייגן.

ס׳דאַכט זיך, ס׳איז יום־טובֿ אויף דער וועלט, און די מענטשן פֿרייען זיך און דערפֿרייען דעם איבערשטן, און מצווה־פֿרייד צעגיסט זיך איבער פֿעלדער און פֿאַרשפּרייט זיך אַלץ ווײַטער. אַזאַ פֿרייד האָבן מיר נישט געזען, נישט אום שׂמחת־תּורה, נישט בײַם באַקן מצה־שמורה מיט גרויס פּאַראַד, און נישט ווען חסידים זענען זיך משׂמח פֿאַר זייער רבין, נאָר אויסשליסלעך אויפֿן פֿעלד, ווען ייִדן זענען אויף זייער אייגענער ערד.

פֿון זיי און מיט זיי, פֿון זייער געפֿילדער און אַרבעט אויפֿן פֿעלד, פֿון אָט די פֿעלדער און דער זון איז איר גאַרן ברען ביז איך געווען ווי שיכּור און ווי כ׳וואָלט פֿאַרוואַנדלט מײַן טאָג אין אַ יום־טובֿ און בין זיך גאָר־גאָר משׂמח.

כ׳האָב זיך אַרומגעדרייט צווישן עולם אויף די פֿעלדער, גיי אָוועק פֿון דעם און שטעל זיך אָפּ מיט יענעם און זאָג זיי אויף אַ קול אַ ליבלעך און פֿרײַנדלעך וואָרט.

אַלע האָבן מיך אויפֿגענומען פֿרײַנדלעך.

דער האָט צו מיר גערופֿן:

— ברוך הבא!

און יענער:

— אהלן וסהלן!

איינעם אַ פֿאַרשוין האָב איך געטראָפֿן אַ פֿאַרשטעקטן ביז דער העלפֿט צווישן די קוסטעס. ער איז געווען אַ קורצער און דיקער, מיט אַ פֿײַנער באָרד און שמייכלדיק פּנים, מיט שטילע אויגן, ווי בײַ אַ באָק, מיט נאָך אַזעלכענע חנעון, וואָס כ׳האָב זיי נישט געקאָנט זיך אויסטײַטשן.

כ׳האָב זיך אָפּגעשטעלט און גענומען רעדן מיט אים.

— ווי לאַנג זענט איר אין לאַנד? — האָב איך אים געפֿרעגט.

— צוויי יאָר — האָט ער מיר געענטפֿערט געלאַסן.

— צוויי יאָר? — האָב איך אים אַרײַנגעצויגן אין שמועס — צוויי טויזנט יאָר אין גלות, און צוויי יאָר אין פֿאָטערלאַנד...

ער האָט מיר גאָרנישט געענטפֿערט, נאָר אָנגעשטעלט די אויגן אויף מיר און מיך אָנגעקוקט רויִק און געמיטלעך.

— ס׳איז גוט וואָס מיר זענען סוף־סוף געבליבן אַליין, — האָב איך צו אים ווײַטער גערעדט. — פּנים־אל־פּנים מיטן ריבונו־של־עולם אונטערן הימל־געוועלב...

ער האָט געטאָן אַ זײַטל מיט איין אויג און אַ קוק אַרויף, און אַ שמייכל, עפּעס אַ ממזרישער, האָט קוים באַרירט זײַנע ליפּן.

שפּעטער, ווען כ׳בין שוין געווען פֿון אים אָוועקגעגאַנגען און האָב זיך געטראָפֿן מיט דעם און מיט יענעם, האָט ער זיך מיר פּלוצעם דערמאָנט — זע נאָר, ער איז דאָך ענלעך צו בעל־המונען, ווי כ׳האָב אים געזען אין איינעם אַן אַרכעאָלאָגישן בוך, לויטן אָנבליק און געשטאַלט, ס׳פֿעלן אים בלויז הערנער אויפֿן קאָפּ און אַ זייג־שעפּסעלע אונטער דער האַנטפּלאַך.

— אַך! אַך! — האָב איך אויסגערופֿן אַ געפּלעפּטער.

— וואָס איז? — האָט זיך דערשראָקן יענער, וואָס כ׳בין אין דעם מאָמענט געשטאַנען פֿאַר אים. — וואָס איז געשען, יאָ, אחי!

כ׳האָב אים באַרויִקט.

— גאָרנישט, גאָרנישט. שוין אַ לאַנגע צײַט אין לאַנד?

— צוויי יאָר, אדון, צוויי יאָר. — האָט ער מיר ווי אָפּגעצאָלט מיט צוגע־לאָזנקייט, קוקנדיק אויף מיר פֿרײַנדלעך.

— צוויי טויזנט יאָר אין גלות, און צוויי יאָר אין פֿאָטערלאַנד... — האָב איך אַ זאָג געטאָן אין דער וועלט אַרײַן.

ער האָט מיך נישט גרינטלעך פֿאַרשטאַנען. כ׳האָב זיך פֿאַרשעמט פֿאַר זיך אַליין, וואָס איך חזר איבער מײַנע אייגענע ווערטער, ווי אַ מנהיג און אַן אַלטער, באַהאַוונטער און געריבענער קהלס־פֿאַרזאָרגער.

— און הלוואַי איך זאָלט זיצן אין אײַער לאַנד אַזויפֿל יאָר, וויפֿל איר זענט געזעסן אין גלות, — האָב איך אים אַ זאָג געטאָן מיט אַ טאָן, צי פֿון אַ ווונטש, צי פֿון אַ פֿירהאַלט, און געוואָלט זיך לאָזן אַוועקגיין.

— געדולד. מאַכט פֿון מײַנט וועגן אַ שטיקל געדולד, כאַבֿיבֿי. — האָט ער מיר געענטפֿערט מיט חניפֿהדיק פּנים. — געדולדעכצט מיך אַ ביסל.

כ׳האָב זיך אַרומגעדרייט איבערן פֿעלד און געטראַכט וועגן די דאָזיקע אָפּ־געריסענע־אָפּגעשליסענע ייִדן, וועלכע האָבן שוין געהאַט זיך דערוואַרטעט פֿון ארץ־ישׂראל אַ שטרעקע פֿון צוויי טויזנט יאָר און לסוף זיך אומגעקערט. און זיך אומגעקערט נישט צוליב משיחן און דעם גוטס וואָס דאַרף קומען, נאָר פּשוט גלאַט אַזוי.

— אָדער אפֿשר גראָד צוליב דעם, — האָט איך גערעדט מיט זיך אַליין — ווײַל זיי האָבן זיך דערוואַרטעט פֿון זייער לאַנד אַ שטרעקע פֿון צוויי טויזנט יאָר, זענען זיי אָנגעקומען צו דעם פֿון דער אַנדערער זײַט. ווײַל דער אייבערשטער האָט דאָך נישט באַשאַפֿן זײַן וועלט אַן אַ סוף, נאָר אַ קײַלעך. און נישט נאָר די ערד איז אַזוי, נאָר אויך די געשיכטע איז געשאַפֿן ווי אַ קײַלעך...

דערווײַל האָב איך זיך גענומען ערגערן, פֿאַר וואָס איך האָב פֿאַרקלענערט זייער זכות און זיי באַטראַכט ווי זיי וואָלטן געקומען נישט לשם־שמים און נישט פֿון זייער גוטן ווילן, נישט מחמת אויסוואַל און איבערלייגונג. האָב גענומען זוכן פֿאַר זיי אַ זכות און זיי אויסלויבן:

— פֿונדעסטוועגן פֿאַרמאָגן זיי שפּורן פֿון גײַסטיקייט און אַ סך זאַכן פֿון תּנ״ך, און פֿונדעסטוועגן איז זיי ליב די אַרבעט אין ארץ־ישׂראל, וואָס אַלע זייערע יאָרן אין גלות איז זי זיי נישט ליב געווען, און אַלע פֿרייען זיך מיט איר.

איך חזר איבער:

— און פֿונדעסטוועגן האָבן זיי געדענקט ארץ־ישׂראל פֿון טאָג אויף טאָג צוויי טויזנט יאָר און נישט פֿאַרגעסן.

כ׳האָב אַ קער געטאָן דאָס פּנים צום עולם און געזען ווי זיי זענען פֿאַרטאָן אין דער אַרבעט. פֿאַרשיידענע דורות און פֿאַרשיידענע עלטערס. מאַנסביל און פֿרויען. און פֿרייד פֿאַליעט צווישן זיי מיט געזאַנג און געלעכטער. אין דעם מאָמענט האָב איך זיך צעזונגען מיט אַ פּסוק פֿון דעם נבֿיא:

— הנה אלה מרחוק יבואו והנה אלה מצפון ומים, ואלה מארץ סיני. רנו, שמים, וגילי, ארץ, ופצחו, הרים, רינה, כי ניחם ה׳ עמו ועניו ירחם״ — זע, זיי וועלן קומען פֿון דער ווײַט, און די אַ וועלן קומען פֿון צפֿון און פֿון מערבֿ, און די פֿון לאַנד סינים. זינגט, איר הימלען און פֿריי זיך דו, ערד, און ברעכט אויס איר, בערג, אין געזאַנג, וואָרעם גאָט האָט געטרייסט זײַן פֿאָלק, און זײַנע אָרעמע טוט ער דערבאַרעמען.

## xiv

כ'בין אומגעגאַנגען מיט אַלערליי מענטשן, מיט באַשיידענע און עזותדיקע. ס'זענען געווען צווישן זיי פֿאַרשווינען פֿאַרשיידענע און משונהדיקע לויט זייער קליידונג און לויט זייערע פֿיזיאָגנאָמיעס, פֿון אַלע קעניגרײַכן און פֿעלקער פֿון דער וועלט. נישט איין מאָל בין איך געשטאַנען אַ דערשטוינטער און זיך געטראַכט אין האַרצן:

— פֿון וואַנען האָבן זיך עס די אַ דערנומען? פֿון וועלכע היילן און מדבריות?

באַזונדערס פֿלעג איך גאַפֿן, ווען כ'פֿלעג זען צווישן די מענטשן, הגם אויך פֿריִער פֿלעגט מיר אויסקומען צו זען אַזעלכס, טייל ענלעכע צו געטשן און צו מענטשן פֿון די אַמאָליקע דורות, פֿון פֿאַר צײַטנס. אַזוי האָב איך געזען צווישן זיי כּנענים, אמורים, בבֿליער און אשורים. אויף איין אָרט האָב איך געטראָפֿן אַ מענטשן, וואָס איז ענלעך צו מאַרדוכן, דעם גאָט פֿון בבֿל, און אַ מענטשן, וואָס איז ענלעך צום מלך פֿון די חתּים, ווי ער שטייט און איז מתפּלל פֿאַר גאָט, צוויי — פֿון די מתּנה־ברענגערס פֿון יהוא, דעם מלך־ישׂראל, צו שלמנאסר דעם דריטן. אויף אַן אַנדער אָרט האָב איך געטראָפֿן איינעם פֿון די גלות־גייער, ווי זיי זענען געצייכנט אויף אַן אשורישן רעליעף, און איינע אַ פֿרוי וואָס כאַפּט דעם אַנבליק פֿון אַ ספֿינקס, איך געדענק שוין נישט וועלכן.

דאָס איז נישט געווען גלאַט אַ סבֿרא, נישט קיין דרוש און רמז, אַ זאַך וואָס מיר ווײַזט זיך אויס, נאָר אַ פּשוטע זאַך, וואָס מע זעט עס מיטן אויג. און קוים האָבן זיך די אויגן שוין געעפֿנט — זענען זיי שוין אָפֿן.

איינע אַ גרופּע פֿון די אַרבעטער־גרופּעס האָט מיך פֿאַרטשיקאַוועט. דאָס איז געווען אַ גרופּע מאַנסביל און פֿרויען, בחורים און מיידלעך, טומלענדיקע, לאַכנ־דיקע און זינגענדיקע. זייער אַרבעט איז געטאָן געוואָרן מיט פֿרייד, און זייער געזעלשאַפֿט זעט אויס צו זײַן אַ היימישע.

נאָך אַ שמועס צווישן אונדז און דער פֿרײַנדשאַפֿט, וואָס האָט זיך צווישן אונדז פֿאַרבונדן, האָב איך צו זיי אַ זאָג געטאָן:

— איך וואָלט וועלן אַרבעטן הײַנט צוזאַמען מיט אײַך.

תּחילת האָבן זיי נישט באַנומען, וואָס איך פֿאַרלאַנג פֿון זיי, און אַז שוין באַנומען, זענען זיי געוואָרן דערשטוינט, ווי איך וואָלט זיך אַנגעוואָרפֿן אויפֿן ציבור, און זיי דאַרפֿן זאָרגן פֿאַר מיר. זיי האָבן אַ קורצע ווײַל געשוויגן, איינער ווי אַן אינו־יודע־לשאול, און אַ צווייטער ווי אַן אינו־יודע־צו־ענטפֿערן. ביז איינער פֿון זיי, אַ מאַן אין די מיטעלע יאָרן, מיט אַ פֿײַנער באָרד, אַ באָרד פֿון אַ מענטשן אַ בר־דעת, האָט מיר געענטפֿערט:

— ס׳איז נישט פֿאַר אײַער כּבֿוד ווענן, אדון.

האָב איך אים געזאָגט:

— אדרבה, די אַרבעט איז אַ פֿײַנע און געפֿעלט מיר.

האָט ער מיר ווידער אַ זאָג געטאָן:

— ס׳פּאַסט נישט פֿאַר אײַך, אדון, צו טאָן אַן אַרבעט און מבֿוזה ווערן.

דאָס שפּאַרעניש האָט זיך פֿאַרצויגן. אַז איך בין אָבער באַשטאַנען אויף מײַנעם, האָט ער זיך אונטערגעגעבן.

— עלא כיפך*. — האָט ער אַ זאָג געטאָן.

מ׳האָט מיר געגעבן אַ זעקעלע, כ׳האָב עס אַרומגעבונדן אַרום די לענדן און גענומען רײַסן די וואָל פֿון דעם קוסט, צוליגן אַ קנײַלכל צו אַ קנײַלכל און אַרײַנוואַרפֿן אין זעקעלע.

די מענטשן האָבן צווישן זיך געפּלוישט ווענן מיר. טייל האָבן געזאָגט אַ לויבוואָרט פֿאַר מיר, און אַ טייל האָבן געזאָגט פּוסטע רייד און געלאַכט, ווי ס׳איז דער שטייגער צווישן מענטשן.

— אַט זענט איר שוין ווי איינער פֿון אונדז, — האָט מיר אַ זאָג געטאָן מײַן שכן, דער מיט דער פֿײַנער באָרד און מיט אַ פּנים, וואָס שמעלצט זיך בעתן מאַכן אַ ברכה אויף אַ געשמאַקער פּרי — נתין פחאל ואחד מננא**.

מײַן שכן פֿון לינקס, אַ זקן מיט אַ קליין און געקנייטשט פּנים, ווי ס׳וואָלט געווען געמאַכט פֿון אַפּוזאַץ אין אַ פֿאַס, האָט געוואָלט פֿאַרשאַפֿן מיר פֿאַרגעניגן און באַשאַנקען מיט אַ זינלאָזן שמייכל.

— בן פּורת יוסף! — קיין עין־הרע זאָל אײַך נישט שאַטן! — האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט התפּעלות, און זײַנע שטערנבערעמען זענען אים אַרײַן אין די שטערנפֿאַלדן.

די מענטשן האָבן זיך דערמוטיקט אין דער אַרבעט, זיך אַנאַנדער אונטער־געטריבן מיט געשריי און געפּילדער און געווען פֿאַרטאָן אין דער מי. די בחורים האָבן געכאַפּט אַ שמועס מיט די מיידלעך אויפֿן וווּנק, לאַכנדיק און פּלוידערנדיק, און יענע האָבן זיי געענטפֿערט אויפֿן זעלביקן שטייגער. געלעכטער האָט גע־פֿלאַטערט פֿון קוסט צו קוסט, און ס׳איז געווען לעבעדיק און פֿריילעך.

* לויט אײַער ווילגעפֿעלן.

** איר זענט שוין ווי איינער פֿון אונדז.

— וחניש! — האָט געשריגן איינע פֿון די מיידלעך, אַ טונקל ברוינע, אַ דריבנע און פֿלינקע, מיט לויפֿיקע, צעפֿלויגענע אויגן — וואָס הערט זיך בײַ דיר? ס'קומט דיר שוין אַ מזל־טובֿ?

— ס'קומט! — האָט געענטפֿערט וחניש, אַ בחור, שוואַרץ ווי אַ זשוק, מיט שטרענגע שטערנבערעמען און שפּאַרע וואָנצעס. — יעדן טאָג קומט מיר אַ מזל־טובֿ.

— פֿאַר וואָס? — האָט זי זיך געוווּנדערט.

— ווײַל כ'האָב מיט איר נישט חתונה געהאַט.

די מיידלעך האָבן גלײַך אויסגעשאָסן אַ געלעכטער, און זייער געשריי האָט זיך געטראָגן, ווי דאָס געשריי פֿון די מעוועס איבערן ים אין אַ שטורעמטאָג.

— אַד סאַרא מנוּוולים איר זענט, בחורים! — האָט אַ זאָג געטאָן אַן אַנדער מיידל, אַ שוואַרץ־חנעוודיקע, מיט אַ הייזעריקער שטים — בלויז זיך אַ שפּיל טאָן מיט אונדז און דערנאָך אַוועקוואַרפֿן, ווי אַ פֿאַראַוועלט איי.

— וועסט נאָך צײַט האָבן צו זיצן אַ פֿאַרזויערטע אויף דײַנע עלטערע יאָרן.

— האָט אַ מגושמדיקער בחור אָנגעשטעלט אויף איר די אויגן — לעת־עתּה פֿריי זיך מיט דײַן יוגנט, און זאָל קיין וואָלקן נישט פֿאַרטונקלען דײַן ליכטיקע צורה.

— פֿאַרווײַל מיט גוטן גוסט דײַן יונג און זיס לעבן. — האָט אים אונטער־געהאַלטן זײַן נאָענטער קאָלעגע מיט צוגעקליבענע פֿײַנע ווערטער, — עמרד אַלצ'ג'יר ואלחלו.

מײַן שכן פֿון לינקס האָט מיר אַנטקעגנגעטראָגן אַ פֿינצטערן שמייכל און אָפּזיפֿצנדיק אַ זאָג געטאָן:

— ווײ צו אונדזער לעבן! בוה עלינא! ווּ, ווּ זענען עס די אַמאָליקע צײַטן?... די הײַנטיקע מיידלעך! זיי לאָזן נישט אַדורך קיין שום שווילטאָג, קיין שום שטיפֿערײַ און פֿרייד אויף דער וועלט...

ער האָט צוגעוואָרט אַ קורצע ווײַל און ווידער געשמייכלט צו מיר.

— זיי גייען נישט אויפֿן דרך־הישר... — האָט ער מיר געשושקעט. — יאָגן זיך נאָך פּוסטע נאַרישקייטן, און אַלע זייערע שמועסן זענען אײַנגעריכט אין אַלע מיני טומאות.

— איר ווייסט, יאַ סידי*, — האָט מײַן שכן פֿון רעכטס, דער מיט דער פֿײַנער באָרד, אַ קער געטאָן צו מיר דאָס פּנים און געזאָגט מיט ישובֿ־הדעת — אַלע צרות נעמען זיך פֿון דער אישה. צרה כּלהאָמן אלמרה!

די בחורים האָבן גענומען זינגען, און די מיידלעך זענען צוגעשטאַנען צו זיי. טייל האָבן געזונגען אַ פֿראַנצייזיש ליד, און טייל — אַן אַראַביש ליד.

מײַן שכן פֿון לינקס איז צו מיר צוגעשטאַנען און מיך געפֿרעגט וועגן מײַן פּרנסה.

* מײַן הער.

— איר האָט אַ געוועלט?

— איך האָב נישט קיין געוועלט. — האָב איך אים געענטפערט.

— און פון וואָס ציט איר פּרנסה?

— מע דאַרף נישט קיין געוועלט, — האָב איך אים געענטפערט נישט צו דער זאַך. — אַ געוועלט טויג נישט.

— פאַר וואָס? — האָט ער נישט פאַרשטאַנען.

— גוט איז צו אַרבעטן אין פעלד.

— ניין, ס'איז נישט גוט. — האָט ער געשאָקלט מיטן קאָפּ אַהין און אַהער און גערעדט זיכער — איך וויל אַוועקפאָרן אין שטאָט אַריין. כ'על אַ שמעק טאָן דאָ און דאָרט, אפשר וועל איך געפינען אַ בעסערע פּרנסה. זאָגט דאָך דאָס שפּריכוואָרט: ווער ס'איז מקרב דאָס מזל — דערנענטערט זיך עס, און ווער סע דערווייטערט עס — דערווייטערט זיך עס.

כ'האָב געשוויגן און אים גאָרנישט נישט געזאָגט.

— עך, — האָט ער טיף אָפּגעזיפצט. — כ'וועל טאָן וואָס דער אייבערשטער וועט מיך ראָטן. אפשר וועט מיר דער אייבערשטער העלפן און כ'וועל עפּעס אַ געוועלב.

כ'האָב זיך אַוועקגערוקט צווישן די קוסטעס און אָפּגעגאַנגען פון אים. כ'האָב זיך דערזען נאָענט לעבן איינער אַ פרוי. דאָס איז געווען אַ פרוי פון אַ יאָר צוואַנציק, אָדער צוויי און צוואַנציק. אַ דריבנע און איידעלע, מיט אַ קליין פּנימל, אַ טונקלס און בלייכס. נישט קיין פּנים ווי ס'איז אין דער ווירקלעכקייט, נאָר ווי אַן אָפּשפּיגלונג דערפון. איך האָב זיך געגריסט צו איר. זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און מיך צוריק געגריסט מיט אַ שטילער שטים און שעמעוודיק פּנים.

אויף אַלע מײַנע פראַגעס, וואָס איך האָב איר געשטעלט, האָט זי מיר גע־ענטפערט „יאָ, יאָ“, „ניין, ניין“. באַלד האָט זי מיך אויסגעמיטן, איז אַרײַן צווישן די קוסטעס און פאַרשוווּנדן פון מײַנע אויגן. כ'האָב געפרעגט אויף איר בײַ די אַרבעטער. האָבן זיי מיר געזאָגט:

— זי איז אַן אַלמנה. האָט דרײַ קליינע קינדער.

דערווײַל האָט זיך מײַן זעקעלע אויף די לענדן אָנגעפילט, און כ'בין געגאַנגען צווישן אַ פילדערנדיקער און לוסטיקער קאַפּעטע אַרבעטער אָפּוועגן די בוימוואָל, וואָס מיר האָבן אָנגעקליבן. לעבן דער וואָג האָב איך געטראָפן די אַלמנה. כ'האָב אָפּגעוווינן די בוימוואָל און זי פאַרשריבן אין חשבון אויף איר נאָמען. יענע האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן דערשראָקן פאַרוווּנדערט, צוויי־דרײַ מאָל אַ פינטל געטאָן מיט די אויגן, ווי אַ הון פאַר דער שחיטה, און איר קליין פּנימל האָט זיך רויט אָנגעצונדן. איידער וואָס ווען האָט זי זיך געטאָן אַ דריי אַוועק און איז אַוועק בחיפזון, אַ געטריבענע און אײַנגעשרומפּענע, ווי עמעץ, וואָס אַן אומגליק האָט אים געטראָפן.

# טו

**ווען כ'בין צוריקגעקומען** אויפֿן פֿעלד, איז שוין דער קלאַנג מיך פֿאַרויס־געלאָפֿן און האָט דערציילט צווישן לײַט, וואָס איך האָב אָפּגעטאָן. דער עולם האָט מיך באַגעגנט מיט משונהדיקע פּנימער, טייל מיט פֿרײַנדלעכע, טייל מיט פֿאַרוווּנדערטע, און טייל מיט פֿאַרלאַנגווײַליקטע.

אַנדערע האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ און מיך געבענטשט:

— אללה יעאפיך*!

אַנדערע האָבן געגאַדערט און געזאָגט:

— אַז ווײַל צון אײַך, ווײַל צון אײַך. אַ באַשײַנונג פֿאַר גאָט!

און אַנדערע האָבן זיך באַמיט אַרויסצוּווײַזן פֿאַר מיר סימנים פֿון אָרעמקייט, כּדי איך זאָל זיי שענקען פֿון מײַן מי.

אַן אײַנגעשרומפּענע און, ווי אַ שערבל, אײַנגעטריקנטע אַלטיטשקע האָט מיר אַקעגנגעשמייכלט מיט אירע צוויי פֿאַרבליבענע ציין אין מויל, איינער רעכטס און איינער לינקס. מיט אירע צעשויבערטע, פֿון אונטערן טיכל אַרויס־שטאַרצנדיקע גרויע האָר, מיטן שטאַרק געקנייטשטן פּנים, בינטלעך־בינטלעך קנייטשן, האָט זי אויסגעזען טויגלעך אויף צו באַקלאָגן און באַיאָמערן אַ בר־מנן.

— בראַוואָ! בראַוואָ! — האָט זי אָנגעשטעלט די אויגן צווישן מיר און דער אלמנה, אַן אויסגעדרייטע צו מיר מיטן רוקן, און אויפֿגעהויבן איר מאָגערן און, ווי קאָרע, טרוקענעם אָרעם מיט די צעקרימטע פֿינגער, פֿול באַזעצטע מיט זילבערנע רינגעלעך.

כ'האָב זיך גענומען צו מײַן אַרבעט און געקליבן ביסלעכווײַז, גייענדיק פֿון איין קוסט צום צווייטן. אַרום מיר זענען געגאַנגען בערדיקע ייִדן, געבויגן איבער

* גאָט זאָל דיר געבן כּוח.

די קוסטעס, ווי דעמאָלט ווען דער חזן קומט צו „מודים”. דאָ און דאָרט האָבן פֿון צווישן די קוסטע־בלעטער אַפּערגעקוקט די פּנימער פֿון די מיידלעך, אַן עפּל פֿון אַ באַק דאָ, און אַ בלישטש פֿון אַן אויג און אַ בליאַסק פֿון ציין דאָרט. אויפֿן נאָענטן פֿעלד האָט אַ בחור צעלאָזט זײַן שטים אין אַן אַריע פֿון קאַרמען. הינטער מיר האָט געפּלאַפּלט אַ גרופּע מיידלעך. כ'האָב צוגעניינגט אַן אויער צו זיי און זיך געמאַכט ווי איך הער נישט אונטער.

— כ'האָב חשק געהאַט אים אַראָפּצושלײַדערן פֿון פֿענצטער! — האָב איך געהערט ווי איינע דערציילט מיט אַ שאַרפֿער און דינער תּרעומותדיקער שטים.
— מיט וועמען וועל איך דאָ רעדן, מיט אַ משוגענעם? ער האָט געוואָלט מיך אַנידערוואַרפֿן אויפֿן בעט! וואָס'ט איר זאָגן? ביז איצט ליגט מיר נאָך די שרעק אין הארצן. ערשט אַז ער וועט אויסגעריסן ווערן פֿון דער וועלט, וועל איך זיכער זײַן מיט מײַן רעשטל לעבן. יתמחא אסמו מן אלעולם*.

— ער איז געקומען אויך צו מיר. — האָט זיך אָפּגערופֿן אַ צווייטע. — קומט אַרײַן און איז ווי אַ משוגענער. האָט מיך אַ כאַפּ אַן געטאָן דאָ און דאָ... איך האָב אים אַ זאָג געטאָן: „נעם צו די ידים, אייזל איינער! כ'דערלויב דיר נישט צו מאַכן נאָך איין טראָט!” ער האָט נישט געוואָלט הערן. דווקא מיך אַרומגעכאַפּט און געקוקט אויף מיר, ווי אַ נישט־גוטקייט. דעמאָלט האָב איך אים דערלאַנגט אַ בריקע, און ער איז אַנידערגעפֿאַלן אויף דר'ערד. איצטער — כאַלאַס**. וועט ער שוין האָבן צו געדענקען.

— וואָס טוט זיך מיט אײַך, מיידלעך? — האָט אַן אַנדערע געלאַכט. — דאָ איז ישׂראל, די פֿרײַע. והדא הייא טריק אַ־דניא***. איר ווילט מיר זאָלן תּמיד זײַן עלנט?

— אַזוי פֿירט זיך די וועלט? אַזוי פֿירט זיך די וועלט? — האָבן די ערשטע צוויי גענומען גאַפֿן. — שעמען מעגט איר זיך! לויטן שטייגער פֿון דער וועלט דאַרפֿן מיר אײַנהיטן אונדזערע כּוחות פֿאַר דער געוווּנטשענער שעה, פֿאַר דער מזלדיקער שעה.

— איך האָב געשפּאַסט, בלויז געשפּאַסט, בלויז. — האָט זיך יענע פֿאַר־ענטפֿערט. — איך בין ריין פֿון די זינד, וואָס איר טראַכט זיך. איך היט מיר מײַן נפֿש, היט. זײַט זיכער. איך ווי איר. האָב קיין פֿלעק אויף זיך.

אַ פּנים, זיי האָבן באַמערקט, אַז איך הער זיך צו צו זייער שמועס, האָבן זיי גענומען רעדן שטילער און זיך עפּעס געשושקעט דאָרט. באַלד האָבן זיי אויס־געשאָסן אַ געלעכטער. גלײַך גענומען עפּעס זינגען.

כ'האָב נאָך אַ מאָל אַ קוק געטאָן צו זיי.

— ער קוקט! ער קוקט! — האָט מיט שרעק אַ שעפּטשע געטאָן איינע, וואָס איז ענלעך צו דער פֿרוי פֿון אַמענכאָטעף דעם צווייטן.

* ימח־שמו זאָל ער ווערן.
** אַ סוף.
*** און אַזוי פֿירט זיך די וועלט.

זיי האָבן אַלע אַנגעשטעלט די אויגן, אַ בליק געטאָן אויף מיר, ווידער אַראָפּגעלאָזט די פּנימער און געלאַכט צו זיך אַליין. חוץ איינער, וועלכע האָט נישט אַראָפּגעלאָזט דאָס פּנים. אויב די ערשטע איז ענלעך געווען צו אַמענכאָ־טעפּס פֿרוי, איז די געווען ענלעך צו איינעם פֿון די ספֿינקסן, וואָס שטאַמען פֿון סענשערלי. דאָס איז געווען אַ היפּשע און לײַביקע מויד, מיט אַרויסגעבולטע און קײַלעכיקע אויגן, ברייט צעעפֿנטע, מיט אַ גרויס פּנים און אַ גאָמבע, וואָס גרייכט ביז דעם ריוול פֿון די בריסט, ווי איין צוזאַמענגענומענע סטערטע. זי האָט אַנגעשטעלט אויף מיר די אויגן און געקוקט אויף מיר בכּובֿד־ראש און בהמהשער רויִקייט.

ס'זענען נישט אַריבער קיין עטלעכע מינוט, ווי ס'איז געקומען אַנצולויפֿן אַ חבֿרהלע קינדער מיט אַ געפּילדער און אַ יובל און געפּליקט מיט די הענט אַהין און אַהער, ווי די שפּערלעך, וואָס היפּן און פּיקן אין אַלע זײַטן.

די מיידן האָבן זיי אָוועקגעטריבן.

— ווער האָט אײַך געהייסן קומען אַהער? — האָט זיך איינע געבייזערט אויף זיי.

— איר האָט נישט קיין רעכט צו אַרבעטן לעבן אונדז! — האָט זיך געבייזערט אויף זיי אַ צווייטע.

— וואָס איז, ס'איז אײַערס? — האָבן זיי חוצפּהדיק געשטעלט זיך קעגן זיי. — איר מעגט און מיר נישט? מיט וואָס זענט איר חשובֿער פֿון אונדז?

— געגאַנגען! איינס־צוויי — האָט צו זיי קורץ אַ מאַך געטאָן יענע, וואָס איז ענלעך צו אַמענכאָטעפּס פֿרוי.

— באַלד, באַלד...

— ניין, נישט באַלד, נאָר שוין!

— וואָס אַרט עס אײַך? — האָבן זיי איר פֿאַררעדט די ציין און געריסן וואָס ס'איז זיי אונטער דער האַנט געקומען. — וואָס זענט איר אַזוי אַנגע־דרודלט? מיר שטערן אײַך נישט אין גאַנצן.

— איך טרעט נאָך נישט אָפּ פֿון דאַנען? — האָט זי אַ הייב געטאָן די האַנט זיי צו שלאָגן. — אָט וועל איך אײַך טאָן אַ דערלאַנג, וועט איר זיך אַ קאַטשע טאָן פֿון דאַנען און קלײַבן די ציין!

די קינדער, ווי געקומען מיט יובל, אַזוי האָבן זיי זיך אָפּגעטראָגן מיט יובל.

איך האָב געזאָגט אַ גוט וואָרט פֿאַר זיי. די מיידן האָבן זיך אויף מיר נישט אומגעקוקט. בלויז איין עלטערשקער האָט אויפֿגעהויבן די האַנט קעגן מיר, געשאָקלט מיטן קאָפּ און געזאָגט:

— איך דערבאַרעמט זיך אויף קינדער, אָבער האָט נישט קיין רחמנות אויף אַלטע. די קינדער, זיי פֿאַרשטייען גאָרנישט, זיי איז גוט, אָבער מיר פֿאַרשטייען. אָט בין איך שוין אַ זקן פֿון פֿיר און זיבעציק יאָר, און אַרבעט אויפֿן פֿעלד. יאָ. ווו איז דאָס דער רחמנות אײַערער?

ער האָט צוגעוואַרט אַ צוויי־דרײַ מינוט און נאָכגעדענקט.

— איך דארף באקומען דאס, וואס מע גיט דא . . . — האט ער שלאבעריק צענומען די פינגער — ווו איז עס? מע גיט נישט!

ער האט א פנים געמיינט פענסיע.

מיין זעקל, וואס איז מיר געהאנגען אויף דער האנט, איז ווידער פול געווארן, און כ׳בין געגאנגען עס אפּוועגן. מיטן שטעגל, וואס צעטיילט צוויי פעלדער, האבן זיך געלאזט גיין א סך, יעדער מיט זיין זעקל פאר זיך. א פינף־זעקס שווארץ־חנעוודיקע מיידלעך זענען געגאנגען אין איין כאפטע און האבן גע־שמועסט וועגן געזעענע פילמען. א קוטשעראוועד און פלינקער חברהמאן, מיט א פייַנער וואנצע און א בונטקאַלירִיקער בלוזע, איז געגאנגען צווישן צוויי מיידלעך און זיך געשטעלט פאר זיי אין פאסאן:

— איך בין א דאן זשואן! — האט ער געזאגט מיט א פאררִיסן פנים — איך בין א דאן זשואן!

א חברהלע קינדער איז אונדז פארבייגעלאפן מיט א פרייליך געפילדער, מיט זעקלעך, וואס פארדעקן זיי אין גאנצן, פון האלדז ביז די פיס.

— ווי האבן זיי דאס באוויזן אזוי פיל אפצוטאן, אט די ווערעם! — האט איינער א געדיכטבארדיקער געשאקלט מיטן קאפ, מיט א צעשמייכלט פנים, און זיינע אויגן האבן געלויכטן, און די ציין זיך געווייַזלט, געבליאסקעט צווישן זיינע באַרד־און־וואנצעס.

ער האט זיך דערנענטערט צו מיר און מיר אפּגעגעבן שלום.

— שלום עליכם. — האט ער מיר געשטרעקט די האנט. — כיף אלחל?*

— געלויבט דער אייבערשטער. — האב איך אים געענטפערט.

ער האט אויף מיר א קוק געטאן זייטיק און זיך אנגערופן:

— געבענטשט זאלט איר זיין.

— און איר זאלט אייביק לעבן. — האב איך אים געענטפערט.

— הא, הא! — האט ער א זאג געטאן אויף א הויך קול, ווי א חזן בײַם אויסלאזן די שחרית־תפילה אום יום־טוב. — הייסט עס, אזוי לאנג ווי אליהו הנביא!

כ׳האב אפּגעוווינן מיין בוימוואל און פארשריבן, ווי פריער, אויפן חשבון פון דער אלמנה. ווען כ׳האב זיך געלאזט גיין, איז יענער געדיכטבארדיקער ווידער צוגעשטאנען צו מיר אין וועג, און מיר זענען געגאנגען צוזאמען.

נישט באוויזן צוצוקומען יעדער צו זיין ארבעטפּלאץ, ווי מיר האבן זיך שוין באפרייַנדט און זענען געווארן ווי צוויי לאנגיאריקע פרייַנד. ער האט מיך פארבעטן צו קומען צו אים אין שטוב.

— איר וועט מיר אנטאן כבוד. — האט ער געזאגט. — איך האב, ברוך־השם, א שטוב און שטוב־כלים און אל דעם אייבערשטנס גוטס. איר וועט קומען, וועט איר אנקוקן אונדזער דארף און באקענען אונדזער רב. בבקשה.

— גוט, — בין איך אים אנטקעגנגעקומען.

* וואס מאכט מען?

— טאָ פֿאַרגעסט זשע נישט, — האָט ער מיך געגומען מיט דער שטים און מיט אַ קנײטש. — איר װעט זײַן בײַ מיר אַן אָנגעלײגטער גאַסט, כּאַבֿיבֿי.

װען כ׳בין צוריקגעקומען אויפֿן פֿעלד, האָב איך געזען די אַלמנה זיך לאָזן מיטן זעקל. זי האָט זיך פֿאַרהאַלטן צוליב מיר מיטן גײן, כּדי נישט צו טרעפֿן זיך מיט מיר בײַ דער װאָג. איז געגאַנגען פֿאַמעלעך, אײַנגעבויגן, דאָס פּנים בלאָס, אַלע אירע שטריכן דריבנע און דינע, די אויגן מאַנדל לענגלעכע, װײַטע אײנס פֿון אַנדערן און שטילע. דאָס װײַסע טיכל אויפֿן קאָפּ, פֿאַרבונדן װי צװײ פֿליגעלעך אונטער דער גאָמבע.

# *xvi*

דער רובֿ פֿון פּרימאָרגן איז שוין געווען פֿאָריבער. די זון האָט זיך געשטאַרקט, אָפּגעשוואַכט דעם גוף און צעמישט דעם זינען. אַ לײַכט מערבֿ־ווינטל האָט געבלאָזן פּאַוואָליע מיט הפּסקות. אַ הייסער תּכלת, אַ וויברירנדיקער, האָט פֿאַרפֿלייצט, ווי אַ הימלדיקער טײַך, די בערג, אַלע סקאַלעס און פֿעלדזן, יעדן אַרויסשטאַרץ און אײַנטיפֿונג און פֿאַלד און זיי פֿאַרוואַנדלט אין אַן אילוזאָרישער פּראַכט, ווי אין עפּעס אַ הוילן חלום.

מיר האָבן נישט באַוויזן אָפּצואַרבעטן אַ קורצע ווײַל, ווי עפּעס וואָס איז דאָרט געשען צווישן די אַרבעטער. עפּעס אַ מישמאַשעדיק געפּילדער האָט זיך אויפֿגעהויבן צווישן זיי און אַ קעגנזײַטיק געשפּאַרערײַ.

— וואָס איז געשען? — האָב איך געפֿרעגט מײַנע שכנים דערלעבן.

זיי האָבן מיר נישט געענטפֿערט.

כ'בין צו זיי צוגעשטאַנען — נאָר זיי האָבן מיר אַלץ נישט געענטפֿערט. דער האָט געפּינטלט מיט די אויגן, דער האָט גענומען דאָס קריגל צום מויל, און יענער איז געשטאַנען ווי עמעץ וואָס כמאַרעס האָבן זיך אָנגערוקט איבער זײַן שניט.

— וואָס איז דאָ אַזש געשען אַזוינס? — האָב איך גענומען שטוינען.

אין מיטן דערינען האָט זיך דערנענטערט איינער אַ בחור פֿון צווישן די קוס־טעס, מיט אַ צעפֿלאַמט און צעצאָרנט פּנים, און דער עולם האָט אים אײַנגענומען און באַמיט זיך אים צו פֿאַרהאַלטן.

— דו ביסט שוין אַ מאַנספּאַרשוין, און נישט קיין יינגל, — האָט זיך דערטראָגן צו מיר אַ פֿרויענשטים, וואָס בייזערט זיך אויף אים, ווי מיט מוטערלעכע שטראָפֿרייד, — ווען וועסטו שוין צום שׂכל קומען?

ער האָט זיך אַרויסגעריסן פֿון זיי און איז געגאַנגען אַ צעצאַרנטער, ווי זיך געלאָזט אויף אַ געשלעג. ביז ער איז צוגעקומען צו מיר און געבליבן שטיין.

— פֿאַרנעם זיך פֿון דאַנען! — האָט ער זיך אויף מיר גלײַך אויסגעשאָטן און פֿאַרהויבן ביידע הענט, די שטערנבערעמען צוזאַמענגעצויגן און דאָס מויל פֿאַרקרימט.

כ׳האָב אַנגעשטעלט אויף אים די אויגן און בין געשטאַנען ווי אַ געפּלעפֿטער. וואָס?... וואָס ווילט איר פֿון מיר?

— וואָס האָט איר צו מיר? — האָב איך געשטאַמלט צון אים. — וואָס?...

— וואָס האָט איר צו מיר! וואָס האָט איר! — האָט ער מיך איבערגעקרימט מיט פֿאַראַכטונג און באַליידיקונג — איך האָב! דו זאָלסט זיך אָפּטראָגן פֿון דאַנען! איך וויל נישט, דו זאָלסט זיך דאָ געפֿינען!

— וואָס טוט זיך דאָ? — האָב איך זיך אַרומגעקוקט אויף די מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען איז דער נאָענט און האָבן געוואַרט צו זען, וואָס דאָ וועט זײַן — וואָס פֿאַר אַן אומרעכט בין איך באַגאַנגען קעגן אים?

— וואָס פֿאַר אַ מחותּן ביסטו מיט יענער אַלמנה! — האָט ער געברויזט אויף מיר, ווי איינער וואָס גרייט זיך שלאָגן — מען אַרבעט נישט צוליב שווילטאָג! כ׳האָב נישט באַנומען זײַן מיין.

— וואָס פֿאַר אַ מחותּן ביסטו מיט יענער אַלמנה! האָט ער געברויזט אויף מיר — וואָס קערסטו זיך אַן מיט איר, וואָס דו אַרבעטסט און גיסט איר אָפּ דאָס געלט?

— די אַלמנה איז די פֿרוי פֿון זײַן זעליקן ברודער, — האָט מיר אַ זאָג געטאָן איינער פֿון די מענטשן — זי איז אויך זײַנע אַ קרובֿה, פֿון זײַן משפּחה.

— און ער איז אויך דער בר־מצרא אויף איר. — האָט זיך איינער געוויצלט, און דער גאַנצער עולם האָט געלאַכט, צו מיינסטן די מיידלעך.

— דאָס טאָר מען נישט! — האָט דער יונג אַרײַנגעשטעקט די האַנט איז זעקל, וואָס הענגט אים אויף דער זײַט, עס געטרייסלט אַהין און צוריק און געשריגן צו מיר ווי עפּעס אַ באַוווּסטע זאַך, ווי אַ שטייגער אַ בפֿירושער דין אין „אבֿן־העזר". —דאָס איז אסור־ואסור! דו זאָלסט זיך פֿון דאַנען פֿאַרנעמען תּיכּף־ומיד, שוין די רגע!

דער עולם האָט זיך אַרײַנגעלייגט אין שלום צווישן אונדז, אים אײַנגעפּיעשטשעט און מיר אויפֿגעקלערט, אַז ס׳פּאַסט נישט אַזוי צו טאָן צוליבן כּבֿוד פֿון דער פֿאַמיליע און צוליב לײַטנס גערייד. און אַזוי ווײַטער, און אַזוי ווײַטער.

— גוט. — האָב איך זיי געענטפֿערט געגעבן. — איך האָב געמיינט בלויז צוליב אַ מצווה...

— נישט געניייטיק! — איז מיר דער יונג אַרײַנגעפֿאַלן אין די רייד. — זי איז נישט דײַן ווײַב און נישט פֿון דײַן משפּחה.

אין אַ ווײַל אַרום האָט זיך דער שטורעם אײַנגעשטילט. דער עולם האָט מיך איבערגעלאָזן און איז זיך אוועקגעגאַנגען. אָבער מע האָט מיך נאָך אַלץ באַרעדט

צווישן זיך, אַנדערע נאָכקוקנדיק מיך מיטן אויג פֿון לשון־הרעניקעס, און אַנדערע אַוועקדרייענדיק פֿון מיר די פּנימער, ווי אָפּנעמער פֿון לשון־הרע. דער האָט געזאָגט, אַז איך בין אַ ספּעציאַליסט אויף אַלמנות, און יענער האָט מיך אָנגערופֿן אַ תּם, וואָס הונדערט שדים זיצן אין אים.

— דוז על ואד להרהורי ולא תדוז אלוד סכותי*. — האָט ער געזאָגט.

— איז עס אַזוי די מעשׂה. — האָב איך געהערט ווי מײַן שכן טוט אַ שושקע.

— דער מלאך־המות האָט זיך אַרײַנגעשפּאַרט צווישן דעם אייזל־פּאָר, ווען ער האָט געטאָן דעם שפּרונג אויף איר. — האָט אים אַ צווייטער געענטפֿערט מיט אַן אַראַביש שפּריכוואָרט, שפּאָטיש שמייכלענדיק.

כ'האָב זיך געשעמט צוליב די זאַכן וואָס מ'האָט אָנגערעדט אויף מיר. בין אַוועק פֿון דעם פֿעלד אויף אַן אַנדערן. מײַן שכן פֿון רעכטס, דער מיט דער פֿײַנער באָרד, האָט זיך געמאַכט ווי ער זעט מיך נישט פֿאַרבײַגיין. מײַן שכן פֿון לינקס, וואָס זעט אויס ווי געמאַכט פֿון הושטשע פֿון אַ פֿאַס, האָט מיר געשאָנקען אַ נעבעכדיק שמייכעלע. די אַלמנה, זי האָט אַוועקגעקערט פֿון מיר דאָס פּנים און זיך פֿאַררויטלט.

אָבער אויך אויפֿן צווייטן פֿעלד האָט זיך מײַן געמיט נישט באַרויִקט, און די אַרבעט האָט פֿאַר מיר פֿאַרלוירן דעם טעם. אומזיסט האָב איך זיך באַמיט צו פֿאַרגעסן און זיך אויסגערעדט, אַז די גאַנצע זאַך איז אַן אומזין, האָט קיין שום באַדײַטונג נישט און, אדרבה, אַז מע וויל, איז עס גאָר ווויל און פֿײַן פֿון זיי, וואָס זיי נעמען זיך אַזוי אַן פֿאַרן כּבֿוד פֿון אַלמנות. און אַזוי ווײַטער, און אַזוי ווײַטער. כ'האָב נישט געקאָנט צוזען די פֿרייד, וואָס זיי האָבן זיך געפֿרייט איבער מיר, און דעם שפּאָט, וואָס זיי האָבן אָפּגעשפּעט פֿון מיר מיט ווערטער און ווינק. האָב איך גענומען און בין זיך פֿון זיי אַוועקגעגאַנגען.

כ'בין צוגעקומען צום געדיכט־בערדיקן, וועלכער האָט מיך פֿריִער פֿאַרבעטן. ער האָט מיך ווידער אַ מאָל פֿאַרבעטן.

— אָבער אָפּגערעדט! — האָט ער מיר געזאָגט מיט אַ פֿרײַנדלעך פּנים.

— אָפּגערעדט! אָפּגערעדט! — האָב איך אײַנגעשטימט — און ווי איז אײַער נאָמען? ווי וועל איך אײַך אויפֿזוכן אין דאָרף?

— איר'ט זיך פֿרעגן אויף פּרץ מאַכלוף כאַבֿיבֿ. מע וועט אײַך שוין ווײַזן. בײַ דער וואָג האָב איך געטראָפֿן יובלן. מיך דערזען, האָט ער זיך צעלאַכט.

— איר האָט באַקומען אַ „חזוק"**! — האָט ער אַ זאָג געטאָן — ערשט האָט איר זוכה געווען טועם צו זײַן עפּעס וואָס פֿון דעם טעם, וואָס מיר זענען טועם. זעט איר שוין, אַז ס'איז נישט אַזוי פּשוט מיט זיי.

כ'האָב אים געזאָגט, אַז כ'וויל גיין אין דאָרף אויף איבערצונעכטיקן.

האָט ער זיך גלײַך פֿאַרוווּנדערט.

— איר ווילט גיין דווקא אין דעם דאָרף, פֿון וואַנען דער אַ עולם איז?

— פֿאַר וואָס נישט?

* גיי אין אַ שטראָמענדיקן טײַך, און גיי נישט אין אַ טײַך וואָס האָט אויסגעטריקנט.

**אַ גאָב, אַ פּסק.

— גוט, ווי איר ווילט. אויב איר ווילט דווקא זיך אויסבאָדן אין דאָזיקן קאָכיקן קעסל, וועל איך אייך נישט אָפּהאַלטן. פונדעסטוועגן וואָלט איך זיין גערן, איר זאָלט וואָס ווינציקער האָבן גרייזאָטע.

ער האָט נאָכגעדענקט אַ רגע און אַ זאָג געטאָן:

— איך וואָלט אייך ראָטן, איר זאָלט זיך אַריינכאַפּן צום רבֿ. גיט אים איבער אַ גרוס פון מיר. ער וועט אייך גוט אויפנעמען. נו, ס'איז קיין צייט נישטאָ. די אַרבעט ברענט.

כ'בין מיטגעגאַנגען מיט אים, האָב גענומען מיין טעקע פון דזשיפּ. אים געדאַנקט פאַר זיינע באַמיִונגען פאַר מיר.

— איר זענט אַ וווילער חבֿרהמאַן. — האָב איך אים געלויבט אַ ביסל אין די אויגן.

— איך מוז פאָרן. — ער איז אַרויף אויף זיין זיצאָרט און גענומען דאָס שטייערערדל אין די הענט. — מ'עט זיך זען.

# *xvii*

ס'איז געווען נאָך גרויסער טאָג, און איך האָב זיך געוואַקלט, צי לאָזן זיך אין דאָרף אַרײַן באַלד, אָדער אָפּוואַרטן אַ דרײַ־פֿיר שעה, ביז דער עולם וועט דאַרפֿן זיך אומקערן פֿון פֿעלד. האָב ניט אַנגענומען קיין באַשלוס. ביז אַרויסגעגאַנגען אויף אַ ווײַטן פֿעלד און האָב איבערגעכאַפּט פֿון דעם מיטגעבראַכטן אין דער טעקע.

די זון האָט זיך געהאַלטן אין מיטן הימל־געוועלב. דער מיטנטאָג האָט זיך פֿאַרשפּרייט איבער דעם פֿלאַכלאַנד און עס פֿאַרוואַנדלט אין אַן אָזערע פֿון תּכלת, וואָס איר וועזן איז אויף דער ערד, אָבער געבירטיק איז זי פֿונעם הימל. די בערג זענען געשטאַנען פֿאַרהוילן אין בלוי; ניט בערג, נאָר שוואַכע צייכענונגען, ווי זיי וואָלטן אַוועקגענומען געוואָרן פֿון דער וועלט און עקסיסטירן בלויז אין געדעכעניש און אין וויסן.

כ'האָב געענדיקט דאָס עסן, זיך אויסגעצויגן און ביז געבליבן ליגן. די זון האָט מיך געשרפֿעט, שלאַבעריק געמאַכט מײַן קערפּער און מטושטש דעם זינען. ווי כ'וואָלט געלעגן אין אַ וואַרעמען נעפּל, און אַ בלענד פֿון זינלעכער לוסט נעמט מיך אַרום פֿון אַלע זײַטן. די ערד אונטער מיר איז הייס געווען, ווי זי וואָלט געאָטעמט, געפּולסירט, געלאָסן, שווער. זיסע אַראָמאַטן, ביטערע און טרוקענע, אַנדערע קלאָרע און אַנדערע מטושטשע, ווי דאָס געדעכעניש פֿון ווײַטע זאַכן, דינע כּמעט גײַסטיקע, אַבסטראַקטע, האָבן זיך אַרויסגעהויבן פֿונעם פֿעלד־קאַליס, פֿונעם ביטערן שאַלפֿיי, דער סיאַ, דעם פֿעלד־שלענדערל און, דאַכט זיך, אויך פֿון דער מדבר־לאַבעדע. די שפּרינג־היישעריקן האָבן געצירקעט אָן אויפֿהער. דאָ און דאָרט האָבן די זיזיבייען געטרילערט ענערגישע און לויטערע טרעלן, ווי דער קלאַנג פֿון קריסטאַל, און די פֿראַנטלעך האָבן גע־

שמוצערט מיט זייער שטימעלע, ווי טרוקענע האסטציעס, וואס דער ווינט האט זיי צעשאקלט, און ווי א בעדווינעריין וואס שפאצירט מיט איר צירונג.

מחשבות קלארע און אומקלארע האבן אין מיר פארבײַגעצויגן ברעקלעכווײַז און שטיקלעכווײַז. ביז ס'האט מיך אדורכגענומען א שלעפעריקייט, און כ'בין אנטשלאפן געווארן.

שפעטער האב איך זיך אויפגעכאפט פון שלאף און בין געלעגן האלב וואך, האלב אין דרימל, די אויגן פארמאכט פאר דער זון, די אברים זענען מיר פויל, דער גוף באדעקט מיט שוויים, און א לײַכט ווינטל קרײַזט זיך ארום מיר.

כ'האב זיך אנגעטאן א כוח, אונטערגעהויבן און אנידערגעזעצט. ס'איז געווען האלב פינף א זייגער. כ'בין א פנים געשלאפן א צוויי־דרײַ שעה.

דער טאג איז נאך געשטאנען אין זײַן גאנצער קראפט, אבער דער רוים איז שוין געראמער געווארן. גלײַך ער וואלט פריער טריב געווען צוליב דער שווערער היץ און ליכט — און האט זיך אויסגעלײַטערט. די בערג האבן זיך אנטבלויזט פון זייער תכלת און אויסגעזען נידעריקער, נעענטער, הויערנדיק, אראפלויפנדיק, געפאלדעוועט, ווי פארקנאטן טייג, און פול מיט שפאלטן און שפארונעס. א סך קאלירן האבן זיי אויסגעשטרײַפט מיט פלעקן דא און דארט, העלע, שטילע, וואס לײַכטן אויף די אויגן. טייל האבן זיך נעגעלבט, ווי קעמלוואל, טייל זיך גרוי געזילבערט, ווי פערל־שימער, און טייל ווי אויסגעצײַטיקטע טרויבן. דא און דארט האט זיך געטונקלט א שטיק בארג, ווי א וואלד־פאליאנע, פון א כמארע־שאטן, וואס איז אויף איר געפאלן. אין דער ווײַט, לינקס, ווי ווײַט ס'גרייכט דאס אויג, האט דער הימל געפויזעט איבער די בערגראנדן, ארײַנ־פלאנטערנדיק אין זיי א גרינלעכן תכלת, ווי אומצײַטיקער אתרוג, און בלויע טיפע טונקלקייט, גערדיכטע, ווי פון נאך דער שקיעה.

עטוואס פון דער רויִקייט פון די בערג איז צו מיר צוגעשטאנען. גלײַך א דרײַ־פיר טויזנט יאר געשיכטע וואלטן מיר אומגעריכט אויסגערונען, און איך שטיי אין די פארצײַטישע דורות, אין די צײַטן פון די שופטים און נאך פאר די שופטים מיט א מענגע מלוכות און פעלקער אינעם לאנד. צוויי קײַלעכיקע בערגלעך, וואס הייבן זיך ארויס פאר די בערג, איינס קעגנאיבער דעם אנדערן, און צווישן זיי — א בלייז. צוליב דעם וואס זיי זענען פול געווען מיט זון, האבן זיי צוגעצויגן מײַן בליק, און כ'בין געזעסן און האב מהרהר געווען וועגן זיי און וועגן דעם וואס אויף זיי האט פאסירט. אויסגעטראכט זיך א מעשה מיט צוויי זייערע, נעפעג און שאוואל, וועלכע האבן געוווינט אויף די א צוויי בערגלעך, יעדער אויף זײַן בערגל. האט זיך איין מאל געטראפן, אז שאוואל איז באפאלן נעפעגן און האט צוגענומען בײַ אים זײַנע שעפסן און קעמלען, און צוגענומען בײַ אים די ווײַבער מיט די יונגען, די געטשן און זײַן טאטנס זיגל, און זיך געלאזט אוועקגיין. איז אים נעפעג נאכגעגאנגען און האט זיך געבעטן בײַ אים: „איך פאל צו די פיס פון מײַן האר, בוק זיך מיטן פנים זיבן מאל צו דער ערד. קער מיר אום מײַן ווײַב, טימנאן מײַנע". האט אים שאוואל, שפרײַ־

זנדיק שטאָלץ נאָך דער טשערעדע און אַלע ווײַבער און יונגען מיטן רויב, וואָס זיי טראָגן אויף די קעפּ, געענטפערט: „גיי צוריק צו זיך אַהיים!"

ער איז פון אים נישט אָפּגעטראָטן און אים נאָכגעגאַנגען, רײַסנדיק זיך די האָר פון קאָפּ־און־באָרד און וויינענדיק: „דערבאַרעם זיך אויף מיר. איך בעט דיך, כ'בין דײַן אייביקער קנעכט. קער מיר אום מײַן ווײַב, די שטובזיצערין מײַנע".

איז שאָוואָל געבליבן שטיין, האָט אויפגעהויבן זײַן שטימע און געזאָגט: „נייג צו דײַן אויער און האָרך. שאָוואָל וועט לאָזן הערן זײַן וואָרט, וועט אויפשאַלן אַ גרויסן רוף. קער זיך אום צו זיך אַהיים און וואַרט אויפן טאָג, ווען זי וועט צו דיר צוריק קומען. אַז דו וועסט זען אַ פרוי אַראָפּשטײַגן פון בערגל, זאָלסטו וויסן זײַן, אַז איך האָב זי דיר אומגעקערט". ס'זענען אַריבער טעג און חדשים, צוואַנציק יאָר זענען פאַרלאָפן. אין איינעם אַ טאָג האָט נעפּעג אויפגעהויבן די אויגן, אַ קוק געטאָן און דערזען, אַ קליינע פרוי אײַלט און לויפט פונעם בערגל אַראָפּ. ביז זי האָט זיך צון אים דערנענטערט און איז געבליבן שטיין. און זע — ס'איז דאָך טימנא, און זי איז שוין אַלט, איר רוקן געבויגן, דאָס פּנים געפאַלדעוועט, און איר גוף טרוקן, ווי אַ צווײַגל פון אַ סיקאָמאָר...

ס'איז שוין צײַט געווען זיך אויפצוהייבן. כ'האָב גענומען מײַן טעקע און זיך געלאָזט גיין צום דאָרף.

# xviii

איך בין באַלד געקומען אין דאָרף. בין אַרײַנגעגאַנגען אין דער גאַס, אַ צעגליטע פֿון דער זון, און ווײַטער געגאַנגען.

די הײַזער זענען געשטאַנען פֿאַרשלאָסענע, וויסטע, ענלעך איינס צום אַנדערן, איינס נישט העכער פֿון דעם צווייטן, און איינס נישט שענער פֿונעם צווייטן. אַלע האָבן די די פֿאָרעם פֿון אַ פּירעק, אונטערגעהויבן פֿונעם באָדן אויף נידעריקע זײַלן, ווי געהאָנגענע אין דער לופֿטן. אַלע זענען זיי נײַע, אַנטבלויזטע, און ס'איז נישטאָ אין זיי גאָרנישט פֿון דער אַטמאָספֿער פֿון דעם אָרט, פֿון דאָזיקן גרויסן און רחבֿותדיקן פֿלאַכלאַנד און די בערג בײַם האָריזאָנט, פֿון די וואָלקנס אויבן און דעם באָדן אונטן, פֿון דעם פֿאָלקס־כאַראַקטער און פֿון דעם וואָס די צײַט שאַפֿט אין דורות און דור־דורות. גלײַך ווי די מענטשן, וואָס וווינען דאָ, זענען אַלע ווי איין מענטש, פֿון איין עלטער, פֿון איין גוסט און סטיל, איין משפּחה און איין קאָדלע. נישט קיין דאָרף לויט זײַן וועזן און זײַן שטייגער, נאָר אַ פּלאַן, אַ ס י ס ט ע ם, אַ מוסטער פֿון צײַטווײַליקייט פֿאַר אַ געזעמל אויסגעטראַכטע און נישט־עקסיסטירנדיקע מענטשן. אַזוי בויט די נויטווענדיקייט געצוווּנגענערהייט און די פֿילאַנטראָפּיע אין איר נאָכלעסיקייט.

צוויי־דרײַ זקנות, געבויגענע, קנאָכיקע, אויסגעטריקנטע, ווי שפּרינג־היישעריקן, זענען געזעסן פֿאַר די טירן פֿון זייערע הײַזער. צוויי קינדער זענען געלאָפֿן אין פֿאַרמעסט, ווער עס שפּרינגט בעסער, און אַ הינטל, אַ שוואַרצלעכס, איז זיי נאָכגעלאָפֿן, דאָס עקעלע פֿאַרקרײַזט, און דאָס צינגל העננט אַרויס אין דרויסן.

אין גאַס האָט זיך געהערט עפּעס אַ הילך, צי פֿון אַ קלאַפּנדיקן האַמער, צי פֿון פֿאַלנדיקע ברעטער, איינע נאָך דער אַנדערער און זיך אָנשלאָגנדיק אין דער ערד.

כ'האָב זיך געלאָזט נאָכן הילך. ביז צוגעקומען צו אַ הויז, וואָס אויפֿן ראַנד פֿון זײַן דאַך זענען געלעגן קירבעסן, און אַ בײַם דיניעס, רויזן און נעגעלעך איז געווען קעגן איבער דער טיר. אויפֿן הויף זענען געשטאַנען צוויי פֿאַרשוין און האָבן געשאָסן פֿון אַ רעוואָלווער אין אַ צילברעט. אײנער פֿון זיי איז געווען אַ מאַן פֿון אַ יאָר דרײַסיק, אַ נידעריקער און דיקער, מיט אַן אויפֿגעבלאָזן פּנים און אַ שנירל שוואַרצע באָרד, ווי אַ דין פּאַסיקל, וואָס רינגלט עס אַרום פֿון אויער צו אויער. ער איז אין גאַנצן ענלעך געווען צו אײנעם פֿון יענעם קאַראַוואַן פֿון די בני־שם, וואָס זענען געקומען קיין מצרים, ווי מיר זעען עס געמאָלט אין דעם קבֿר אין בני־חסן. דער צווייטער איז געווען אַ הויכוויקסיקער און באַלײַבטער מיט אַ גרויס פּנים, אַ פּשוטס און גוטס, ווי אַ באַלעבאַטיש לעבל ברויט. ער איז געווען אַ יונגערמאַן פֿון אַ יאָר פֿינף און צוואַנציק. ביידע זענען געווען פֿאַרטאָן אין זייער אַרבעט מיט כּוונה און כּובֿד־ראש. דער טוט אַ שאָס איין מאָל, און דער טוט אַ שאָס איין מאָל, און ווידער דאָס זעלבע. און נאָך יעדן שאָס יובלען זיי און מאַכן אויסגעשרייען:

— אַה בע!

— אַה נאַן!

— אַה ווי!

— וואַיאַן!

— אַה דיאַבל!

דער יונגערמאַן האָט געשאָסן און פֿאַרפֿעלט דעם ציל. אין דעם מאָמענט האָט דער נידעריקער אונטערגעשפּרונגען און אַ דעקלאַמיר געטאָן מיט אַן אויפֿגעבלאָזן פּנים:

— אַ שאַנדע, מעסיע, אַ שאַנדע! איר פֿאַרשעמט דאָס ישׂראל־מיליטער!

ער האָט זיך גלײַך געטאָן אַ שטעל אַנידער, אַרויסגעשטעלט אַ פֿוס, אויסגעשטרעקט דעם רעוואָלווער, פֿאַרזשמורעט אַן אויג און זיך געצילט. אויסגעשאָסן, האָט זיך אײַנגעבויגן, געטאָן אַ קוק אויפֿן ציל, אַ שפּרונג אונטער, אַ טופּע מיט די פֿיס, און מיט יובלדיקער צעמישטקייט:

— נאָם דע דיע, דע דיע, דע דיע!...

דערווײַל האָט ער מיך באַמערקט שטיין און קוקן אויף זיי. ער האָט זיך אויסגעדרייט צווישן דעם יונגערמאַן און מיר און אַ זאָג געטאָן מיט אַ פֿאַר־חידושט פּנים:

— וועמען זוכט איר, אדוני?

— וועמען איך זוך? — האָב איך אים געענטפֿערט — דעם רבֿ.

— ער רעדט.

— דעם ר בֿ. — האָב איך אַקצענטירט מײַן פֿאַרלאַנג. — ווו איז דעם רבֿס הויז?

— דאָ, — האָט ער מיר אַ מאַך געטאָן בקיצור.

— דאָ? — האָב איך גענומען זיך וווּנדערן. — צי קאָן מען אים זעען?

— איר זעט אים שוין.

— איך זע אים? — האָב איך זיך אַרומגעקוקט.
— אַט בין איך, — האָט ער זיך געשפּילט מיטן רעוואָלווער אין האַנט און אים געדרייט פון איין זייט אויף דער צווייטער.
— איר... איר... זענט דער רבֿ?
— ווי, מעסיע, — האָט ער מיר געענטפערט אויף פראַנצייזיש.
— און דער, — האָב איך אַ וווּנק געטאָן מיט די אויגן אויף זיין קאָלעגע — דער דיין?
— דאָס איז דער מ"אז*. — האָט ער מיר געענטפערט ערנסט. — מעסיע אַסולין.
דער יונגערמאַן האָט צו מיר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, און זיינע ליפּן האָבן זיך צענומען מיט אַ שעמעוודיקן שמייכל.
— גוט. און וואָס פאַרלאַנגט איר? — האָט מיך דער רבֿ געפרעגט.
כ'האָב אים געזאָגט צוליב וואָס כ'בין געקומען, אַז איך וויל זען די עולים אין זייערע ווינטערטער און אָפּגעבן אַ גרוס פון יובלין.
— איר קאָנט יובלין? — האָט ער זיך דערפרייט.
— יאָ, אַוודאי. מיר זענען פריינד.
— אַך, אויב אַזוי, — האָט ער מיר דערלאַנגט די האַנט צו באַגריסן — ברוך הבא! ברוך הבא! יובלס פריינד איז מיין פריינד. איר וועט אַוודאי בלייבן איבערנעכטיקן.
— יאָ.
— זענט איר מיין גאַסט.
— ס'האָט מיך שוין פאַרבעטן מאַכלוף, — האָב איך אים געזאָגט.
— מאַכלוף? וואָסער מאַכלוף?
— פּרץ מאַכלוף כאַביב.
— פון וואַנען קאָנט איר אים? — האָט ער זיך געוווּנדערט. — ניין, ס'וועט אייך נישט זיין באַקוועם ביי אים. איר וועט נעכטיקן ביי מיר. כאַלאַס — אַן ענדע.
ער האָט פאַרשטעקט דעם רעוואָלווער אין קעשענע, אַ שאָקל געטאָן צו זיין קאָלעגע צום געזעגענען, און מיך אַרויסגעפירט צו זיך אין שטוב.

* מעפאַקעד עזאָר — קאָמאַנדיר פון ראַיאָן.

# *xix*

די זון איז נאָך נישט אונטערגעגאַנגען, און דער טאָג ווערט שוין קילער. דער עולם האָט זיך אומגעקערט פֿון די פֿעלדער. כאַפּטעסווײַז־כאַפּטעסווײַז זענען זיי געקומען, מיטן געצײַג אויף די פּלייצעס און די שיך אין די הענט, שמועסנדיק צווישן זיך, לאַכנדיק, יובלענדיק.

דאָס דאָרף האָט זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון זײַן שלאָף. די הײַזער האָבן זיך אויפֿגעפּראַלט. די מיידלעך האָבן אַרויסגעטראָגן טעפּעכער און די דעקעס אין דרויסן און זיי אויסגעקלאַפּט מיט שטעקנס צום טאַקט פֿון ראַדיאָ־געזאַנג. די ווײַבער, אַנדערע זענען אײַליק געלאָפֿן אין דער צרכניה, אַנדערע האָבן זיך איבערגעשריגן פֿון איין הויף צום צווייטן, און אַנדערע האָבן צעלייגט אַ פֿײַער פֿאַר דער שטוב און זיך געפּאָרעט בײַ זייער טאָפּ. די ייִנגלעך האָבן געשפּילט אין פֿוטבאָל, די קינדער — אין באַהעלטעניש און מלחמה, וואָס זיי האָבן צווישן זיך געפֿירט, און פֿול געמאַכט די גאַס מיט באַוועגונג און געפֿילדער. די מאַנסלײַט זענען געזעסן פֿאַר די טירן פֿון זייערע הײַזער און זיך געקוויקט מיט אַ גלאָז קאַלט ביר.

כ׳בין אַראָפּגעקומען פֿון רבֿס שטוב און זיך געלאָזט גיין צו פּרץ מאַכלוף. בין געגאַנגען איבער דער גאַס, וואָס האָט געווימלט מיט קינדער און ווײַבער, האָב באַטראַכט די מענטשן, וואָס געניסן רו. דרײַ אַלטע לײַט, וואָס זענען געזעסן צוזאַמען פֿאַר אַ שטוב, אויף אַן אָפֿענער וועראַנדע, ווי ריכטער, וואָס וויסן געזעץ און דין, אָדער משוררים, וואָס זענען קלוג צו רעדן איבער בהמות און איבער פֿייגלען, האָבן מיך צוגערופֿן.

— וועמען זוכט איר, כאַבֿיבֿי? — האָבן זיי געפֿרעגט.

— פּרץ מאַכלוף כאַבֿיבֿ.

— האַ, האַ! — האָבן זיי אַ מאָל געטאָן — גייט גלײַך. גלײַך־גלײַך. ווײַטער־ווײַטער. ער ווינט אין עק דאָרף.

איינער אַ מאָן, וואָס איז זיך געזעסן אַליין, דער קאָפּ באַקרוינט מיט אַ טורבאַן און דאָס פּנים פֿאַרשטעקט אין אַ שפּאַרער באָרד, וואָס איין זײַט אירע גייט צו ביז די אויגן, און איר צווייטע זײַט דערגרייכט צו די האָר פֿון קאָפּ און קיין זאַך טײלט זיי נישט פֿונאַנדער, האָט מיך צוגערופֿן מיט אַ שטים פֿון אַ הייזעריקער ציג:

— קומט צו אַהער צו. איר'עט טרינקען בײַ מיר אַ גלאָז ביר.

אַ פֿולער וואָגן היי איז אָנגעפֿאָרן און האָט אַרײַנגעהויכט אין דעם דרויסן דופֿט פֿון גרינער לאָנקע און לבֿנהדיקע שײַן. אַ יונגע פֿרוי, אַ געזונטע און ספּריטנע, ווי אַ טעלעצע, מיט אַ קינד אויף די הענט, איז אים אַנטקעגנגעגאַנגען.

— האַ, ביסט שוין דאָ צוריק! — האָט זי מיט אַ פֿריילעך פּנים אַ געשריי געטאָן צו איר מאַן, אַ שוואַרצער ווי אַ ציגײַנער, וועלכער איז געזעסן אין דער הייך אויפֿן סטויג היי.

כ'האָב געקוקט אויף זיי און זיך דערמאָנט אַ געוויסן פֿערז: „שאָף אײַן זיך שטוב און ווײַב צו ערשט, און אויך אַן אָקס צום אַקער".

אַ נידעריקער און דאַרער יונגערמאַן, ביז דער העלפֿט אַן אַנטבלויזטער, איז געשטאַנען אין דער טיר פֿון זײַן שטוב און האָט געפֿינגערט אַ וואַנצע. זײַן שכן קענגן איבער האָט געשפּילט אויף אַן אַקאָרדעאָן, שאָקלענדיק מיט די פּלייצעס און די פּיס, און אַ כאַפּטעלע מיידעלעך האָט געטאַנצט קעגן אים מיט משונהדיקע פּנימלעך, שמייכלענדיקע און שעמעוודיקע גלײַכצײַטיק. אַ פֿאַרשוין מיט הויכע פּלייצעס און אַ באָרד ווי אַ בערגעלע זשאַווערנדיק קופּער איז פֿאַרבײַגעלאָפֿן מיט אַן איבערגעשראָקן פּנים, האַלטנדיק איין דלאָניע אין דער צווייטער.

— איין טראַנטן־טאַסע. — האָט ער אויסגעשטרעקט צו מיר אַ פֿינגער, פֿון וועלכן ס'האָט געטריפֿט בלוט.

אַ פֿרוי, וואָס איז געזעסן אויף די פֿינגער־שפּיצן און געמישט אין אַ טאָפּ, מיט אַ פּנים צעאַקערט מיט פֿאַלדן מחמת ביטערער אָרעמקייט און פֿריצײַטיקער עלטער, מיט שוואַרצע און אויסגעקרימטע פֿינגער, ווי צווײַגלעך פֿון פֿאַרטריקנטן ווײַנשטאָק, האָט זיך געאײַלט מיך צו באַגריסן און מיר לאַנג נאָכגעקוקט. פֿיר־פֿינף געדיכט־בערדיקע מאַנסלײַט זענען מיר פֿאַרבײַגעגאַנגען, ווי עפּעס אַסטראָ־לאָגן, סקאָס־אוים דער גאַס און אַרײַנגעגאַנגען אין דעם בית־מדרש־צריף. אַן אַלטיטשקער, וואָס האָט געגראָבן פֿאַר זײַן שטוב און שטיל געזונגען פֿאַר זיך אַליין, האָט אַוועקגעשטעלט דעם גראָבאײַזן פֿון האַנט, פֿאַרהויבן די באָרוועסע פּיס און אויך זיך אַוועקגעלאָזט אין בית־מדרש אַרײַן.

אָט צו דעם און דעסט גלײַכן האָב איך זיך צוגעקוקט און ביז געווען גוט אויפֿגעלייגט, גלײַך אָט די רו איז נישט בלויז זייערע, נאָר אויך מײַנע, דעם גאַנצן עולמס, און מיר האָבן אַ חלק אין איר.

— איך לעב צווישן מײַן פֿאָלק — האָב איך צופֿרידן אַ שעפּטשע געטאָן צו זיך אַליין.

ווי עפּעס אַ רויטער פֿלעק, אַ מטושטשער און װאַרעמער, האָט זיך באַוויזן פֿון ווײַטן, אין דער טיף גאַס. וואָס ווײַטער כ׳בין געגאַנגען, איז דער פֿלעק גרעסער געוואָרן. ווי דער ווינט וואָלט אים אויפֿגעבלאָזן. ער האָט זיך צעפֿלאַ־קערט און פֿאַרוועבט אין איין געוועב מיטן טומל פֿון דער גאַס און מיט דער הערלעכקייט פֿון דעם טאָג פֿאַר זײַן פֿאַרגיין. כ׳האָב געוואָלט טרעפֿן: אַ ברענענדיקער שײַטער, אַ מאַראַנצן־בוים מיט זײַנע פֿרוכטן, קאָלירטע קליידער אויף אַ שטריק? לסוף האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס׳איז בלויז אַ מיידל אין אַ רויט קאַפּטל. כ׳האָב נאָך איר פּנים נישט געזען, און שוין איז אַרײַן אַן אומרו אין מײַן האַרץ. האָב געטראַכט וועגן איר און זי אָנגענומען פֿאַר אַ שיינער, אַ ליבלעכער, ווי עפּעס אַ לײַבלעכע, צו וועלכער עס בינדט מיך עפּעס.

שפּעטער, ווען כ׳בין צו איר צוגעקומען, האָב איך אויף איר אַ קוק געטאָן, און ס׳איז טאַקע אַזוי: אַ שיין און ליב מיידל, אַ שוואַרץ־חנעוודיקע און שטראַלנ־דיקע, איר געשטאַלט אַ דינע, די אויגן קלוגע, און דאָס מויל אַ פֿולס און שמייכלדיקס. אַ קליין ציגעלע מיט אַ קליין, פֿאַרריסן עקעלע, מיט הערנערלעך, וואָס הייבן זיך אָן אַרויסצובויערן, פֿאַשעט זיך בײַ אירע פֿיס אין גראָז, לעבן אַ קוקורוזע־בייט, וואָס אַ פֿינף־זעקס געבויגענע זונרויזן זענען אין איר פֿאַרשטעקט.

כ׳האָב זי באַגריסט.

— ווו וווינט דאָ פּרץ מאַכלוף? — האָב איך געפֿרעגט.

— ס׳איז מײַן ברודער! — האָט זי אַ זאָג געטאָן פֿריילעך, ווי פֿאַרוווּנדערט.

— ער וווינט דאָ! אָט איז זײַן שטוב, די צווייטע פֿונעם עק.

—איר זענט זײַן שוועסטער? — האָב איך זי אַרײַנגעצויגן אין אַ שמועס.

— יאָ, יאָ, — האָט זי זיך אויפֿגערעגט. — איך בין זײַן שוועסטער. און ווער זענט איר?

— זײַנער אַ פֿרײַנד.

— זײַנער אַ פֿרײַנד? — האָט זי אַ זאָג געטאָן גינציק און פֿרײַנדלעך.

— כ׳האָב נישט געוווּסט, אַז ער האָט אַזאַ שיינע שוועסטער. — האָב איך זיך דערלויבט צו זאָגן איר עפּעס, וואָס איז נישט אין מײַן שטייגער.

זי האָט מיר גאָרנישט געענטפֿערט, נאָר איז געשטאַנען אַ צעמישטע און צעטומלטע. ווי זי וואָלט אַרויסגעקומען פֿון אַ טיפֿער פֿינצטערניש, איז איר פּנים געהאָנגען אין דער לופֿטן און האָט געלויכטן.

— ווי הייסט איר? — האָב איך זיך באַמיט זי צו פֿאַרווײַלן מיט רייד.

— ראָכעלאַ. — האָט זי מיר געענטפֿערט, ווי אַ קינד, וואָס ענטפֿערט אַן עלטערן פֿון זיך.

וויפֿל זענט איר אַלט? — האָט איך זי ווידער געפֿרעגט, אין סימפּאַטיע צו איר, איינע פֿון די פֿיל פֿראַגעס, וואָס כ׳האָב געהאָט צו פֿרעגן.

— אזוי ווי אַלע. — האָט זי מיר אײַליק געענטפֿערט און זיך איבערגעבויגן איבערן צינעלע, וואָס האָט זיך געריבן אין אירע פֿיס.

— אזוי ווי אַלע?... — האָב איך געלאַכט.

כ׳בין פֿון איר אַוועקגעגאַנגען, און דאָס האַרץ האָט מיר געקלאַפּט, און בין געווען פֿריילעך אויפֿגעלייגט.

כ׳האָב אויפֿגעהויבן די אויגן פֿאַר זיך אויף די ווײַטע פֿעלדער, וואָס זענען אוים ווי געקעסטלט, פֿון פֿאַרשיידענע קאָלירן, און געמורמלט צו זיך אַליין:

— ווי שיין זענען די ווײַטן! ווי הערלעך איז דאָס פֿלאַכלאַנד, ווען דער טאָג נעמט פֿאַרגיין!

# XX

כ׳האָב פּרץ מאַכלופֿן ניט דערווישט בײַ אים אין שטוב. זײַן פֿרוי האָט מיר אַרויסגעטראָגן אַ שטול אין דרויסן, כ׳זאָל זיך זעצן וואַרטן אויף אים.

— ער וועט תּיכּף קומען. — האָט זי אַראָפּגעלאָזט די אויגן — ער איז אין בית־מדרש.

כ׳בין געזעסן צווישן אַ שיכט רויטע פּעפּערלעך און אַ שיכט ציבעלעס, צעשפּרייטע אומעטום: אויף טראַנטעס פֿון אַ טעפּעך, אין אַ צעפֿליקטער זיפּ און צעלעכערט קערבל, ווי אויך אין אַ געלן שוד מיט אַן אויסגעקרימטער נאָז און אָן אַ זויל. לעבן מײַנע פֿיס איז געלעגן אַ זאַטל, אַ הענטל פֿון אַ גראַבאײַזן און צוויי העלפֿטן פֿון אַ ליימענעם טאָפּ.

כ׳האָב געפּרוּווט פֿאַרפֿירן אַ שמועס מיט מאַכלופֿס פֿרוי, אָבער זי האָט מיר געענטפֿערט אויף אַלע מײַנע פֿראַגעס „יאָ, יאָ", „ניין, ניין", ווײַל ס׳פּאַסט נישט פֿאַר אַ מאַנסביל צו רעדן צו פֿיל מיט אַ פֿרוי. זי האָט מיך איבערגעלאָזט און איז געגאַנגען אין קיך אַרײַן צום אָנגעצונדענעם פּרימוס.

דאָס איז געווען אַ קליין און מאָגער ווײַבל, אַ שטילינקס, מיט אַ פּנים, וואָס שימערט ווי האָניק, מיט גרויסע גאַפֿנדיקע אויגן, וואָס זייערע שטערנברעמען זענען דינע, בויגנאַרטיקע, מיט אַ גאָמבעלע, ווי בײַ אַ מיידעלע. ס׳איז נישט נייטיק קיין סך מיט איר צו רעדן, כּדי זי צו דערקענען. ווי מע זאָגט עס: אַ כּשרע ייִדישע טאָכטער. איינע פֿון יענע פֿרויען, וואָס גייען אַרום אויף דער וועלט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, צנועות, גאָטספֿאָרכטיקע און זינדפֿאָרכטיקע, און גאַנצע אָן אַ וועלכן פּגם. מערסטן טייל זענען זיי אָרעמע, און אַלע זייערע יאָרן גייען אַוועק אין צרות, מאַטערן זיך און אַרבעטן איבער די כּוחות, און זייער איינציקע ליכט פֿאַר די אויגן זענען בלויז די קינדער. זיי האַלטן ערלעך זייערע מאַנען, זענען זיי אונטערטעניק, די מאַנען זענען — דער עיקר, און

זיי — אַ בײַזאַך, ווײַל זיי זענען געוואָגט, פֿאַרשטאַנדיק, און האַלטן זיך פֿעסט אומעטום, ווו די מענער קאָנען זיך נישט האַלטן, אין יעדן פֿאַל פֿון סכּנה און בײַ יעדער פּורעניות. מיט זיי איז גרויס דער כּוח פֿון ייִדישן פֿאָלק.

דאָס איז פֿון די באַקאַנטע זאַכן, אַז אויספּיר, וואָס איז בדוק־ומנוסה, און כ'האָב וועגן דעם אין גאַנצן נישט נאָכגעדענקט. כ'האָב אָבער געטראַכט וועגן ראַכעלאַן, אַז ס'איז אַן אונטערשייד צווישן איר שוועגערין און איר: יענע איז אַ ייִדישע טאָכטער, און די אַ טאָכטער פֿון מדינת־ישׂראל. יענע איז עפּעס אַנדערש, און די איז עפּעס אַנדערש.

— זי האָט עמעצן, אָדער האָט נישט? — האָב איך זיך אַליין געפֿרעגט.

האָב זיך גלײַך געכאַפּט און אַ זאָג געטאָן, ווי אַ קלאָרע און זיכערע זאַך:

— חס־ושלום! זי האָט נישט. זיכער נישט.

— און אפֿשר האָט זי עמעצן, וואָס געפֿעלט איר? — האָב איך זיך ווידער אַ מאָל געפֿרעגט.

— אָך, דאָס איז עפּעס אַנדערש. — האָב איך געענטפֿערט.

— זי זעט דאָך אַ סך בחורים.

— ווי געוויינלעך.

— אָט אַ, אַ...

— איז וואָס?

— וואָס הייסט „איז וואָס”? אַ מיידל, ווי אַלע מיידלעך...

— ניין, ניין! נישט ווי אַלע מיידלעך. אַלע מיידלעך זענען קאַליע, און זי אַן אומבאַרירטע.

איר געשטאַלט האָט געפֿלאַטערט פֿאַר מײַנע אויגן און איז פֿון מיר נישט אָפּגעטראָטן: אַ שוואַרץ־חנעוודיקע, אַ מדברדיקע שיינקייט ליגט אויף איר, איז אויסגעגאָסן אין אירע אויגן, אין איר שלאַנקער און דינער פֿיגור, אין איר שמייכל, וואָס פֿלאַטערט צווישן אירע ליפּן, ווי אַ ליכטפֿלעמל אין ווינט, און פֿינקלט אין בליאַסק פֿון אירע ציין, ווי דאָס פֿינקלען פֿון זאַמד קעגן דער זון.

פּרץ מאַכלוף האָט זיך פֿאַרשפּעטיקט מיטן קומען. כ'האָב געוואָלט זיך אומקערן צום רבֿם שטוב, ווי דאָ האָב איך אויפֿגעהויבן די אויגן און דערזען אַנקומען ראַכעלאַן.

— זי קומט... האָב איך אַ שעפּטש געטאָן צעמישט.

אָבער מער ווי איך האָב אַרויסגעשעפּטשעט, האָט זיך געטאָן בײַ מיר אין האַרצן. נאָר כ'האָב נישט געוווּסט וואָס. כ'בין געזעסן אויפֿגערודערט און צעטראָגן און האָב געוואַרט אויף איר.

— וואָס, ער איז נאָך נישט צוריקגעקומען? — האָט זי מיר פֿרײַנדלעך צוגעשמייכלט — נאָך אַ ביסל, נאָך אַ ביסל וועט ער קומען.

דערווײַל איז זי מיר פֿאַרבײַגעגאַנגען אין קיך אַרײַן, צו איר שוועגערין. כ'האָב פֿרײַ אָפּגעאָטעמט.

הגם כ'האָב עס זיך נישט דערקלערט נישט מיט קיין וואָרט און נישט מיט דער מחשבה, האָב איך געוווּסט, אַז זי איז ערשט געקומען בלויז צוליב מיר. דאָס האַרץ האָט עס מיר אונטערגעזאָגט. כ'בין נישט שטאַרק געוואָרן ביי זיך. פאַרקערט, כ'בין געווען ווי אַ צעטראָגענער מענטש, און האָב קיין וואָרט נישט געפונען זיך צו זאָגן, אַפילו קיין מינדסטע מחשבה נישט. ווי עפּעס אַ פאַרגעסעניש האָט זיך אויף מיר אַראָפּגעלאָזן, און כ'בין אַנטבלויזט געוואָרן פון אַלץ, פון דעם וואָס איז געווען און ס'איז דאָ, אי ס'איז מיר אומעטיק, אי ס'איז מיר אָנגענעם, און כ'ווייס נישט וואָס מיט מיר קומט פאָר.

אין אַ קורצער ווייל איז זי צוריקגעקומען. האָט אַריינגעבראַכט אַ קעסטל און זיך געזעצט מיר אַנטקעגן. באַלד פאַרפירט מיט מיר אַ שמועס. גערעדט אַלץ, וואָס איז איר אויפן געדאַנק געקומען, מיט תמימות און אָפנהאַרציקייט, ווי אַ מענטש רעדט מיט זיין פריינד און ליבן חבר. זי האָט אַ פּנים געוואָלט אַראָפּרעדן זיך פון האַרצן, אָדער געוואָלט זיך קלאָר מאַכן דאָס וועלטל אירס.

זי האָט גערעדט איילניק וועגן אירע אייגענע און היימישע ענינים. תחילת, האָט זי מיר דערציילט, האָבן זיי געוווינט אין דער מעברה לעבן פּרדס־חנה. איר פאָטער איז געווען באַשעפטיקט אין אַ פּרדס, און זי ראַכעלאַ, האָט געאַרבעט אין אַ שטוב־ווירטשאַפט ביי אַ ווילער פרוי, אַ פרוי אַ גאָלדן האַרץ, און גוט פאַרדינט. אָבער איר ברודער פּרץ און דריי פעטערס, איר טאַטנס ברידער, זענען אוועק קיין לכיש און האָבן אָנגערעדט איר טאַטן, ער זאָל קומען צו זיי, קיין מישרים, אין זייער גן־עדן אַריין. די סוכנות, האָבן זיי אים געזאָגט, גיט אַלץ: אַרבעט, וואָס קלעקט אויף פּרנסה, אַ שטוב מיט מעבל, באָדן, קי אַ מוילאייזל, הינער. איר טאַטע האָט זיך לאַנגע טעג וועגן דעם איבערגעלייגט. ביז לסוף איז עס אים אַריין אין קאָפּ. האָט גענומען און איז אַוועקגעפאָרן קיין מישרים. דאָס איז געווען אום ווינטער. אין מישרים זענען נאָך קיין הייזער נישט געווען, נאָר צריפים אַז פענצטער און פאָדלאָגעס. זיי זענען געקומען ביי נאַכט. דער וועג איז געווען קאַליע, פול בלאָטע.

— געטראָפן האָבן מיר, — האָט זי וויי‌טער גערעדט — בלויז בלאָטע מיט רעגן און קעלט. מיר האָבן זיך געלייגט שלאָפן אויף דר'ערד, דער ווינט האָט געיאָמערט אין צריף, און דער רעגן האָט געגאָסן אויף אונדז. דעמאָלט האָב איך זיך געטראַכט: „כ'על אַנטלויפן פון דאַנען!" אין דער פרי האָב איך אַ קוק געטאָן דורך דער פענצטערלאָך: מדבר, ס'איז גאָרנישט נישטאָ. גאָרנישט. האָב איך אַ זאָג געטאָן צום טאַטן: דו ווילסט זיך וווינען אין אַ מושב, ווויין זיך, מיך גייט עס נישט אָן. איכ'ל זיך אומקערן קיין פּרדס־חנה, וועל אַרבעטן און נעמען דאָס געלט פאַר זיך, און איר וועט מער נישט הערן פון מיר. איכ'ל זיין ווי שושנה...

— ווער איז שושנה? — האָב איך זי אָנגעצויגן ווייטער צו רעדן.

— פון אונדזער משפּחה.

זי האָט אַ לאַנגע צייט דערציילט וועגן אָט דער שושנה, וועלכע איז וווּנדערלעך שיין, דיק, און אירע האָר זענען געפאַרבט אויף בלאָנד, פיין ווי גאָלד. „ווי

אַז אשכּנזית, אקורא — — אַט ווי אַן אשכּנזית". אירע עלטערן זענען רײַכע לײַט, האָט זי דערציילט, האָבן געבראַכט מיט זיך געלט פֿון אויסלאַנד. און זיי האָבן אַ געוועלב אין יפֿו. אָבער שושנה איז געבליבן אין פּרדס־חנה, אַרבעט בײַ שטובווירטשאַפֿט. האָט אַ צימער פֿאַר זיך אַליין און גיט אויס איר גאַנץ פֿאַרדינסט אויף זיך אַליין, אויף קליידער, שיך, און דאָס איבעריקע לייגט זי אַרײַן אין אַ באַנק. אירע עלטערן גיט זי נישט אַפֿילו קיין איינציקע פּרוטה. ניין! אירע עלטערן זענען פֿרײַער ברוגז געוואָרן און פֿלעגן נישט רעדן מיט איר. דערנאָך דעם האָבן זיי זיך איבערגעבעטן. אָפּגעזוכט פֿאַר איר אַ גוטן שידוך — אָבער זי איז נישט אײַנגעגאַנגען. און זי איז שוין נישט קיין יונגינקע. אַ מויד פֿון צוויי און צוואַנציק. האָבן זיי געשיקט איר פֿרעגן, אפֿשר האָט זי אַ בחור. ניין. זי האָט נישט און וויל נישט קיין שום בחור.

— זי איז אַזאַ שיינע, ווען איר וואָלט זען!... — האָט זי געזאָגט מיט שטילער התפּעלות. — זי קליידט זיך — אַ פּראַכט! אַ זעלבשטענדיקע, אַ קלוגע, רעדט שיין, גייט אין סינעמאַ, אויף פֿאַרזאַמלונגען, רעדעס. נאָר האָט זיך אַרײַנגענומען אַזאַ שיגעון אין קאָפּ! און קיינער פֿאַרשטייט נישט וואָס איר איז ווי עפּעס אַ סוד. אַלע אַכטן זי, אָבער פֿאַרשטייען זי נישט. אַפֿילו די אשכּנזים. איך טראַכט, אַז אפֿשר וויל זי נישט דורך קיין שידוך. זי איז נישט קיין לײַכט מיידל, זי זאָל זיך זוכן אַ טרעפֿונג אויף איין פֿוס. ניין! ניין! זי וויל אפֿשר האָבן סע זאָל זײַן בײַ איר אַן ערנסטער ראָמאַן. איך האָב איר איין מאָל געזאָגט: „שושנה! איך וועל קיינעם נישט דערציילן. זאָג נאָר מיר: וואָס איז מיט דיר?" דעמאָלט האָט זי מיר געענטפֿערט: „איכ'ל גאָרנישט דערציילן. איך וויל נאָר מײַן אייגן לעבן, און גענוג..."

זי האָט איבערגעוואַרט צוויי־דרײַ מינוט און איז געזעסן נאָכדענקענדיק פֿאַר זיך אַליין.

— דאָס איז עס. — האָט זי אָנגעהויבן פֿון דעם אָרט, וווּ זי האָט איבער־געריסן. — דעמאָלט האָב איך געטראַכט וועגן שושנהן. כ'בין געוועזן זיכער, אַז זי וועט מיך צונעמען. איכ'ל גיין אַרבעטן, און זי וועט אַרבעטן, און מיר'ן וווינען צוזאַמען אין איין צימער, און איכ'ל זײַן ווי זי. און טאַקע, דאָ האָב איך נישט קיין אויסקוק אויף קיין אַנדער לעבן. וואָס? וואָס?... וואָס וועט דאָ זײַן? כ'על אַרבעטן ווי אַן אייזל, און דאָס איז אַלץ. די מאַמע איז אַ קרענקלעכע, קאָן נישט אַרבעטן, דער טאַטע איז שוין אַ ביסל אַלט. דאָרט, אין דער מעברה, ווען מיר זענען געווען, אויב ער האָט זיך איין טאָג געפֿילט נישט גוט, איז ער נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט. אָבער דאָ, אין מושבֿ, איז דאָס לחלוטין נישט מעגלעך. אַז מע גייט נישט אַרויס איין טאָג צו דער אַרבעט, האָט מען היזק אַז אַ שיעור פֿונטן... דער טאַטע, אַז ער האָט דעמאָלט געהערט, איך וויל צוריקפֿאָרן קיין פּרדס־חנה, האָט ער געזאָגט: „וואַרט צו. אויב מיר'ן זיך נישט אײַנאָרדענען, 'עלן מיר אַלע פֿאָרן". ער אַליין האָט זיך אויך געפֿילט אָפּגענאַרט...

דער טאג האט גענומען אװעקגײן. ראכעלא האט זיך אנגענומען מיט דער שײן פון דער אונטערגײענדיקער זון, און איז געװארן אין גאנצן דורכזעעװדיק, שײנענדיק מיט זיך טױשנדיקע קאלירן און שימערס, װאס האלטן אין אײן צעשװומען װערן אין זײער שײן. פונדעסטװעגן האט זיך בעת איר שמועסן אפגעטאן פון מיר דאס גאנצע צעמישעניש, װאס האט מיך אין אנהײב ארומ־געכאפט, און מײן שכרות האט זיך אױסגעװעפט. כ׳בין צום זינען געקומען.

כ׳האב אױפגעפאסט א פרײען מאמענט און זי א פרעג געטאן:

— איר לערנט אױף אװנט־קורסן?

— װען לערנען? — האט זי זיך אײנגעבױגן, ארײנגעטאן די הענט צװישן די קני און איז געזעסן א מידע. — איך האב נישט קײן געדולד דערױף.

— פונדעסטװעגן װאלט כדאי זײן איר זאלט לערנען. — האב איך זי צוגערעדט. — װעט איר צום װײניקסטן קאנען לײענען און שרײבן. שפעטער, װען איר װעט חתונה האבן, װעט איר שױן קײן צײט נישט האבן.

— נישט ריכטיק! — האט זי זיך אױסגעגלײכט. — אױף די אװנט־קורסן זענען דא עטלעכע פארפעלקער. זיצן און לערנען. הײנט איז בכלל אנדערש. די מײדלעך װײסן שױן גארנישט װאס צו טאן. אט האט אײנע א מײדל געזאגט צו איר מאמען, אז אױב זי װעט איר נישט דערלױבן ארױסגײן אין די אװנטן, אדער פארן אום שבת צום ים, װעט זי ארײנשטעקן אײזן אין דער עלעקטרע...

— אזױ? — האב איך איר א זאג געטאן פארװוּנדערט.

— אזױ, אזױ. — האט זי געענטפערט, װי באשטעטיקנדיק. — און ס׳זענען דא מײדלעך, װאס װײסן שױן בכלל נישט װאס זײ װילן! װילן גײן אין קורצע הײזלעך, פארן אױף װעלאסיפעדן און װילן נעמען דאס געלט פאר זיך אלײן און נישט אפגעבן דער פאמיליע. אזױ זענען אלע מײדלעך הײנט. װילן זײער אײגן לעבן. כמעט משוגעים. די מײדלעך הײנט זענען משוגע בײ אונדז אין מושבֿ!

— נו, און איר, ראכעלא? — האב איך זי ראפטאם א פרעג געטאן.

— ערשט װײס איך נישט. — האט זי מיר געענטפערט מיט א שמײכל, א געפלעפטע און נאכטראכטנדיק. — אבער איך מײן, אז בקרובֿ װעל איך אױך משוגע װערן, װי אלע...

אין דעם מאמענט איז פרץ מאכלוף געקומען צוריק פון בית־מדרש און מיט אים א פעקל קינדער, צעפלאמטע און צעטראגענע.

א קוק געטאן און מיך דערזען, האט ער מיר אױסגעשטרעקט די האנט.

— אַה, ברוך הבא בײ אונדז אין שטוב! — האט ער א זאג געטאן פרײנדלעך און מיט א צופרידן פנים.

איך בין געזעסן מיט אים א קורצע װײל און זיך אױפגעהױבן אװעקצוגײן. קענן מײן װילן. נישט צו מײן גונסטן. תּחילת האט ער מיך געװאלט פארהאלטן. װען כ׳האב אים געזאגט, אז איך שטײ אײן בײם רבֿ, האט ער מיך צו רו געלאזן.

— טאײב — גוט, — האט ער א זאג געטאן. — ער איז בילכער פון מיר.

# *xxi*

בײַם רבֿ אין שטוב האָט מען געוואָרט אויף מיר מיטן אָוונטברויט. ווען כ'בין געקומען, האָט מען זיך גלײַך געזעצט צום טיש. אין צווייטן צימער האָבן אַרומגעשטיפּט די קינדער. דער רבֿ האָט געטאָן אַ ווענד דאָס פּנים אין דער ריכטונג צו דער טיר און אַ געשריי מיט אַ באַפעלערישער שטים, גלײַך ער וואָלט ערשט קאָמאַנדירט מיט אַ פּאָלק סאָלדאַטן:

— יעקבֿ, שטיל שטיין! רוטי, שטיל שטיין!

די קינדער זענען געווען פֿיר אין סך־הכּל: איין יינגל, דער בכור, און אַלט געווען איז ער אין גאַנצן זעקס יאָר, און דרײַ מיידלעך. נאָך פֿריִער, איידער כ'בין אַוועקגעגאַנגען צו פּרץ מאַכלופֿן, האָט ער מיר פֿאָרגעשטעלט זײַנע בני־בית.

— פֿיר זענען זיי, מײַנע יוצאי־ירכים, — האָט ער מיר צו וויסן געטאָן — יעקבֿ, אסתּר, רוטי, און עזרא, ועוד ידי נטויה.

ער האָט זיי אַלע דערצויגן אויף זײַן שטייגער: טראַדיציאָנעל — אַרויפֿ־טוענדיק אויף זיי דעם יאָך פֿון מצוות, מיליטעריש — אַרויפֿלייגנדיק אויף זיי אַ שטרענגע דיסציפּלין, און געשלעכטלעך — זיי זאָלן זיך באָדן צוזאַמען אונטער איין טוש. מיט דער צײַט, ווען זיי וועלן אויסוואַקסן, האָט ער מיר פֿאַרזיכערט, וועלן זיי, אם־ירצה־השם, זײַן פֿולקאָמענע מענטשן: געטרײַע ייִדן, אָרנטלעכע בירגער און פֿלײַסיקע ערדאַרבעטער, בראַווע לײַט.

— דרײַ רפֿואות פֿאַרמאָגן מיר, וואָס זענען גוט פֿאַר יעדער קראַנקייט און פּלאָג, — האָט ער מיר געזאָגט — און דאָס זענען: תּורה, ערלעכע בירגערלעכקייט און ערדאַרבעט!

ער האָט הערלעך אויסגעזען, ווען אַט די ווערטער זענען אים פֿון מויל אַרויס, ווײַל זיי זענען געזאָגט געווען מיט שטאָלץ און גלאַנץ, ווי אַ מין געבאָט־אָנזאָג.

אין תוך איז ער געווען אַ מזג־טובֿ, אָבער אַ הייסבלוטיקער, אַן אויפֿברויזנ־דיקער, וואָס וואַרפֿט אַן שרעק אויף זײַנע בני־בית און רעדט מיט אַ הערשערישער און באַפֿעלנדיקער שטים. אויף אים האָט זיך געשיקט צו זאָגן יענעם גרויסן שפּרוך: „אַז יעטוועדער מאַן זאָל זײַן דער הערשער אין זײַן הויז", נישט מער אחשורוש האָט אים אויסגעכאַפּט. אויסער גאַנץ ש"ס און פּוסקים, מיט וועלכע ער איז געווען מלא־וגדוש, האָט ער נאָך שטודירט יוריספּרודענץ אין דער סאָרבאָנע און איז געווען אַ שטרענג פֿרומער ייִד, וואָס איז מדקדק אויף יעדער קלײנער מצווה ווי אויף אַ גרויסער, און אַן אמתער און פֿולקומער אייראָפּעער גלײַכצײַטיק.

קיין לכיש איז ער געקומען נישט צוליב אַ מוז און נישט צוליב פּרנסה, נאָר פֿון זײַן גוטן ווילן וועגן. ווען ער וואָלט געווען זאָרגן פֿאַר זײַן פּרנסה, וואָלט ער געווען געווינט אָדער ווי אַן אַדוואָקאַט אין תּל־אָבֿיבֿ, אָדער ווי אַ רבֿ פֿון זײַן עדה אין יפֿו. איז אָבער אַראָפּגעפֿאָרן קיין לכיש, כּדי צו ווינען צווישן זײַן עולם, צווישן די ייִדישע אָרעמע מענטשן, וואָס פּראַצעווען אויפֿן פֿעלד, צו שטאַרקן זייערע הענט אין אַן ענגער צײַט און זיי זאָגן שטראָפֿרייד, ווען ס'איז נייטיק, זיי אַרויסהעלפֿן מיט אַן עצה און אײַנשטילן קריגערײַען צווישן זיי. און איבער אַלץ, צו לערנען זייערע קינדער תּורה און מחנך זײַן אין מצוות. ווײַל מער ווי ער זיצט אויפֿן כּסא־הרבנות, לערנט ער דאָס קליינוואַרג אין שול, און דער אייבערשטער האָט מצליח געווען זײַן וועג.

— פֿרעגט מײַן ליבהאַרציק ווײַב, וועט זי אײַך זאָגן.

זײַן ווײַב האָט ער שטאַרק אויסגעלויבט הינטער אירע אויגן, אַז זי איז אַ חשובֿע פֿרוי, אַ צנועהדיקע שטובזיצעריןן, און דערציט די קינדער צו מצוות, פֿײַנע מידות און מעשׂים־טובֿים. און ער האָט זי נישט אויפֿגעהערט אויסצולויבן, ביז ער האָט זי אָנגערופֿן „ליבהאַרציק ווײַב".

— מיר זענען גליקלעך דאָ, לויִז? — האָט ער זי אַ פֿרעג געטאָן אויף פֿראַנצייזיש.

— אַ ווי, מישעל! — האָט זײַן ווײַב געענטפֿערט מיט אַ געפּיעשטשעטער שטים — מיר זענען זייער גליקלעך.

זי איז געווען אַ ברונעטע, אַ געוויקסיקע און היפּשע, ווי אַ פֿײַגנבוים, וואָס אירע צווײַגן צעוואַקסן זיך אין אַלע זײַטן, מיט אַ טאָפּעלער גאָמבע און גרויסע אויגן, צעעפֿנטע ווי בײַ אַ קאַלב.

— אַ דאַנק דיר, לויִז. — האָט ער איר ווידער געזאָגט אויף פֿראַנצייזיש.

— געלויבט דער אייבערשטער, מיר האָבן אַ גוט לעבן.

אויף די אַ אַלע מידות זײַנע האָב איך זיך דערקענט פֿריִער, גלײַך ווי איך בין אַרײַנגעקומען צו אים דאָס ערשטע מאָל און האָב פֿאַרבראַכט מיט אים אַ קורצע ווײַל. ערשט, ווען מיר האָבן געענדיקט דעם אָונטברויט, האָט ער חשק געהאַט צו זיצן מיט מיר און אויספּאַקן פֿאַר מיר זײַן גאַנצע קראָם, און גענומען מיר אויסדערציילן ווי עס גייט צו דאָ בײַ זיי אין דאָרף. אַ סך פֿאַרשיידענע זאַכן און ענינים.

איך בין מיד געווען פֿון די טאָג־מאַטערנישן, ס'האָט זיך מיר געגלוסט שלאָפֿן, און זײַנע רייד זענען מיר נישט געקראָכן אין קאָפּ אַרײַן. אָבער ער האָט עס נישט געשפּירט, אָדער געמאַכט זיך נישט שפּירנדיק, איז געזעסן און מיר דערציילט אויספֿירלעך וועגן זאַכן, וואָס האָבן אים פּאַסירט, זיך צעלאָזט און צעשפּרייט וועגן זיי און אַלץ מער זיך אָנגעזעצט אויף מיר.

ווי מיר זיצן אַזוי בײַנאַנד, זענען אַרײַנגעקומען צו אים עטלעכע מענטשן, ווער אויף אַ דין־תּורה, און ווער זיך אַן עצה האַלטן. ער האָט זיי אָפּגעלייגט אויף מאָרגן, זאָגנדיק: ס'איז אים אונטערגעקומען די מצווה פֿון הכנסת־אורחים, און ער האָט קיין צײַט נישט. זיי האָבן איבערגעשטעלט די פּים און שטאַמלענדיק מיט דרך־ארץ געבעטן אַנטשולדיקונג. כ'האָב זיך אויסגעטשוכעט פֿון שלאָף און געכאַפּט מיט זיי אַ שמועס. נישט אַזוי אַ שמועס, ווי קורצע פֿראַגעס: וואָס? און ווי אַזוי? און ווי געפֿעלט זיי לכיש? און צי האָבן זיי נחת־רוח פֿון דעם ישיבֿת־ארץ־ישׂראל? זיי האָבן מיר געענטפֿערט פֿאַרשיידן, יעדער אויף זײַן שטייגער און לויט וואָס ער איז.

איינער האָט געענטפֿערט:

— געלויבט דער אייבערשטער.

און אַ צווייטער:

— דער רשע אַנטרינט נישט פֿון דער האַנט פֿון דעם אייבערשטן. איך בין דאָך שוין דאָ. איז ווער וועט מיך ראַטעווען?

— וואָס? — האָט דער רבֿ אָנגעשטעלט אויף אים די אויגן מיט פֿאַרוווּנדערונג. — איר זענט נישט צופֿרידן? ס'איז אײַך נישט גוט דאָ?

נישט גוט, נישט גוט, — האָט זיך יענער געקוועטשט מיט אַ משונהדיק פּנים.

— באַמן אַללה ואַלמסיח*, נישט גוט.

— אַזוי? אַזוי? — האָט דער רבֿ געקוקט אויף אים מיט צאָרן. — אַן עזות־פּנים אין גיהנום אַרײַן! אַ לאַנגער צונג אויף דער תּליה!

און דערמיט האָט ער זיי אָפּגעפּטרט.

— גייט אײַך געזונטערהייט. — האָט ער זיי געזאָגט. — איר וועט קומען מאָרגן.

זיי האָבן אים אַ קוש געטאָן אין האַנט און זענען זיך אַוועקגעגאַנגען איינער הינטערן אַנדערן, ווי אַ סטאַדאָלע גענדז.

דער רבֿ האָט זיך אומגעקערט צום פֿריִערדיקן און איז ווײַטער געזעסן און מיר דערציילט. איך האָב זיך באַוועלטיקט און פֿאַרהאַלטן די גענעצן, וואָס האָבן מיך געשטיקט אין קעל, און ברייטער צעעפֿנט די אויגן, וועלכע האָבן זיך אַלע מאָל פֿון זיך אַליין פֿאַרמאַכט. אָבער ס'האָט מיר נישט געקלעקט קיין כּוח. עפּעס ווי אַ כמאַרע האָט גענומען מטושטש מאַכן דעם רוים פֿון צימער און דעם רבֿס פּנים, וואָס איז אויסגעצירט מיט זײַן פֿאַנטאַסטיש בערדל, באַווײַזט זיך בסירוגין, אַנטפּלעקט זיך און פֿאַרשווינדט, אַנטפּלעקט זיך

* בײַם גלויבן אינעם אייבערשטן און זײַן משיח.

און פֿאַרשווינדט. ביז ענדלעך בין איך געווען געצוווּנגען אים אַ זאָג צו טאָן דורך אַ גענעץ אין קעל:

— מישרימער רבֿ! איך בעט איבער אײַער כּבֿוד, איך בין מיד...

דאָס דערהערט, האָט זיך דער רבֿ דערשפּירט נישט גוט. האָט געזשײַטלט מיט אַן אויג און געקוקט אויף מיר סקאָס, אַז איך בין נישט יוצא קעגן אים. באַלד האָט ער אויף אַ קול אַ רוף געטאָן צום נאָענטן צימער מיט אַ הערשערישער און באַפֿעלנדיקער שטים:

— לוּיז! בעט אוים פֿאַר גאַסט וועגן.

ס'איז נישט אַריבער קיין קורצע ווײַל, ווי איך האָב זיך געלייגט אין בעט אַרײַן, און ס'איז נישט אַריבער קיין קורצע ווײַל, ווי ס'איז מיר באַפֿאַלן דער שלאָף, און כ'בין אײַנגעשלאָפֿן.

# *xxii*

אויפֿגעשטאַנען גאַנץ פֿרי, האָב איך דעם רבֿ נישט דערווישט אין שטוב. כ׳בין אַראָפּגעגאַנגען אין דרויסן.

דער פֿרימאָרגן איז געווען אַ לויטערער, פֿאַרגאָסן מיט ליכט, אין גאַנצן צעזאָטן. די הײַזער זענען געשטאַנען זייער דײַטלעך, ווי אויסגעגראַווירט אויפֿן בלוי פֿון רוים, באַחנטע, מילדע. יעדעס הויז מיט זײַן שאָטן אין דער זײַט. ס׳האָבן גענומען זיך באַווײַזן מענטשן. פֿון דאָ און פֿון דאָרטן האָט זיך דערטראָגן: אַ גערייד פֿון אַ טאַטן מיט אַ זון, וואָס זענען זיך מתוכּח; אַ וואָרטשענדיקע שטים פֿון אַ פֿרויענצימער; אַ וויינען פֿון אַ קינד; אַ שאַרף און הויך געזאַנג פֿון אַ מיידל, און אַ שענדלעך וואָרט פֿון איינעם, וואָס באַליידיקט אַ צווייטן מיט אַ צונעמעניש.

ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט, ווי די גאַס איז פֿול געוואָרן מיט געפּילדער. דער עולם איז אַרויס צו דער אַרבעט און געגאַנגען אין אַ מישמאַש, יעדער מיט זײַן קלומיק אין האַנט. דער רופֿט, און יענער ענטפֿערט, דער זאָגט אַ וויץ, און יענער לאַכט. די ווײַבער האָבן בונט געמאַכט דעם דאָזיקן מישמאַש מיט זייער קאָלירט אָנטועכץ. בײַ טייל פֿון זיי הענגען זייערע קינדער איז אַ לאַכע אויפֿן רוקן, און אַנדערע לויפֿן די קינדער נאָך באָרוועסע און צעשויבערטע. כאַפּטעם מיידלעך, מאָגערע און באַלײַבטע, מיאוסע און שיינע, זענען געגאַנגען מיט לוסטיקער אײַליקייט און האָבן געפּלוידערט צוזאַמען, ווי אַ פֿולער הויף גענדז.

לעבן דער צרכניה איז אַ פֿרוי אַרויס פֿון איר שטוב, אַ צעשויבערטע און צעכראַסטעטע פֿון פֿאַרנט, און האָט הויך און ביטער געיאָמערט:

— בוה עלה עיסתי אלמאָרא*!

* ווײַ צו מײַן ביטער לעבן.

איר מאַן, אַ פֿאַרשוין מיט ברייטע פּלייצעס און אַ ברייט צעצויגן פּנים, אַז ענלעכס צו אַ פּרצוף פֿון יענע פֿאַנטאַנען־פּרצופֿים, וואָס שפּריצן וואַסער אין די גרויסע שטעט, איז אַראָפּגעלאָפֿן נאָך איר און האָט איר צוגעוואָרפֿן כּלאחר־יד:

— צון אַל די רוחות זאָלסטו גיין!

דער עולם האָט זיך פֿאַרהאַלטן לעבן איר. מ'האָט זי געפֿרעגט:

— וואָס איז געשען?

זי האָט דערציילט פֿון געוויזן אַרויס וועגן אַ געקריג צווישן זיי.

— ער האָט מיך געשלאָגן. — האָט זי געוויזן מיט דער האַנט אויפֿן רוקן און ביטער געהעשעט. — האָט מיך געשלאָגן דאָ און דאָ. די הענט זאָלן אים נאָר צעבראָכן ווערן!

— שקר! — האָט זי דער מאַן אָפּגעלייקנט פֿאַרן עולם.

— בבורא אלסמאדת ואלארץ*! — האָט זיך די פֿרוי געשוווירן.

— דאָס איז אַ געפּעלשעוועטער ליגן. — האָט דער פֿאַרשוין פֿאַרקרימט דאָס מויל שפּאָטיש. — כ'האָב זי נישט אָנגערירט. זי איז טמא...

—יאָ. מיט אַ רימענט! מיט אַ רימענט האָט ער מיך געשלאָגן...

דער עולם איז זיך אוועקגעגאַנגען, גלייך ס'וואָלט גאָרנישט פּאַסירט. די ווייבער האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ, זיך פֿאַרקלאָגט און שעפּטשענדיק גערעדט, נישט נאָר קעגן דעם פֿאַרשוין, וואָס האָט געשלאָגן, נאָר קעגן אַלע מאַנסבלען פֿון דער גאָרער וועלט.

— אללה יכלסכּום קד קלבכּום**!

אין דעם מאָמענט האָט ראַכעלאַ געטאָן אַ שטופּ אַוועק די צוויי־דריי מיידלעך לעבן זיך און, ווי געשליידערט פֿון אַ שטורעם, אַ לאָז זיך אויף דעם מאַן פֿון דער דערשלאָגענער פֿרוי:

— אַזוי פֿירסטו זיך אויף? — האָט זי געשריגן אויף אים. — דאָס איז די גבֿורה דיינע? האדא הגוא אלכּבוד דיאלך, מש חראם עליך***? וואָס מיינסטו זיך, ס'איז דאָ מאַראָקאָ? פֿאַרגעס, כּאַבֿיבֿי! יענע צייטן זענען שוין אַריבער...

דער פֿאַרשוין איז געוואָרן פֿאַרפּלעפֿט, האָט אַ פֿיר געטאָן די אויגן אַרום, ווי איינער וואָס האָט פֿאַרלוירן דעם וועג און שטייט און קוקט זיך אַרום אין וועלכער ריכטונג צו גיין. באַלד האָט ער זיך באַהערשט, אַ קוק געטאָן אויף איר מיט צאָרן און צוזאַמענגעצויגן די זיך באַוועגנדיקע שטערנברעמען.

— זאָל דיין טאַטע פֿון דיר קיין נחת נישט דערלעבן, — האָט ער איר אַ זאָג געטאָן מיט אַ צאָרנדיקער און הייזעריקער שטים — און גאָט זאָל דיך נישט בענטשן. חצופֿהניצע! גיי פֿון דאַנען! זאָלסט שוין אויף דיין טאַטנס קבֿר גיין! האָט זיך צעהירזשעט, ימח שמה! ווערזעט! דיין עסק זיך אָנצונעמען פֿאַר מיין ווייב, האַ?

* ביים באַשעפֿער פֿון הימל און ערד.

** גאָט זאָל אייך פֿאַרגעלטן ווי איר פֿאַרדינט עס.

*** נישטאָ גאָרנישט צווישן אונדז (קיין רוגז).

— מײַן עסק, מײַן עסק! — האָט זיך ראַבעלאַ געוואָרפֿן אַהין און צוריק — ס'איז אונדזער אַלעמענס עסק! מע טאָר נישט שלאָגן! ווער ס'עט שלאָגן, 'עט גײן אין תּפֿיסה אַרײַן...

אירע חבֿרטאָרינס האָבן זי אָנגענומען פֿאַר בײדע אָרעמס און זי בגוואַלד אוועקגעריסן, אַ שווידערנדיקע און זידנדיקע, מיט אַ פֿלאַם־פֿײַערדיק פּנים.

אײנער אַ בחור האָט אויסגעדרייט דאָס פּנים צון איר און אויפֿגעזונגען אַ לידל:

חביבתי, מאַ בינגא עלה מה
ביני ובינך צחבת אַ־סלמה* . . .

דער רבֿ איז געקומען אָנצולויפֿן אין טלית־און־תּפֿילין.

— וואָס? וואָס איז געשען? — האָט ער מיך געפֿרעגט אַ צעמישטער.

כ'האָב אים דערציילט די מעשׂה.

— אַ שאָד. — האָט ער באַדויערט. — כ'האָב געהערט די קולות, בין אָבער געשטאַנען שמונה־עשׂרה. דאָס איז אַוודאי כאַרוש. נישט קײן אַנדערער. כאַרוש, כאַרוש.

כ'האָב אים דערציילט וועגן ראַבעלאַס העלדישקייט, ווי זי אַלײן פֿון צווישן דעם גאַנצן עולם איז אַרויסגעטראָטן קעגן אים, האָט זיך אויסגעטענהט מיט אים, און דעם גאַנצן משׂא־ומתּן זײערן.

— אַך, זי האָט אַ לײבנהאַרץ צו ראַטעווען דעם געדריקטן פֿון זײַן באַדריקער.

— האָט ער אַ הײב געטאָן די הענט אַרויף און שטאַרק באַטאָנט — און איז מקיים דעם „לא תגורו מפּני איש" — איר זאָלט זיך נישט שרעקן פֿאַר קײנעם!

אָבער אײן פּאַסירונג איז אַריבער, און אַ צווייטע איז געקומען. ווי מיר גײען אַזוי מיטן וועג, האָט זיך צו אונדז דערטראָגן פֿון אײנעם אַ הויף אַ געפּילדער, געמישט מיט געבײזער און געבעט. מיר האָבן אַ קוק געטאָן און דער־זען ווי אײנער אַ פּאַרשוין באַפֿאַלט זײַן טראָגעדיק ווײַב און שטופּט זי אונטער פֿון הינטן זי זאָל גײן. דער רבֿ האָט זיך אויף אים צעבײזערט. דער פּאַרשוין האָט צוגענומען די האַנט פֿון איר און איז געבליבן שטײן. מיר זענען צוגע־גאַנגען צון אים.

— וואָס קומט דאָ פֿאָר? — האָט דער רבֿ אַ געשריי געטאָן אויף פֿראַנצייזיש.

האָט זיך דער פּאַרשוין פֿאַרקלאָגט פֿאַר אים, אַז זײַן ווײַב וויל נישט גײן צו דער אַרבעט.

— און אפֿשר איז זי נישט בײַ די כּוחות? — האָט ער אים אַ פֿרעג געטאָן.

— זי איז פֿריש און געזונט, — האָט דער פּאַרשוין געענטפֿערט — נאָר זי וויל בלײַבן אין דר'הײם און מאַכט זיך אַן אויסרייד, אַז זי איז טראָגעדיק.

— וואָס באַדאַרף מען נאָך אַ בעסער עדות־זאָגן, — האָט אים דער רבֿ צוגעדריקט מיט אַ מליצה פֿון די חז"ל — ס'איז דאָך כּרסה בין שיניה!

* צווישן מיר און דיר איז שלום און פֿרײַנדשאַפֿט.

דער פּאַרשוין איז באַשטאַנען אויף זײַנעם און האָט געטענהט, אַז זײַן ווײַב איז געזונט. דער רבֿ האָט זיך אַרײַנגעלאָזט מיט אים אין אַ שמועס און גערעדט מיט בייזן און מיט גוטן.

— סעזאָן פֿון בוימוואָל, ס'איז הײַנט דער סעזאָן פֿון בוימוואָל... — איז דער פּאַרשוין געשטאַנען, ווי אַ באַגזלטער און בדלות־געשטעלטער, מיט אומ־באַהאָלפֿענע הענט.

— גיב מיר דעם שליסל, — האָט דער רבֿ אויסגעשטרעקט צון אים די האַנט פֿון הינטערן טלית — גיב מיר דעם שליסל.

דער פּאַרשוין האָט אַרויסגענומען דעם שליסל פֿון קעשענע און אים דערלאַנגט.

— נעמט! — האָט ער אַ געשריי געטאָן, פֿאַרמאַכנדיק די אויגן און פֿאַר־קרימענדיק דאָס פּנים. — מע דאַרף נישט קיין מושבֿ! מע דאַרף נישט גאָר־נישט!... סע קאָן נישט זײַן קיין מושבֿ אַז דער אַרבעט פֿונעם ווײַב!...

ער האָט זיך באַלד אויסגעדרייט צון אים מיטן רוקן און איז אַנטלאָפֿן, ווי עמעץ אַנטרינט זיך צו ראַטעווען דאָס לעבן.

דער רבֿ האָט דערלאַנגט דעם שליסל דער פֿרוי, וועלכע איז די גאַנצע צײַט געשטאַנען אַ קרעכצנדיקע און קוואַקענדיקע אין דער שטיל.

— נאָט אײַך. — האָט ער איר געזאָגט. — גייט אַרײַן צו זיך אין שטוב און רוט אײַך אויס.

די פֿרוי האָט גענומען דעם שליסל פֿון זײַן האַנט און איז אין שטוב נישט אַרײַנגעגאַנגען, נאָר נאָכגעגאַנגען דעם מאַן, אין דער ריכטונג פֿונעם פֿעלד, אונטערהאַלטנדיק מיט בײדע הענט דעם רוקן, און דער בויך גייט איר פֿאָרויס.

דער רבֿ איז געשטאַנען, נאָכקוקנדיק איר, און האָט אומעטיק געשאָקלט מיטן קאָפּ. אין אַ ווײַליטשקע אַרום איז ער אָוועקגעגאַנגען פֿון דאָרט און האָט זיך אומגעקערט צום בית־מדרש צו פֿאַרענדיקן דאָס דאַווענען.

— נאָך אַ ביסל וועל איך קומען צוריק, — האָט ער מיר געזאָגט — וועלן מיר עסן פֿרישטיק.

איך האָב מיר אַרומגעשפּאַצירט אַליין איבערן פּוסט־געוואָרענעם דאָרף: נישטאָ אין אים, נישט קיין מענטש, נישט קיין בהמה און עוף, נישט קיין בוים און שאָטן, נאָר בלויז עפּעס פֿון דער נאַקעטקייט פֿון אָט דער זון, וואָס גייט איבער בערג און מדבר, אַנטבלויזט, פֿאַרוויסט און מאַכט חרובֿ.

# *xxiii*

**ווען מיר האָבן** זיך געזעצט צום טיש פּרישטיקן, האָט דער רבֿ גענומען רעדן צו מיר, קײַענדיק די מוציא:

— האָט איר שוין געזען?

— געזען, — האָב איך אים געענטפֿערט. — ערשט ווײס איך שוין אַ ביסל, וואָס פֿאַר אַ קלאָפּאָטן מיר האָבן דאָ.

ער האָט זיך באַמיט מיך צו פֿאַרווײַלן מיט אַ שמועס. גערעדט וועגן דער גרויסער מיסיע, וואָס אַ רבֿ האָט הײַנטיקע צײַטן אין לאַנד, און ס'איז נאָך נישטאָ דער טיף רבֿ, וואָס פּאַסט זיך פֿאַר ישׂראל, און ער איז אַ נויטווענדיקייט פֿאַר דער מדינה. דערווײַל האָט ער מיר דערציילט אַ מעשׂה מיט אַן אונגערישן רבֿ אין איינעם פֿון די נאָענטע מושבֿים, אַז ער זיצט על התּורה ועל העבֿודה, אָבער די דאָרפֿסלײַט געניסן נישט פֿון אים גאָרנישט. האָט זיך איין מאָל געמאַכט, אַז זיי האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפֿן. האָט ער געזאָגט צו יענעם אונ־גערישן רבֿ, ס'איז זײַן חובֿ זיך צו באַטייליקן אין דעם עולמס מי. אַזוי ווי זײַן תּורה פֿאַרלאַנגט מען נישט, און אַרבעט האָט ער ווייניק, זאָל ער בעטן בײַם דאָרף, מע זאָל אים געבן פּאַשען זייערע שאָף — האָט ער זײַן עצה נישט אָנגענומען. און נישט נאָר נישט אָנגענומען, נאָר איז אַפֿילו אויפֿגעקאָכט און שטאַרק אין כּעס געוואָרן אויף אים, גלײַך ער האָט געהאַט אַ מיין אים פּוגע בכּבֿוד צו זײַן און אַראָפּזעצן פֿון זײַן גדולה. ער איז אַרויף אויף אים און געשריגן „מאַראָקאַנער" און „שוואַרצער".

— זאָגט זשע מיר, כ'בעט אײַך, — האָט ער, אַנשטעלנדיק אויף מיר די אויגן, מיך געפֿרעגט מיט פֿאַרווּנדערונג — איז עס אַן אומכּבֿוד פֿאַר אַ רבֿ צו פּאַשען שאָף? זענען דאָך אונדזערע אָבֿות, אַבֿרהם, יצחק און יעקבֿ געווען

שאַפּאַסטעכער. און אַזוי האָט זיך נוהג געווען משה רבנו און דוד המלך, עליו השלום.

ווונדערבאַר שיין האָט אויסגעזען זײַן פּנים, ווען ער האָט אַזוי גערעדט. פּיקחות און תּמימות, געוואַלד־געשריי און תּשובֿה, פֿאַרווּנדערונג און שמייכל, און דעסט גלײַכן זאַכן און זייערע קעגנזאַצן האָבן זיך אויסגעגאָסן דערויף אין איין מינע.

כ׳האָב אים געפֿרעגט וועגן דער לאַגע פֿונעם דאָרף און זיינע אײַנוווינער. ער האָט מיר געענטפֿערט:

— כּשורה.

ער האָט אָפּגעוואַרט פֿון איין קײַ צום צווייטן.

— אַוודאי פֿעלן נישט קיין קלאַפּאָטן. ס׳איז נישט ג ע ג אַ נ ג ע ן, אדוני. תּחילת איז נישט געגאַנגען. מענטשן פֿון פֿאַרשיידענע עדהס, איר פֿאַרשטייט. מין־בשאינו־מינו. ס׳זענען דאָ מאַראָקאַנער, און זיי זענען די מערהייט, טרי־פּאָליטאַנער, קורדן. ס׳זענען דאָ אַ ביסל פֿון טאַנזשער, און אַפֿילו אַ ביסל פּערסער און צוויי משפּחות פֿון אינדיע. אל יחסר המזג... — ס׳פֿעלט נישט דער מישווײַן.

אַזוי האָט ער אויסגעלאָזט מיט אַ ווונק און מיט חנעוודיקער ביטערקייט, צי צוליב ליבשאַפֿט צו די עדהס, צי צוליב ליבשאַפֿט צו דער מליצה, וואָס איז אים אײַנגעפֿאַלן.

תּחילת איז נישט געגאַנגען. ניין, אדוני... — האָט ער איבערגעחזרט.

— וואָס איז דער אונטערשייד צווישן זיי? — האָב איך אים איבערגעריסן מיט אַ קליינער און לײַכטער פֿראַגע.

— וואָס?... — האָט ער אָפּהענטיק אַראָפּגעלאָזט דעם גאָפּל און איז געבליבן זיצן געפּלעפֿט.

אָבער באַלד איז ער צו זיך געקומען.

— אַ, צווישן די און יענע?... — האָט ער צוריקגעטראָגן דעם גאָפּל צום מויל — דער צד־השווה בײַ זיי איז, וואָס אַלע זענען זיי פֿײַנע און ווילע, ישׂראל עם קדוש.

כאָטש ער האָט זיי פֿאַרגלײַכט, די מיט יענע, צום גוטן, האָט ער פֿונדעסט־וועגן ווידער גענומען דערקלערן דעם אונטערשייד, וואָס ס׳איז פֿאַראַן צווישן זיי, זייערע שטייגערס און מידות, לויט וועלכע מע דערקענט יעדע באַזונדער. דער מאַראָקאַנער, האָט ער מיר אויפֿגעקלערט, איז אַ מזג־טובֿ, האָט אַ גילדערן האַרץ, שיטערע פֿינגער, חשק צו אַלץ וואָס נאָר די אויגן זעען און אַ ברייטע האַנט. מאַכט זיך אים אַ שׂמחת־מצווה, אַ ברית־מילה, אָדער אַ חתונה, קערט ער אויס די קעשענעס און איז קאַפּאַבל צו פֿאַרקויפֿן יעדע ווערטפֿולע זאַך, וואָס ער פֿאַרמאָגט, דאָס בעטגעוואַנט, און די טעפּעכער, און דאָס מעבל. אָבער! ער איז אַ גרויסהאַלטער, אַ הייסבלוטיקער פֿון דער נאַטור, און ס׳בײַסן אים די הענט. ביי יעדער לײַכטסטער זאַך, בײַ אַ ליאַדע נאַרישער האַמפּערײַ צווישן אים און אַ צווייטן, הייבט אים גלײַך אָן דער מײַוול צו טאַנצן צווישן

די אויגן. ער טוט אין צאָרן אַ וואָרף אַראָפּ פֿון זיך דאָס אייבערשטע, אַ זעץ דאָס היטל אין דר׳ערד, ווערט אויפֿגעטרייסלט און אויפֿגעזאָטן — אַ זידנדיקער טשייַניק! — מוכן־ומזומן צו הרגענען און דערהרגעט ווערן. אַנדערש איז דער טריפּאָליטאַנער, וועלכער האַלט זיך פֿרום ביַי זיַין אמונה און איז מדקדק אין מצוות, שפּלדיק און פֿאַרשלאָסן אין זיך, האַלט זיך דערונטער און האָט אַן איַינגעהאַלטענע האַנט, לאָזט זיך הרגענען פֿאַר אַ פּחות־משווה־פּרוטה, און דער באַטרעף פֿון זיַין גאַנץ לעבן איז נישט מער ווי אַנדערטהאַלבן גראָשן. אָבער ער זויפֿט אַ סך, זויפֿט דאָס וואָס ער טריַיבט אַליין, און ליגט נאָכט־נעכט־לעך שיכּור. אָבער דעריז, האָט ער אַ זאָג געטאָן, זענען אַלע גליַיך: נישטאָ קיין שטוב אין דאָרף, וווּ מע טריַיבט נישט קיין אַראַק און מע שיכּורט זיך נישט אָן.

— און מע שלאָגט די וויַיבער. — האָב איך אים אונטערגעזאָגט.

— און מע שלאָגט די וויַיבער. — האָט ער מיר איבערגעחזרט — דאָס פֿאַרשטייט זיך פֿון זיך אַליין.

פֿון זיי איז ער אַריבער צו די קורדן, — באַליַיבטע און געדיכט־בערדיקע, איַיזן פֿעסטע, און קיינער קאָן זיי נישט ביַיקומען; פּראַסטאַקעס, האָט ער געזאָגט, וואָס האָבן נישט געטאָן קיין שמעק תּורה, זענען קאַרג אויף מצוות, האָבן קינדערישן שׂכל, אָבער טויגן זיך אוים צו יעדער פּראַצע און מי. און פֿון זיי — צו די פּערסער. מפֿונקים, שוואַכע מיט שוואַכע כאַראַקטערן, פֿוילענצער, באַמיִען זיך נישט און טויגן נישט צו גאָרנישט.

באַלד האָט ער אַ פּנים געגומען באַדויערן, וויַיל ער האָט זיך געאיַילט אויסצו־לאָזן:

— סוף־כּל־סוף זענען זיי אַלע גוטע. יעדער האָט זיך זיַין זכות, און ס׳איז נישט קיין אונטערשייד צווישן זיי.

מיר האָבן זיך אויפֿגעהויבן פֿון הינטערן טיש, זענען אַרויסגעגאַנגען אויף דער ווערעאַנדע און געזעסן און געשמועסט ביַינאַנד.

— ווי זעט אוים די לאַגע פֿון די דאָרפֿסליַיט? האָב איך אָנגעהויבן דער ערשטער.

— זייער גוט. — האָט ער מיר געענטפֿערט געלאַסן. — אָט האָט מיַין שכן געקויפֿט אַ שקאַפֿע און געקויפֿט אַ פּערוועסקע פֿאַר אַכט הונדערט פֿונט.

— פֿאַר אַכט הונדערט? ... — האָב איך אָנגעשטעלט אויף אים די אויגן מיט גרוים פֿאַרוווּנדערונג.

— וואָס איז? — האָט ער אויף מיר אַ קוק געטאָן זיַיטיק — וויַיל איר האָט געהערט זיי זיך קלאָגן? פֿאַרשטענדלעך, פֿאַר וואָס נישט? זיי שעמען זיך אַ ביסל, וואָס זיי האָבן געלט. ווילן נישט, אַז אַנדערע זאָלן ווימן. ווילן אַז אַוואַנס...

— און זענען זיי צווישן זיך, — האָב איך אים ווידער געפֿרעגט — לעבן ברידערלעך איינער מיטן אַנדערן?

ער האָט אַ וויַילישקע אַ קלער געטאָן דערוועגן.

— ברידערלעך?... — האָט ער אויסגעצויגן — ברידערלעך לאַוו־דווקא. ס'איז פֿאַראַן קנאה און נישט־פֿאַרגינערישקייט.

דאָ האָט זײַן פּנים אויפֿגעלויכטן מיט אַ ברייטן שמייכל, און ער האָט געזאָגט:

— קנאה איז אַ ווערטפֿולע זאַך, און נישט־פֿאַרגינערישקייט ברענגט נוצן. מײַן שכן האָט פֿאַרזעצט אַ סך פֿאַמידאָרן, גיט דאָס מיר צו חשק זיך צו סטאַרען און פֿאַרזעצן מערער. איך האָב געאַרבעט נאָך צוויי־דרײַ שעה, איז מײַן חבֿר גרייט זיך דעם קאָפּ צו צעברעכן. אַזוי איז עס בײַ אונדז.

דער שמועס האָט גענומען זיך פֿאַרקערעווען אַהין און אַהער, וועגן אַ סך ענינים. פֿון איין ענין צום צווייטן, און צוריק צו די ענינים פֿון דאָרף. דאָס דאָזיקע דאָרף, האָט ער גענומען רעדן, איז נישט גלײַך צו די אַנדערע דערפֿער, ווײַל ס'איז דאָ דעריין, ווי באַוווּסט, אַ סך עדהס, נישט פֿון איין זגאָל. צווישן איין עדה און דער אַנדערער איז נישטאָ קיין שלום, און ס'וועט נישט זײַן קיין שלום צווישן זיי קיין מאָל. און שוין אוודאי נישט צווישן די לעצטע פֿינף־זעקס עדהס פֿון די רעשטלעך פֿון די שיפֿן, וועלכע האָבן זיך צופֿעליק געטראָפֿן אויף איין באַראַזדע. ווען נישט ער, דער רבֿ, וואָלט דאָס דאָרף גלײַך פֿון אָנהייב געוועזן זיך צעוואַקלט און אונטערגעגאַנגען. נישט מער, ער וואַכט איבער זיי.

— איך האַלט זיי פֿעסט אין מײַן האַנט, ווי אַ פֿיש, — האָט ער אויפֿגעהויבן זײַן פֿויסט קעגן מײַנע אויגן, מיר צו ווײַזן, ווי פֿעסט ער האַלט זיי.

ס'זענען פֿאַראַן אַ סך דערפֿער, האָט ער ווײַטער גערעדט, וואָס זענען אַוועק קיין ירושלים און קיין תּל־אָבֿיבֿ, זיי און זייערע ווײַבער און קינדער, און האָבן געשטרײַקט פֿאַר דער סוכנות. בײַ אים האָט מען נישט געשטרײַקט. זיך נישט דערוועגט. תּחילת האָבן די פֿאַרטייען געשאַדנט די דערפֿער. די מכּה פֿון די פֿאַרטייען, אדוני! יעדע איינע האָט בודק געווען איר חלק, אָפּצושנײַדן פֿאַר זיך אַ שטיק אבֿר־מן־החי, אַ שטיק פֿון דער עליה, פֿון דעם „מענטשן־קאַפּיטאַל". מ'איז געקומען אין דאָרף פֿון דעם „פּועל־המזרחי" — האָט ער זיי משלח געווען פֿון דאָרט. זיי האָבן גענומען זיך שפּאַרן מיט אים: „ס'טײַטש? וואָס הייסט? הייתּכן?" — רעדט צו דער וואַנט! „מיר זענען רעליגיעזע, און איר זענט רעליגיעזע". — „איך דערלויב נישט!" „ווער זענט איר עס, וואָס איר שאַלטעוועט איבערן ציבור?" — „איך? דער מרא־דאתרא!"

— און וואָס מיינט איר, אדוני? — האָט ער זיך אײַנגעבויגן אויף אַ זײַט, אַ פּינטל געטאָן און זיך אײַנגעקוקט אין מיר, ווי כ'וואָלט געזעסן פֿון אים אַ מײַל די ווײַט. — זיי האָבן זיך אָפּגעטראָגן און אַוועק, ווי דער טײַוול וואָלט זיי אויסגעכאַפּט.

ער האָט נישט לאַנג אָפּגעוואַרט און צוגעגעבן:

— דאָס איז די מיסיע פֿונעם רבֿ אין דאָרף. אַ וויכטיקע מיסיע, אדוני.

און פֿונדעסטוועגן וויל ער פֿון זיך אַראָפּוואַרפֿן דעם יאָך פֿון רבנות. פֿאַר וואָס? צוליבן „שׂנא את הרבנות" — האָב פֿײַנט דאָס רבנות און צוליב תּיקון־הנפֿש, ווײַל ער פֿלײַסט זיך מתקן צו זײַן די נשמה.

— ס'איז שווער פֿאַרן מענטשן, — האָט ער פֿעסטגעשטעלט אַ כּלל — מתקן צו זײַן אַנדערע און לײַכט מתקן צו זײַן זיך אַליין.

און ער האָט שוין געהאַט באַשלאָסן איבערצולאָזן אַלץ און ווערן אַ פּשוטער ייִד, „ווי איינער פֿון דער פֿאָלקס־מאַסע" צו באַאַרבעטן די ערד און זיך באַנו־גענען מיט דעם וואָס דער אייבערשטער וועט מפֿרנס זײַן, מיט קאַרג ברויט און קנאַפּ וואַסער. אויך זײַן ווײַב איז איינשטימיק דערמיט מיטן גאַנצן האַרצן.

— ערדאַרבעט, — האָט ער אויסגערופֿן מיט התפּעלות — איז מיר צום ליבסטן פֿון אַלץ.

באַלד האָט ער פֿאַרוואָרפֿן די אַ רייד און געוואָנדן דעם געדאַנק צו זאַכן וואָס ער דענקט צו טאָן, מחשבֿות, רעיונות און אידעען אַ סך. ווי אַ שטייגער וואָס? ווי אַ שטייגער צוזאַמענרופֿן אַ קאָנפֿערענץ פֿון רבנים, שׂרי־התּורה און הוראה־זײַלן פֿון דער גאַנצער וועלט, פֿון מזרח און פֿון מערבֿ, זיי זאָלן באַהאַנדלען די באַדערפֿענישן פֿונעם דור און מתקן זײַן גרויסע תּקנות בײַ ייִדן. דערסט גלײַכן אַ קאָנגרעס פֿון פֿילאָזאָפֿן, דענקער, שרײַבער, מענטשן פֿון גײַסט און אַנדערע גאונים און גדולי־ישׂראל, באַשאַנקענע מיט אויסערגעוויינלעכע טאַלענטן און צייכענען זיך אויס מיט טײַערע זעלטענע אייגנשאַפֿטן... צוליב וואָס? צו דערהייבן און פֿאַרשטאַרקן דעם ייִדישן דת, צו פֿאַרטיפֿערן זײַן כאַראַקטער און זײַנע טעאָרעטישע עיקרים, די רעליגיעזע פֿילאָזאָפֿיע, די מיסטיק; אַרײַנ־צוברענגען אין אים אַ לעבנסגײַסט, אַ דינאַמישן גײַסט און אים געשטאַלטיקן לויט די באַדערפֿענישן פֿונעם דור און מאַכן צוגענגלעך פֿאַר יעדן איינעם, ווי ס'פּאַסט זיך פֿאַר אַן אוניווערסאַלן דת. דערסט גלײַכן צו גרינדן אַ ייִדישן מיסיאָן, כּדי צו שאַפֿן אַ סך גרים בײַ ייִדן פֿון אַלע אומות־העולם: איטאַליענער, שפּאַניער, אַמעריקאַנער, יאַפּאַנער, און באַזונדערס פֿון צווישן די געצנדינער אין אַפֿריקע און אויף די ים־אינדזלען.

ער האָט לאַנג גערעדט און איז פֿאַרטאָן געוועזן אין פֿאַנטאַזיעס און חלומות, האַלטנדיק אין איין אָנהויבן. וואָס מער ער האָט אָנגעהויבן, אַלץ מער איז ער אַרײַן אין התלהבֿות און געוואָרן צעקאָכטער. זײַנע אויגן האָבן געבליאַסקעט, דאָס פּנים געפֿלאַמט, און אַ לעפּישער שמייכל שוועבט איבער זײַן מויל...

כ'האָב עטלעכע מאָל געפּרוּווט אים איבעררײַסן, און ס'האָט זיך מיר נישט אײַנגעגעבן. ביז כ'האָב געפּאַקט אַ פּאַסיקן מאָמענט, ווען ער האָט צעעפֿנט דאָס מויל און לאַנג אָפּגעאָטעמט. האָב אים גלײַך אַ כאַפּ געטאָן פֿאַר דער האַנט, זיך צוגעבויגן צו אים און געזאָגט:

— איך גיי...

ער איז געבליבן זיצן, ווי עמעץ וואָס אַן אומגליק איז אים געשען.

— רבי, — האָב איך אים נאָך אַ מאָל געזאָגט — ס'איז שוין צײַט פֿאַר מיר צו גיין.

— צו גיין?... — האָט ער זיך געשטיקט, ווי ס'וואָלט אים אַ ביסן שטעקן געבליבן אין שלונג.

— איר וועט מיר מוחל זײַן, רבי...

— וואוהין?... — האָט ער גענומען זיך וווּנדערן און אַרויסשטאַרצן די אויגן.

— כ'וויל גיין איבער די פֿעלדער און באַטראַכטן די דערפֿער.

— וואָס פֿעלט עס אײַך? — האָט ער אויסגעשטרעקט פֿאַר מיר די הענט מיט פֿאַרוווּנדערונג. — זיצט מיט מיר. מיר'ן געמיטלעך שמועסן. וואָס איז דאָרט דאָ צו זען אויף די פֿעלדער און אין די דערפֿער?

— איך דאַרף גיין. — בין איך באַשטאַנען אויף מײַנעם.

— כ'האָב נאָך נישט מקיים געווען מיט אײַך די מצווה פֿון הכנסת־אורחים!

— אדרבה, איר האָט יאָ מקיים געווען, רבי, און פֿײַן מקיים געווען. און כ'בין אײַך דערפֿאַר זייער דאַנקבאַר.

— און איר האָט נאָך נישט גענאָסן פֿון מײַנע פּלענער און אידעען, בלויז... בלויז... — האָט ער נישט געפֿונען דאָס געהעריקע וואָרט צום מאָמענט.

געזען, ער האָט בײַ מיר גאָרנישט פּועל געווען, האָט האָט זיך ווי אָנגערוקט אַ כמאַרע און איז אַרויף אים אויפֿן פּנים.

ער האָט נאָכגעדענקט אַ ווײַל.

— בלײַבט כאָטש הײַנט. — האָט דער וואָלקן זיך איבערגענומען, און זײַן פּנים האָט אויפֿגעלויכטן. — בלויז הײַנטיקן טאָג.

— ס'איז נישט מעגלעך, רבי.

האָט זיך דער וואָלקן צוריקגעקערט.

— קיין יום־טובֿ פֿאַרקירצט מען נישט. — האָט ער שטיל געזאָגט. — כ'האָב זיך מיט אײַך געפֿרייט, ווי אין אַ יום־טובֿ־טאָג...

זײַנע ווערטער האָבן מיך גערירט. כ'האָב אָבער אַ טראַכט געטאָן און געזען פֿאַר זיך אַ טאָג, וואָס וועט זייער־זייער לאַנג זײַן, און ס'האָט מיר נישט געקלעקט קיין כּוח.

— אַ צווייט מאָל, רבי. — האָב איך אים ווייך געזאָגט. — כ'וועל, בלי־נדר, נאָך אַ מאָל קומען צו אײַך, און מיר'ן זיצן צוזאַמען און . . . און . . .

מיר זענען אַרײַנגעגאַנגען אין שטוב. כ'האָב געזעגנט די רביצן און די קינדער. יענע זענען געשטאַנען מיט פֿאַרגאָסטע פּנימלעך און האָבן געשוויגן, גלײַך אַ בייזער אורטייל דערוואַרט זיי. בלויז אָרא, אַ צוויי־יעריק מיידעלע, האָט מיט איר קליין פֿינגערל געטײַטלט אויף איר בלוזקעלע און געפּלאַפּלט:

— האָב אַ בושקעלע, האָב אַ בושקעלע, האָב אַ בושקעלע...

דערנאָך האָט זי פֿאַרהויבן איר קליידעלע און מיר באַוויזן אירע מײַטקעלעך.

דאָ האָב איך זיך געשיידט מיט זיי און זיך געלאָזט גיין, באַגלייט פֿונעם רבֿ מיט זײַנע בני־בית.

# *xxiv*

כ׳בין אַרויס פֿון דאָרף און האָב זיך אויסגעקערעוועט אויפֿן וועג וואָס פֿירט צום פֿעלד. דאָס איז געווען אַן ערדוועג. בין געגאַנגען אַן אויפֿגערודערטער און פֿריילעכער, און מײַנע אויגן האָבן זיך געקוויקט מיטן געלן זאַמד און די רעדער־צייכנס, ווײַל אין מײַן געמיט איז אויפֿגעקומען דאָס געדעכעניש פֿון מײַנע קינדער־יאָרן. נאָך אין מײַנע קינדער־יאָרן, אַ חדר־ייִנגל, האָב איך ליב געהאַט די אַ וועגן, מיט וועלכע ס׳פֿאָרן בלויז די דאָרפֿסלײַט, פּויערים. בעיקר זענען דאָס געווען זײַטיקע וועגן, שיין מיט זייער קליינקייט, טיילווײַז פֿאַרבאָרגענע אין שאָטנס פֿון ביימער, טיילווײַז ציִענדיק זיך אָפֿן צווישן די גרינע לאָנקעס; זיי פֿאַרמאָגן אין זיך עטוואָס אידילישס, עטוואָס פּאָעטישס, אום פֿרילינג פֿרילינגדיקס, און אום זומער זומערדיקס. איצטער בין איך געגאַנגען מיט אַזאַ וועג אַן אייגענעם, און ער איז מיר זייער און זייער ליב געווען און האָט מיר שאַרפֿער געמאַכט די ליבשאַפֿט צום לאַנד; דורך אים און אויף אים האָב איך באַזונדערס באַנומען, אַז איך געפֿין זיך אין מײַן אייגענעם רשות. די אַ פֿעלדער זענען מײַנע, אָט דער באָדן אונטער מײַנע פֿיס איז מײַנער, און אַלץ וואָס איז דאָ פֿאַראַן פֿון דעם תּהום אין דער ערד ביז דער הייך פֿונעם הימל איז מײַנס. ערפּעס נאָך מער האָט דער וועג מיר געגעבן, מיך געפֿירט צו ראַכעלאַן. כ׳האָב זיך דאָ דערמאָנט אין ראַכעלאַן. ניין, ס׳איז נישט אַזוי געווען. כ׳האָב זיך נישט דערמאָנט אין איר, ווײַל כ׳האָב זי בכלל נישט געהאַט פֿאַרגעסן. נאָר וואָס? זי איז צעפֿלאָסן געוואָרן אין דעם אַלץ, וואָס האָט מיך באַשעפּטיקט אָט דעם גאַנצן פֿרימאָרגן, האָט מיך אָבער באַאומרויִקט אינערלעך, פֿאַרבאָרגענערהייט, מיט אַ ווונק, און אָז אַן אויפֿהער. זי איז עס אויך געווען די, וואָס האָט מיך אַרויסגעצויגן פֿון רבֿם שטוב.

איך האָב נאָכגעגעבן מײַן באַגער און זי באַטראַכט, ווי זי וואָלט געשטאַנען פֿאַר מײַנע אויגן: איר פֿיגור — אַ דינע און איידעלע, ווי אַ ראָר, וואָס באַוועגט זיך נאָך יעדן ווינטל; איר שטראַלנדיק פּנים און מילד און צאַרט גאָמבעלע; דער שניט פֿון איר מויל, אין וועלכן ס'זענען אַנגעוואוּנקען באַגערן, לוסט און שמייכל; אירע שוואַרצע, לענגלעכע אויגן מיט די לײַכטע אויגן־לעפּלעך, וואָס זייער בליק פֿאָרשט און פֿרעגט, ווי זיי וואָלטן וועלן זען עפּעס אומגעוויינלעכס און נישט־פֿאַראַנענס. באַלד האָט מײַן האַרץ אָנגעהויבן פּלאַטערן און קלאַפּן, ווי כ'וואָלט געגאַנגען קעגן אַ גרויס גליק, וואָס דערוואַרט מיך, קעגן אַ זאַך, וואָס קאָן מתקן זײַן מײַן וועלטל.

כ'האָב געמאַכט דעם אָנשטעל, ווי כ'וואָלט זיך וווּנדערן, פֿאַר וואָס איך בין אַזוי אויפֿגערודערט.

— וואָס איז אַזוינס? — האָב איך זיך שעפּטשענדיק געפֿרעגט.

כ'האָב זיך אַרײַנגעלאָזט אין אַ לאַנגן שמועס מיט זיך אַליין.

— וואָס טראָגט עס דיך? — האָב איך געפֿרעגט.

— כ'גיי זיך גלאַט אַזוי, — האָב איך געגעבן אַזוי זיך אַן ענטפֿער — אין פֿעלד אַרײַן.

— בעסער וואָלסטו נישט געגאַנגען, — האָב איך זיך אַליין געעצהט.

כ'האָב אָראָפּגעקערעוועט פֿון וועג, בין אַרויפֿגעגאַנגען אויף אַ פֿרײַען פּלאַץ און זיך אַנידערגעזעצט.

— וואָס זשע? — בין איך געגאַנגען אַרום.

— „ווייסט דאָך, אַז קיין נײַס אין ליבע איז נישטאָ. הייל דײַן קראַנקייט, ווען ס'איז היילונג נאָך פֿאַראַן". — האָב איך רעציטירט פֿון אַן אַלט ליד, כאָטש ס'האָט אויף מיר קיין אײַנדרוק נישט געקאָנט מאַכן, און אפֿשר דווקא צוליב דעם.

— איך מעג אויף זיך שטעלן. — האָב איך זיך אָנגענומען מיט אַ סך העלדישקייט.

— „דערווײַטערסט זיך פֿון אמת, ווי סע איז צום הימל ווײַט, דײַן גאַנצן לעבנסוועג". — האָב איך זיך געוויילט, צוליבן אויבן דערמאָנטן מאָטיוו, מיט אַ פֿערז, וואָס איז מיר אַרויף אויפֿן זינען.

— אַ געפֿרגווטער, אַ באַהאַוונטער און געריבענער, און ביסט נאָך אַלץ נישט קלוג געוואָרן. ווייסט פֿון קיין בושה נישט! באַגייסט ווידער און אָבער דעם זעלבן פֿעלער, דאָס לעצטע מאָל, ווי דאָס ערשטע.

כ'האָב אָנגענומען פֿאַר גערעכט די שטראָף. אָבער אין האַרצן געטראַכט, כאָטש נישט אַפּירגעבראַכט אויף די ליפּן: „ס'איז מיר אַ שאַנד, אָבער וואָס קאָן איך טאָן? איך קאָן זיך נישט ענדערן".

די היץ איז געשטיגן און געשטאַנען אַ שטאַרקע, ווי אַ בײַטאָגיקע. ס'איז געווען שטיל אַרום. אַ גלאַטער איז דער פֿליִין געלעגן קעגן דער זון. נישטאָ אויף אים גאָרנישט, אויף וואָס זיך אָנצולענען: נישט קיין בערגל און נישט

קיין פֿעלדז און בוים. נישטאָ קיין מינדסטער שאָטן. אויך דער וועלטרוים זעט אויס ווי אַ נאַקעטער.

כ'בין געזעסן לעבן אַ טרוקענעם דאָרן, אין גאַנצן אַן אויסגעהאַמערטער, ווי אַ מין קונסט־קעגנשטאַנד, און שימערירט, ווי אַ זילבערנער. בײַ מײַנע פֿיס האָבן זיך געוואַלגערט פֿאַרטריקנטע גראָזן און פֿאַרוועלקטע בלומען, אַרומגענומענע מיט אַ סך שפּיצלעך און תּגין, ווי יענע וואָס אין אַ ספֿר־תּורה. פֿײַערפֿונקען האָבן געצונדן די לופֿט. שפּרינג־הײשעריקן האָבן געצירקעט. פֿראַנטלעך זענען איבערגעפֿלויגן פֿון אָרט צו אָרט און געמאַכט ווימלען די שטעכלקעס מיט זייערע פֿלינקע און שאַרפֿע צוויטשערײַען.

ס'האָבן מיך געפֿירט מײַנע מחשבֿות, און כ'האָב געטראַכט זאַכלעך און נישט־זאַכלעך, וואָס ס'ליגט זיך אויפֿן שכל און וואָס ליגט זיך נישט אויפֿן שכל, כ'וואַקל זיך צווישן יאָ און ניין, ווייניקער ניין און מער יאָ. כּדי עס צו פֿאַררעדן אין געדאַנק, האָב איך גענומען אויסרעכענען ראָכעלאַס חסרונות: אַ קליינע, און צו גרויסע פֿיס; די אויערן, דאַכט מיר, נישט קיין שיינע; איר אויפֿן שמועסן נישט קיין מילדער, אַ פּראָסטאַצקער, און איר באַנעם אַ באַגרע־נעצטער, אַ פֿלאַכער. אַזעלכע צו אַדאָרירן פּאַסט זיך סײַדן פֿאַר אַ שאַפֿער, צי פֿאַר אַ שערער.

כ'האָב געלאָזן דעם שׂטן מקטרג זײַן, ביז ער זאָל פֿאַרלירן די לעצטע כּוחות. נישט מלמד־זכות געווען אויף איר, אויף ראָכעלאַן, זיך נישט אַרײַנגעלאָזט אין אַלע איינצלהייטן פֿון איר שיינקייט און נישט אויסגערעכנט אירע מעלות. בלויז דאָס איינע האָב איך געטראַכט, און אויך נאָר פֿאַרבײַגייענדיק, אַז איר האַרץ איז וואַך פֿאַר יושר און גערעכטיקייט. ווײַל פֿון צווישן דעם גאַנצן עולם, מאַנסביל און ווײַבער, האָט נאָר זי אַליין זיך געכאַפּט פֿאַרפֿירן אַ מלחמה מיטן פֿאַרשוין, וואָס האָט געשלאָגן זײַן ווײַב.

— איז וואָס? — האָט פֿון מיר געחוזקט דער שׂטן־המקטרג — וואָס פֿאַר אַ באַדײַט האָט עס?

— אַז זי פֿאַרמאָגט פֿאָלקס־חכמה, ייִדישן כאַראַקטער.

— פּססס... — האָט דער מקטרג אַ צישע געטאָן אויף מיר מיט אַ טאָן פֿון שפּאָט — פֿון ייִדישן כאַראַקטער! פֿאַר אַ פּרויענצימער איז עס נישט קיין לויב.

די שפּרינג־הײשעריקן האָבן געצירקעט און געצירקעט, ווי זיי וואָלטן וועלן מיך אויפֿהעצן. די פֿראַנטלעך האָבן זיך געוויגט אויף די פֿאַרטריקנטע דערנער־שטענגלעך און געצוויטשערט, ווי זיי וואָלטן וועלן מיר מבֿשׂר זײַן, אַז די וועלט איז גוט און שיין נישט צו דערפֿאַרשן, און אַ גרויסע פֿרייד, אַ וווּנדער־לעכע, אַן אומפֿאַרהאַפֿטע, איז פֿאַרגרייט פֿון מײַנעט וועגן. זיי זענען שוין געווען אַוועקגעפֿלויגן, און זייערע געטשוויטשערײַען האָבן זיך נאָך אַלץ אויפֿגעהאַלטן אין די הוילע דערנער.

כ'האָב זיך אַוועקגעלאָזט מיטן געדאַנק אין ענינים פֿון פֿאַרשיידענעם אינהאַלט און בין איבערגעגאַנגען פֿון זאַכן קלאָרע צו אומקלאָרע און פֿאַרקערט.

דער שׂטן־המקטרג איז פֿון מיר נישט אָפּגעטראָטן און האָט מיר באַוויזן דאָס אַל דאָס בייזע, וואָס וועט זיך אָראָפּלאָזן אויף מײַן קאָפּ פֿון ראַכעלאָס האַנט.

— אָט אַ די גאַנצע מי, וואָס טויג זי דיר? — האָט ער אַרויסגעשטעלט אַ טענה, וואָס לייגט זיך אויפֿן שׂכל. — ס'איז דאָך אַ צופֿאַל, נישט קיין מוז און צוועק, בלויז אַ צופֿאַל און אַ שפּיל, און די בעסטע פֿון אָט אַזעלכע — פֿאַרדינען גיהנום!

די מחשבֿות, די זון און דאָס ליכט, וואָס האָט מיך געשלאָגן און געבלענדט די אויגן, האָבן מיך אויסגעמאַטערט. כ'בין אָפּגעשוואַכט געוואָרן, די הענט האָבן זיך מיר אַראָפּגעלאָזן, דער זינען האָט זיך מיר צעמישט, און ראַכעלאַ האָט זיך מיר גענומען ווײַזן אַ מטושטשע. ס'איז זי, און נישט זי, אַ באַשטימטע און אומבאַשטימטע. עפּעס ווי אַ מין שטענגל, וואָס שפּראָצט אַרויס פֿון דער ערד, איינס פֿון די צענער טויזנטער ערדגעוויקסן, אַ נישט־אָנזעעוודיקס צוליב זײַן קליינקייט און דריבנעקייט, עקסיסטירט לויטן געזעץ פֿון דעם דאָזיין און זײַן תּכלית, וואַקסט אַרויס פֿון דור צו דור, פֿון תּקופֿה צו תּקופֿה און פֿאַר־שווינדט נישט פֿון דער וועלט.

כ'האָב פֿאַרוואָרפֿן הינטער זיך די מחשבֿות, די אַלע ספֿקות און זיכערקייטן מײַנע. אָפּגעריסן אַ ווילדן זאַנג, וואָס איז מיר אונטער דער האַנט געקומען, און אָפּגעמאַכט זיך לויט אים, אַז אויב ס'וועט מיר אַרויסקומען זײַן צאָל אויף „יאָ", וועל איך גיין זוכן ראַכעלאַן, און אויב ס'וועט מיר אַרויסקומען אויף „ניין" — נישט. כ'האָב גענומען דעם זאַנג צווישן די פֿינגער און געציילט די שטרויפּיצן, אַ שטרוישפּיץ — יאָ, און אַ שטרוישפּיץ — נישט, ביז לסוף איז מיר אַרויסגעקומען „נישט".

כ'האָב זיך נישט־ווילנדיק צעלאַכט.

— דײַן ווײַזן איז אויסגערונען — האָב איך געזאָגט צו זיך אַליין. — שוין צײַט, מײַן פֿרײַנד, שוין צײַט...

געמיינט האָב איך צו זאָגן בלויז, אַז ס'איז שוין פֿאַר מיר צײַט אַוועקצו־וואַרפֿן די גראַנגלעניש, בענקעניש און גלוסטעניש, אַלע האַרץ־לעבצעניש מיט זייער געטומל. אָבער כ'האָב געענדערט דעם זינען דערפֿון, זיך אויפֿגעהויבן און בין אַרויף אויפֿן וועג צו גיין מיט אים אין פֿעלד אַרײַן, ווײַל דער רובֿ פֿרימאָרגן איז שוין געווען אַוועק, און ס'איז שוין צײַט צו גיין.

— סײַ ווי סײַ, — האָב איך גענאַרט זיך אַליין — וועל איך זי נישט טרעפֿן. ווו וועל איך זי זוכן איבער די אַלע פֿעלדער און צווישן אָט דעם גרויסן עולם!

# XXV

נעקומען אויפֿן פֿעלד, בין איך געגאַנגען פֿון איין אָרט אויפֿן צווייטן און געפֿרעגט אויף יובלן.

— ער איז נישטאָ, — האָט מען מיר געענטפֿערט דאָ.

— ער איז נאָך נישטאָ, — האָט מען מיר געענטפֿערט דאָרט.

— וואַרטס אונטער, ער 'עט קומען, ער מוז זײַן דאָ.

די מיידלעך האָבן זיך געכאַפּט, אַז איך מיין נישט יובלן.

— איר זוכט ראַכעלאַן? — האָבן זיי אָפּערגעקוקט צו מיר פֿון צווישן די קוסטעס און געלאַכט. — אָט איז זי דאָרטן, דאָרטן...

כ'האָב זיך געשעמט פֿאַר זיי און געשעמט פֿאַר זיך אַליין.

— ראַכעלאַ?... — האָב איך אָנגעשטעלט אַ פּנים פֿון אַ תּם. — וועלכע ראַכעלאַ? אַ פּרץ מאַכלופֿס שוועסטער.

— ראַכעלאַ! ראַכעלאַ! — האָט מען גערופֿן פֿון דאַנען און פֿון דאָרטן.

די בחורים האָבן מיר נאָכגעקוקט מיט בייזע פּנימער, גלײַך איך וואָלט זײַן אַ פֿאַרפֿירער און פֿאַרגוואַלטיקער, און זיך געשושקעט וועגן מיר צווישן זיך.

— אדון! אדון! — האָבן די מיידלעך געפּילדערט און געלאַכט. — שאַרט זיך אַוועק. זי האָט אַ חתן!

ס'וואָלט פֿײַן געווען פֿון מיר צו גיין צוריק, און אין האַרצן האָב איך זיך געטראַכט: „ווּהין גייסטו, דו אומגליקלעכער איינער! דײַן גאַנץ לעבן סטאַרעסטו זיך נאָר צו ברענגען צרות אויף זיך אַליין". אָבער! דאָס האַרץ האָט באַוועגט די פֿיס, און כ'בין ווײַטער געגאַנגען. דער צאָרן פֿון די בחורים האָט צוגעהאָלפֿן, און דאָס געלעכטער פֿון די מיידלעך האָט צוגעהאָלפֿן, האָבן געשטאַרקט מײַן ווילן, און ס'דאַכט זיך, דער וועג ליגט פֿאַר מיר אַ גלאַטער און וועט מצליח זײַן. דווקא!

פונדעסטוועגן האָב איך געוואָלט זיי געגאַרן. האָב פאַרקערעוועט אויף רעכטס און פאַרקערעוועט אויף לינקס און בין זיך געגאַנגען פּאַמעלעך, ווי עמעץ וואָס גייט אַרום באַטראַכטן זיינע גיטער. האָב זיך פאַרהאַלטן לעבן אַ אַלטן מאַן, וואָס זיין פּנים איז אַ געמיש פון לייב און מענטש, און בין אַריין מיט אים אין אַן אָפּגעכאַפּטן שמועס. האָב זיך פאַרהאַלטן לעבן אַ מיידל, וועלכע פּאַסט זיך צו זיין אַ מוסטער פון זומער: אַ שוואַרצלעכע און אָפּגעלאָזענע, דאָס פּנים אַראָפּגעהאַנגען מחמת דיקקייט, די אויגן קליינע און שמאָלע, די האָר שוואַרץ און צעשויבערט, דער האַלדז קורץ און צונויפגעלייגט אין צוויי טיפע פאַלדן, וועלכע גייען אָפּ מיט שווייס. אַזוי בין איך געגאַנגען פון אָרט צו אָרט, ביז איך האָב זיך אָנגעשלאָגן אויף ראַכעלאַן.

דערשפּירט מיך, האָט זי זיך דערשראָקן און איז געבליבן שטיין, די הענט אַראָפּגעלאָזט, און די אויגן גרויס.

אויך איך בין געווען אין גאַנצן ווי אַ צעטראָגענער פאַרשוין, גלייך איך שטיי פאַר אַ סכנה.

זי איז גלייך צו זיך געקומען.

— איר זענט נאָך דאָ! — האָט זיך איר פּנים צעשטראַלט און צעשמייכלט מיט אַלע ציין.

— יאָ. כ'בין געקומען זיך מיט אייך געזעגענען. — האָב איך אַ זאָג געטאָן צוליב לייטישע רייד.

— איר פאָרט שוין אַוועק?

— כ'מוז, איך מוז...

ס'איז מיר געווען נישט הענטיק. כ'האָב נישט געהאַט וואָס צוצוגעבן, נאָר איבערגעחזרט:

— כ'מוז, איך מוז.

באַלד האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַ פרייד. אַ שטאַרקע פרייד האָט זיך אַריינגעריסן אין דער פלאַנטערניש פון האַרצן, און ביידע האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין איין געווירבל פון קאַפּשווינדל און באַגייסטערונג. ס'איז מיר טונקל געוואָרן אין די אויגן, און כ'האָב קיין שום זאַך נישט געזען. ווי דורך אַ נעפּל איז צו מיר דערגאַנגען ראַכעלאַס שטים, צוגעשטיקט און וויַיט, ווי אַ ווידערקול, וואָס גייט אויס. כ'בין פאַרשוווּנדן. אויסגערונען. ווי כ'וואָלט געוואָרן אויס. אין איין אויגנבליק, ווייל מער ווי איין אויגנבליק האָט עס נישט געדויערט, האָט זיך די פינצטערניש אַוועקגעראָלט פאַר אַ בלויער און טיפער שיין, און די וועלט איז אַרויפגעשווומען אַ בליאַסקעדיקע, ווי אַ בליץ, אין גאַנצן אַ וווּנדערלעכע, אַ געצוימטע און געשפּאַנטע.

כ'האָב באַטראַכט ראַכעלאַן, די פעלדער אַרום. ריבונו־של־עולם! ווי שיין, ווי הערלעך איז די וועלט! ראַכעלאַ האָט אין גאַנצן געשטראַלט. שיין האָט געפלאַטערט איבער אירע האָר, איבער איר פּנים, וואָס האָט זיך געטונקלט, געצאַפּלט צווישן די ווינעס פון אירע אַפריקאַנישע אויגן, אין ווינקל מויל, וואָס

הייסער אָטעם האָט דערפֿון געוויייעט. זי האָט געשטראַלט צו מיר, געלויכטן מיט דער גלוסטונג פֿון איר פֿרילינג.

כ'האָב זי געפֿרעגט, צי זי שרעקט זיך נישט פֿאַר דעם פֿאַרשוין, וואָס האָט געשלאָגן זײַן ווײַב.

— וואָס האָב איך זיך צו שרעקן? — האָט זי אַ רגע איבערגעריסן איר אַרבעט און איז געבליבן שטיין פֿאַרוווּנדערט.

— ווײַל ס'איז נישט גוט מיט אַזעלכן האָבן צו טאָן. — האָב איך געענטפֿערט.

— אַז אַד און ווי וועט זײַן צו אים, אויב ער וועט זײַן אַ רשע. — האָט זי זיך ווידער גענומען פֿאַר דער אַרבעט, זיך בייגנדיק און איבערגייענדיק פֿון איין קוסט צום צווייטן.

אַ סד און פֿאַרשיידענע מיידלעך, וואָס האָבן געאַרבעט מיט איר אויפֿן פֿעלד, שוואַרצלעכע ווי באַזאַלט, געשטרײַפֿטע מיט קאָלירן פֿון רויטלעכס מיט גרינס, גרינס מיט געלס, ווי די ליים־כּלים, אויסגעגראָבענע אין נאַפֿור און נחל־הערבֿה, האָבן זיך אַרײַנגעמישט אין שמועס.

כ'האָב נישט געלייגט קיין אַכט אויף זיי און זייערע רייד, נאָר זיך צוגעקוקט ווי ראַכעלאַ אַרבעט, ווי זי בייגט זיך אײַן און ווי זי שטרעקט די האַנט צום קוסט און לייגט אַרײַן אין זעקל אויף איר זײַט. האָב באַטראַכט אירע פֿיס, אַז זיי זענען גראָד קליינע — דווקא! האָב אויך אײַנגעזען, אַז אירע אויערן זענען פֿײַנע, און בין געוואָרן מלא־שׂמחה און איר שטאַרק דאַנקבאַר געווען דערפֿאַר.

כ'האָב געוואָלט זאָגן איר אַ ליבוואָרט, נאָר ס'האָט מיר אויסגעפֿעלט דרייסטקייט.

— וואָס מאַכט אײַער ציגעלע? — האָט זיך מיר אומגעריכט אַרויסגעכאַפּט אַ שטות.

— וואָסער ציגעלע? — האָט זי זיך געוווּנדערט אויף מיר.

— דאָס ווײַסע!

— ס'איז נישט קיין ציגעלע, — האָט זי שטיל אַ זאָג געטאָן. — ס'איז אַ שעפּסעלע.

אירע חבֿרטעס האָבן אויסגעשאָסן אַ געלעכטער.

זי האָט אַראָפּגעלאָזט דאָס פּנים צום קוסט און געשוויגן. אין אָט דעם שווײַגן אירן איז געווען חולשות־הדעת און פֿאַרדראָס. אָבער איך האָב געהאַט פֿאַרגעניגן דערפֿון, ווײַל כ'האָב דערין געזען אַ גוטן סימן. ס'זאָל הייסן קלאָמר פֿערשט, אַז זי איז צו מיר געוואָרן ווילגענייגטער און איז פֿאַרענטפֿערלעך פֿאַר מיר.

איך בין באַרוישט געוואָרן. מײַנע מחשבֿות האָבן זיך צעלאָזט בגילופֿין, ווי מע זאָגט, שפּאַנענדיק איבער דעכער.

— פֿרעכטיק! — האָב איך אויסגערופֿן אַנטציקט — פֿרעכטיק!

— וואָס? — האָט זי געשטוינט — וואָס איז פֿרעכטיק!

— אַ פֿרעכטיקער טאָג! און אַזוי אויך אויף דער נשמה מײַנער: פֿרעכטיק!

זי האָט אָנגעשטעלט די אויגן און אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט פֿאַרערונג, בלײַבנדיק שטיין אַן אײַנגעבויגענע. אין דעם מאָמענט האָט זי מיר אויסגעזען, ווי אַ פֿעלד פֿון דורכוים סקאַלעס, פֿול מיט זון, פֿאַרוואָרפֿן מיט באַזאַלט־שטיינער, און וויסטע בערגלעך רינגלען עס אַרום. די „בערגלעך" — דאָס זענען די מיידלעך, וואָס האָבן געאַרבעט צוזאַמען מיט איר.

— איר און דער רבֿ זענט אַ פּאָר. — האָט זי זיך גענומען צוריק צו דער אַרבעט.

זי האָט אָפּגעוואָרט אַ קורצע ווײַל.

— ווי געפֿעלט אײַך דער רבֿ אונדזערער? — האָט זי זיך ווידער אַ מאָל אָנגערופֿן.

— ער געפֿעלט מיר. — האָב איך איר געענטפֿערט.

— ער איז אַ גוטער מענטש. אַ צדיק. גיט אַכטונג אויף דער יוגנט. זאָגט אונדז שטראָפֿרייד.

— אויך אײַך?

— יאָ! יאָ! — האָבן זיך אָנגערופֿן דרײַ מיידלעך פֿאַר אַ מאָל. — ווען זי איז אום שבת געפֿאָרן צום ים, האָט ער זי גערופֿן און אויסגעמוסרט.

— אמת. — האָט זי געשאָקלט מיטן קאָפּ.

זי האָט אָוועקגעקערעוועט אין אַ זײַט און איז ווײַטער געגאַנגען פֿון איין קוסט צום צווייטן. ס'זענען נישט אַריבער קיין עטלעכע מינוט, ווי מיר זענען שוין געשטאַנען אַליין.

זי האָט געשוויגן און גאָרנישט נישט געזאָגט, נאָר פֿלײַסיקער געטאָן איר אַרבעט. דאָס איז געווען אַ שווער שווײַגן, אַ קלעמענדיקס, אַ מאָנענדיקס בײַם האַרצן. דאָס האָט געבראַכט דערצו, איך זאָל נישט געפֿינען קיין איינציק וואָרט פֿון דעם אַלץ, וואָס איך האָב געהאַט אין זינען איר צו זאָגן. פֿאַרשטענדלעך, כ'וואָלט איר לכל־הפּחות געקאָנט זאָגן: „איך האָב אײַך ליב" — וואָס טויגן מיר איבעריקע רייד? אָבער! די דאָזיקע ווערטער וואָלטן נישט אויסגעדריקט וואָס ס'טוט זיך אין האַרצן, דאָס וואָרקענדיקע לעכצעניש אין געמיט.

כ'בין געשטאַנען פֿאַרשטעקט ביז די קני צווישן די בוימוואָל־קוסטעס, דאָס האַרץ זעצט אין מיר. און די אויגן בלאָנדזשען אַרום, ווי איך וואָלט זיך געשראָקן פֿאַר אַן עבֿירה.

דער וועלטרוים איז געהאַנגען, ווי אַ זיפּ, אַ פֿולער מיט זון, דרימל און פֿוילקייט. אַ לײַכט ווינטעלע, אַ נישטיק קליינס, האָט געווייעט און נישט געווייעט, גענלעט דאָס פּנים, געשעפּטשעט, ווי אָפּגעשפּראָכן אַ גוט אויג. דער הימל האָט אָפּגעבליאַקעוועט אין זײַן בלוי און פֿאַרמאַגט אין זיך עפּעס קינדישס. די היץ איז געווען אַ ברענענדיקע, אַ זינלעכע, אַזוי ווי דער מיטנטאָג. אַ ים מיטנטאָג. די צײַט איז פֿאַרשוווּנדן פֿון דער ווירקלעכקייט. עקסיסטירט נישט. נישטאָ קיין צאָל פֿאַר טעג און יאָרן, און וואָס געווען איז נישט געווען, און אַלץ איז פֿאַרגעסן.

כ'האָב פֿאַרמאַכט די אויגן. ווי כ'וואָלט וועלן אַנטרינען פֿונעם האַרמידער פֿון דעם אַ גרויסן און רחבֿותדיקן טאָג אין מײַן אייגענעם רשות־היחיד אַרײַן, אין דעם, וואָס איז פֿאַרבאָרגן און פֿאַרהוילן.

אין אַ ווײַל אַרום, ווען כ'האָב געעפֿנט די אויגן, איז געווען פֿינצטער אַרום, נאַכטיק פֿינצטער. ביסלעכווײַז האָט זיך די וועלט אויסגעקלאָרט. כ'האָב זיך אַרומגעקוקט און געזען ראַכעלאָן אַן אײַנגעבויגענע איבער אַ קוסט, איר האַלדז און דאָס קלייד, וואָס איז צוגעפּאַלן צו איר לײַב.

קעגן איבער האָבן זיך די מיידלעך געשושקעט צווישן זיך. אַ פּנים זיי האָבן געפּלוידערט נאַרישקייטן, ווײַל פֿון מאָל צו מאָל האָבן זיי אויסגעשאָסן אַ גרויס געלעכטער.

— ראַכעלאַ! — האָט איינע געטאָן אַ שטעל קעגן אונדז די האַנט מיט אַ כּאַמסע*, ווי אַ סימן פֿון מזל.

באַלד האָט זי אויסגעשאָסן אַ געלעכטער, און אַלע איבעריקע האָבן מיט־געלאַכט.

— נאַראָנים. — האָט ראַכעלאַ שטיל אַ זאָג געטאָן צו זיך אַליין און שעמעוודיק געשמייכלט.

איידער כ'האָב באַוויזן זיך אַרומצוקוקן, האָב איך דערזען באַשײַמפּערלעך, אַז ראַכעלאַ האָט זיך מיט אַ מאָל עפּעס געענדערט. ס'איז צו נישט געוואָרן עפּעס, וואָס איז געהיים צווישן אונדז געשאַפֿן געוואָרן. ס'האָבן זיך אויסגעלאָזט די כּוונות און די יחודים, די גרענעצלאָזיקייטן און די ספֿקות, און ס'האָט זיך אַנטפּלעקט דאָס ווירקלעכע, דאָס קלאָרע און דאָס ג ע װ י ס ע.

ראַכעלאַ האָט וואָס עס איז גערעדט, אָבער אין אירע רייד איז שוין גאָרנישט נישט געווען.

— ראַכעלאַ... — האָב איך אײַליק אַ מורמל געטאָן און אַרײַנגעלייגט אַלע מײַנע האַרץ־לעכצעניש אין אינעם מורמל פֿון איר נאָמען.

זי האָט זיך אויף מיר נישט אומגעקוקט, נאָר אַוועקגענייגט דעם קאָפּ אויף אַ זײַט, ווי מיט רוגזא.

איך בין געשטאַנען פֿול מיט תּחנונים, שטוינונג און צער, ווי עמעצער וואָס האָט געהאַט שווערע איבערלעבענישן, און ס'איז אים בייזס געשען.

זי האָט זיך אַוועקגעדרייט און איז געגאַנגען פּאַמעלעך, שלײַכנדיק פֿון איין קוסט צום צווייטן, ביז זי איז צוריקגעקומען צון אירע חבֿרטאָרינס.

צוגעקומען, האָט זי געמאַכט צו מיר אַ פֿרײַנדלעך פּנים.

— איז וואָס? — האָט זי מיר פֿרײַנדלעך געשמייכלט. — איר פֿאָרט שוין אַוועק? אַ שאָד...

* פֿינף פֿינגער.

# XXVI

כ'האָב ווידער גענומען זוכן יובלען און אים נישט געפֿונען.

— ער איז נישט געקומען, ער איז נישט געקומען. — האָט מען מיר געזאָגט אויף איין פֿעלד און אַ צווייטן — ער איז היינט נישט געקומען.

איינער אַ פֿאַרשוין, אַ שיינער בחור מיט אַ פֿיינעם געשטעל, איז אָנגעקומען מיטן שטעגל קעגן מיר, מיט אַ שטעקן אין האַנט און רוקזאַק אויף דער פּלייצע.

— קאָן מען קריגן ביי אייך אַ טרונק וואַסער? — האָט ער מיך אָפּגעשטעלט.

— כ'גיי אוים פֿאַר דאָרשט.

— ס'איז דאָ! ס'איז דאָ! דאָרטן און דאָרטן... — האָב איך אים אַ וויַיז געטאָן מיט דער האַנט אויף רעכטס און אויף לינקס פֿון מיר. — ביי יעדן איינעם וועט איר טרעפֿן אַ קרוג וואַסער.

— אַ דאַנק. — האָט ער אָפּגעווישט מיט דער האַנט דעם שוויים פֿון פּנים, פֿאַרהויבן די לאַנגע פֿיס, וואָס האָבן געשטעקט אין קורצע כאַקי־הויזן, און זיך געלאָזט גיין.

— וווּהין גייט איר? — האָב איך אים אַ פֿרעג געטאָן.

— כ'שפּאַציר. — האָט ער, גייענדיק, אויסגעדרייט צו מיר דעם קאָפּ. — כ'שפּאַציר איבערן לאַנד.

— צו פֿוס?

— פֿאַרשטענדלעך.

כ'האָב אַרומגעזוכט איבער אַלע פֿעלדער, און נישט געפֿונען יובלען.

— ער איז נישט געקומען, ער איז נישט געקומען. היינט איז יובל נישט געקומען.

כ'האָב פֿאַרפֿירט שמועסן מיט אַ סך, פֿאַרשיידענע מענטשן, מיט אינסטרוק־טאָרן, אַרבעטער, מאַנסביל און וויַיבער, און זיך באַמיט צו פֿאַרוויַילן זיך מיט

רייך. אָבער מײַן געמיט האָט זיך נישט בארויִקט, און ס'איז מיר געווען שווער און אַנגעזאָלעט אויפֿן האַרצן.

כ'האָב זיך אַנידערגעזעצט בײַם ראַנד פֿון איינעם אַ פֿעלד און געטראַכט פֿאַר זיך אַליין.

— ווי איז דאָס געשען ? ... — האָב איך זיך געפֿרעגט פֿאַרוווּנדערט.

— ד א ס איז כּלל נישט געשען. — האָב איך זיך דערווידערט מיט אַ בייזן ענטפֿער.

כ'האָב זיך גענומען צײַט אַרײַנצוטראַכטן זיך אין דער זאַך, צו דערגיין, וואָס ס'האָט מיך דערבראַכט, איך זאָל זיך באַנעמען מיט ראַכעלאַן נישט אַזוי ווי ס'פֿירן זיך אַלע מענטשן. איז זי נישט שיין ? געפֿעלט זי מיר נישט ? שטייט זי מיר נישט אָן ? ניין ! אדרבה, זי איז שיין און געפֿעלט מיר. איז אויב אַזוי, איז פֿאַר וואָס זשע ? צי האָט מיר דערבראַכט דערצו די תּורה, וואָס כ'האָב געלערנט אין מײַנע קינדער־יאָרן, צי דאָס ביטערניש פֿון גלות און די גרויסע אהבֿת־ישׂראל דאָרט ? צי אפֿשר האָט מיר דערבראַכט דערצו דאָס העברעיִשע לשון, דאָס שטרענגע, דאָס מחמירדיקע און פֿון די וועלטלעכע פֿאַרגעניגנס זיך אָפּזאָגנדיקע, וואָס האָט מיך דערצויגן פֿון מײַן יוגנט אָן אין הייליקייט און זויבערקייט, אין הייליקן דאָס לאַנד און אהבֿת־ישׂראל ? ווי האָב איך געקענט נישט מיטפֿילן און נישט רחמנות האָבן אויף איר, איינער פֿון דעם קיבוץ־גלויות, וואָס איז מיר אומגעריכט צוגעשיקט געוואָרן אויף אַ ייִדיש פֿעלד, אין לכיש ? איך וואָלט דאָך איר געווען דערבראַכט צו אַ מיכשול, סוף־כּל־סוף געווען דערבראַכט צו אַ מיכשול...

אַזעלכס און אַ סך ענלעכס האָב איך אַנגעלאָדן אויף זיך.

כ'בין געשטאַנען און האָב נישט געוווּסט, וווּהין איך האָב צו גיין און וואָס איך האָב צו טאָן. כ'האָב קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט, ווי לאָזן זיך גיין צום כּביש און דאָרט וואַרטן אויף אַן אויטאָבוס.

אָבער פֿריִער האָב איך געוואָלט זען ראַכעלאַן, האָב איך זיך נישט געהײַעט און געלאָזט גיין צו איר.

שוין פֿון ווײַטן האָב איך געהערט דאָס פֿעלד רוישן, ווי אַ בינשטאָק רוישט מיט בינען. און צוגעקומענע, האָב איך דערזען ווי די מיידלעך רינגלען אַרום יענעם יונגערמאַן, דעם פֿאַרבײַגייער, שמועסן היציק צווישן זיך און פּלוידערן צו אים און לאַכן און פֿרייען זיך מיט אים. ער איז אין זײַן גאַנצער גרייס געשטאַנען צווישן זיי, מיט אַ שעמעוודיק פּנים, העכער פֿון זיי אַלע, מיטן שטעקן אין האַנט און דעם רוקזאַק אויף די פּלייצעס, גרייט צו לאָזן זיך אין וועג אַרײַן. ראַכעלאַ איז געשטאַנען דערלעבן, זײַטלענדיק אויף אים מיט די אויגן, טראַכטנדיק עפּעס פֿאַר זיך און אויסזעענדיק צעשטרײַט.

איך האָב זיך דורכגעשטופּט צום אים.

— איר לאָזט זיך ערשט אין וועג אַרײַן ? — האָב איך אים אַ פֿרעג געטאָן.

— יאָ. — האָט ער מיר, זיך אויסקערעווענדיק צווישן צוויי מיידלעך, גע־ענטפֿערט מיט אַ צעמישטן שמייכל.

— באלד?
— תיכּף־ומיד.
— איר וואָלט אַ בעלן זײַן גיין מיט מיר צוזאַמען?
— צוזאַמען? ביטע. — האָט ער געטאָן אַ באַוועג דעם רוקן, אַ צעשאָקל דעם רוקזאַק און אַ הייב אים אַרויף העכער.

כ'בין צוגעגאַנגען צו ראַכעלאָן און זי באַגריסט.

זי האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן סקאָס, ווי אַ נאַטערעוואַטע לאַשיצע. אירע אויגן האָבן געשפּריצט מיט פֿײַער, דאָס פּנים עזותדיק, עקשנותדיק, די ליפּן פֿול און הייס, ווי אויפֿגעשווילט אַ ביסל. זי האָט גלײַך אַראָפּגעלאָזט די אויגן, און איר אַנבליק האָט זיך געענדערט. דאָס פּנים האָט זיך פֿאַררויטלט, די ליפּן נעצוקט, דאָס גאָמבעלע געציטערט.

— שלום, ראַכעלאָ. — האָב איך אַ זאָג געטאָן. — לשנה טובֿה.

— לשנה טובֿה. — האָט זי, אַ שאָקל טוענדיק מיטן קאָפּ צום באָדן, מיר שטיל געענטפֿערט, כּמעט מיט געשעפּטש.

כ'האָב זיך אויסגעדרייט און געלאָזט גיין.

— גייען מיר! — האָב איך אויף אַ צו הויך קול זיך אַ ווענד געטאָן צו מײַן מיטגייער.

ס'האָט נישט גענומען קיין עטלעכע ווײַל, ווי מיר האָבן געריררט פֿון אָרט. מיר האָבן געשפּרײַזט מיט דעם שטעגל איינער הינטערן אַנדערן, איך פֿאָרויס, און מײַן מיטגייער הינטער מיר, און די מיידלעך רוישן אים נאָך, שרײַען צו אים שלום, פֿריילעכע ווערטער מיט פֿאַרשײַט געלעכטער און דרייסטע, שטאַרקע ליבע־אויסרופֿן, וועלכע זיי וואָלטן מסתּם פֿריִער זיך נישט געוועזן דערוועגט אים צו זאָגן אין די אויגן. מיר זענען שוין געווען אַוועק פּונעם פֿעלד, האָבן זיך דערווײַטערט פֿון זיי מיטן אויג נישט צו דערכאַפּן, און אַלץ נאָך געהערט די שטים פֿון איינער פֿון זיי שרײַען:

— בן־י־מי־ין!

מײַן מיטגייער האָט אָנגעהויבן עפּעס צו רעדן, אָבער איך האָב נישט געוווּסט וואָס, זײַנע רייד זענען מיר פֿאַרבײַ די אויערן. אומפֿרײַ און געבויגן בין איך מיר געגאַנגען מיטן שטעגל איינער אַליין. ס'איז מיר געווען אומעטיק אויפֿן געמיט, דאָס האַרץ האָט מיר געקלאַפּט און איז אויסגעגאַנגען נאָך ראַכעלאָן. כ'האָב חשק געהאַט צו פֿאַרקערעווען און גיין צוריק צוּ איר, זי איבערבעטן, געוויינען איר פֿרײַנדשאַפֿט און אַנטפּלעקן איר דאָס גאַנצע האַרץ מײַנס. כ'בין אָבער נישט צוריקגעגאַנגען.

— אומעטיק... — האָב איך שעפּטשענדיק אָפּגעזיפֿצט פֿון האַרץ אַרויס.

— וואָס אומעטיק? — האָט מײַן חבֿר אַ ווענד געטאָן צו מיר דאָס פּנים.

— גלאַט אַזוי... — האָב איך אים געענטפֿערט אַ צעקלעמטער און פֿאַר־טראַכטער. — צו וויסן, אַז ס'איז נישטאָ קיין נײַס אונטער דער זון...

# XXVII

נאָך עטלעכע פֿראַגעס, וואָס כ'האָב געשטעלט מײַן מיטגייער — ווי ס'האָט זיך אויסגעדריקט אַ חכם: ווער? וואָס? אויף וואָסער אופֿן? פֿאַר וואָס? ווי אַזוי? ווען? — איז מיר באַקאַנט געוואָרן זײַן גאַנצע ביאָגראַפֿיע.

ער איז בשעתו געווען איינער פֿון די ווייניקע רעשטלעך קינדער, וואָס זענען געבליבן נאָכן חורבן פֿון די ייִדן אין גלות פֿאַר היטלערס צײַטן. ער האָט דורכגעלעבט אַלע שוידערס פֿון ווינען אין געטאָ, אַקציעס, סעלעקציעס, טראַנספּאָרטן, בונקערס, אַרבעטס־לאַגערן, וועלדער, מאַנאַסטיר. ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט איז ער געקומען קיין ארץ־ישׂראל, אַ ייִנגל פֿון עלף יאָר, אַ יתום אָן טאַטע־מאַמע, אָן ברידער און שוועסטער — איינינקער אַליין אויף דער גאָרער וועלט. פֿיר יאָר האָט ער געלעבט אין ישׂראל, אין מושבֿים און קיבוצים, ביז ס'האָט זיך אים אָפּגעפֿונען אַ מומע אין אַמעריקע, דער מאַמעס אַ שוועסטער. זי איז געקומען צו פֿאָרן און האָט אים פֿאַרנומען מיט זיך פֿון דעמאָלט אָן האָט ער געוווינט אין אַמעריקע. געלערנט אין אַ רבנים־סעמינאַר, אין אוניווערסיטעט, באַקומען סימפּאַטיעס פֿאַר קאָמוניזם, זיך צוריקגעצויגן. איצט איז ער געקומען קיין ארץ־ישׂראל אויף אַ דרײַ־פֿיר חדשים, צו אָבסערווירן עס און פֿאָרשן. העברעיִש געדענקט ער נאָך, רעדט פֿליסיק, און איז אין פֿלוג ווי איינער פֿון לאַנד.

דאָס איז דער קיצור פֿון זײַן ביאָגראַפֿיע, וואָס ער האָט מיר אין גאַנג דערציילט.

אין תּוך אַרײַן פֿאַרמאָגט נישט דער ייִדישער מענטש קיין פּערזענלעכע ביאָגראַפֿיע, אַ גאַנץ און פֿאַר זיך אַליין אָפּגעשלאָסן לעבנס־קאַפּיטל, וואָס איר אינהאַלט איז אויסשליסלעך דער יחיד, זײַן אַנגעבוירענע נאַטור, זײַן אויפֿפֿיר

און זײַן שטייגער, אַנדערע ווי בײַ אַלע מענטשן. נאָר זי איז אַן אָפּשניט פֿונעם כּלל, איין בלעטל פֿון דער ייִדישער געשיכטע, אַ ביסל פֿאַקטן און עטלעכע געשעענישן, וואָס זענען זיך פֿאַרלאָפֿן מיטן כּלל ישׂראל, און אַלץ לויטן מעמד פֿון די ייִדן צווישן די פֿעלקער. שוין אין זײַן פֿאַמיליע־נאָמען גופֿא איז פֿאַראַן עפּעס פֿון געשיכטע, פֿון איר מהות און זינען, איך וואָלט קענען פֿון אים לערנען וועגן אַ סך דורות און דורי־דורות, געקייטלטע איינער אינעם אַנדערן.

אַזוי האָב איך עס אויך געטאָן און געזאָגט מײַן מיטגייער, בנימין אָפּענהיים, אַזוי האָט ער געהייסן: בנימין אָפּענהיים, אַ פּלאַנץ פֿון אַ גרויסער משפּחה אין דײַטשלאַנד, וועלכע האָט פֿון זיך אַרויסגעגעבן פּרנסים, רבנים, שתּדלנים, באַנקירן, שרײַבערס, פּראָפֿעסאָרן, מאָלערס, רײַזנדע. איר אָנהייב שטעקט אין דור פֿון חכמי־לותיר. זי איז געשטאַנען אונטער דער הערשאַפֿט פֿון דוכסים, גראַפֿן, בישאָפֿן, קייסאָרים און האָט זיך באַשעפֿטיקט מיט אויסבאָרגן געלט אויף משכּנות און מיט קאָמערץ. אין יאָר תּתנ״ו זענען אַ סך פֿון אירע זין אומגעקומען אויף קידוש־השם. טייל זענען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אין וואָרמס, און טייל האָבן אָנגעטאָן פּאַנצערס, זיך אַרומגעגורט מיט וואָפֿן, און זענען אומגעקומען דורכן שׂונא אין מײַנץ. טייל זענען געגאַנגען אויף קידוש־השם אין יאָר תּתק״ו, אין יאָר תּתקס״ב, אין יאָר תּתקפּ״א און תּתקפּ״ח, און טייל האָבן אונטערגעצונדן זייערע הײַזער און זייערע שטאָט־קוואַרטאַלן אין סוף אלף־החמישי, דאָס יאָר פֿון דער דערוואַרטער גאולה, וועלכע איז נישט געקומען, און זיך אַליין פֿאַרברענט, כּדי נישט אַרײַנצופֿאַלן אין די גוייִשע הענט. אין די הזכּרת־נשמות־ספֿרים האָט די משפּחה אַ לאַנגע רשימה קדושים, „וועלכע זענען געוואָרן דערמאָרדט, פֿאַרברענט, פֿאַרצוקט, דערשטיקט, געקוילעט, דער־טרונקען, אויפֿגעהאָנגען, גערעדערט, געשלעפּט און לעבעדיקערהייט באַגראָבן, געפּײַניקט מיט גרויליקע יסורים על־יחוד־השם". נישט איין רב בנימין וואָלף איז דאָרט דערמאָנט און נישט איין רב אָשר אַנשל; נישט איין מרת שפּרינץ און די טײַערע יענטליין, די פֿרומע רביצין די גבֿירנטע שיינליין, קריינליין און ריינכען. אַזוי זענען זיי איבערגעגאַנגען, די משפּחה־גלידער, פֿון איין דור צום צווייטן, זענען אַנטרונען פֿון איין מקום אויפֿן אַנדערן און זיך פֿאַרשפּרייט איבער אַלע שטעט אין דײַטשלאַנד: וואָרמס, שפּײַער, מײַנץ, פֿראַנקפֿורט, מאַגדעבורג, רעגענשבורג, און אָנגעשפּאַרט אין האָלאַנד און ענגלאַנד, און זענען דערגאַנגען קיין פּוילן און די שטעטלעך פֿון פּאָדאָליע, וואָלין. און שוין אין פּוילן און אוקראַיִנע — און ווידער קדושים־וטהורים. מאַנסבילן און ווײַבער, בחורים און מיידלעך, זייגקינדער און עופֿעלעך זענען געוואָרן דערמאָרדט, דערשטיקט, לעבעדיקערהייט באַגראָבן און געפּײַניקט מיט גרויליקע יסורים, ביז זייער נשמה האָט זיי פֿאַרלאָזן צו הייליקן גאָטס נאָמען אין יאָר ת״ח אין די הייליקע קהילות נעמיראָוו, טולטשין, פּאָלאָנע, באַר און ווײַטער און ווײַטער.

— אַצינד האָט איר פֿאַרענדיקט דעם קרײַז אין די היטלער־צײַטן. — האָב איך געזאָגט מײַן מיטגייער. — איר, בנימין האחרון פֿון דעם הויז אָפּענהיים.

בנימין האָט מיר דערויף גאָרנישט נישט געזאָגט, נאָר אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און איז געגאַנגען, ווי אַ פֿאַרמאַטערטער, צעבראָכענער און דערשלאָגענער, מיטן רוקזאַק אויף די פּלייצעס, ווי אַ שווערע משׂא, און מיטן שטעקן אין האַנט, ווי אַ וואַנדערשטאַק.

אין אַ קורצער ווײַל אַרום האָט ער אויפֿגעהויבן די אויגן און מיך געפֿרעגט:

— פֿון וואַנען ווייסט איר דאָס אַלץ? די אַלע פּרטים?

— כ׳האָב אײַך שוין פֿריִער געזאָגט: פֿון אײַער נאָמען. — האָב איך אים געענטפֿערט.

ער האָט אַ לאַנגע ווײַל נאָכגעטראַכט און ווײַטער געפֿרעגט:

— און ווער איז געווען דער ערשטער מיטן נאָמען אָפּענהיים?

— ווער?... — האָב איך אָפּגעצויגן דעם ענטפֿער. — ווער?... מסתּם בנימין וואָלף. פֿאַרשטענדלעך אַזוי. „צום אַלטן וואָלפֿן". פֿאַר וואָס נישט?...

— און ס׳זענען געווען נאָך מיטן נאָמען בנימין?

— נאָר ווי דען? ס׳זענען געווען און געווען, ס׳פֿאַרשטייט זיך.

— למשל?

— למשל, דער חסיד דער חבֿר רב בנימין וואָלף, דער זון פֿון דעם קצין, דעם פּרנס און מנהיג הר״ר יהושע יוסף, וועלכער איז געגומען געוואָרן אין געפֿאַנגענשאַפֿט דורך קריגסלײַט לעבן זײַן שטאָט, און מ׳האָט אים אַוועקגעפֿירט אַ געבונדענעם קיין דורקהיים. אויפֿן וועג האָט מען אים אַכזריותדיק געשלאָגן, ווי ס׳איז זייער בייזער שטייגער. און ער איז דאָ געשטאָרבן, גאָט זאָל נקמה נעמען פֿאַר זײַן בלוט.

— און נאָך?

— און נאָך איינער אַ בנימין, וועלכער האָט געשאָכטן זײַן ווײַב אין אַ טאָג פֿון אַ גרויסן איבערפֿאַל. נישט באַוויזן צו שעכטן זיך אַליין, זענען אים די גויִים באַפֿאַלן און האָבן אים אַוועקגעשלעפּט בגוואַלד אין זייער טומאה אַרײַן. אין אַ צײַט אַרום האָט ער זיך צוריקגעקערט צו ייִדישקייט און אָנגעפֿרעגט בײַם מהר״ם פֿון ראָטענבערג, צי ער דאַרף האָבן אַ כּפּרה אויף דער שחיטה, וואָס ער האָט געשאָכטן. אַזוי דרינג איך, אַז דאָס איז געווען בנימין, און האָב מיר מײַן טעם דערבײַ. נאָך איינער אַ בנימין, וועלכער איז געוואָרן תּפֿוס בראש פֿון דרײַצן ייִדן צוליב עלילת־דם, און מ׳האָט זיי געפּײַניקט מיט שרעקלעכע יסורים, געמערדערט און פֿאַרברענט אויף קידוש־השם. די קהילות פֿלעגן האָבן אַ מינהג, זיי מזכּיר־נשמות צו זײַן אום שבת פֿאַר שבֿועות...

— אַ־זוי־וי... — האָט בנימין אויסגעצויגן מיט פֿאַרוווּנדערונג און ווי באַשטעטיקנדיק.

באַלד איז ער אַנטשוויגן געוואָרן. ווי ער וואָלט זיך אַוועקגעלאָזן צו די ערשטע דורות, אין וועלטרוים פֿון דער כּנסת־ישׂראל און זיך מיט איר מתיחד געווען.

אין אַ ווײַל אַרום האָט ער אויפֿגעוואַכט פֿון זײַנע מחשבֿות.

— פֿון דער גאַנצער וועלט האָבן מיר געהאַט איבערצוטראָגן ליידן, — האָט ער שטיל אַ זאָג געטאָן, ווי גערעדט צו זיך אַליין — אויך פֿון גאָט דעם הייליקן האָבן מיר געהאַט איבערצוטראָגן ליידן...

דאָ האָט ער אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ און גענומען מאַכן גרויסע שפּרײַזן, די אויגן פֿאַרריסן, דאָס פּנים הארב, און די נאָז פֿאַרקרימט, ווי אַ מענטש, וואָס גייט פֿאַרבײַ אַן אומריין אָרט. ס'האָט נישט געדויערט קיין ווייניקע מינוטן, ווי מיר זענען אָנגעקומען אין אַ דאָרף.

# XXVIII

מיר זענען אַרײַנגעקומען אין דאָרף נאָענט צום אונטערגיין פֿון דער זון און האָבן דאָרט איבערגענעכטיקט יענע נאַכט.

נאָך מעריבֿ זענען מיר אַ שפּאָרע צײַט געשטאַנען אין דרויסן, לעבן אַ קליינעם בית־מדרש, און האָבן געשמועסט מיט אַ זיבן־אַכט גערדיכט־בערדיקע ייִדן. זיי האָבן צעעפֿנט פֿאַר אונדז זייערע שטיבער און פֿאַרבעטן צו עסן בײַ זיי נאַכטמאָל. נישט צו פֿאַרשאַפֿן זיי קיין טרחא, האָבן מיר זיך אָפּגעזאָגט דערפֿון. די אײַנסטרוקטאָרן האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט אונדז, צוגעגרייט אַן אָרט אויף איבערצונעכטיקן און אַנידערגעשטעלט פֿאַר אונדז פֿון דעם אַלץ, וואָס געפֿינט זיך אין דער צרכניה. ביז שפּעט אין דער נאַכט האָבן זיי אונדז דערציילט וועגן די ענינים פֿון דאָרף. דאָס איז געווען אַ לאַנגע סדרה וועגן אַ געקריג צווישן משפּחות, קליינלעכע אַרומרײַסעניש און פּאַרטייִישער קאָנקורענץ. זאַכן געגנוג באַקאַנטע.

אויף מאָרגן אין דער פֿרי האָבן מיר זיך ווידער געלאָזט אין וועג.

איך האָב געמאַכט בנימינען עפּעס אַ באַמערקונג וועגן דעם דאָרף און זײַנע לײַט.

— איך האָב דאָס געפֿיל, —האָט ער מיר געענטפֿערט, — אַז איך האָב אַ פֿאָלק. מאַסן. פֿון אַלע מינים. בקיצור, אַ פֿ אָ ל ק. אַזאַ געפֿיל האָב איך דאָ, וואָס אין אַמעריקע האָב איך עס נישט געהאַט.

ער האָט אונטערגעוואַרט אַ קורצע ווײַל און צוגעגעבן:

— און אַ פֿאָלק, אַ גוטס...

— און דער עיקר, אַז עס־לא־היה. — ביין איך אים אַרײַנגעפֿאַלן אין די רייד. — מאַראָקאַנער, קורדער, תּימנער, מענטשן, מיט וועלכע מיר האָבן זיך

קיין מאָל נישט גערעכנט, און זיי האָבן ביז היינט נישט געשפּילט קיין שום ראָלע אין לעבן פון יידישן פאָלק.

— אַ גוט פאָלק. — האָט זיך בנימין געהאַלטן ביי זיינעם. — ערדאַרבעטער, מאַנסביל און ווייבער פּראַצעווען אויפן פעלד. נישט קיין ראָמאַנטישע אַרבעטער, נישט קיין אידעאַליסטן, נישט קיין חלוצים. טוען נישט קיין טובות דעם כּלל־ישׂראל. מענטשן פּשוט־כּפשוטו.ממשותדיקע. ווי אויף דער גאַנצער וועלט.

— מיט דער צייט וועלן זיי זיין דער רובֿ־מנין פונעם פאָלק, -- האָב איך אים אונטערגעהאַלטן.

ער האָט זיך נישט אָנגערופן אויף מיין דאָזיקער שטערן־זעערײַ. משמעות, נישט געגומען עס אין אַכט, אָדער אפשר איז עס אים נישט קיין אונטערשייד, מערבֿ, — וואָס איז דער חילוק!

אַזוי האָבן מיר געשמועסט וועגן אַ סך פאַרשיידענע זאַכן, איבערשפּרינגענדיק פון איין ענין צום צווייטן. פון די אַרבעטסדערפער צו די אָנגעלעגנהייטן פון דער מדינה, דערפון צו די שכנותדיקע פעלקער אַרום, דערפון צום נגבֿ, צום אַמעריקאַנער יידנטום, צו רוסלאַנד, און דעסט גלייכן זאַכן, סיי טאָג־טעגלעכע, סיי ווייטע, דערהויבענע.

בנימין איז נישט געווען קיין באַרעדעוודיקער. זיין שמועס האָט זיך געצויגן שווערלעך, פּאַוואָליע. יעדעס וואָרט באַזונדער, שווער און געלאָסן, ווי ער וואָלט עס אַרויסגעריסן פון די טיפענישן פון געמיט. מיט אַן אָפּשטאַנד צווישן איין וואָרט און דעם צווייטן, דער אָפּשטאַנד גרעסער פונעם וואָרט. מיט אַ סך אַרייַנטראַכטעניש און מיט אַ סך קווענקלעניש און איבערלייגונג. פונדעסטוועגן, און אפשר צוליב דעם, איז מיר זיין שמועס געווען אייַנגענעם און ווי פון גרויסן באַדייַט. דער שמועס האָט אַנטשפּראָכן זיין הויכער פיגור, זייַנע צו לאַנגע פּיס, זיין פּנים, וואָס לייַכט מיט ראָזקייט, מיט גרוי פון די אויגן און שולדיקן שמייכל אויפן מויל, ווי אויך דעם רוקזאַק אויף זייַנע פּלייצעס.

די היץ האָט זיך געשטאַרקט. די זון האָט געשלאָגן אין קאָפּ, גלייך ווי שוין פון פרימאָרגן אַן האָט זיך דער מיטנטאָג צעלייגט איבערן פלאַכלאַנד. דער וועלטרוים האָט געשווייבלט מיט פייַלשטויב פון שייַן, גלייך ער וואָלט זיין געלעכערט, ווי אַ רעשעטע, און זיפּן פונקען, וואָס טראָגן זיך אין אַ ווירבלדיקן געדריי. דאָס פלאַכלאַנד האָט געפלייצט מיט געל און גרין. פון ווייַטן האָבן זיך געווייַזט צעוואָרפענע מושבֿים, אַ מושבֿ דאָ, אַ מושבֿ דאָרט, און געבראַכט אויפן זינען די נאַכט מיט אירע שטערן־קאָנסטעלאַציעס. טשובאַטע לאָרכן זענען אונדז פאַרלאָפן דעם וועג אויפן כּבֿיש. פאַשאַשלעד האָבן אַרומגעשווייבלט אין דעם גראָז, ווי מייַזלעך, זיך באַוויזן און זענען כּהרף־עין פאַרשוווּנדן. יאַשטשערקעס האָבן זיך פאַרהאַלטן אין זייער לויף און זענען געבליבן שטיין, ווי ס׳וואָלט זיי באַפאַלן אַ שלאָף. אַ פייגעלע האָט ערגעץ ווו געזונגען; נישט געזונגען האָט עס, נאָר געטרעלט מיט אַ צוגעלעגערט און שוואַך שטימעלע. אויף אַ ווייַטן פעלד זענען געשטאַנען פייגעלעך אין אַ צעשאָטענער שורה אויף

די טעלעגראַף־סלופּעס. צוליב דער ווײַטקייט איז נישט מעגלעך געווען אונטער־צושיידן, צי זענען דאָס שפּערלעך, אָדער קאַנאַפּלינגלעך.

מיר זענען געגאַנגען אַזאַ ציל, גלאַט אין דער וועלט אַרײַן, הנאה האָבנדיק פֿונעם גיין, פֿונעם עצם גיין, וואָס איז פֿאַר אונדז אַ יום־טובֿ, און הנאה האָבנדיק פֿונעם קוקן, פֿון אָט דעם אַ טאָג, וואָס איז ווי אויסגעהאַקט געוואָרן פֿונעם הימל, פֿון דעם וועלטגעשפּרייט, און פֿון אָט דער רחבֿות אַרום, וועלכע האָט נישט קיין דרויסן און האָט נישט קיין אינעווייניק, נישט קיין געשטאַלט פֿון קיין מענטשן און נישט קיין געשטאַלט פֿון קיין שום באַשעפֿעניש, נאָר בלויז לערן חלל, און זון, און תּכלת.

בנימין האָט אָפּגעווישט מיט דער האַנט דעם שווייס פֿון שטערן.

— הייס. — האָט ער אַ זאָג געטאָן זאַכלעך — די זון... אָט דאָס איז אַ שיעור ליכט...

— ס׳פֿאַרבלענדט די אויגן? — האָב איך אים אונטערגעהאָלפֿן.

— נישט נאָר ס׳פֿאַרבלענדט, — האָט ער געצויגן און געסאָפּעט — ס׳מאַכט דול... גאָט ווייסט וואָס. ס׳פֿאַרוואַנדלט זיך כּמעט אין נאַכט־פֿינצטערניש...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן און געגאַנגען אַ ביסל אײַנגעבויגן. ס׳איז נישט אַריבער קיין קורצע ווײַל, ווי ער האָט מיך פֿאַרוווּנדערט מיט אַ פֿראַגע:

— וואָס ווערן דאָ געבוירן מער, — האָט ער געפֿרעגט — ייִנגלעך, אָדער מיידלעך?

כ׳האָב נישט באַוויזן אים צו ענטפֿערן, ווי ער האָט זיך אַליין געענטפֿערט:

— מיידלעך.

ער האָט אויסגעשטרעקט דעם שטעקן קעגן לערן חלל און צוגעגעבן:

— עס האָט אַ שײַכות דערצו, צו אָט דעם קלימאַט...

מיר זענען פֿאַרבײַגעגאַנגען נאָענט פֿון אַ דאָרף און נישט אַרײַנגעגאַנגען.

— ווײַטער! — האָט בנימין געמאַכט מיטן שטעקן אַרויף און אַראָפּ — ווײַטער!

ווי נישט נאָר פֿון דאָזיקן דאָרף אַליין האָט ער בדעה צו גיין ווײַטער, נאָר פֿון דער גאַרער וועלט ווײַטער.

מיר זענען פֿאַמעלעך געגאַנגען און פֿאַרשיידנס געשמועסט, וועגן נאָענטע זאַכן און ווײַטע זאַכן, אַ וואָרט וועגן די גניזה־מגילות און אַ וואָרט וועגן די איסיים און דעם קריסטנטום.

— הייס. — האָט בנימין פֿאַרמאַכט די אויגן און געשעפּטשעט פֿאַרמאַטערט — צו הייס.

ערשט האָט ער אָנגעהויבן רעדן מיט מיר אויף ענגליש, ווײַל ס׳איז אים שווער צו רעדן, האָט ער געזאָגט, עבֿרית אין דער דאָזיקער היץ.

— דער ארץ־ישׂראלדיקער קלימאַט! אָד, דער ארץ־ישׂראלדיקער קלימאַט!...

— האָט ער געקײַקלט מיטן צונג ווערטער, ווי שטיינער, לויטן שטייגער פֿון די אַמעריקאַנער.

לויט אים נאָך פֿאַרמאָגט דער ארץ־ישׂראלדיקער קלימאַט אַ סך אַספּעקטן וויַיטע איינער פֿונעם אַנדערן. אַן אַספּעקט פֿון קדושה, פֿון קודש־קדשים, און אַן אַספּעקט פֿון טומאה; אַן אַספּעקט פֿון פּרישות, און אַן אַספּעקט פֿון הפֿקרות און זנות, פֿון אומבאַרעכנטער, איבערמאָסיקער פּריה־ורביה; פֿון בויען די וועלט, און פֿולשטענדיקן חורבן; פֿון אמתער ליבע צום צווייטן, און גרויסער אכזריות; פֿון גיַיסטיקער פֿריַיהייט, און מענטשלעכע פֿאַרפֿירענישן און משוגעתן. און נאָך, און נאָך.

— פֿון דאַנען, — האָט ער מיר צו וויסן געטאָן, ווי עפּעס אַ זאַך פֿון גרויסן חידוש — זענען אַרויסגעקומען די דריַי גרויסע רעליגיעס, וואָס זענען אַלע איינע און אַזוי אַנדערש איינע פֿון דער אַנדערער, און זיי האָבן עס געשטאַלטיקט די וועלט און געפֿורעמט די מענטשלעכע קולטור.

ער האָט אַ שטיקל וועג געשוויגן און ווידער גענומען רעדן:

— און די אהבֿת־השם... ווען נישט די ייִדן, וואָלט די וועלט נישט געווען געקומען ליב צו האָבן גאָט. דאָס איז נישט פֿון די מידות פֿון אַ בשׂר־ודם. די מידה פֿון אַ בשׂר־ודם איז מ ו ר א צו האָבן פֿאַר גאָט, זיך צו באַהאַלטן, אַנטלויפֿן פֿאַר אים. נאָך מערער, אים פֿיַינט צו האָבן אין האַרצן, פֿאַר וואָס ער גיט אַכטונג אויף אַלע מעשׂים פֿון די מענטשן און באַשטראָפֿט זיי. אַ באַוויַיז פֿאַר דעם זענען די קרבנות, וואָס די מענטשן זענען מקריבֿ פֿאַר אים, די בוקענישן, וואָס זיי בוקן זיך פֿאַר אים, דאָס בעטן ביַי אים רחמים פֿאַר זיך. אדרבה, ווען זיי וואָלטן זיַין אין שטאַנד, וואָלטן זיי אים דערמאָרדט. און דערפֿאַר טאַקע זענען די פֿעלקער זיכער ווענן אונדז, אַז מיר האָבן דערמאָרדט גאָטס זון. די זאַך לייגט זיך זיי אויפֿן שׂכל, און ס'איז פֿאַר זיי אַ פּשוטע זאַך. ס'הייסט... ס'איז פֿאַר זיי פּשוט. יאָ... מ ע ק אָ ן אים דערמאָרדן. ס'הייסט, אַזאַ מחשבֿה איז פֿאַרבאָרגן ביַי זיי אין האַרצן, אַזאַ כּוונה... דאָס איז עס. דאָס איז עס. נישטאָ קיין גרעסערער מיין דערפֿון. ערשט, נאָך זיַין ד ע ר־ מ אָ ר ד ט ווערן, איז גוט און וויל צוצוזען, ווי ער הענגט אויפֿן קרייץ. און אָט די האַרבע און בייזע יסורים זיַינע, הענגענדיק אַזוי אויפֿן קרייץ, איז זיי צום אַנגענעמסטן פֿון אַלץ. דערמיט דינען זיי צו אים. דערפֿון, פֿון דער דאָזיקער זאַך, האָט זיך גענומען די שׂנאת־ישׂראל אויף דער וועלט. און זי לעבט ביז היַינט אין די הערצער פֿון יעדער פֿון די אומות־העולם, באַזיניקט אָדער אומ־באַזיניקט, אַפֿילו פֿון אַ קריסט, אַ קאָמוניסט און אַן אַטעאיסט. זיי זענען נישט אין שטאַנד פֿון איר זיך צו באַפֿריַיען. איר פֿאַרשטייט?... מיר האָבן אָנגעכאַפּט דעם שטריק פֿאַר ביידע עקן. ראשית, וואָס גאָטס זון איז געבוירן געוואָרן ביַי אונדז, ביַי אונדז, און נישט ביַי זיי, און דאָס איז פֿאַר זיי אַ באַליידיקונג, אַ שווערע באַליידיקונג. אויך איך, ווען כ'וואָלט זיַין אויף זייער אָרט, וואָלט געווען צוליב דעם באַליידיקט. כ'וואָלט געווען זייער באַליידיקט. און שנית, האָבן מיר אים זיי דערמאָרדט. ג אָ ט האָבן מיר דערמאָרדט! אַזוי וויַיט איז גרויס אונדזער כּוח...

ער האָט אָנגעשטעלט אויף מיר די אויגן מיט פֿאַרוווּנדערונג און תּמימות. אין אַ ווײַל אַרום האָט ער זיך אומגעקערט צום זײַניקן.

— אָבער! מיר האָבן זיי געלערנט אהבֿת־השם. געלערנט. מיר האָבן זיי געלערנט: „ואהבֿת" — דו זאָלסט ליב האָבן, „בנים אתם לה' אלוקיכם" — איר זענט קינדער צו גאָט אײַער גאָט. זיי האָבן אויך גורם געווען, עס זאָל זײַן בײַ אונדז אהבֿת־השם און אונדז געמאָרדט, ווי מיר זענען באַפֿוילן זיך צו לאָזן דערמאָרדן אויף יחוד־השם אויף יעדן אָרט און צו יעדער צײַט...

אַזוי האָט ער געזאָגט מיט אַן אויסטערלישן שמייכל און שוואַכער שטים, ווי עמעץ וואָס די נאַכט האָט אים געטאָן אַ פֿאַל צו אין וועג.

מיר זענען געגאַנגען און האָבן געשוויגן, יעדער איינער פֿאַר זיך. כ'האָב געמיינט, ער האָט שוין געענדיקט זײַן שמועס. אָבער צום סוף האָט ער נאָך צוגעגעבן מיט אַ נידעריקער שטים, ווי גערעדט צו זיך אַליין:

— אהבֿת־השם איז דאָ פֿאַראַן אין דעם קלימאַט, אין דער לופֿט פֿון דאָזיקן לאַנד. איין מאָל האָב איך זי געזען אין אַ טאָג פֿון אַ כאַמסין... אָפּגעבליאַקעוועטער תּכלת... עפּעס אַזוינס... וואָס אַ מענטש איז נישט אין שטאַנד... ס'איז איבער זײַנע כּוחות.

ער האָט באַדעכלט מיט דער האַנט איבער די אויגן און געקוקט צו די בערג, וואָס זענען געשטאַנען באַגאָסן מיט תּכלת און האָבן געפּראַוועט עפּעס וויזיעס אויפֿן הימל־געשפּרייט.

ער האָט דערשפּירט, אַז איך שטיי, קוק אים נאָך און וווּנדער זיך. האָט ער זיך גלײַך צוגעאײַלט מיך צו פֿאַררעדן וועגן עפּעס אַנדערש.

ער האָט גענומען רעדן אַ פּנים וועגן דעם, וואָס איז אים אין דעם מאָמענט געלעגן אויפֿן האַרצן.

— די מעשׂה מיט ישוּן, וועלכער איז געקרייציקט געוואָרן און אויפֿגעשטאַנען תּחית־המתים... — האָט ער געזאָגט — טרעפֿט אַ מאָל, אַז איך טראַכט זיך, איז לא היה ולא נבֿרא. ס'איז נאָר אַ משל וועגן דעם ייִדישן פֿאָלק, וואָס די אומות־העולם האָבן עס פֿאַרשקלאַפֿט און געפּײַניקט מיט שווערע און ביטערע עינויים, געמאָרדט מיט אַלערליי מיתות־משונות, און לסוף איז עס אויסגעלייזט געוואָרן פֿון זייערע הענט און האָט זיך אומגעקערט אין זײַן לאַנד, ווי אַ מאָל.

און ער האָט זיך נאָך אַלץ נישט באַרויִקט, ביז ער האָט צוגעגעבן, צי גלאַט אין דער וועלט אַרײַן, צי בתּמימות:

— איצט פֿעלט אונדז נישט מער, נאָר משיח זאָל קומען און ברענגען אַ ישועה אויף דער וועלט, שלום און רו צווישן די פֿעלקער...

# xxix

דער רובֿ פֿרימאָרגן איז געווען אַוועק. דער טאָג האָט זיך צעלייגט, פֿונאַנדערגעשפּרייט איבערן פֿלאַכלאַנד, אַרומכאַפּנדיק דעם גאַנצן לערן רוים, אַ פֿאַרגאָסענער מיט תּכלית און איבערפֿולטער מיט געדיכטער היץ, וואָס דערדריקט ביז דערשלאָגנקייט. ס'איז נישט קיין באַשטימטער טאָג, דער וויפֿלטער אין דער וואָך, דער וויפֿלטער אין חודש, נאָר אַ טאָג ווי אַ סטיכיע, ווי אַ דוגמא פֿון אייביקייט.

שווערע, פֿאַרשטויבטע און נאַכלעסיקע זענען מיר געגאַנגען, די אויגן פּינטלענדיקע קעגן דער זון, די אויערן פֿאַרשטויבט, און די פּנימער אָנגעדראָלן.

פֿון צײַט צו צײַט האָבן מיר באַגעגנט מענטשן, וואָס זענען געגאַנגען צוליב זייערע באַדערפֿענישן פֿון איין פֿעלד צום צווייטן. און ווײַל זיי האָבן נישט געקענט קיין עבֿרית, און מיר נישט זייערע פֿיל אַראַבישע דיאַלעקטן, האָבן מיר זיך אָפּגעפּטרט איינער דעם אַנדערן מיט אַ שלום און מיט אַ פּיסנע שמייכל, וואָס זאָגט נישט גאָרניש. פּאַסטעכער מיט זייערע שעפּסן האָבן אונדז געטראָפֿן אין אונדזער גאַנג איבערן פֿעלד. אָט די זענען געווען, נישט ווי זייערס גלײַכן אין דעם געבענטשטן אַרקאַדיע, פֿאַרקרימטע נפֿשות, אין סטיל פֿון קאַלאָ. איינער פֿון אָט די האָט געטריבן זײַנע שעפּסן פֿון אָרט צו אָרט. ער איז געגאַנגען פֿאַר זיי, ווי אַ צאַפּ, וואָס שפּרײַזט פֿאַרויסן, און האָט אַרויסגעלאָזט פֿון מויל אַזעלכע משונהדיקע געבעטן, וואָס פֿון קיין מענטשן הערט מען נישט אַזעלכס, נאָר פֿון שעפּסן. מיר האָבן אים באַגריסט. פֿאַרטאָן אין דעם געבעטשערײַ, האָט ער אונדז נישט צוריקגעגריסט. אויף שטום־לשון האָט ער בײַ אונדז געבעטן אַ ציגאַר. מיר האָבן נישט געהאַט אים צו געבן, זענען נישט געווען קיין רייכערער, נישט איך און נישט מײַן מיטגייער. האָט ער זיך גלײַך אויסגעקערעוועט

צו אונדז מיטן רוקן, אַרויסגעלאָזט צוויי־דרײַ שאַרפֿע און געציקלטע געבעטשן און איז זיך אַוועקגעגאַנגען בראָש פֿון זײַן טשערעדע, אין בײדע הענט דעם שטעקן, אַ פֿאַרלײגטער אױפֿן נאַקן.

די מענטשן האָבן נישט געהאַט קײן שײַכות צום װעזן פֿון אַט דעם טאָג, נישט צו אַט דער שפּע גאָלד, און נישט צו אַט דעם הערלעכן תּכלית, און נישט צו קײן אײן זאַך פֿון אַט דעם טאָג. זײ זענען געװען העסלעכע, צופּעליקע און איבעריקע, גלײַך זײ װאָלטן אין אים פּוגם געװען און אים נעגירן. װי נאָר זײ זענען אַריבערגעגאַנגען און פֿאַרשװוּנדן, האָט זיך די װעלט צוריקגעקערט צו איר פֿריִערדיקער שלמות און זױבערקײט.

די שמועסן צװישן מיר און בנימינען זענען אַלץ קאַרגער געװאָרן. ס'האָט זיך אונדז נישט געגלוסט רעדן און אַפֿילו נישט טראַכטן. די זון האָט אונדז אױסגעמאַטערט. מיר זענען געװאָרן זיך אַלײן װי אַ שװערע לאַסט. יעדער טראָט, װאָס מיר האָבן געשטעלט, איז געװען װי מיר װאָלטן טאָן אַן אַרבעט, יעדער מאָל אױפֿהײבן די אױגן — װי מיר װאָלטן שװער געהאָרעװעט. מיר האָבן געגאַרט צו ליגן, צי אױף אַ ברעג טײַך אין שאָטן פֿון אַ בױם, צי אױף אַ געלעגער אין דער טונקלקײט פֿון אַ שטוב מיט פֿאַרמאַכטע לאָדנס. פֿרײַ צו זײַן, פֿרײַ צו זײַן פֿון יעדער אַרבעט און מי, פֿון יעדער טוּונג, פֿון אַ ריר און באַװעג. די רו האָט אױסגעזען צו זײַן װי אַ ישועה, דאָס לײדיק־זיצן און פֿױלקײט — װי אַ חסד. אָבער! אָבער ס'איז דאָ נישט געװען, נישט קײן הױז, נישט קײן טײַך און קײן בױם, און נישט קײן מינדסטער שאָטן אָפּצושװאַכן די היץ. קעגן אונדזער װילן זענען מיר געגאַנגען און זיך געפּײַניקט אױף דער זון. אונדזערע גלידער זענען אונדז געװען פֿױל, דער זינען צעמישט פֿון װילדע פֿאַנטאַזיעס און שטיקלעך מחשבֿות, װאָס האָבן נישט קײן אָנהײב און קײן סוף. אונדזערע חושים װערן װאָס װײַטער אַלץ מער צעמישטער און מטושטשער, װי זײ װאָלטן בלאָנדזשען אין דעם בלױ צװישן הימל און ערד, אין אַ װעלט, װאָס חלום װעגט אין איר איבער װירקלעכקײט, און ס'איז אַ ספֿק, צי זי עקסיסטירט גאָר בכלל.

אומגעריכט זענען מיר צוגעקומען צו אַ פֿעלד פֿון קאַװענעס. דער פֿעלד־אײגנטימער איז אונדז אַקעגנגעגאַנגען. דאָס איז געװען אַ מאַן מיט אַ שװאַרצער, היפּשער באָרד, מיט אַרױסגעשטאַרצטע אױגן, װאָס זײער בליק איז לער און שװער, מיט אַ פּנים פֿון אַ שלעכטהאַרציקן און אומגליקלעכן אַזיאַט. מיר האָבן געבעטן בײַ אים װאַסער. ער האָט אָנגעשטעלט די אױגן, איז זיך געשטאַנען גלאָצנדיק אױף אונדז און געשװיגן. האָבן מיר גענומען רעדן אױף שטום־לשון. איז ער זיך פּאַמעלעך אַװעקגעגאַנגען, טראָט בײַ טראָט, װי ער װאָלט באַקומען געצאָלטס פֿאַר יעדן טראָט באַזונדער, און האָט אונדז געבראַכט זײַן קרוג. דאָס װאַסער איז געװען לעבלעך און װײניק צו שטילן אונדזער דאָרשט. מיר האָבן געבעטן אַ קאַװענע. ער האָט זיך געהײַעט און איז געשטאַנען װי אַ מענטש װאָס פֿון אים איז אַפּהענגיק דאָס גליק. מיר האָבן אים נאָך אַ מאָל געבעטן מיט אַ רחמנותדיקער שטים. ער האָט זיך אױסגעדרײט צו אונדז מיטן רוקן און

איז זיך אוועקגעגאַנגען. אין אַ קורצער ווײַל אַרום איז ער צוריקגעקומען און האָט אונדז דערלאַנגט אַ קאַווענע. האָט געקוועטשט די שפּיץ פינגער, אונדז צו באַווײַזן ווי גוט זי איז, די דאָזיקע קאַווענע. כ'האָב אים דערלאַנגט וואָס סע קומט אים, האָט ער נישט געוואָלט נעמען.

— מצווה, מצווה... — האָט ער אַנגעצויגן אַ שמייכל אויף די ליפּן און געשאָקלט צו מיר מיט דער באָרד.

האָב איך צוגעלייגט טאָפּל — האָט ער צוגענומען.

אַזוי ווי ס'איז דאָרט נישט געווען קיין אָרט צו זעצן זיך אָפּרוען, נישט קיין וועכטער־בײַדל און נישט אַוועלכער אָפּדאַך, בלויז אַן אָפּגעשניטן פעלד אויף דער זון, און ווײַל דער פעלד־אייגנטימער איז נישט געווען קיין באַרעדעוו־דיקער און נישט קיין מענטש אין אונדזער גוסט, האָבן מיר פאַרענדיקט עסן די קאַווענע און זענען אַוועקגעגאַנגען. אין דעם מאָמענט האָט אַ ווייע געטאָן אַ מערבֿ־ווינטל און אַרײַנגעזעצט אין אונדז אַ נײַע נשמה.

— אַך, ווי גוט! — האָט בנימין אָפּגעאָטעמט מיט אַן אויפגעלויכטן פּנים.

— ג־ו־ט!

מיר האָבן זיך אויסגעגלײַכט און געגאַנגען, און אונדזערע פּנימער האָבן זיך געשטרעקט צו יעדן אָנקומענדיקן ווינט, די אויגן פאַרמאַכט פון גרויס פאַרגעניגן, די ווײַעס ציטערן אונטער, און אונדזער גוף ווי ער וואָלט זיך אָפּגעשווענקט מיט קאַלט וואַסער.

כ'האָב זיך אָנידערגעזעצט אויף דר'ערד און אויסגעטאָן די שיך, וואָס זענען פול געוואָרן מיט זאַמד. בנימין האָט אויף מיר נישט געוואַרט, נאָר געשטעלט פיס און אַוועק ווײַטער.

דערנאָך, ווען כ'האָב ווידער גענומען גיין, איז ער שוין געווען ווײַט אַוועק פון מיר, און ס'האָט זיך געזען פון ווײַטן בלויז ווי ער שפּרײַזט, פעלד פאַר אים, פעלד הינטער אים, און ער אין דער מיטן.

נאָענט צום אַ דאָרף, וווּ אַ שטעגל טיילט זיך אָפּ פונעם כבֿיש, האָב איך אים געטראָפן זיצן און אונטערפײַפן אַ נעגעריש לידל.

— מיר'ן אַרײַנגיין? — האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט מיט ביידע הענט אויף די קני און זיך אויפגעשטעלט.

## XXX

דאָס דאָרף, אין וועלכן מיר זענען אַרײַנגעקומען, איז געווען לײדיק פֿון מענטשן. אַלע הײַזער זענען געשלאָסן, אַפֿילו די צרכניה. מיר האָבן געטרונקען וואַסער פֿון אַ פּלומפּ אויף אַ הויף און זענען אַרײַנגעגאַנגען אין שאָטן אונטער אײנעם אַ הויז צווישן די נידעריקע זײַלן, אויף וועלכע עס שטייט. דאָ האָבן מיר אָפּגעגעסן פֿון דעם וואָס מיר האָבן געהאַט מיט זיך און זיך געלייגט אָפּרוען. די טונקלקייט איז אונדז געווען אָנגענעם און די קילקייט מחיהדיק.

אַ שפּאָרע צײַט זענען מיר געלעגן און האָבן געשוויגן. דאָס שווײַגן האָט אָנטשפּראָכן אָט דער טונקלקייט און אָט דער גוטער מנוחה! אָבער! מײַן געמיט איז נישט רויִק געווען. כ'האָב נאָך נישט באַנומען דעם מהות פֿון מײַן מיטגייער, און עפּעס איז מיר געווען קשה. כ'האָב גענומען אַרײַנציִען אים אין אַ שמועס. האָב אָנגעהויבן וועגן סאָוועטישן רוסלאַנד — ער האָט געשוויגן. ווידער אַ מאָל אָנגעהויבן — נאָר ער האָט ווידער געשוויגן. ביז איך צון אים צוגעשטאַנען. האָט ער מיר אָפּגעפּטרט מיט אַן אומקלאָר ענטפֿער:

— אדום!

כ'האָב נישט דערגרונטעוועט זײַן מיין.

— אדום? — האָב איך זיך פֿאַרחידושט, ווײַל אדום באַדײַט דאָך: חורבן און גלות, פֿאַרפֿאָלגונגען, בייזע גזירות, גירושים, עינויים, שמד, אַלצדינג וואָס קומט פֿאָר צווישן די ייִדן און די אומות־העולם.

—אדום! אדום! — האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט אײַנגעהאַלטענער שׂנאה, אַרונטערלייגנדיק די הענט אונטערן קאָפּ — דאָס סאָוועטישע רוסלאַנד, דאָס איז אדום.

כ'האָב ווײַטער גערעדט צון אים, נאָר ער האָט מיר נישט געענטפערט. האָב איך צו רו געלאָזן די אַ סדרה און אים אַרײַנגעוואָרפן אַ וואָרט וועגן מדינת־ישׂראל. האָט ער מיר דערויף געגעבן אַ תּשובֿה גלאַט אין דער וועלט אַרײַן, וואָס איז מער אומקלאָר ווי קלאָר. האָב איך אָנגעהויבן פֿון דעם און פֿון יענעם, פֿון דער גאולה און פֿון דעם קיבוץ־גלויות, פֿון דעם גלות, סײַ פֿון דעם פּאָזיטיוון, סײַ אָפּראָבירנדיק, נעגירנדיק אים.

ביסלעכווײַז־ביסלעכווײַז האָט ער זיך אַרײַנגעלאָזט אין אַ שמועס.

— דער גלות גייט אויס — האָט ער געזאָגט מיט אומעט און שוואַכער שטים.

— מחמת שוואַכקייט, מחמת אויסגעשעפּטקייט. ס'איז מער קיין כּוח נישטאָ. אַ סוף. זײַן עבֿודה איז געענדיקט.

— ס'איז שוין די העכסטע צײַט — האָב איך אַ זאָג געטאָן.

— משמעות, ס'איז אַזוי, ווי באַלד ער איז געקומען צו זײַן ענדע. — האָט ער געזאָגט, ווי עמעץ, וואָס אַ בראַד איז אים געשען. — אָבער דאָס איז געווען אַ זאַך פֿון גרויסער וויכטיקייט, איינס פֿון די גרעסטע זאַכן, וואָס האָבן פּאַסירט אויף דער וועלט.

— שיקט זיך עס דען אַזוי צו זאָגן? — בין איך אַרויס קעגן אים מיט אַ שווערער טענה. — האַלטן דאַך אַלע, אַז דער גלות איז געווען אַן עונש מן השמים.

— ניין! דער גלות איז אונדזער שטאָלץ. — האָט ער זיך געהאַלטן בײַ זײַנעם.

— מיט וואָס איז ער דער שטאָלץ?

ער האָט אָפּגעוואָרט אַ צוויי־דרײַ מינוט.

— דערמיט וואָס ער האָט אונדז אַרויסגעטיילט פֿון צווישן אַלע אומות־העולם.

איך האָב מיט אים נישט מסכּים געווען.

— דערמיט וואָס ער האָט אונדז געמאַכט, — האָב איך אים געזאָגט — פֿאַר צעווייטיקטע און דערשלאָגענע, פֿאַרפֿאָלגטע און געפּײַניקטע, אַ שאַנד צווישן פֿעלקער?

— נישט דער גלות האָט עס אַזוי געמאַכט, — האָט ער מיר געענטפֿערט.

— נאָר די אומות־העולם.

— ס'איז דאָך האַ־בהאַ־תּליא.

— ניין. — האָט ער זיך אויסגעדרייט אויף אַ זײַט, אָנלענענדיק דעם קאָפּ אויף דער דלאָניע. — דער גלות איז עפּעס אַנדערש, און די אומות־העולם עפּעס אַנדערש. דער גלות איז די כּנסת־ישׂראל.

קעגן אַזאַ מין טענה בין איך געבליבן אָפּהענטיק.

— דאָס ייִדישע פֿאָלק איז געזעסן אין גלות לויט זײַן אייגענעם ווילן, — האָט ער ווײַטער גערעדט און זיך אויפֿגערעגט. — כ'וויים עס. כ'האָב אַ סך דערוועגן אַרײַנגעטראַכט . . . לויט זײַן אייגענעם ווילן, יאָ. ארץ־ישׂראל איז נישט געווען פֿאַר אים דער עיקר און נישט זײַן וועלטצענטער. זײַן צענטער איז געווען אין הימל, אין דעם ריבונו־של־עולם, און דער ריבונו־של־עולם פֿילט אויס די גאַנצע וועלט... איר פֿאַרשטייט? אָט דאָס איז עס! און דאָס זעלבע איז מיט העברעיִש, וואָס ער האָט נישט הויך געהאַלטן און

עס נישט געאיינציקט פאַר זיך עס אָפּצוהיטן און רעדן אויף דעם, ווי יעדער פאָלק היט אָפּ זיין לשון: נאָר פאַרשטופּט עס אין אַ ווינקל און פאַרלאָזט, און גערעדט אויף אַלע לשונות פון דער וועלט... גערעדט יידיש. אויף אַ פרעמדער שפּראַך, אַ צופעליקער שפּראַך. דווקא! ס'אַרט דעם נישט, ס'גייט דעם נישט אָן... יידיש דאָס איז צופעליק... דאָס איז אויסטאָן זיך... איז ...איז... איז אויסוואַרצלונג... פריייהייט אָן אַ סוף. דאָס איז עס! אָט! דער גלות איז אין זיין תוך אָן אַ ציל און אָן אַ סוף...פערפּאָסלעם... צוועקלאָז ...איך מיין: פאַר אַ ווייטן צוועק, פאַר אַ טיף הימלדיקן ציל...

ער האָט גערעדט אָן אַ סדר, צעשאָטן. קענטיק, מער וויפל ער האָט געזאָגט האָט ער געהאַט אין געדאַנק.

כ'בין געזעסן אָנגערעגט פון רמזים, צעטומלט און אין ספק, צי באַנעם איך אים, צי נישט.

— איז וואָס פאַרט פאַר אַ דערהויבענער ציל איז פאַראַן אין דעם גלות? — בין איך צון אים צוגעשטאַנען.

אָבער ער האָט מיר נישט געענטפערט.

— זי איז גרויס, אָט די צ י ל ל אָ ז י ק י י ט, מעכטיק, — האָט ער אַרויס־גערעדט אַ פאַרטראַכטער. — ס'איז נישטאָ קיין אירס גלייכן אויף דער גאָרער וועלט, נאָר אויסשליסלעך זי אַליין.

— אַ ציל, — האָב איך צוגעגעבן איז פאַראַן דווקא אין מדינת־ישראל.

— אין מדינת־ישראל... — האָט ער מיר נאָכגעזאָגט, ווי אַ ווידערקול, מיט זאָרג — ווער ווייסט וואָס עס וועט אַרויסקומען דערפון...

גלייך דערויף האָט ער אָנגעשטעלט די אויגן אויף מיר.

— וואָס איז דרייסטער, ג ע ו ו אָ ג ט ע ר, — האָט ער זיך אַ נעם געטאָן צו מיר מיט אימפּעט, און זיין פּנים איז געוואָרן בלאַס, — דער גלות, צי ארץ־ישראל? וואָס איז געזעצטער, טיפער, א ו י ס ג ע צ י י ט י ק ט ע ר: דער גלות, צי ארץ־ישראל? ווו איז אונדזער מהות: אין גלות, צי אין ארץ־ישראל? ווו איז די סכנה גרעסער?...

ער האָט נישט געוואַרט ביז איך וועל זיך אָנרופן און זיך אַ כאַפּ געטאָן:

— ארץ־ישראל איז ירידה, קאַפּיטולאַציע, באַנקראָט און יאוש. נישט צוליב דעם האָבן מיר זיך געמאַטערט צווישן די אומות־העולם צוויי טויזנט יאָר פון איין עק וועלט ביזן צווייטן און זענען געוואָרן געשטראָפט מיט אַלע שווערע און בייזע יסורים, און דערמאָרדט מיט אַלע ביטערע טויטן, און געליטן פאַר אַלעמענס זינד, כדי מיר זאָלן זיך צום סוף אומקערן קיין ארץ־ישראל. אַ שטות! אַ נאַרישקייט! אַ זאַך וואָס ליגט זיך נישט אויפן שכל. דאָס איז ווי... ווי... ישו, לאָמיר זאָגן, זאָל נאָכן ווערן אַראָפּגענומען פונעם קרייץ און צוריק לעבעדיק זיך לאָזן ווידער קיין נצרת צו זיין סטאָליעריי...

ער האָט אָפּגעהאַקט און איז געבליבן ליגן, ווי ער וואָלט ציטערן אין גאַנצן און פלאַטערן אין זיך. ער האָט זיך, קענטיק געראַנגלט מיט זיך אַליין, געוואָלט אָפּהאַלטן זיך פון רעדן, אָבער שוין נישט געקאָנט זיך באַהערשן.

איז אַ קורצער ווײַל אַרום האָט ער ווידער גענומען רעדן מיט אַ שטילער און אײַנגעהאַלטענער שטים:

— מיר זענען ווענגצייכנס פאַר דער וועלט. פון די ערשטע דורות אָן און ווײַטער זענען מיר ווענגצייכנס פאַר דער וועלט: אַבֿרהם אָבֿינו, משה רבנו, די נבֿיאים, דער נוצרי און זײַנע תּלמידים, מאַרקס... אויך דער גלות בכלל איז אַ ווענגצייכן. אין אים איז פאַרבאָרגן דער גאַרער באַגער און די מי פון די ייִדישע נבֿיאים, אין אים איז פאַרבאָגן דער גאולה־סוד פון דעם מענטשן־מין, דער סוד פון אחרית־הימים. ער איז אַ צייכן און אַ דוגמא פאַר די אומות־העולם, זיי זאָלן זיך נוהג זײַן ווי מיר: פאַרלאָזן די גרענעצן פון לענדער און מדינות, יעדער פאָלק זײַן באַליבט לאַנד און זײַן טײַער לשון, אַלץ וואָס איז דעם טײַער און הייליק, און אַלע באַהעפטן זיך ווי גלײַכע אין איין געמיינשאַפט פון ברידערלעכקייט אין פרײַנדשאַפט, אין איין געזעלשאַפט פון דער מענטש אין דער וועלט. איר פאַרשטייט?... און ס'איז שוין מער נישטאָ קיין מלחמה אויף דער וועלט, נישטאָ קיין קאָנקורענץ און שׂנאה און קנאה צווישן איין אומה און דער צווייטער, נישט קיין פאַרקנעכטן איין ברודער דעם צווייטן, און נישט קיין הונגער און טרויער און געוויין. נײַערט אמת און גערעכטיקייט הערשט אויף דער וועלט, גליק, ווױלטאָג און אייביקע פרייד. דאָס איז די כּוונה, וואָס שטעקט אינעם גלות, דער סוד, וואָס איז אין אים פאַרבאָרגן. צוליב דעם זענען מיר געגאַנגען פון פאָלק צו פאָלק צוויי טויזנט יאָר, מיר, די קינדער פון דער צוקונפטיקער וועלט, די קינדער פון אחרית־הימים! דערפאַר האָבן מיר פאַרבראַכט מיט זיי אין זייער טומאה, און זיי האָבן אונדז געדריקט מיט פאַרשקלאַפונג, געפּײַניקט מיט יסורים, פאַרטיליקט מיט בייזע גזירות און געמאָרדט מיט אַלערליי מיתה־משונות! זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען, נישט פאַרשטאַנען... ערשט לאָזט זיך דער גלות אויס. נישטאָ דערצו קיין הילף און קיין עצה. מיר זענען געבליבן אָן אַנטרונענע מחנה. קעגן אונדזער ווילן האָבן מיר געענדערט דעם מנהג פון אונדזערע אָבֿות און זיך אומגעקערט פון די גלותן: שפּאַניע, צעוויטיקטע און פאַריאושטע. פאַרפאַלן. פון הײַנט און ווײַטער פאַרמאָגן מיר נישט מער, ווי נאָר אַ מדינה...

ער האָט זיך אויסגעדרייט, געלייגט אויפן רוקן און פאַרמאַכט די אויגן.

— אַ מדינה, — האָט ער געשעפּטשעט — באַזיצט יעדער פאָלק, אָבער אַ גלות האָבן נאָר מיר געהאַט, נאָר מיר...

ס'איז אַריבער אַ ווײַל, אַ צווייטע און אַ דריטע, און ער ליגט נאָך אַלץ אויפן רוקן מיט פאַרמאַכטע אויגן. איך האָב געהאַט וואָס אים צו ענטפערן און זאָגן. און אפשר האָב איך נישט געהאַט וואָס אים צו ענטפערן און זאָגן. אַזוי, צי אַנדערש, די ווערטער זענען שטעקן געבליבן און נישט געזאָגט געוואָרן.

ביז לסוף האָט ער געעפנט די אויגן און זיך אויפגעזעצט.

— גענוג גערוט. — האָט ער אַ זאָג געטאָן — גייען מיר!

# xxxi

**מער האָבן מיר זיך נישט** אומגעקערט צו יענע הויכע ענינים און נישט געזאָגט איינער דעם צווייטן נישט קיין איינשטעלעריש וואָרט און נישט קיין געוואָרנט וואָרט. מיר זענען געגאַנגען מיטן כּבֿיש יעדער איינער באַזונדער, בנימין פֿון איין זייט, און איך פֿון דער צווייטער זייט. די זון איז געשטאַנען אין איר פֿולן ברען, ווי אין יענעם מאָמענט ווען זי שטייט אַלעמען גלייך איבערן קאָפּ. גלייך זי וואָלט זיך פֿלייסן צו מאַכן אונדז פֿאַרגעסן יענע הארבע שמועסן, וואָס מיר האָבן געהאַט פֿריִער.

פֿאַרנאַכט צו זענען מיר אָנגעקומען אין אַ דאָרף און האָבן געטראַכט דאָרט איבערצונעכטיקן. מיר זענען אָבער געקומען נישט אין קיין פּאַסיקער צייט. ווייל יענעם טאָג איז דערהאַלטן געוואָרן אַמעריקאַנער פּוטער אין דער צרכניה, און זי האָט נישט געקלעקט פֿאַרן גאַנצן דאָרף, נאָר פֿאַר אַ קליינעם טייל. באַלד האָט זיך אַ לאָז געטאָן די גאַנצע באַפֿעלקערונג, באַליאַסטרעסווייז און משפּחות־ווייז, מאַנסביל, ווייבער און קינדער, זענען געשטאַנען פֿאַר דער צרכניה, אויפֿן לײדיקן פּלאַץ, און האָבן געפֿילדערט. נישט בלויז געפֿילדערט, נאָר אויך מעשׂים אָפּגעטאָן. זיך צעטיילט אויף צוויי לאַגערן. אַ לאַגער, וואָס האָט נישט באַקומען קיין פּוטער, און אַ לאַגער, וואָס האָט יאָ באַקומען פּוטער. געמאַכט אַ מלחמה צווישן זיך, געקאָכט זיך און געליאַרעמט, און געשלאָגן איינער דעם אַנדערן. די מלחמה ברייטערט זיך אויס און פֿאַרפֿלייצט אַלץ וואָס שטייט איר אַקעגן, אַפֿילו מיך מיט בנימינען, וואָס האָבן זיך אויסגעמישט מיט זיי און באַמיט צו מאַכן שלום צווישן זיי. זיי האָבן זיך נישט גערעכנט, נישט דערמיט וואָס מיר זענען אורחים, נישט דערמיט וואָס מיר זענען פֿרידלעכע מענטשן, און זיך נישט צוגעהערט צו אונדזערע רייד זיך צו באַפֿרייען פֿון קנאה, און איינער

זאָל זיך פֿרייען מיטן אַנדערענס פּוטער. נײַערט אויפֿגעברויזט און זיך אַ לאָז געטאָן אויף אונדז צעצאָרנט, אונדז צו שלאָגן.

איינער אַ שוואַרצער און שטאַרק באַהאָריקטער, וואָס כאָטש זײַן גוף איז פֿון אַ מענטשן, איז זײַן פּנים און באָרד פֿון אַ צאַפּ, האָט געשפּרונגען קעגן בנימינען און געשריגן צו אים:

— שלאָג! שלאָג! דו עסט חזיר און האָסט כּוח!...

גלײַך איז אונטערגעקומען אַ יונג און האָט אַט דעם אַוועקגעשטופּט. ער האָט זיך אַ בייג אײַן געטאָן ביז אין דער הע‍לפֿט, דאָס פּנים גרין־און־געל, די אויגן שטאַרצן און קריכן אים אַרויס, די צוויי קולאַקעס שטעקן אים פֿאַר זיך, אַ גרייטער זיך אַ וואַרף צו טאָן אויף אים, אויף בנימינען.

כ'האָב אים קוים אַרויסגעשלעפּט פֿון צווישן די פֿויסטן פֿון אַט דעם יונג דעם שלעגער, און מיר האָבן זיך אָפּגעטראָגן פֿון דעם דאָרף און אַוועק. — אָט זעט, — האָב איך צו אים אַ זאָג געטאָן מיט פֿאַראיבל — צו וואָס אײַער אַמעריקע האָט דערפֿירט!

— גוט! — האָט ער מיר געענטפֿערט מיט אַ פֿאַרריסן און צעפּלאָמט פּנים.

— זייער גוט!

— וואָס פֿאַר אַ גוטס שטעקט דערין? — בין איך שטיין געבליבן פֿאַרוווּנ־דערט.

— אַ פֿאָלק! ווי אַלע פֿעלקער! דאָס הייסט אַ פֿאָלק!...

— צו פֿאַרפֿירן אַ מלחמה צוליב...

— באַטראַכאָמיאָמאַכיע*! איז ער מיר אַרײַנגעפֿאַלן אין די רייד מיט אַ געלעכטער. — באַטראַכאָמיאָמאַכיע, כאַ־כאַ־כאַ . . .

— מיר האָבן שיר נישט גאָר ביטער אָפּגעשניטן! —האָב איך צוגעגעבן — גוט, וואָס מיר האָבן זיך אָפּגעטראָגן פֿון זיי.

— אַזוי זענען זיך נוהג אַלע געטער. — האָט ער געלאַכט. — נישט איין מאָל זענען די געטער געשטאַנען פֿאַר אַ סכּנה, ווען ס'האָט אויסגעבראָכן אַ מלחמה צווישן די פֿרעש און די מײַז...

אַזוי האָט אונדז צוגעשפּילט דער מאָמענט, און ס'האָט געפּלאַצט דאָס שווײַגן, וואָס האָט אונדז באַהערשט, און מיר האָבן ווידער געקאָנט שמועסן צווישן זיך.

דער שמועס איז זיך געפֿלאָסן אַ לײַכטער, געוויינלעכער און צעשאָטענער וועגן אַ סך פֿאַרשיידענע ענינים. פּלוצעם האָב איך זיך דערמאָנט אין ראַבעלאַן. האָט מיר גלײַך דאָס האַרץ גענומען קלאַפּן, און כ'בין געוואָרן באַטריבט. ס'האָט זיך מיר פֿאַרגלוסט זאָגן וועגן איר אַ גוט וואָרט. נאָר כּדי ס'זאָל נישט אויסזען, אַז איך האָב עפּעס אַ מיין דערבײַ, בין איך פֿאַרגאַנגען הינטן אַרומער און האָב גערעדט וועגן דעם עולם, וואָס כ'האָב געזען אויף די פֿעלדער, די מאַנסבילן און ווײַבער און מיידלעך אין אַלגעמיין.

* די מלחמה צווישן די מײַז און די פֿרעש.

— ס'זײַנען דאָרט געווען שיינע מיידלעך, — האָב איך געזאָגט.
— אָ, יאָ, זייער שיינע, — האָט ער מיט מיר אײַנגעשטימט.
פֿון איין ענין צום צווייטן, ביז ער האָט אַ זאָג געטאָן:
— די מיידלעך האָבן זיך דאָרט געדרייט אַרום מיר. פֿון צווישן אַלע האָט זיך אויסגעצייכנט איינע. זי האָט מיר דערלאַנגט די קרוג וואַסער, ווען כ'בין צוגעקומען. אַלע האָבן געטומלט, און זי איז געשטאַנען אין אַ זײַט און האָט געשוויגן. אַזאַ שוואַרץ־חנעוודיקע, שיין אויף חידושים . . . כ'האָב געוואָלט שמועסן מיט איר, אָבער זי האָט מיר נישט געענטפֿערט. אַלע האָבן אַרומגע־טאַנצט אַרום מיר, און דווקא זי נישט. אַפֿילו ווען זי האָט מיר דערלאַנגט דאָס וואַסער, האָט זי געשוויגן; קיין וואָרט נישט געזאָגט.
כ'האָב אים אויסגעהערט, און מײַן האַרץ האָט געקלאַפּט און זיך געצאַפּלט. ס'איז מיר באַפֿאַלן אַ בענקעניש, ווי דער פֿאַרנאַכט־דעמער, וואָס האָט זיך פֿאַרשפּרייט איבערן פֿלאַכלאַנד אין יענעם מאָמענט.
— דאָס איז ראַכעלאַ. — האָב איך אַ זאָג געטאָן באַהערשט — זי איז אַ טײַער מיידל . . .
— יאָ, זי הייסט ראַכעלאַ. — האָט ער זיך אָפּגערופֿן.
דערווײַל זענען מיר אָנגעקומען אין אַ דאָרף.

# *XXXII*

**ביז שפּעט אין דער נאַכט** האָבן מיר פֿאַרבראַכט מיט די דאָרפֿסלײַט און די אינסטרוקטאָרן. מיר זענען געוואָר געוואָרן בײַ זיי אַ סך זאַכן, ענינים און געשעפֿטן, פּעק אָן אַ סוף. בנימין האָט נאָך שפּעטער אַרומגעשפּאַצירט מיט די אינסטרוקטאָרינס, און כ׳ווייס נישט וואָס פֿאַר אַ זאַכן ער איז בײַ זיי געוואָר געוואָרן.

אויף מאָרגן גאַנץ פֿרי האָבן מיר זיך געלאָזט אין וועג. איך בין געגאַנגען מיד, פֿויל און פֿאַרלאַנגווײַליקט, דאָס געמיט פֿול מיט לכיש. אָפּגעגאַנגען אַ שעה, אַ שעה אַנדערטהאַלבן, האָב איך זיך אַנידערגעזעצט אין פֿעלד לעבן אַ טעלעגראַף־סלופּ, און בנימין האָט זיך אַנידערגעזעצט און ברייט צעלייגט לעבן מיר. איך האָב זיך אָנגעשפּאַרט מיט רוקן אויפֿן סלופּ, אויסגעשטרעקט די פֿאַרמאַטערטע פֿיס און אַ זאָג געטאָן:

— מיר זענען פֿול מיט לכיש, ווי אַ מילגרוים. ס׳איז שוין כּמעט נישטאָ קיין יישובֿ, וואָס מיר זאָלן נישט האָבן אים באַזוכט.

— יאָ. — האָט בנימין געשמייכלט.

— און וווּהין גייען מיר איצטער?

ער האָט זיך פֿאַרטראַכט און אַ זאָג געטאָן:

— אין נגבֿ.

— אין נגבֿ? — האָב איך גענומען מײַנע פֿיס און בודק געווען די שיך, ווי אַ שוחט איז בודק זײַן חלף פֿאַרן רבֿ. — ס׳אַ ווײַטער וועג.

— אַ וועג. — האָט בנימין אַ זאָג געטאָן גלאַט אין דער וועלט אַרײַן.

— איך האָב בדעה צו גיין צוריק.

— גוט. — האָט בנימין צעגומען די ליפּן מיט אַ מהיכא־תּיתא־שמייכל.

אין גיכן האָט ער גענומען זײַן רוקזאַק און זיך אויפֿגעהויבן. האָט אויסגע־שטרעקט די האַנט און זיך צעזעגנט מיט אַ צעשמייכלט און שעמעוודיק פּנים. כ'בין געשטאַנען מיט אים און אים געזאָגט פֿרײַנדלעכע און האַרציקע ווערטער, אַ ביסל פֿון דעם אַלץ וואָס כ'האָב געטראַכט וועגן אים. ער האָט זיך איבער־געשטעלט פֿון איין פֿוס אויפֿן צווייטן, געפֿינטלט מיט די אויגן און שולדיק אונטערגעשמייכלט, גלײַך ער וואָלט געגאַנגען טאָן עפּעס אַן עבֿירה. כ'האָב נאָך וואָס צוצוגעבן, אים געזאָגט עטלעכע שבֿחים, און ער איז נאָך אַלץ געשטאַנען און געפֿינטלט מיט די אויגן, נישט קאָנענדיק אַוועקגיין.

סוף־כּל־סוף האָט ער זיך אַוועקגעריסן און געלאָזט גיין.

ער איז געגאַנגען אין מיטן פֿעלד, האָט פֿאַרקערעוועט אויף דרום, אין דער ריכטונג פֿון באר־שבֿע. כ'בין געשטאַנען און האָב אים נאָכגעקוקט. איין מאָל האָט ער אויסגעדרייט דעם קאָפּ און אַ פֿאָך געטאָן צו מיר מיט דער האַנט פֿון ווײַטן. באַלד האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט מיטן שיפּוע פֿונעם בערגל און איז פֿאַרשוווּנדן פֿון מײַנע אויגן.

איצט בין איך געבליבן אַליין.

כ'האָב זיך געלאָזט גיין אין דער קווער מיטן פֿעלד. האָב געוואָלט אַרויפֿגיין אויפֿן כּבֿיש. ס'איז מיך באַפֿאַלן אַן אומעט מיט אַ צומיש פֿון פּחד. כ'האָב געפּרוּווט זיך פֿאַרדרעדן אין געדאַנק. האָב געטראַכט וועגן בנימינען, איבער־געחזרט זאַכן, וואָס כ'האָב געהערט, און פּאַסירונגען, וואָס האָבן מיך געטראָפֿן, ערטער, וווּ כ'בין אויפֿגענומען געוואָרן. מײַנע מחשבֿות האָבן זיך געצויגן אָפּגעהאַקט, געמישט מין־בשאינו־מינו.

ביסלעכווײַז האָב איך זיך באַהערשט און גענומען גיין לעבעדיקער. האָב געטראַכט אויפֿגעלייגט, אַז איך בין איינער אַליין אין פֿעלד, ווײַט פֿון דעם ייִשובֿ און דעם האַרמידער פֿון דער שטאָט. דאָס איז געווען מײַנע אַ שטרעבונג שוין פֿון לאַנג אָן.

כ'בין געגאַנגען וווּהין דאָס האַרץ האָט מיך געצויגן. האָב באַטראַכט די פֿעלדער אין זייער רו און זייערע קאָלירן; יעדער קאָליר מיט זײַן קענגזאַץ אין איין דרייסטן און זייער שיינעם באַהעפֿט: בלוי און ציטרין געל, גרין און געל, בלאַנד און ברוין. האָב זיך אײַנגעקוקט אין דעם ווײַטן האָריזאָנט, אַז אָנגע־גאָסענעם מיט תּכלת, פֿול ווי אַן אויג, אין דעם רוים פֿון דער גאָרער וועלט, וואָס גליט ווי פֿײַער. בין געוואָרן אויפֿמערקזאַם אויף יעדן פֿאַרבײַפֿליִענדיקן פֿויגל, אויף אַ יאַשטשערקע, וואָס אַנטלויפֿט פֿאַר מיר אין שרעק, אויף אַ בוקער־יאַשטשער, וואָס בוקט זיך פֿאַר דער זון. מײַנע אויגן זענען פֿול געווען מיטן קלאַנג פֿון דער גריל, וואָס צירקעט אָן אויפֿהער.

די זון האָט מיר געזעצט אין קאָפּ, געפּעטשלט אין די באַקן און זיי צעבלאָזן אין פֿלאַקערס. מײַנע חושים האָבן זיך אָפּגעטעמפּט, דער כּוח פֿון דענקען און ווילן איז אין מיר אָפּגעשוואַכט געוואָרן, און ס'האָט זיך באַפֿרײַט אַ פּלאַץ פֿאַר דמיונות און חלומות, יעדן אָפּשר און טאָמער.

פֿעלד־אויס, פֿעלד־אײַן. כ'האָב נישט געוווּסט, וויפֿל ס'האַלט דער זייגער און נישט ווּהין איך גיי. גלײַך איך וואָלט געגאַנגען, אויב מע קאָן אַזוי זאָגן, גלאַט אין דער וועלט אַרײַן, אין דער טיף פֿון צײַט, אין אַן עולם־הדמיון.

כ'האָב זיך אָפּגעשטעלט. זיך אײַנגעבויגן. די זון האָט אַ ציטער געטאָן. דער האָריזאָנט האָט געטאָן זיך אַ לאָז אַראָפּ און איז אײַנגעפֿאַלן. כ'האָב זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד, בין געבליבן ליגן, און ס'איז מיר גוט געווען. דאַכט זיך, איך בין בײַ זיך, בײַם עיקר, איך בין א י ך, ווי קיין מאָל נישט אין מײַן לעבן, און שפּיר נישט מײַן גוף, כאָטש ער ליגט שווער אויסגעצויגן אויפֿן באָדן. ער איז כמעט פֿאַרגייִיק, ער איז און איז נישט. די זון האָט מיך פֿאַרוויקלט, אָפּגעווישט מײַן אויפֿגעשווילט פּנים און אַרויסגעצויגן פֿון דער ווירקלעכקייט און אַלץ מיט אַנאַנדער. ס'איז מיך באַפֿאַלן אַ דאַרשט, און מיט אים און אין אים האָט זיך געלאָזט שפּירן ראַכעלאַ. צוזאַמענגעגאָסן, האָבן זיי מיר צעמישט די געדאַנקען און מיך געפּײַניקט מיט דער זיסקייט פֿון סיגופֿים און לעכצענישן ביז כּלות־הנפֿש.

כ'האָב זיך אויפֿגעהויבן און בין געבליבן זיצן. די גלידער זענען מיר שווער געווען, די אויגן טונקל און זעען נישט, און דער געדאַנק מטושטש.

ס'איז נישט אַריבער קיין קורצע ווײַל ווי איך בין געקומען צום זינען, און ס'איז מיר ווידער אַרײַן ליכט אין די אויגן. כ'האָב זיך אַרומגעקוקט. דערזען איינעם אַ מענטשן גיין פֿון ווײַטן, אין מיטן פֿלאַם פֿון טאָג, אַ הויך־געוויקסיקער און באַבאָרדיקטער, מיט אַ גאַרטלבאַנד אַרום בויך און אַ גרויסן טורבאַן אויפֿן קאָפּ, ענלעך צו אַ מענטשן פֿון נאַכט־וויזיעס, אַן אפֿשרעקנדיקער, אַ מיסטער־יעזער. כ'האָב אים הויך אויף אַ קול אַ רוף געטאָן — אָבער ער האָט זיך נישט אָפּגערופֿן, נאָך אַ מאָל אַ רוף געטאָן — נאָר ער האָט נישט געענטפֿערט.

כ'האָב זיך באַהערשט, געשטעלט אויף די פֿיס און גענומען לאָזן זיך נאָך אים.

דאָס פֿלאַכלאַנד איז געווען פֿול פֿעלד בײַ פֿעלד, ברייט צעלייגט און צעכראָס־טעט קעגן דער זון, ווי אַ פּלאַץ, אויף וועלכן הימל און ערד האָבן גלײַך צו שאַפֿן. די בערג האָבן זיך אײַנגעהילט אין זייער תּכלת, און ס'איז נישט קלאָר, וואָס זיי זענען: יאָ בערג, צי נישט בערג. די לופֿט האָט געשוויבלט מיט פֿונקען און געפֿלאַטערט, ווי אַ גאָלדענע נעץ.

# XXXIII

אומבאַדאַכט בין איך אַרויף אויפֿן כּבֿיש. כ'האָב זיך געלאָזט מיט אים קיין מערבֿ, אין דער ריכטונג פֿון מישרים, דאָס דאָרף ווו ס'וווינט ראָכעלאָ.

שפּעטער אַ ביסל, ווי איך גיי זיך אַזוי, ווייקנדיק זיך אין גאַנצן אין שוויס, דער האַלדז טרוקן פֿון דאָרשט, און די אויגן מיד פֿון דער שטאַרקער שײַן, האָב איך דערהערט פֿון הינטער זיך אַ רויש פֿון אַן אָנפֿאָרנדיקן אויטאָ. כ'בין אָפּגעשפּרונגען אויף אַ זײַט און אַ שטרעק געטאָן די האַנט. דער אויטאָ האָט זיך דערנענטערט און איז געבליבן שטיין.

—וווהין? — האָט אַ שטים אַ רוף געטאָן צו מיר.

— נעמט מיך אַרויף!... — האָב איך אַ געשריי געטאָן מיטן גאַנצן כּוח, און דער קלאַנג איז אַרויס פֿון מײַן קעל הייזעריק און שוואַך.

— אַך, דאָס זענט איר... מסיע... מסיע... — שטעקט דער מישרימער רבֿ אַרויס דעם קאָפּ דורכן פֿענצטערל.

— אָ! אָ! מסיע לע ראַבען... מסיע לע ראַבען... — האָב איך געשטאַמלט צעמישט און באַפֿאַלן פֿון פֿרייד. — מישרימער רבֿ!...

— שטײַגט אײַן! — האָט ער צו מיר אַ געשריי געטאָן.

כ'בין אײַנגעשטיגן און זיך געזעצט אין עק אויטאָ, הינטערן רבֿ און דעם מענטשן, וואָס איז געזעסן בײַם שטײַערערדל.

באַלד האָט דער רבֿ אויסגעדרייט דאָס פּנים צו מיר און אַ זאָג געטאָן מיט אַן אויפֿגעבראַכטער שטים:

— איך בין משוגע!

כ'האָב אויף אים אַ קוק געטאָן פֿאַרבליפֿט.

— אדוני! — האָט ער איבערגעחזרט געריצט. — איך בין משוגע! איר גלייבט נישט? אָט וועט עס דער דאָקטער באַשטעטיקן. דאָקטער מבֿורד, דער דאָקטער פֿונעם ראַיאָן. איר פֿאַרלאָזט זיך אויף אים?

דער מאָן, וואָס איז געזעסן ביים שטײַערעדל, האָט געשמייכלט און מיט קיין וואָרט זיך נישט אָפּגערופֿן.

כ'האָב אַ קוק געטאָן אויפֿן רבֿ שיקלדיק, זײַטיק, און ער האָט מיר אויסגעזען אויסטערליש, ווי פֿאַרפֿאָלגט פֿון אַ בייזן גײַסט.

— מישרימער רבֿ! — האָב איך אַ זאָג געטאָן — מאַכט נישט חוזק פֿון מיר...

— איך מאַך חוזק פֿון אײַך? כאַ־כאַ־כאַ... — האָט ער אויסגעשאָסן אַ שאַרף און הויך געלעכטער.

— וואָס איז געשען? — האָב איך אַ זאָג געטאָן מיט אַן איבערגעשראָקענער שטים.

— אַ העסלעכע און אויסטערלישע זאַך, אַ העסלעכע און אויסטערלישע זאַך.

ער האָט זיך אויסגעדרייט צו מיר אויף אַ זײַט און מיר אויסדערציילט די גאַנצע געשיכטע. ס'איז אַ געשיכטע מיט איינעם אַן אונגערישן ייִדן פֿון דאָרף נעמנים, וועלכער האָט אַרײַנגעגעבן זײַן ייִנגל אין דער מיסיאָנערישער שול. האָבן די דאָרפֿסלײַט אָפּגעמאַכט צווישן זיך, מאַכן אים פֿאַר אויס מיטגליד. האָט זיך עס דערטראָגן צום רבֿ. איז ער געקומען צו אים, אויסגעשטראָפֿט אים און אײַנגעבעטן „און זיך געבעטן בײַ אים מיט אַלערליי תּחנונים" — און גאָרנישט פּועל געווען. דעמאָלט האָט ער אײַנגעזען און פֿאַרשטאַנען, אַז דער מענטש איז אויסן זינען. ס'וועט אים נישט העלפֿן, נישט קיין רבֿ און נישט קיין דאָרפֿסראַט, נאָר אויסשליסלעך אַ דאָקטער. דערום האָט ער געבראַכט צו אים דעם דאָקטער מבֿורד. אָבער דער דאָקטער מבֿורד האָט אים אונטערגעזוכט, און ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז פֿולשטענדיק געזונט.

— אויב אַזוי, — האָט דער רבֿ אויסגעלאָזט — אויב די זאַך איז אַזוי, הייסט עס, אַז איך בין משוגע!

לעבן מישרים זענען מיר שטיין געבליבן. דער רבֿ איז אויסגעשטיגן פֿון אויטאָ.

— ווּהין דאַרפֿט איר? — האָט מיך דער דאָקטער אַ פֿרעג געטאָן.

— איך ווייס נישט. — האָב איך זיך געקווענקלט. — ווּהין פֿאָרט איר?

— צום ראַיאָן־צענטער.

אין דעם מאָמענט האָט זיך מײַן האַרץ צעצוויט: כ'האָב געוואָלט אַראָפּפֿאָרן קיין מישרים זענען ראַבעלאָו, און זיך אַ ביסל געשראָקן פֿאַר איר. אַ געפּענטעטער פֿון מידקייט, בין איך געבליבן זיצן אויפֿן אָרט. דעם רבֿ, אַ פֿאַרטרודטן אין זײַן משוגעת, איז נישט אײַנגעפֿאַלן מיך צו פֿאַרבעטן צו זיך.

— איז וואָס? — האָט מיך דער דאָקטער אונטערגעאײַלט.

— כ'פֿאָר. — האָב איך אַ זאָג געטאָן שטיל.

דער רבֿ האָט אונדז צוגעוואָרפֿן אַ „שלום" כּלאַחר־יד און זיך געלאָזט גיין אײַנגעבויגן און צעטראָגן.

# XXXIV

וועןמיר זענען אָנגעקומען צום ראַיאָן־צענטער, האָט מיך מקבל־פּנים געווען שמעון זית.

— באַ־באַ־באַ! — האָט ער אויסגערופֿן מיט אַ פֿאַרוווּנדערט פּנים, אַ פּינטל געטאָן אויף מיר מיט די אויגן און פֿאַרקנייטשט די נאָז.

ער האָט מיך אַרײַנגעפֿירט צו זיך אין שטוב און באַדינט אַנשטאָט דער באַלעבאָסטע, ווײַל זײַן פֿרוי איז געווען אין תּל־אָבֿיבֿ. האָט דורכגעמאַכט אַ לערער־קורס. כ׳האָב אויסגעטרונקען אַ דרײַ־פֿיר גלאָז וואַסער און זיך געשטעלט אונטער אַ לעבלעכן טוש. דערנאָך האָבן מיר זיך געזעצט און געטרונקען טיי.

— נו, ווי זענט איר געווען? וואָס האָט איר געזען? — האָט שמעון זית גענומען רעדן צו דער שטאַרקער גלאָז טיי, וואָס איז געשטאַנען פֿאַר אים.

— אַ סך און פֿאַרשיידענע זאַכן, — האָב איך אים געענטפֿערט בקיצור.

— ס׳איז דאָ וואָס צו זען?

— ס׳איז דאָ.

— מע טוט דאָ עפּעס. יאָ. מע טוט.

ער האָט גענומען די גלאָז אין האַנט און אָנגעשטעלט אויף מיר די אויגן.

— נו, — האָט ער אַ זאָג געטאָן, ווי נעמאָנט. — אפֿשר בלײַבט איר אינעם נעבים?

— מיר׳ן זען, מיר׳ן זען. — האָב איך פֿאַרזופּט. — כ׳וועל אַ טראַכט טאָן וועגן דעם.

— וואָס איז דאָ פֿאַראַן צו טראַכטן? — האָט ער זיך געוווּנדערט. — ט ר אַ כ ט ן איז אַן איבעריקע הוצאה. אומר ועושה!

— איך וויל היינט זיין אין ירושלים, — האָב איך אים געזאָגט קלאָר און דייטלעך.

— זיצט! זיצט! — האָט ער אַ מאַך געטאָן צו מיר מיט דער דלאָניע. — מע קאָן נישט איינזיצן רויק אויף איין אָרט. מאַנעוורעס פּראָוועט מען! תּמיד מאַנעווערס... ווען ייִדן וואָלטן געזעסן אויף זייער געהעריק אָרט, וואָלטן זיי פֿאַרשיינט די גאַנצע וועלט.

כ׳האָב זיך מיט גאָרנישט אָפּגערופֿן, נאָר געטרונקען מיט גרויסע זופּן פֿון דער גלאָז.

— ובכן? — האָט ער זיך אויף מיר אָנגעזעצט — איר בלייבט? בלייבט! מע נייטיקט זיך דאָ אין אייך!

— איר זענט גערעכט. — האָב איך אים צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. — אָבער...

— איך וויל נישט, א י ך זאָל זיין גערעכט! — האָט ער זיך אויף מיר אַ לאָז געטאָן מיט אימפּעט. — איך וויל, אַז איר זאָלט זיין גערעכט, אַז איר, א י ר, זאָלט זיין גערעכט!

די ווערטער האָבן געשוועבט אויף מיר ווי קלעצער.

מיר האָבן פֿאַרענדיקט דאָס טרינקען און זיך אויפֿגעהויבן.

— גוט. — האָט ער אָפּגעזיפֿצט מיט אַן איבערגעבעטן פּנים. — איך קאָן אייך נישט אויפֿצווינגען. מסירת־נפֿש נעמט מען נישט פֿון אַ באַנק אַרויס... שפּעטער אַ ביסל פֿאָרט דער אַמבולאַנס קיין מגדל. וועט איר קאָנען פֿאָרן מיט אים.

און אַזוי איז עס געווען. כ׳בין געפֿאָרן מיטן אַמבולאַנס פֿונעם „רויטן מגן־דוד" קיין מגדל.

שמעון זית איז געגאַנגען מיך באַגלייטן.

— איר וועט מיך, איך בעט אייך, אַנטשולדיקן, — האָט ער מיך איבער־געבעטן. — אויב איך האָב אייך פּוגע־בכּבֿוד געווען. כ׳האָב זיך אַ ביסל געקריגט מיט אייך. דער אמת איז דאָך, אַז קריגן קריגט מען זיך נאָר מיט אַ פֿרײַנד, און קיין מאָל נישט מיט קיין שׂונא. אַ בייז ווײַב גט דער מאַן אָפּ און פּטור אַן עסק, און אויב מאַן און ווײַב קריגן זיך, איז עס פֿאַר זיי אַ גוטער סימן. „לכן עוד אריב אתכם, נאום ה׳, ואת בני בניכם אריב" — דערפֿאַר וועל איך זיך נאָך קריגן מיט אייך, זאָגט גאָט, און מיט אייערע קינדסקינדער וועל איך זיך קריגן. שלום, שלום! פֿאָרט געזונט! איך וועל זיך נאָך קריגן מיט אייך! כ׳וועל זיך קריגן און קריגן!...

אַזוי האָבן מיר זיך צעשיידט.

דאָס גאַנצע יאָר בין איך נישט צוריקגעקומען אין דעם פֿלאַכלאַנד. פֿון מאָל צו מאָל פֿלעג איך באַקומען אַ גרוס פֿון לכיש. ווען ראַכעלאָן האָב איך גאָרנישט נישט געהערט. אָבער זי איז מיר תּמיד געלעגן אין זינען. נישט־ווילנדיק פֿלעגט אויפֿקומען איר געדעכעניש אין מײַן געמיט, אַ מאָל בײַ נאַכט קעגן דער שײַן פֿון שטערן, אַ מאָל בעת אַ קאָנצערט, אַ מאָל ווען כ׳האָב זיך געבאָדן אין ים.

אין אַ יאָר אַרום בין איך אַראָפּגעפאָרן אין נגבֿ און האָב אַרייַנגעטראָפן אין איינעם אַ קיבוץ. אַרויפגעקומען אויפן הויף, האָב איך דערזען פון וויַיטן אַ שוואַנגערע פרוי זיך פאָרען בייַ אַלומיניום־געפעס לעבן דער קיך. זי האָט אויפגעהויבן די אויגן און מיך באַמערקט. האָט גלייַך אויפגעציטערט, אַ צעפיר געטאָן די הענט אַהין און אַהער און מיר אַקעגנגעלאָפן. דאָס איז געווען ראַכעלאַ.

— ראַכעלאַ ! — בין איך געבליבן שטיין, ווי אַ געפּלעפּטער. — ראַכעלאַ !... איר ?...

— איך, איך. — האָט זי אויפגעברויזט און זיך אַ לאָז געטאָן צו מיר.

— פון וועז אַן ?... — האָב איך געשטאַמלט.

— קומט ! קומט ! — האָט זי מיך אָנגענומען פאַר דער האַנט און מיך מיטגעצויגן. — קומט גיכער צו בנימינען, ער איז אין שטאַל...

בנימין? — בין איך איר נאָכגעגאַנגען. — וועלכער?... בנימין אַפּענהיים?...

זי האָט נישט געענטפערט, נאָר צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, און איר פּנים איז געווען פאַרגאָסן מיט גליק, די ליפּן צעגומען מיט אַ פאַרשיכורטן שמייכל, און די אויגן גרויסע, פינקלדיקע...

## *i*

די בושלען, זאָגט מען, פֿירן זיך אַזוי: לאָזן איבער זייער נעסט אויפֿן דאַך פֿון הויז, וווּ עמעצער האַלט ביַי שטאַרבן, און פֿליִען זיך אַוועק. דעסט גליַיכן ווי די בושלען, האָבן חנינא פּורת און זיַין פֿרוי זיך אַרויסגעריסן פֿון זייער מקום, איידער ס'איז געקומען דער בראָך אויף דער מדינה.

אַלע זייערע יאָר האָבן זיי געוווינט אין גראַיִגראַד, אין וואָלין, צו ערשט אונטער די רוסן און שפּעטער אונטער מלכות־פּוילן, און זייערע טריט האָבן קיין מאָל נישט אויפֿגעהויבן קיין שטויב, חוץ אין גאַנג פֿון זייער הויז צום געוועלב און פֿון געוועלב צו דעם הויז. דאָ זענען זיי געבוירן געוואָרן, דאָ האָבן זיי חתונה געהאַט און דאָ געבראַכט אויף דער וועלט זין און טעכטער, אייניקלעך פֿון זין און טעכטער, געזינדלעך און געזעמלעך. אַ גרויסע און צעוואַקסענע משפּחה. אַט ווי צוויי ביימער, וואָס זייערע וואָרצלען גרייכן צום תּהום, די שפּיצן צום הימל, און די צוויַיגן פֿאַרדעקן זיי אין גאַנצן.

ווען דאָס מלכות האָט אָנגעהויבן דריקן די ייִדן מיט אַ סך שטיַיערן און שטראָפֿן, צונעמען זייער פֿאַרמעגן און זיי דערגיין די יאָרן, איז שוין מער נישט געווען קיין מעגלעכקייט צו בליַיבן אויפֿן אָרט. האָט חנינא אָנגענומען אַ באַשלוס צו פֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל. זיַינע זין און טעכטער און די איבעריקע פֿאַמיליע־מיטגלידער האָבן נישט צוגעשטימט אים נאָכצופֿאָרן. פֿאַרקערט, זיי האָבן מיט אים איַינגעטענהט, ער זאָל זיך נישט רירן פֿון אָרט. נישט מער, זיי האָבן ביַי אים גאָרנישט פּועל געווען. ער האָט גענומען און געמאַכט פֿון זיַין פֿאַרמעגן געלט און איז אַוועקגעפֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל.

אַכט יאָר האָט ער געוווינט אין תּל־אָבֿיבֿ, זיך פֿאַרנומען מיט האַנדל, אָבער קיין הצלחה איז נישט געווען. מער ווי ער האָט פֿאַרדינט, האָט ער אָנגעווירן. פֿון איין מסחר צום צווייטן איז זיַין פֿאַרמעגן אַלץ מינער געוואָרן.

דערווײַל זענען געקומען די מלחמה־יאָרן און די אַלע פּורעניותן, וואָס האָבן געטראָפֿן די ייִדן אין אַלע זייערע ווינקעלעך, אַזעלכע, וואָס האָבן נישט געטראָפֿן די פֿריִערדיקע און שפּעטערע דורות.

די מלחמה, ווי יאָרן פֿון בהלה, האָט געטאָן אירס, און די זיקנה, ווי יאָרן פֿון וועלכע מ׳האָט נישט קיין הנאה, האָט געטאָן אירס, און ס׳האָבן זיך אים אַראָפּגעלאָזט די הענט. ער האָט אויפֿגעהערט זיך פֿאַרנעמען מיט מסחר און איז געוואָרן אַ בית־מדרש־זיצער. פֿון היינט אַן פֿלעגט ער זיך אויסהאַלטן בלויז פֿונעם גרייטן גראָשן און זיך אויסלעבן די לעצטע יאָרן.

די פּלאָגן, וואָס די ייִדן האָבן געהאַט אויסצושטיין פֿון זייערע שונאים, הגם זיי זענען ברייט באַוווּסט געוואָרן, האָט מען זיך אָבער וועגן זיי אין זייער גאַנצן פֿאַרנעם דערוווּסט ערשט, ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט. חנינא און זײַן פֿרוי האָבן זיך געפֿונען צווישן האָפֿענונג און שרעק, זאָרגנדיק און זיפֿצנדיק און בעטנדיק רחמים בײַם אייבערשטן אויף זייערע קינדער, ער זאָל זיי בײַשטיין אין זייער בראָד.

ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט, און ס׳האָבן אָנגעהויבן אָנקומען ידיעות ווי די ייִדן זענען פֿאַרטיליקט געוואָרן, איז אויך אָנגעקומען די ידיעה וועגן דער גראָיִגראָדער קהילה, אַז זי איז חרובֿ געוואָרן און אַז אירע אײַנוווינער זענען דערמאָרדעט געוואָרן מיט מיתות־משונות, ווער דורך אַן אויטאָמאָט בײַם ראַנד פֿון אַ גרוב, ווער אין קאָנצענטראַציע־לאַגער, און ווער אין קרעמאַ־טאָריע־אויוון.

מחמת דעם גרויסן טרויער, וואָס האָט אים אַדורכגענומען, און דעם גרויסן ערגערניש צוליב זײַן פֿרוי, וואָס האָט געריסן פֿון זיך שטיקער, פֿון מאָל צו מאָל אַרויסגעלאָזן שאַרפֿע געשרייען, ווי אַ שוואַלב פֿאַר אַ שטורעם, זיך געצאַפּלט און געחלשט, אַראָפּגייענדיק פֿון זינען, איז חנינא געפֿאַלן צו בעט.

דרײַ חדשים האָט ער זיך אָפּגעפּלאָגט אויפֿן קראַנקן געלעגער, ביז ער איז לסוף פֿון דער וועלט נגאַנגען.

# ii

די אַלטע איז געבליבן איינע אַליין, אַ פֿאַריתומטע און עלנטע, נישט האָבנדיק קיין איין נאָענטן נפֿש פֿון איין עק וועלט ביזן אַנדערן, נישט פֿאַר זיך, נישט פֿון די דורות פֿאַר זיך, נישט פֿון די דורות נאָך זיך.

איינע אַליין האָט זי געווײנט אין איר שטוב, אַ דערדריקטע און געבויגענע אונטער איר לאַסט, מיט וועלכער זי איז באַלאָדן געווען איבער די כּוחות, אַ לאַסט פֿון אַזאַ פּלאָג, וואָס די וועלט איז, דאַכט זיך, פֿאַר איר צו קליין, דאָס מויל נישט אין שטאַנד אויסצודערציילן, און דאָס האַרץ נישט צו באַנעמען.

זי פֿלעגט שאָקלען מיטן קאָפּ, צי מחמת צעדולטקייט, צי מחמת דערשלאָגנקייט, פֿירן די הענט הין און צוריק קעגן האַרצן און וואַרקען, ברומענדיק אָפּגעהאַקט און שיטערלעך קלאָגרייד און געיאָמער, אַריבערגייענדיק פֿון אַ זון צום אַ טאָכטער, פֿון אייניקלעך פֿון זין צו אייניקלעך פֿון טעכטער, און די פֿאַלדן פֿון איר פּנים ווייקן זיך אין טרערן.

טייל מאָל פֿלעגט זי זיך דערמאָנען, ווי זיי ליגן אין די הילצערנע וויגעלעך, ווי זיי זענען אין זייער יוגנט; די חתונה־חופּה, די כּלה־שטול, און די בראָכשטול פֿון דער געווינערין; די עופּעלעך און זייגנדיקע אויף זייערע הענט, און די פֿרייד אין זייערע שטיבער. טייל מאָל פֿלעגט זי לעכצן צו זיי און רעדן צו דעם און צו יענעם, ווי זיי וואָלטן איצטער אַלע שטיין לעבעדיקע פֿאַר איר. טייל מאָל פֿלעגט זי זיך אַליין באַשולדיקן, אַז זי האָט עס גורם געווען, זיי זאָלן פֿאַרשניטן ווערן פֿון דער וועלט, ווײַל זי האָט זיי נישט־גענוג געבעטן, זיי זאָלן פֿאָרן מיט איר קיין ארץ־ישׂראל, נישט גוזר געווען אויף זיי, נישט געוויינט און נישט געשריגן צו זיי: „נעמט און פֿאָרט אַרויס! פֿאַר וואָס שפּירט איר נישט דעם האָס פֿון די גויים, דאָס רשעות פֿון דעם ריבונו־של־עולמס שׂונאים!״ און

טייל מאָל פּלעגט זי זיך אויסרעדן דאָס האַרץ און טראַכטן, אפשר זענען זיי נישט אומגעקומען, און לעבן, און איר פּינצטער מזל וועט נאָך נעמען שײַנען, און ס'איז פאַראַן אַ האָפענונג פאַר איר לעצט. ווײַל דאָס איז דאָך אַ זאַך שווער צום באַנעמען און לייגט זיך נישט אויפן שכל: אַז זיי זענען נישטאָ אויף דער וועלט; אַז זי לעבט, און זיי לעבן נישט; אַז די זון שײַנט, די גאַסן רוישן, מענטשן שפּאַצירן און פרייען זיך, קינדער פּישטשען מיט זייערע קולעכלעך, די וועלט פירט זיך אויף איר שטייגער — און זיי זענען נישטאָ, גראָד זיי, בלויז זיי אַליין. אָט, דאַכט זיך, באַלד, שפּעטער, אין איינעם אַ טאָג, טוען זיי פּלוצעם אַ קום אַן, אַ לאָז זיך צון איר מיט פריילעכן טומל און אַ פאַל אַרויף אויף איר און האַלדזן זי אַרום. אַלע־אַליטשקע ביז איינעם, קליין און גרוים.

אירע שכנות, אַלטיטשקע ווי זי, הגם זיי זענען געווען פון דעם זעלבן גאַרטן, אין דעם זעלבן בראָד, ווײַל אויך זייערע פאַמיליעס זענען געוואָרן פאַרשניטן און זייערע לעבנס אויסגעלאָשן אויף דער וועלט, פלעגן קומען צון איר און זיצן מיט איר, ווי יענע דרײַ איובֿס חבֿרים, זי צו באַדויערן און צו טרייסטן. זיי פלעגן וויינען צוזאַמען, זיך באַמִיען אונטערצוהאַלטן איר וואַקלדיקע האָפענונג און זי פאַרווײַלן מיט השערות, אַז אפשר האָבן זיי פאַר־לאָזט זייער וווינאָרט און זענען פאַרוואַלגערט געוואָרן קיין רוסלאַנד, און אפשר זענען זיי שטעקן געבליבן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, אָדער אין די וועלדער, און וועלן קומען קיין ארץ־ישׂראל מיט אַלע אַנדערע עולים, ווײַל: ס'איז נישט קורץ, האָבן זיי געזאָגט, די האַנט פון דעם וואָס לעבט אייביק.

# iii

דאָס לעבן איז געגעבן געוואָרן דעם מענטשן נישט אויף קיין תּנאַי. סײַ אין גוטן, סײַ אין שלעכטן גייט זיך עס לויטן אייגענעם שטייגער. אַזוי פּאַסירט עס מיטן מענטשן אויף גאָטס וועלט.

איידער די אַלטיטשקע האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון שבֿעה, איז שוין אַרויף אויף איר די זאָרג פֿון פּרנסה. זי האָט אויסגעחשבונט און אויסגעפֿונען, אַז נעלט פֿאַרמאָגט זי ווייניק, אַז דער גרעסטער טייל איז שוין אַוועק פֿריִער, ווען חנינא האָט זיך פֿאַרנומען מיט מסחר, און דאָס איבעריקע איז אַרײַנגעפֿאַלן צו דאָקטוירים און אַפּטייקן, ווען ער איז פֿאַרקראַנקט געוואָרן, אַזוי איז דאָס גאַנצע קניפּל אויסגערונען. זי האָט פֿאַרמאָגט אַ קליין ביסל צירונג: אַ גאָלדענעם בראַסלעט, אַ בריליאַנטענע שפּילקע, דרײַ פֿינגערלעך מיט איידלשטיינער, אַ פֿינף־זעקס שנירלעך פּערל, און דעסט גלײַכן ווערטפֿולע חפֿצים. אָבער זי האָט נישט געוואָלט געניסן פֿון זיי אויף אויסקומעניש, געטראַכט: זאָל עס ליגן.

אײַנגעזען, אַז איר געלט איז קנאַפּ, אַז מע קאָן זיך דערפֿון אויסהאַלטן בלויז עטלעכע חדשים, און אויף ווענען זיך צו פֿאַרלאָזן האָט זי נישט, קיינעם גייט זי נישט אָן, און קיינער פֿרעגט זיך נישט נאָך אויף איר, האָט זי באַשלאָסן צו טאָן עפּעס, זי זאָל קאָנען זיך דערנערן און נישט דאַרפֿן אָנקומען צו לײַט.

זי האָט באַלד נישט געמאַכט קיין שהיות, איז געגאַנגען און אײַנגעקויפֿט אין אַ הורטגעשעפֿט פֿאַרשיידענערליי גאַלאַנטעריי־זאַכן און גענומען גיין איבער דער שטאָט, פֿון איין קאַוועהויז צום צווייטן און פֿאַרהאַנדלען איר סחורה.

אַ סך גאַסן־הענדלער זענען געגאַנגען איבער די קאַוועהײַזער אין שטאָט, די פֿאַרוואָגלטע ייִדן, וואָס זענען געקומען פֿון דײַטשלאַנד, עסטרײַך, אונגערן, פּוילן: אַדוואָקאַטן און דאָקטוירים, באַנקירן און בערזעלײַט, סוחרים און גלאַט באַלעבאַטים, און דעסט גלײַכן מענטשן, וואָס דאָס רובֿ יאָרן זייערע איז שוין אַריבער, און זייער צײַט איז שוין אַוועק. פֿון זיי אַלע האָט זי זיך אָנגעזען

צו מיינסטן, ווי עפּעס אַן אויסטערליש מין מענטש. אַן אַלטיטשקע, אַ דריבנע און געבויגענע, איר אַנטועכץ אָפּגעקראָכן, אָבער זויבער, מיט אַ היפּש שייטל אויפֿן קאָפּ און מיט ציטעריקע אויערינגלעך; דאָס פּנים צעקנאָדערט און צעפֿאָלדעוועט, ווי ס׳וואָלט געוועבט זיין פֿון אַ סך פֿאַלדן און פֿעלדעלעך, און אַן עגמת־נפש, ווי דער תמצית פֿון דעם גאַנצן בראָך־און־קלאָג ביי ייִדן, באַלייכט עס פֿון אינעווייניק אַרויס; אירע אויגן מיט הויטזעקעלעך קוקן צעמישט און צעשראָקן, דאָס מויל איז געוואָנדן אינעווייניק אַריין, דאָס גאָמבעלע שאַרף און פֿאַרריסן, און אירע טריטעלעך קורצע, איילקע און געיאָגטע, ווי ביי אַ קינד אײדער ס׳האָט זיך צוגעוווינט צו גיין געהעריק אויף די פֿיסלעך. ס׳איז געווען אין איר עפּעס וואָס פֿון אַ טויב בעת זי גייט, ווען דאָס העלדזל פֿלאַטערט און וויברירט מיט זיינע קאָלירן.

שטילערהייט פֿלעגט זי בלייבן שטיין פֿאַר די מענטשן, דאָס קעסטעלע פֿאַרהאַנגען אויף דער רעכטער האַנט, און דאָס קיישל אויף דער לינקער, און בעטן מיט אַ בהלהדיקער און זיך איבעררייסנדיקער שטים, מיט אַ טאָן פֿון פֿריינדלעכקייט און מאַמישער באַשיידנקייט, מע זאָל איר געבן עפּעס צו לייזן.

די מענטשן פֿלעגן אויפֿהייבן די אויגן און זי אָנקוקן פֿאַרוואונדערט, זייער געמיט ווערט אַ ביסל טריבער, די פּנימער אומעטיק, און זיי ווערן צוליב איר גינציק געשטימט, ווי זיי וואָלטן דערזעען דאָס פּנים פֿון זייער מאַמען אָדער באָבען, יעדער וועדליג דעם וואָס פֿאַר אַ זגאַל מענטש ער איז און פֿון וואָס פֿאַר אַן עלטער. באַלד זיפֿצן זיי אָפּ שטילערהייט, לאָזן אַראָפּ די אויגן אין איר קעסטעלע אַריין, נעמען אַ שטיקל זייף, אַ קליין פֿלעשעלע אָדעקאָלאָן, אַ שעכטעלע ראַזיר־מעסערלעך און דעסט גלייכן גאַנגבאַרע סחורה און באַצאָלן איר וויפֿל עס קאָסט. טייל מאָל וויל מען איר צולייגן אַ שילינג אָדער צוויי צו דער קאָסטפּריין — נאָר זי זאָגט זיך אָפּ דערפֿון. און טייל מאָל נעמען זיי און פֿאַרפֿירן מיט איר אַ שמועס, פֿרעגן אויס, פֿאָרשטן און גריבלען זיך: ווער איז זי און פֿון וואַנען איז זי, וויפֿל יאָר געפֿינט זי זיך שוין דאָ, און פֿאַר וואָס איז זי צון אַזאַ שטאַנד געקומען. הייבט זי באַלד אָן שעפּטשען צו זיי מיט אַ דערשלאָגן פּנים און מיט אַ פֿאַרקרימט מויל, וואָס איז הוילע ביטערניש, ביטער ווי גאַל, און דערציילט מיט אַן איילּיק שעפּטשעניש די גאַנצע סדרה אירע: וועגן דעם עשרות און דער מנוחה, אין וועלכע זי האָט געלעבט, וועגן די טייערע בופֿעטן, געבעטע סאָפֿעס און גרויסע שפּיגלען פֿון דער פֿאַדלאָגע ביזן סופֿיט, וואָס זענען געווען ביי איר אין שטוב: וועגן דעם לייטישקייט פֿון אירע זין און טעכטער, די אײדעלע און אויסגעצערטלטע, אַז ווי צום קאָפּ אירן, הייליקע און לויטערע נשמות, וואָס זענען אַריינגעפֿאַלן אין די הענט פֿון די ייִדישע שונאים, ווי שעפּסעלעך צו דער שחיטה, און פֿון איר גאַנצער משפּחה איז זי איינע־אַליינינקע געבליבן. אַז איר מאַן איז שוין נישטאָ אויף דער וועלט, איז, געלויבט דער אייבערשטער, האָט זי געזאָגט, געשטאָרבן מיט זיין אייגענעם טויט. אַזוי פֿלעגט זי זאָגן, אויסלאָזן איר מגילה מיטן טרייסטגעבער, ער זאָל טרייסטן זיין פֿאָלק ישראל, און זיך איילן און אַוועקגיין, ווי אַ טויב אַ צעצייטערטע.

# טו

די אַלטיטשקע האָט זיך פֿאַרטאָן אין איר פֿאַד און געהאָרעוועט אַלע טאָג, פֿון זינט זי גייט אַרויס פֿון שול אין דער פֿרי, ביז זי גייט אַרײַן אין שול פֿאַר נאַכט. אום ווינטער — אויף דער קעלט, און אום זומער — אויף דער היץ.

דאָס געדעכעניש פֿון אירע קינדער האָט איר נישט צו רו געלאָזן, און איר האַרץ האָט געקוואָלן מיט ווייטיק און זיך געלאָזט הערן אַז אויפֿהער מיט אַ קרענקלעך און צוגעשטיקט ברומען, ווי אַ מערקעפּל. סײַ זי טוט אַן אַרבעט, סײַ זי זיצט ליידיק, אין שטוב אויפֿן געלעגער, אין שול אין מיטן דאַווענען, אין די גאַסן און פֿאַר די טירן פֿון די קאַוועהײַזער, צו יעדער צײַט און צו יעדער מינוט שטייען זיי איר פֿאַר די אויגן. ס׳איז נישט פֿאַראַן קיין אָרט, וווּ זיי זענען נישטאָ. ווי זיי וואָלטן פֿאַרוועבט געוואָרן אין איין געוועב מיט גאָר דער וועלט און זיך אויסגעמישט מיט אַלע קעגנשטאַנדן, זענען פֿאַרשלונגען און היטן זיך אײַן אין זיי. אַז זי האָט צופֿעליק אַ קוק געטאָן אויפֿן הימל־געשפּרייט, האָט זי זיך גלײַך דערמאָנט אין זיי, און אַז ס׳האָט אַ ווייע געטאָן אַ ווינטל אין דער היץ פֿון טאָג, איז זייער געדעכעניש גלײַך געקומען צון איר. ווען זי פֿלעגט זען מאָסן מענטשן גיין אין גאַס הין און צוריק, פֿלעגט זי זיי נאָכקוקן, צושאָקלען מיטן קאָפּ און טראַכטן, אַז צווישן די אַלע האָט זי נישט אַפֿילו קיין איין אייגענעם. ווען זי פֿלעגט טרינקען אַ גלאָז גאַזאָז מחמת דאָרשט, פֿלעגט זייער געדעכעניש זיך באַהעפֿטן מיט זײַן געשמאַק און קילקייט, איר עפֿענען די אויגן, און זי פֿלעגט זיך דערמאָנען, אַז זיי זענען נישטאָ, נ י ש ט אָ , אַז זיי וועלן שוין קיין מאָל נישט טרינקען. און אַזוי אויך אַלע אַנדערע זאַכן, סײַ אַזעלכע, וואָס מענטשן האָבן איבער זיי אַ שליטה, סײַ אַזעלכע, וואָס מענטשן האָבן נישט איבער זיי קיין שליטה, אַלע פֿלעגן איר אָנדײַטן אויף זיי און אַרויפֿברענגען זייער געדעכעניש פֿאַר איר.

די פֿאַרלאָפֿענע טעג האָבן נישט פֿאַרהיילט איר בראָד. פֿאַרקערט, וואָס מער זיי זענען אַוועקגעגאַנגען, אַלץ שטאַרקער איז איר בראָד געוואָרן. ס׳איז אויסגעקומען, אַז פֿון טאָג צו טאָג איז ער איר אַלץ קלאָרער געוואָרן, געוויסער, באַנעמלעכער און בולטער.

אין משך פֿון יאָר איז זי אַ סך געעלטערט געוואָרן. די פֿיגור נידעריקער, דאָס פּנים דריבנער, און די כּוחות שוואַכער. פֿון צײַט צו צײַט פֿלעגט זי זיך אין מיטן גאַנג אַנידערזעצן אָפּרוען אויף אַ שטול פֿאַר אַ קאַוועהויז, אויף אַ שטיגל פֿון אַ שטוב און אויף אַ באַנק אין דעם גאָרטן, וווּהין ס׳קומען זיך צוזאַמען מאַמעס מיט זייערע קינדער. זי פֿלעגט זיך צוקוקן צו די קינדער ווי זיי שפּילן זיך צוזאַמען, יאָגן זיך נאָך אַנאַנדער, רופֿן זיך איבער איינער דעם אַנדערן אויף אַ קול, שפּרינגען און האָפּסלען, און באַשפּרענקלען דעם פּלאַץ מיט זייערע קאָלירן. טייל מאָל גייט זי צו צו איינעם און אַ צווייטן, גלעט מיט איר האַנט איבערן קעפּל, דערלאַנגט אַ צוויי־דרײַ צוקערלעך און שעפּטשעט ליבלעכע און האַרציקע ווערטער. די קינדער, טייל פֿון זיי שטייען און גאַפֿן אויף איר, ווי זיי וואָלטן דערזען אַ משונהדיק באַשעפֿעניש, וואָס קיין אויג האָט נאָך קיין מאָל אַזוינס נישט געזען, און טייל ווערן חוצפּהדיק קעגן איר, פֿאַרקרימען די צורות און טוען אַ הייב שטויב קעגן איר. זייערע מאַמעס בייזערן זיך אויף זיי און פּאַטשן אין די הינטערלעך. נעמט זי זיי גלײַך אײַנשטילן מיט ווייכע רייד און וואָרנט, זיי זאָלן נישט מצער זײַן די קינדער, אַפֿילו נישט קיין האָרעלע, נאָר זיי פּיעשטשען און צערטלען, און רעדן מיט זיי ווייך און אײַננעמענדיק, מיט געדולד, מיט גוטסקייט און ליבהאַרציקייט. ווײַל, זאָגט זי, זיי זענען יידישע קינדער און האָבן אַ סך שונאים, גויים רשעים, אכזרים אָן רחמנות און רוצחים. אויך אין ארץ־ישׂראל, ווו ס׳גייען אַרום גויים, און ס׳איז דאָ דערין אַ רשעותדיק מלכות. און ווער ווייסט, וואָס עס דערוואַרט און שטייט זיי נאָך פֿאַר פֿון די שונאי־ציון. אָט אַזעלכע, ווי זיי דאָ, אַז לאַנג לעבן זאָלן זיי פֿאַר די מאַמעס זייערע, פֿינטלט זי מיט די אויגן און שעפּטשעט, האָט זי געהאַט אייניקלעך פֿון זין און אייניקלעך פֿון טעכטער, עופֿעלעך און זייגקינדער, אַלע שיינע, אַלע לויטערע, אַלע ערלעכע, קינדערלעך, וואָס האָבן נאָך דעם טעם פֿון זינד נישט פֿאַרזוכט, און די שונאים האָבן זיי אויסגעהרגעט מיט מיתות־משונות.

און דאָ נעמט זי פֿונאַנדערוויקלען פֿאַר זיי די גאַנצע מגילה אירע, דאָס רײַכקייט און דעם כּבֿוד, וואָס זי האָט געהאַט, די טײַערע געפֿעסן, וואָס זענען געווען בײַ איר אין שטוב, די דינסטן, וואָס פֿלעגן זי באַדינען, די זין, וואָס האָבן געהאַט אַ גוטן נאָמען אויף דער וועלט און די טעכטער, וואָס זי האָט חתונה געמאַכט פֿאַר אָרנטלעכע און לײַטישע מענטשן און געסילוקט פֿאַר זיי אַ מטמון גרויסע נדנס; ווי זי איז געפֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל, און אירע זין און טעכטער האָבן נישט געוואָלט פֿאָרן מיט איר צוזאַמען, ווײַל זיי האָבן זיך געשראָקן, האָט זי געזאָגט, פֿאַר אַ קליינעם היזק, אָבער נישט געשראָקן זיך פֿאַרן גרויסן היזק, און צום סוף האָבן די שונאים אַרויפֿגעלייגט אויף זיי די

לאָפּעם און זיי אַרײַנגעשלײַדערט אין דעם קאָלכאָויוון, זיי מיט זייערע קינדער, אַלע ביז איינעם.

די ווײַבער הערן זי אויס, זיפֿצן און ענטפֿערן איר, אַז אויך זייערע פֿאַמיליעס זענען אומגעקומען אין דעם פּורעניות. בײַ דער זענען אַזוי פֿיל נפֿשות פֿון איר פֿאַמיליע אומגעקומען, און בײַ דער אַזוי פֿיל און אַזוי פֿיל; בײַ דער איז פֿון איר גאַנצער פֿאַמיליע פֿאַרבליבן איינער פֿון אירע אַכציק, און בײַ דער זענען צוויי שוועסטער געבליבן, און זיי זיצן פֿאַרשפּאַרט אין דעם לאַגער אין ציפּערן, ווײַל אַזוי האָט גוזר געווען דאָס רשעותדיקע מלכות, און קאָנען נישט קומען קיין ארץ־ישׂראל.

אַזוי זיצן זיי פֿאַרטאָן אין שמועס און רעדן וועגן זאַכן, וואָס זענען אויס צו זײַן ווײַטע, ווײַט־ווײַטע. ווי עפּעס זאַכן, וואָס וואָלטן פֿאַרשריבן געווען אין דער געשיכטע, פֿאַרגעקומענע צווישן די אומות־העולם און די ייִדן אין די פֿאַרגאַנגענע דורות און פֿאַרוועבטע מיט זיי אין איין געוועב, מיטן כּלל ווי מיטן פּרט, געשיכטלעכע געשעענישן ווי טאָג־טעגלעכע, געשעענע מיט זיי אַליין און מיט איטלעכן איינציקן ייִדן.

אַ ווײַל שפּעטער, ווי נאָר זיך אַ ביסל אָפּגערוט, נעמט זי איר קעסטעלע און קיישל און לאָזט זיך גיין האַנדלען, און שלעפּט זיך אַרום פֿון איין קאָוועהויז צום צווייטן, פֿון טישל צו טישל און פֿון מענטשן צו מענטשן.

# ט

צוליב דעם וואָס זי פֿלעגט קומען צווישן מענטשן, און אַלע האָבן גענומען זי באַקענען און זיך דערוויסן וואָס איר איז געשען, איז זי געוואָרן אַן אַפּט גערייד פֿאַר אַ סך, ווי עפּעס אַ זאַך, מיט וועלכער אַלע באַשעפֿטיקן זיך, און ס'איז פֿאַרשיידן גערעדט געוואָרן. אַ טייל האָבן גערעדט וועגן איר ווי וועגן עפּעס אַן אויסטראַכטעניש און פֿלעגן מגזם זײַן מיט אַ סך פּאַטעטישע רייד, מיט לויבערײַען און פֿאַרערונג, אויסגעפֿינען אין איר גבֿורה און הערלעכקייט, און יעדע גוטע מידה און פֿײַנעם שטריך, מיט וועלכע אַ מענטש קאָן זיך איבערנעמען צווישן לײַטן. אַ טייל האָבן אויף איר פֿאַראיבל געהאַט און זי געהאַלטן פֿאַר שולדיק אין אירע יסורים, אין איר צער און מאַטערניש, און באַרעדט איר אויפֿפֿירן און קליידן זיך, איר עצם לעבן אויף דער וועלט און אַלץ מיט אַנאַנדער. און טייל האָבן געזוכט אויסצובעסערן איר באַשטאַנד און זיך בעראַטן אַרײַנצוגעבן זי אין אַ מושבֿ־זקנים, זי זאָל נישט אַרומטענצלען צווישן זיי, ווי אַ גייענדיקע תּוכחה.

זי האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף זיי און זייערע רייד, און נישט געוואָלט זיך פֿאַרשטעקן אין אַ מושבֿ־זקנים. געלויבט דער אייבערשטער, פֿלעגט זי זאָגן, זי פֿאַרמאָגט געננג, פֿאַרמאָגט גאָלד און אַ סך פּערל, און ווערטפֿולע זאַכן, און פּרנסה האָט זי מער־ווייניקער. צי מער, צי ווייניקער, וועט זי אַלץ האָבן גענוג און נאָך פֿאַראיבעריקן. און געלויבט דער אייבערשטער.

איר הענדלערײַ איז געווען מיט הצלחה, און זי האָט געהאַט איר אויסקומעניש נאָך מיט אַ שמיצל אַריבער. בפֿרט, אַז זי האָט זיך באַנוגנט מיט דעם מינדסטן־שבמינדסטן, מיט איין ברייטל, צוויי־דרײַ פּאָמידאָרן, איין ציבעלקע און אַ ביסל גרינוואַרג פֿון צײַט צו צײַט. אָבער חוץ דעם פֿאַרדינסט, וואָס

זי האָט זיך אײַנגעשאַפֿן אָפֿענערהייט, האָט זי נאָך געהאַט מעשׂים געהיימערהייט, ווײַל זי פֿלעגט זיך אָפּגעבן מיט מצוות, זאָרגן פֿאַר אָרעמעלײַט, געבן זיי צדקה און אויסהאַלטן פֿון איר אייגנס. דאָס איז געווען דער מיין פֿון איר זאָגן, צו מער, צו ווייניקער, וועט זי אַלץ האָבן געגנוג און נאָך פֿאַראיבעריקן.

זי האָט געהאַט אַ סך אָרעמעלײַט מיט זיי זיך צו פֿאַרנעמען און פֿאַר זיי זיך צו מִיען. דאָ אַ מעוברתע ייִדענע, אַ מטופּלע מיט אַ סך קינדער, ווי אַ ווײַנ־שטאָק אַ באַלאָדענער מיט גרויסע און קליינע טרויבן־הענגלען, וואָס איר מאַן וואַרפֿט זיך מיט איר, און אין שטוב איז נישטאָ קיין פּרנסה. און דאָרט אַ נעבעכדיקע יולדת, אַ צעבראָכענע און אויסגעסאַכניעטע און האָט נישט קיין שטיקל ברויט. דאָ אַן אַלמנה מיט אַ סך קינדער, אַ קרענקלעכע און שלאַבעריקע, אַ דערדריקטע פֿון אָרעמקייט און דערשלאָגענע פֿון יסורים, און דאָרט אַן אויפֿגערעגטע און פֿאַרביטערטע עגונה, וואָס אירע קינדערלעך שטאַרצן איר אַרויס פֿון הינטערן פֿאַרטעך, איינס קלענער פֿונעם אַנדערן, צעוויייטיקטע און צעפּײַניקטע, מיט אויפֿגעבלאָזענע בײַכלעך, קרומע פֿיסלעך און אַרויסגעשפּאַרטע אייגעלעך. דאָרט אַ זקן, וואָס שטייט שוין אויפֿן ראַנד פֿון קבֿר, מ'האָט אים אָפּגעשיקט פֿון שפּיטאָל, ווײַל ס'איז שוין פֿאַר אים קיין הילף נישטאָ און ער איז אָפּגעזאָגט פֿון לעבן, און דאָרט אַן אַלטיטשקע, וואָס איז פֿאַרקינדערישט און נישט בײַ די געדאַנקען. און דעסט גלײַכן אַזעלכע.

זי האָט זיך פֿאַרנומען מיט זייערע קלאָפּאָטן פּראָסט־פּשוט, נישט געקוקט אויף זיי פֿון אויבן אַראָפּ און זיי נישט געחנפֿעט, נישט געביטערעוועט מיט זיי, נישט געגאַנגען מיט קיין הינטערפֿיסעלעך און דעסט גלײַכן הינטישע שטיק פֿון בעלי־טובֿות, נײַערט ווי איינע פֿון זיי, וואָס טוט דאָס וואָס זי דאַרף טאָן.

טייל מאָל, ווען איינער פֿון זיי האָט איר באַדאַנקט פֿאַר דעם גוטס, וואָס זי טוט מיט אים, און פֿאַר דער מי, וואָס זי מיט זיך פֿאַר אים, פֿלעגט זי מאַכן מיט די אויגן און זאָגן, ווי איר שטייגער, מיט צעמישטע און אָפּגעהאַקטע ווערטער, אַז זי איז אין גאַנצן זײַנס גלײַכן, ווי איינע פֿון ייִדישע אָרעמעלײַט, און וואָס איז דער חילוק צווישן איר און זיי. און טייל מאָל פֿלעגט זי זאָגן מיט אַן אַנדער נוסח, זי באַמיט זיך נישט פֿאַר אים, נאָר פֿון גאָטס וועגן. און אדרבה, זי האָט דערפֿון מער פֿון אים, ווײַל זי באַהאַלט אירע אוצרות אין אַ זיכער אָרט, וווּ קיין מענטשנס האַנט האָט קיין שליטה נישט, איז, הייסט עס, דער גאַנצער ריווח פֿאַר איר.

# vi

**איר צירונג** האָט זי געהאַט באַהאַלטן אין קופֿערט צווישן איר וועש. ס'איז איר טײַער געווען ווי אַ גרויסער אוצר, נישט אָפּצושאַצן אים, נישט אָפּצוּוועגן און נישט אָפּצוצײלן. חנינא פֿלעגט זיך בשעתו היטן אָנצורירן עם און האָט עם איבערגעלאָזט פֿון אירעט וועגן, זי זאָל האָבן אַן אָנהאַלט און אַן אונטערשפּאַר אויף אירע עלטערע יאָרן, זיך אויסצוהאַלטן נאָך דעם ווי זײַן צײַט וועט קומען, און איר וועט נאָך באַשערט זײַן אַריכות־ימים. הײַנט האָט זי עס שוין נישט באַדאַרפֿט צו האָבן, נישט זיך צו צירן דערמיט און נישט צו פֿאַרנוצן עס, האָט זי זיך אָפּגעזאָגט דערפֿון פֿון צדקה וועגן. פֿונדעסטוועגן האָט זי נאָך געהאַלטן די האַנט דערויף, נישט צו פֿאַרטײלן עס. נישט איין מאָל האָט איר דאָס האַרץ פֿירגעהאַלטן וועגן דעם אוצר, מיט וועלכן מע קאָן טאָן אַזוי פֿיל צדקה און גמילות־חסדים, פֿאַר וואָס ער ליגט בײַ איר פֿאַרשטעקט, און די וועלט האָט פֿון אים קיין נוצן נישט. דער אוצר גופֿא פֿלעגט בײַ איר מאָנען און געוואַלד שרײַען, אויב מע קאָן אַזוי זאָגן, זי זאָל מיט אים אַ מצווה טאָן: „דו האָסט אַ גרויסן אוצר! האָסט גאָלד און אַ סך פּערל און טײַערע חפֿצים מפֿרנס צו זײַן אָרעמעלײַט, אָנצוהאָדעווען הונגעריקע, צו באַקלײדן נאַקעטע, און מאַכסט אַ תּל פֿון דעם דאָזיקן גאָרן גוטס! אָבער זי האָט זיך גובֿר געווען, און די זאַך איז אָפּגעלייגט געוואָרן פֿון טאָג אויף טאָג.

הגם דער מענטש איז באַפֿוילן אויף אַ קלײנער מצווה גלײַך ווי אויף אַ גרויסער, ער ווייסט נישט וואָס פֿאַר אַ שׂכר עס ווערט געצאָלט פֿאַר מצוות, פֿונדעסטוועגן האָט זי בכּוונה געהאַט צו טאָן מיטן אוצר אַ גרויסע מצווה, וואָס זאָל זײַן האַפֿטיק אויף אײביק; זי וועט שוין זײַן אויפֿן עולם־האמת, און די מצווה וועט נאָך אַלץ דויערן און איר בײַשטײן. זי האָט אַ סך דערין אַרײַנ־

געטראַכט, אַ סך געפּלאַנעוועט, דעם קאָפּ זיך געדרייט, נאָר אַלץ נישט צוגעטראָפֿן, און ווידער און אָבער דאָס זעלבע.

פֿון צײַט צו צײַט פֿלעגט זי אַרויסנעמען דאָס צירונג פֿון קופֿערט, באַטאַפּן עס מיט די פֿינגער און באַטראַכטן די בריליאַנטענע שפּילקע און די פֿינגערלעך מיט די אײַנגעפֿאַסטע איידלשטיינער, ווי עס שלאָגט פֿון זיי די שײַן, צאַפּלט און ציטערט, ווי בעת מע האָט זיי איר געגעבן כּלה־צײַט; ערשט, ווי אַמאָל־אַמאָל. אָט ערשט קערט זיך אום צון איר איר פֿאַרגאַנגענע וועלט און שטעלט זיך קעגן איר פֿול מיט מזל־ברכה, מיט יובל־געזאַנג, געפּילדער פֿון קינדער און פֿרייד פֿון ייִנגלעך און מיידלעך.

לאַנג־לאַנג זיצט זי אײַנגעהויקערט, טרערן רינען איר פּאַמעלעך אויפֿן פּנים, און זכרונות גייען אויף אין איר געמיט, דײַטלעך און פֿאַרווישט: פֿון איר אַליין אין אירע יונגע יאָרן, ווי זי האָט אויסגעזען, איידער זי האָט געבוירן די קינדער און נאָכן געבוירן די קינדער; חנינאס גדערעכעניש און זײַן אַנבליק, זײַן אויפֿפֿירונג אין שטוב, און זייער פֿירונג אין זייער צוזאַמענלעבן; דאָס אויסזען פֿון יעדן פֿון אירע קינדער, סײַ די מאַנסביל, סײַ די ווײַבער, זייער נאַטור און זייער שטייגער, יעדער לויט ווי ער איז. דער אַזוי און אַזוי, און יענע אַזוי און אַזוי. דער איז אַן אויסגעקאָכטער מיט מענטשן, גיט זיך אָפּ מיט קהלשע ענינים און מיט זיך פֿאַרן כּלל, און דער האָט מצוות פֿולע הויפֿנס, און יענע איז אַ צנועה און אַ פֿרומע, אַ גוטע, ווי ווײַסע חלה, ווען מע נעמט זי אַרום פּרײַטיק פֿון אויוון, האָט גאָלדענע הענט, נייט און שטריקט, און איז אַן אמתע אשת־חיל. דער איז אַ חלוש און אַ למדן, אַ שווײַגער און אַן איבערקלײַבער, מיט פֿאַרחלומטע אויגן און אַ שיינעם, פֿאַרטראַכטן, הויכן שטערן, און איז מיינסטן טייל פֿאַרטאָן אין ספֿרים. און יענע האָט אַ שאַרפֿן שׂכל און איז אַ פּיקחית, אַ פֿלינקע און אַ לאַכערקע, איר פּנים שײַנט, ווי די זון, און אַלע זענען גערן זי אַנצוקוקן און שמועסן מיט איר. דער איז אַ שאַרפֿער סוחר און באַהאַוונט אין וועלטזאַכן, דער פּרעזעס פֿון דער באַנק אין שטאָט און אַ בורר און אויסגלײַכער בײַ יעדער לאָדעניש צווישן מענטשן, און יענע איז ווייך, ווי אַ פּערענע, אַ לײַביקע און שעמעוודיקע, מיט אַ טאָפּל גאָמבעלע, מיט אויגן לויטערע, ווי הימל, און אַ זיסער שטים; און נאָך און נאָך.

אַזוי, איבערגייענדיק אין זכּרון פֿון איין פּאַסירונג צו דער צווייטער און פֿון איין זאַך צו דער אַנדערער, אָפּזיפֿצנדיק אַ זיפֿץ נאָך אַ זיפֿץ און לאַזנדיק שטילערהייט אַ טרער נאָך אַ טרער, ציטערן די איידלשטיינער אין איר האַנט, שפּילן מיט קאָלירן, צעשיטן זיך מיט שימערן, און אַ בלינצלדיקער פּונק בלײַבט הענגען אויף אַ שליפֿקענטל, ווי אַן אויפֿגאַנגשײַן פֿון אַ לויטערער טרער.

# vii

אין איינעם א טאג, שלייכנדיק זיך נאס־איין, נאס־אויס, האט זי אנגעשפארט ביי די קאוועהייזער אויפן ברעג ים. אט די קאוועהייזער ציען זיך נאכאנאנדיק, ווי געוועלבער אין מארק, זענען צעליארעמט מיט מוזיקשטיק פון אלע פעלקער און מיט מטורפע, כאאטישע און סענטימענטאלע דזשאזגרילצעניש, ארויסגעשריגענע אויף קולי־קולות פון פאטעפאנען און ראדיא, און מישן זיך צוזאמען אין א געווירבל פון איין געליארעם, א הויך צעשריגענעם, צעטרייסלטן און פארטויבנדיקן.

מאנסביל און פרויען אין באדקאסטיומען זענען דארט געזעסן פארלעכוויז און גרופעסווייז, טייל רוען זיך אפ, מידע פונעם ים, ביי א גלאז ביר, טייל אקאמפאנירן לידלעך פונעם פאטעפאן, טייל שפילן פלייסיק אין קארטן, און טייל לאבן זיך מיט פעטע וויצן. דער דערציילט עפעס א געפעפערטע זאך, און דער דערציילט א מער געפעפערטע זאך פון דעמס, און יענער — א געפעפערטערע זאך פון זייערע ביידנס, ווי ס'איז דער שטייגער פון יידישע מענטשן, וועלכע זענען ספריטנע אויף וויצן, און דערין שטעקט די מיינסטע חכמה זייערע און דערמיט נעמען זיי זיך איבער איינער קעגן אנדערן.

א געבויגענע און דריבניטשקע האט זיך די אלטיטשקע ארומגעדרייט אין מיטן דעם גערודער און זיך צוגעלאזט צו די מענטשן מיט איר קעסטעלע און קיישל. אומעטום, וווּ זי איז צוגעקומען, איז ווי אן אנדער גייסט וואלט זיך דארט אראפגעלאזט, און ס'האבן גענומען הערשן זויבערקייט, באשיידנקייט און חשבון־הנפש, גלייך דער ווילדער געליארעם וואלט זיך מיט א מאל אפגעריסן. די מענטשן האבן אויפגעהויבן די אויגן און זי אנגעקוקט מיט פארוואונדערטע און איינגעהארכטע פנימער, ווי עמעץ וואס דערמאנט זיך אומגעריכט א חלום, וואס

האָט זיך אים באַוויזן ביַי נאַכט און איז פֿאַרשוווּנדן געוואָרן. זי און אַט די אַ מענטשן און אַט דער געליאַרעם דאָ זענען, דאַכט זיך, נישט נאָר צוויי פֿאַר־שיידענע עלטערס, נישט נאָר זיקנה און יוגנט, נאָר צוויי איינגעשאַפֿטן, וואָס גייען אַן אין לעבן, נעגירן זיך איינע די אַנדערע, צעשטערן איינע די אַנדערע, און ס׳איז נאָך נישט קלאָר, וועלכע איז עיקר, און וועלכע טפֿל, וועלכע פֿאַרביַי־גייִיק, און וועלכע דויערנדיק.

אַט די מענטשן, ווער ס׳האָט געהאַלטן אַ גלאָז אין האַנט, און ווער זיַינע קאָרטן, האָבן עפּעס געקויפֿט ביַי איר, אונטערגעשמייכלט און אַ פּלאַפּל געטאָן מיט איר, געזאָגט אַ וויץ און אַזוי זיך אַ ווערטל. זי האָט, ווי דער שטיינער אירער, אויסגעלייגט פֿאַר זיי די גאַנצע סדרה אירע און דעם גאַנצן חורבן אירן. און ווי זי וואָלט באַקומען אויף זיי רחמנות, האָט זי אויסגעלאָזן מיט טרייסט־ווערטער, אַז גאָט ברוך־הוא וועט אַרויסהעלפֿן זיַין פֿאָלק ישׂראל פֿון יעדן פֿיַינד און שונא, פֿון אַלע צרות און פּורעניותן, וואָס האַלטן אין איין קומען אויף דער וועלט, און זיך געשיידט מיט זיי און איז אַוועקגעגאַנגען, זיך שאָקלענדיק, ווי געשוועבט, מיט אַ ציטערנדיק גאַמבעלע, און געוויגט מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט זאָגן: „יאָ, יאָ״.

# viii

נאָך איר אַרומדרייען זיך איבער אַלע קאַוועהײַזער און איר גאַרער מי, איז זי געבליבן אָן כּוחות. האָט געגאַרט זיך אַפּצורוען. אויפֿגעהויבן די אויגן, האָט זי דערשפּירט דעם ים, און זיך אַראָפּגעלאָזט צון אים. אַראָפּגעלייגט די משׂא פֿון די הענט און זיך געזעצט אויפֿן זאַמד.

ס׳איז געווען נאָכמיטאָג־צײַט, ווען די היץ איז שווער, און מע זעט זעלטן אַ מענטשן אויפֿן ים־ברעג. דער הימל איז געווען אויסגעפּלעקט מיט קליינע וואָלקנדלעך, העלע און לויזע. דער ים האָט זיך באַוועגט געלאַסן, אַ צעוויגטער, אַ בלויער און בליאַסקענדיקער, און דורכגענומען מיט הימל. באַראַזדעסווײַז, איינע פֿאַר דער אַנדערער, זענען געגאַנגען די פֿאַליעס, שאַרפֿע און לײַכטע, הויערנדיקע און אויפֿגעשטערעקטע, צו מיינסטן גרינע און טיילווײַז ווײַסע, און האָבן אָנגעשלאָגן איינע אין דער צווייטער מיט אַ שטיל, אויפֿגערעגט גערויש, וואָס חזרט זיך איבער נאָך אַנאַנד און אָן אויפֿהער. נישט דערגרייכט נאָך צום זאַמד, טוען זיי זיך מיט זייער שוים אַ שטעל אויף, הויפֿענען זיך אָן און קריכן איינע אויף די אַנדערע און ווערן ווי שטורעמוואַלן. צוגעקומענע, טוען זיי זיך אַ צעשפּרייט אין אַ האַלבן קרײַז, פּלוישן צווישן די געשפּרייטן מושלען און די צויטן גרינעם וואַסערוווּקס, און טוען זיך אַ לאָז מיט געאײַלעניש אין שטראָמלעך און ריטשקעלעך צוריק, איבערלאָזנדיק הינטער זיך בלויז אַ געדעמפּט ברומעניש אין אַ ביסעלע שוים. אין זײַן מיטן, איבער וועלכן סע שײַנט די זון, האָט זיך דער ים פֿאַרוואַנדלט אין פֿײַער, ווי אַז אַפּשניט ים בײַ נאַכט קעגן דער לבֿנה, נאָר מער גלאַנציק־צעשמאָלצענער.

אַ געבויגענע, דריבנע און מידע, ווי אַ בערגעלע אָפּגעטראָגן אַנטועכץ און פֿאַלדן, איז זי געזעסן און האָט געקוקט אויפֿן ים־אויבערפֿלאַך אין זײַן גאַרער

גריים און גלאַנץ. האָט זיך איַינגעהאָרכט אין זיַין געריידי, וואָס לאָזט זיך נישט געהעריק איבערזעצן אויף קיין מענטשלעכער שפּראַך, אָבער דאָס האַרץ באַנעמט עס, ווי אַ געברום, וואָס וואָרקעט אין האַרץ, מאַטערט און פּלאָגט. זי האָט אַרויסגעלאָזט אַ זיפֿץ נאָך אַ זיפֿץ, און טרערן האָבן זיך איר צונויפֿגעקיַיקלט אין די אויגן.

ווי זי און דער ים וואָלטן קרובֿים זיַין, פֿון איין משפּחה. אפֿשר צוליב דעם, וואָס דער ים איז נעענטער צום הימל איידער צו דער ערד, וואָס זיי קוקן זיך אָן פּנים־אל־פּנים. אפֿשר צוליב דעם, וואָס פֿון אים דערקענט מען באַזונדערס די גבֿורה פֿון דעם בורא־עולם. און אפֿשר צוליב יענע צוויי טרערן, וואָס דער ריבונו־של־עולם לאָזט פֿאַלן אין אוקינוס אַריַין, ווען ער דערמאָנט זיך, אַז זיַינע קינדער פּיַיניקן זיך צווישן די אומות־העולם. סיַי ווי, באותו־רגע האָט זיך אין איר דערוועקט איר גאָרע ביטערניש און דערשלאָגנקייט, דער גאָרער בראָד פֿון איר לעבן, איר בליַיבן אָן קינדער, און זי האָט אויסגעשטרעקט די הענט צום ים און גענומען פֿאַרקלאָגן זיך פֿאַר אים, וואָס ס'איז געשען מיט אירע קינדער.

זי האָט לאַנג געזיפֿצט און געוויינט און גערופֿן אירע קינדער, יעדן איינעם ביַי זיַין נאָמען, מיט ליבלעכע, פּיעשטשענדיקע און צערטלעכע ווערטער, און טרערן האָבן איר געטריפֿט פֿון די אויגן, דאָס פּנים פֿאַרביטערט, און דאָס מויל פֿאַרקרימט.

ביז זי איז לסוף אַנטשוויגן געוואָרן, האָט אונטערגעלייגט דאָס פּנים מיט דער האַנט און איז געזעסן זיך וויגנדיק, ווי אַ שיכּור, און דער ים לעקט דאָס זאַמד פֿון אונטער אירע פּיסזוילן און רוישט און קלאַפּט מיט אַן איינטאָניקן געברום, וואָס האַלט אין איין איבערחזרן זיך און הערט נישט אויף, ווי דער ברום פֿון דעם האַרץ פֿון דער וועלט.

ביסלעכוויַיז האָבן זיך איר די אויגן גענומען צומאַכן און אויפֿעפֿענען, אויפֿעפֿענען און צומאַכן, און די וועלט האָט זיך איר באַוויזן שטיקערוויַיז, נאָך אַנאַנד זיך טוישנדיק, אַ שטיק הימל און אַ שטיק ים, אַ שטיק ים און אַ שטיק הימל. איבער אירע גלידער צעגיסט זיך אַ פֿוילקייט, דער זינען ווערט איר צעמישט און פֿאַלט אַריַין אין פֿאַרגעסונג. און ס'איז שוין מער נישטאָ, נישט קיין ים און נישט קיין הימל, נישט קיין זין און טעכטער און נישט קיין שום געשטאַלט פֿון אַ וועלכן עס איז באַשעפֿעניש, וואָס דער אייבערשטער האָט באַשאַפֿן אויף זיַין וועלט. קיין שום זאַך איז נישטאָ אויף דער וועלט, איז נישט געווען און קיין מאָל נישט באַשאַפֿן געוואָרן, ניַיערט אַלץ איז אַן אויסטראַכטעניש און אַ חלום. זי גופֿא איז אַ חלום, און די וועלט איז אַ חלום; און דער ים איז דער חלום פֿון דער גאַנצער וועלט.

איז אַ וויַיל אַרום האָט זי אויפֿגעוואַכט. צו ערשט האָבן איר די אויגן נישט געדינט, און זי האָט נישט געזען, איז נישט געווען ביַים זינען און נישט געוווּסט וווּ זי געפֿינט זיך. אָבער באַלד איז זי צו זיך געקומען. זי האָט אַ קוק געטאָן

אהין און אהער און זיך פֿאַרקוקט אויפֿן מיטן ים, וואָס פּלאַמט קעגן דער זון, ווי אַ שײַטער, ווי עפּעס צעגליטע שטאַלפּרענטלעך, גליִענדיקע קוילן און טאַנצנדיקע פֿלעמלעך. עפּעס אַזוינס איז אַהין אַרײַנגעשלײַדערט געוואָרן, צווישן אַט די גליִענדיקע קוילן, אַראָפּגעזונקען און אַרויפֿגעשטיגן, האָט זיך געטרייסלט, געשוועבט אַהין און אַהער און פֿאַרווישט געוואָרן מחמת דעם צו שטאַרקן שײַטערליכט, באַווײַזט זיך און פֿאַרשווינדט, און ווידער און אָבער. זי האָט באַדעכלט מיט דער דלאָניע די אויגן, פֿינטלענדיק געקוקט, און ס'האָט זיך איר געדאַכט אין שרעק און פֿאַרוווּנדערונג, צי אַ קאַסטן, צי אַן אָרון־קודש, צי אַ ספֿר־תּורה שווימט עס אויפֿן וואַסער.

אַזוי האָט זי געטראַכט עפּעס אַזוינס, וואָס ליינט זיך נישט אויפֿן שׂכל, און ס'איז פֿאַר איר דאַך רעכט געווען.

ס'זענען נישט אַריבער קיין עטלעכע מינוט, ווי זי האָט אײַנגעזען, אַז ס'איז גאָר אַ נאַקעטער יונג, וואָס שטייט ווי הויך ער איז מיט צעשפּרייטע פֿיס אויפֿן דעק פֿון אַ פֿלאַך שיפֿל און אַרבעט מיט דער ווערסלע אויף ביידע זײַטן.

אָבער איין מאָל געזען — איז עס איר שוין פֿאַרבליבן אין זינען, און זי האָט עס זיך אויסגעטײַטשט וועגן עפּעס אַנדערש, וועגן איר אוצר, אַז זי דאַרף אַרײַנפֿירן אַ ספֿר־תּורה אין שול אַרײַן. דאָס האָט מען איר מרמז געווען פֿון הימל, און זי האָט זיך אָנגעשטויסן.

# *ix*

פֿון הײַנט אָן האָט זי פֿאַרלאָזן אירע געשעפֿטן און גענומען גיין איבער די געוועלבער פֿון הענדלער מיט ספֿרים און תּשמישי־קדושה, זוכן אַ ספֿר־תּורה און זיך דערוויסן וויפֿל ס'דאַרף קאָסטן. גענומען גיין איבער די געוועלבער פֿון די גאָלדשמידן, זיך צו דערוויסן וויפֿל ס'איז ווערט איר צירונג.

זי איז זיך אַ סך אַנגעלאָפֿן, האָט אַ סך געהאַט צו טאָן מיט די גאָלדשמידן און דערקענט יעדן איינעמס האַרץ און יעדן איינעמס שווינדלערישקייט. פֿאַרשיידן זענען די מענטשן. איינער שינדט אַראָפּ איין הויט, און אַ צווייטער שינדט אַראָפּ צוויי הויטן, איינער שלאָגט מכּות־רצח, און אַ צווייטער שלאָגט ביז צום טויט. און זייער צד־השווה איז, וואָס אַלע האָבן זיי געוואָלט אַנוואַרעמען די הענט בײַ איר פֿײַערטאָפּ און געניסן פֿון איר מיטן פֿולן מויל.

אײדער עפּעס צו טאָן, איז זי געגאַנגען צום רבֿ, מיט אים זיך אַן עצה צו האַלטן, וואָס זי דאַרף, נאָך זײַן מיינונג נאָך, טאָן מיט איר אוצר. דער רבֿ, וועלכער האָט זי געקאָנט און געקאָנט איר מאַן און געוווּסט אַלץ וואָס איר איז געשען, האָט נישט־לאַנג אַרײַנגעטראַכט און איר געזאָגט: אַ ספֿר־תּורה. האָט זי אים אויפֿן אָרט צוריקגעזאָגט: דער אייבערשטער האָט זיך שוין געפֿעדערט פֿאַר אים מיט אַ צייכן, וואָס ער האָט איר געגעבן. און זי האָט אים דערציילט די מעשׂה מיטן גרויסן ליכט, וואָס זי האָט געזען אויפֿן ים.

איז דער רבֿ געוואָרן מלא־שׂמחה, וואָס ער האָט אַזוי צוגעטראָפֿן מיט זײַן עצה און זוכה געווען צו פֿאַרמאָגן עפּעס פֿונעם אייבערשטנס מחשבֿה.

ער האָט זיך אַרײַנגעלייגט אין דער דאָזיקער דבֿר־מצווה און איר געגעבן איינעם אַ מענטשן, אַן אָרנטלעכן און באַגלייבטן תּלמיד־חכם, וועלכער זאָל זיך אָפּגעבן מיט איר בײַ די סוחרים, זיי זאָלן זי נישט באַוואָלהן, און ער זאָל קויפֿן פֿאַר איר אַ ספֿר־תּורה אין גלײַכן געלט.

דאָס איז געווען אַ זשוואַווע פֿאַרשווינדל, מיט אַ פֿיגורל פֿון אַן אָרעמאַן אין יאָרן פֿון אומגערעטעניש, אַ פּנים, וואָס שײַנט ווי נישט־געשמירטע שבת־חלה, אויגן, וואָס חלומען בלויע און גוטע חלומות, פּאות, ווי דאָס עקעלע פֿון אַ קאַטשער, און אַ פּיצל בערדעלע, וואָס הענגט אַראָפּ, אַ בערדעלע, וואָס איז אַ שײַנדל פֿאַר אַ צאָפּ.

נישט מאַכנדיק קיין שהיות, האָט ער זיך גלײַך געטאָן אַ לאָז אויף דער מצווה און געהאָרעוועט און איז געלאָפֿן מיט אויפֿגעריסענע אויגן איבער די גאַסן, מיט אַ צעזשומעט מויל, ווי אַ בין, אַ פּנים, וואָס קערעוועט זיך אויף אַלע זײַטן. די אַלטיטשקע איז אים נאָכגעלאָפֿן מיט אירע דריבנע טריטעלעך און נישט געקאָנט אים דעריאָגן.

אַזוי איז ער געלאָפֿן. און אין מיטן די פֿיל מעשׂים, וואָס ער האָט אויסגעפֿירט מיט איין כאַפּ, פֿלעגט ער באַגריסן דעם און אַ שאָקל טאָן מיטן בערדל צו יענעם; טאָן אַ שטעל אַפּ דעם און אַ וואָרף אויף אים אַ קוק מיט אַ פּנים פֿון „מאַי־קאַ־משמע־לן", און אַ שטעל אַפּ יענעם און אַ וואָרף אויף אים אַ קוק מיט אַ שטום „שהחיינו"־פּנים; טאָן אַ כאַפּ אָן דעם און אַ וואָרף צו: „וואָס פֿאַר אַ מעשׂים־טובֿים האָסטו עפּעס הײַנט אָפּגעטאָן?" און אַ כאַפּ אָן יענעם און אַ וואָרף צו: „גיע זשורים, בראַט"*. און נאָך אַ סך דעסט גלײַכן. ער לויפֿט ווײַטער אַ צעקאַכטער אַהין און אַהער, און זײַנע אויגן לויפֿן אום צווישן מענטשן, דאָס בערדעלע אויף אַ זײַט, און דאָס מויל זשומעט, ווי אַ בין. ביז ענדלעך קומט ער צו די גאָלדשמידן און לאָזט זיך אַרײַן מיט זיי אין אַ משׂא־ומתּן.

נאָך אַ סך דינגעניש און אײַנטענהניש מיט זיי, מיט די גאָלדשמידן, האָט ער פֿאַרקויפֿט דעם אוצר פֿאַר אַ שפּאָרער סומע געלט, פֿאַר צוויי הונדערט פֿונט. אויסער איין טײַער פֿינגערל, וואָס די אַלטיטשקע האָט איבערגעלאָזט בײַ זיך אויף אַן ענגער צײַט. און נאָך פֿרײַער שוין האָט ער געהאַט איבערגעלאָזט אַ שײַן און פֿײַן ספֿר־תּורה, אַ שארית־הפּליטה פֿון אַ הייליקער קהילה אין פּוילן, וואָס איז געוואָרן חרובֿ און פֿאַרשוווּנדן פֿון דער וועלט, און עס געקויפֿט פֿאַר הונדערט און פֿופֿציק פֿונט.

זיי האָבן זיך בײדע אַ סך און שטאַרק געפֿרייט, זי מיט טרערן און געוויין, און ער מיט דאַנקען און לויבן דעם אייבערשטן.

זי האָט גענומען און אים דערלאַנגט זײַן שׂכר־טירחה — אָבער ער האָט נישט געוואָלט נעמען, ווײַל ער האָט פֿון לכתּחילה אָן דאָס אַלץ געטאָן נאָר לשם מצווה. נאָר אַז זי צוו אים שטאַרק צוגעשטאַנען, האָט ער זיך אונטערגעגעבן און איר געטאָן דאָס געפֿעליקייט. ווײַל, האָט ער נו־מילאָדיק אָפּגעזיפֿצט און זיך אַ טראַכט געטאָן: אַ מלך דאַרף אויך חיונה.

* נישט געזאָרגט, ברודער.

# א

זי האָט גלײַך גענומען און געבראַכט די עץ־חיימס צון אַ טאָקער, ער זאָל אויף זיי אויסטאָקן די נעמען פֿון אירע זין מיט זייערע ווײַבער און קינדער און די נעמען פֿון אירע טעכטער מיט זייערע מאַנען און קינדער. האָט געקויפֿט אויפֿן מאַרק אַ טײַערן און פֿײַנעם סאַמעט, אַ בלויער, ווי דער ים, און געגעבן אַ שנײַדערין אויפֿצונייען אַ מענטעלע פֿאַרן ספֿר, און גאָלדפֿעדעם — אויסצו־העפֿטן דערויף איר מאַנס נאָמען און איר נאָמען אויף אַן אייביק געדעכעניש.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען איר געבראַכט דאָס ספֿר־תּורה איז שטוב אַרײַן, אַן איבערגעזועכס, אײַנגעהילט אין סאַמעט און באַצירט מיט גאָלדענעם געהעפֿטעכץ.

לכּבֿוד דעם טאָג האָט זי זיך אויסגעפּוצט אין אַ שוואַרץ זײַדן קלייד, וואָס האָט זיך בײַ איר אײַנגעהיט פֿון אירע כּלה־מלבושים. דאָס דאָזיקע קלייד איז געווען אַ ביסל אויסגעריבן, אַ ביסל צעהאַקט, ס'זענען דערפֿון אַרויסגעקראָכן צוויטן, און ס'האָט זיך אָפּגעגעבן מיט אַ שווערן גערוך פֿון נאַפֿטאַלין. ס'איז געווען אויף איר צו ברייט און איבער דער מאָס גרויס, וואָס פֿון אונטן, איז פֿאַרקראָכן אַרויף צו, און וואָס פֿון דער רעכטער זײַט — אויף דער לינקער, צעפּלאָסן אין די זײַטן, און דער ראַנד שלעפּט זיך איר נאָך אויף דער פּאָדלאָגע. זי האָט זיך אַרויסגעזען דערפֿון ווי אַ מיידעלע, וואָס האָט זיך פֿאַרשטעלט פֿאַר אַ דערוואַקסענע.

אַ זיבן־אַכט זקנות האָבן זיך בײַ איר צונויפֿגעקליבן און משׂמח געווען מיט איר און איר אַ סך אָנגעווינטשעוועט און אָנגעטרייסט. אַ צעטראָגענע און גערירטע האָט זי זיך געדרייט צווישן זיי מיט אַ קינדיש פּנים, וואָרהאַפֿטיקער אַלולדיקער עצבֿות און אַן אויסזען פֿון „געלויבט איז דער אייבערשטער, וואָס

פּירט אַזוי זײַן וועלט". צי פאַרוואונדערט אויף זיך אַליין, וואָס זי האָט זוכה געווען אַ זאַך, וואָס די גאַרע וועלט איז נאָר צוליב דעם באַשאַפן געוואָרן, און די גאַרע וועלט איז עס נישט ווערט; צי צעטומלט און נישט ווייסנדיק, וואָס עס קומט דאָ פאָר, האָט זי זיי אין צעטומלעניש און צעמישעניש געענטפערט מיט אַן אָפּגעכאַפּטער און פאַריתומטער ווינטשעוואַניע.

ווען זיי האָבן זיך מיט איר צעזעגנט און זענען אַוועקגעגאַנגען, האָט זי זיך געשטעלט פאַר דעם רייניקייט, וואָס איז געלעגן אויפן טיש אין אַ קליין אָפן שאַפּקעלע, און איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ געיאָמער און ביטער געוויין. האָט אַרײַנגעטוליעט דאָס פּנים אין דעם ספר און עס געקושט. אירע פינגער האָבן געגנישטערט און באַטאַפּט די קינדערס נעמען, אויסגעקאַרבטע, ווי ווונדן, אויף די עץ־חיימס, און זי האָט געשריגן: „קינדער, קינדער מײַנע!" און אויסגעיאָמערט אַ קלאָגליד: „קוק און זע, וואָס די גוים האָבן געטאָן מיט מײַנע קינדער!". האָט זיך אויסגעטענהט מיט רייד, וואָס זענען ווערט פאַרשריבן צו ווערן אין ספר איוב און אין ספר ירמיה, און אַזוי ביטער געוויינט, ווי נאָך קיין מאָל נישט פאַר איר לעבן ביז הײַנט. ווי דער אייבערשטער וואָלט געוויינט און באַוויינט צוזאַמען מיט איר, געוויינט און באַוויינט דאָס עם־ישראל צוזאַמען מיט איר; געוויינט און באַוויינט אַלע דורות צוזאַמען מיט איר, ביז נשמה־אויסגאַנג און פאַרלירן דעם זינען; ביז ס'איז איר שוין מער קיין כּוח נישט פאַרבליבן, און זי איז אַ פאַרחלשטע צו דר'ערד אַנידערגעפאַלן.

אַ צווייט, און דריט, און פערט מאָל האָט זי זיך געשטעלט פאַר דעם ספר תּורה און שטייענדיק זיך אויסגעטענהט פאַר דעם מיטן ריבונו־של־עולם, גע־יאָמערט, געהעשעט און אויסגעקלאָגט קלאָגלידער. טרערן זענען איר געפלאָסן פון די אויגן און געפאַלן אויף איר נאָמען, וואָס האָט געבליאַסקעט מיט זײַן גאָלד, און האָבן אים אָנגעצונדן, און ער פלאַמט, ווי פײַער, און מאַכט בלענדיק דאָס גאַנצע ספר מיט זײַן ליכט.

באַלד האָבן זיך איר די הענט אַראָפּגעלאָזט, און זי האָט אַרומגעשלײַכט פאַמעלעך. טייל מאָל העשעט זי און שעפּטשעט שטילערהייט אַ תּפילה, שפּלדיק און אײַנבעטנדיק, און טייל מאָל זיצט זי אויפן בעטראַנד, אַ געבויגענע און אויף אַ זײַט געלענטע, מיט אַ געקנייטשט פּנים, ווי אַן אויסגעטרוקנטער, גע־פלאַצטער אתרוג, וואָס ס'איז אַרוים אויף אים אַן אויסשלאַג, מיט אויגן וואָס שטאַרן אויפן ספר־תּורה.

בײַ נאַכט פלעגט זי ליגן אויף איר געלעגער, און דאָס רייניקייט פלעגט פלאַמען קעגן איר מיט זײַן גאָלד־געהעפּטעכץ. דאָס גאָלד האָט אויסגעזען, ווי דער בליאַסק פון ים, ווען זי האָט אים געזען לײַכטן קעגן דער זון, ווי אַ שײַטער מיט אונטערטאַנצנדיקע פלעמלעך. זי פלעגט נישט קאָנען אײַנשלאָפן, זיך פלאָגן און צוטראַכטן עצות און תּחבולות, אַזעלכע נסים־ונפלאותדיקע, וואָס דער אייבערשטער וואָלט געוווען געקאָנט טאָן, אַז אירע קינדער זאָלן געראַטעוועט ווערן פון פאַרטיליקונג. מיט דעם פלעגט זי אָנהייבן און מיט דעם אויסלאָזן

לאנגע־לאנגע שעהען און האלטן אין איין מאטערן די געהירן, ביז דער זינען ווערט איר צעמישט און לעשט זיך אויס.

זי פֿלעגט, אַליין נישט ווייסנדיק דערפֿון, פֿון מאָל צו מאָל אויפֿזיינגען עפּעס א ניגון. איר שטים צעגייט זיך אין דער נאכט־פֿינצטערנישׂ שוואך און צעבראכן און דרינגט אַרײַן אין אירע אויערן, ווי די שטים פֿון אירע זין, ווען זיי פֿלעגן שבת לייענען די הפֿטורה. ביז ענדלעך באַפֿאַלט זי א דרימל, און זי שלאָפֿט אײַן.

## *xi*

**צו ערשט האָט זי געטראַכט** צו פֿירן דאָס רייניקייט אין שול אַרײַן אום ז׳ באדר. דערנאָך האָט זי געענדערט איר געדאַנק און זיך צוגעאײַלט עס צו פֿירן גלײַך, ווײַל זי האָט זיך געטראַכט: קיינער ווייסט נישט, ווען ער וועט גערופֿן ווערן, בפֿרט אַ זקנה, ווי זי, וואָס הײַנט איז זי דאָ און מאָרגן אין קבֿר.

זי האָט זיך באַראָטן מיטן רבֿ און דעם שול־גבאי, און באַקומען זייער אײַנשטימונג אויף ראש־חודש אלול.

יענעם טאָג, ווי נאָר ס׳האָט אָנגעהויבן ליכטיק ווערן, האָט זי אָוועקגעאײַלט אויפֿן בית־עולם און אָנגעקלאַפּט אויפֿן מאַנס קבֿר. פֿון דאָרט — אויפֿן מאַרק און געקויפֿט פֿיש און פֿלייש און ווײַן, גאַנצע קוישן. פֿון דאָרט — צוצוגרייטן די סעודה, וואָס זי מאַכט פֿאַר ייִדן תּלמידי־חכמים. האָט זיך געפּאָרעט דעם גאַנצן טאָג, און צוזאַמען מיט איר האָבן זיך געפּאָרעט דרײַ נשים־צדקניות.

נאָך מעריבֿ איז זיך צון איר צוזאַמענגעקומען אַ גרויסער עולם, גוזעמלעך לערנער, כאַפּטעס אָרעמעלײַט און שלעפּערס בטלנים, קרומע, בלינדע און הויקערס און דעסט גלײַכן, פֿיגורן פֿונעם פֿאָלק און גרויסע פֿירשפּרעכערס פֿאַר די ייִדן בײַ זייער טאַטן אין הימל. נאָך זיי זענען געקומען די קלעזמער מיט זייערע אינסטרומענטן, אַ פֿידל, אַ טרומייט און אַ פֿלייט, אַ פּויק און טאַצן.

געוואַשן די הענט, זענען זיי געגאַנגען צום טיש און האָבן זיך אויסגעזעצט איינער לעבן אַנדערן, יעדער מיט זײַן באָרד, זײַנע פּאות און זײַנע ציצית. האָבן געזופּט און געשלונגען, געקײַעט און פֿאַרשרפּעט, געוואָרטשעט און געסאָפּעט, געמאַכט מיט די הענט, געטרייסלט מיט די בערד און אָפּגעלעקט די פֿינגער לכּבֿוד דער מצווה און צום לויב דעם אייבערשטן. צווישן איין גלעזל און דעם

צווייטן האָט מען געזאָגט שאַרפֿע חידושי־תּורה, און צווישן איין שיסל און דער צווייטער האָט מען געלויבט די בעל־שׂמחהניצע און זי געריממט אין טאָג אַריַין.

דערנאָך האָט מען זיך אויפֿגעהויבן פֿון דער סעודה. דער גבאי האָט אַרויס־גענומען פֿון שאַפֿקעלע דאָס ספֿר־תּורה, אַן אויסגעצירטס, ווי אַ בת־מלכּה, עס אַ קוש געטאָן און דערלאַנגט דעם רבֿ. באַלד האָט דער עולם גענומען זיך שטופּן צום ספֿר און עס קושן, און זיך אויסדרייען צו דער אַלטיטשקער און איר אַנווינטשעווען.

האָט זי זיך אַוועקגעשטעלט פֿאַרן גאַנצן עולם, אַן אײַנגעשרומפּענע און שלאַ־בעריקע, מיט אַ צוקנדיק פּנים און טריפֿנדיקע אויגן, אין איר שייטל, וואָס גלאַנצט קעגן דער עלעקטרע־שײַן, ווי אַ לויטערער שפּיגל. זי האָט אויפֿגעעפֿנט דאָס מויל און גענומען זאָגן מיט אַ כאַפּנדיקער, ציטעריקער שטים:

— יהי רצון, זאָל זײַן גאָטס ווילן, איר זאָלט זוכה זײַן צו פֿירן דאָס ספֿר־תּורה אין בית־המקדש אַרײַן, וואָס וועט אויפֿגעבויט ווערן במהרה בימינו.

מיט פֿאַראַד און מיט יובֿל האָט מען געפֿירט דאָס ספֿר־תּורה אין שול אַרײַן, מיט אַ חופּה און שטורקאַצן, מיט מוזיקע און מיט טענץ, מיט פֿרייד און געזאַנג.

פּאַמעלעך איז געשוווּמען די חופּה. ס'האָבן געפֿלעמלט די ליכט, אַ ליכט דאָ, אַ ליכט דאָרט. ס'האָט גערימפּלט דאָס פֿידל, געשאַלט דער טרומייט, גע־צאַפּלט די פֿלייט, ס'האָבן געיובלט די טאַצן, און דער פּויק האָט פֿאַרהילכט דעם נאַכטיקן חלל. דער עולם האָט געהאָפּסט, געשפּרונגען און געזונגען מיט אַ שטאַרקער און פֿעסטער שטים און איז אַלץ ווײַטער געגאַנגען אַרײַן אין דער טיפֿער נאַכט־פֿינצטערניש, ווי אַ בינטל גײַסטער און עולם־הבא־ייִדן.

מיט אַ געפֿיל פֿון הייליקייט און יראה האָט די אַלטיטשקע נאָכגעשלײַכט נאָך דער חופּה צווישן צוויי ייִדענעס, וועלכע האָבן זי אונטערגעהאַלטן אין דער רעכטער און לינקער זײַט. דאָס ליכט האָט געציטערט אין איר האַנט און געברענט ווי די שטרויהאַר פֿון אַ גאָלדענער זאַנג, און איר האַרץ צאַפּלט, און איר מחשבֿה איז באַהאַפֿטן מיט די נשמות פֿון אירע קינדער, וועלכע גייען מיט איר צוזאַמען און שפּרײַזן פֿאַר איר אין אָט דער שעה פֿון פֿירן די תּורה.

ווען מ'איז צוגעקומען צו דער שול, זענען קעגן זיי אַרויסגעקומען אַלע ספֿרי־תּורות פֿון אָרון־קודש און האָבן מקבל־פּנים געווען זייער געקומענעם ברודער. און ווען מ'האָט אים אַרײַנגעפֿירט אינעווייניק, געמאַכט עטלעכע הקפֿות אַרום באַלעמער, אָפּגעזאָגט עטלעכע קאַפּיטלעך תּהילים, און דער רבֿ איז אַרויפֿ־געגאַנגען אויפֿן באַלעמער און געהאַלטן אַ דרשה פֿאַרן עולם, האָט די קאַפּעליע ווידער געטאָן אַ שפּיל אויף אַ פֿריילעכס.

באַלד האָט דער עולם געטאָן זיך אַ שטעל אויף די פֿיס, אַ שטרעק אויס די הענט איינער צום אַנדערן און אַ לאָז אַרויס זיך אין טאַנץ מיט האַסט און ברען. פֿון רגע צו רגע האָט מען זיך אַלץ מער דערהיצט און אויפֿגעקאָכט, געזונגען און אויפֿגעשריגן, געשפּרונגען און געטענצלט, זיך אַראָפּגעלאָזט און אַרויפֿגעהויבן, דעמס באָרד בײַ יענעמס פּאות, און יענעמס אַרבע־כּנפֿות בײַ

דעמס יארמלקע, און מע טראגט זיך אין א צעפלאכטענער ראד, א צעיאגטע און צעשריגענע.

מער פון אלע האט זיך געפרייט יענער שליח־מצווה, װעלכער האט זיך מיט איר פון לכתחילה אן מטפל געװען, געטאנצט מיט אלע כוחות, ביז א זױל איז אים אפגעשפרונגען.

מענצלדיק איז ער אנטקעגנגעקומען דער אלטיטשקער, די זױל פאטשנדיק אהין און אהער, די יארמלקע פאררוקט אהינטער, דאס פנים פארשװיצט, די אױגן צעשמײכלט, דאס בערדל אױף א זײַט, די ציצית אױפן בױך, און האט זי ארױסגערופן צו טאנצן א מצווה־טענצל.

די קאפעליע האט געטאן אירס און אױפגעשפילט א מוזיקשטיק, און דער עולם האט געטאן זײַנס און אױפגעזונגען, געקלאפט מיט די הענט, געפאטשט און אױפגעשריגן „אײַ־אײַ־אײַ”, און די אלטיטשקע איז ארײַן אין דעם רעדל, װאס מ׳האט געמאכט פון אירעט װעגן. זי איז געשטאנען, האט אױפגעהױבן א פוס און אראפגעלאזט א פוס, זיך א דריי געטאן אײן מאל און א צװײט מאל מיט ערנסט און עניוות, און ס׳האט א שלעשטשע געטאן איר קלײד, און ס׳האבן זיך צעציטערט אירע אױרינגלעך. באלד האט זי אפגעזיפצט פון הארצן א טיפן זיפץ, װאס זעט אױס צו זײַן דער תמצית פון איר גאנצן לעבן, זיך אפגעשטעלט און פאמעלעכן אומגעקערט אױף איר ארט.

ערשט האט די שמחה גענומען זיך פונאנדערפלאקערן. װידער און אבער האבן זיך די מענטשן אנגעהאנגען אײנער אױפן אנדערן, צונױפגעדרײט אין א קנױל און שטורמיש געטראגן זיך אין טאנץ. זײ האבן זיך צוזאמענגעפלאכטן און באהעפט, צוזאמענגעמישט מיט די בערד, מיט די פאות, מיט די ציצית, צעשריגענע, מיט צעהיצטע פיס און צעפלאקערטע פנימער. דער שרײַט איבער יענעם, און יענער שרײַט איבער אלע, צעמישט דאס מוזיקשטיק און מאכט קאליע די מעלאדיע, — װי ס׳איז דער שטײגער פון ייִדישע מענטשן, װאס יעדער אײנער איז א יודע־נגן, נישטא זײַנס גלײַכן, דער גלאװנער מנגן. און אט אזױ ביז ס׳האט גענומען בלױען אױף טאג.

# xii

די שמחה, ווי זי איז געקומען, אַזוי גלײַך איז זי אַוועק. די אַלטיטשקע האָט זיך אומגעקערט צום אַלטן און זיך אָפּגעגעבן מיט איר באַשעפֿטיקונג, צוגעלייגט אַ גראָשן צון אַ גראָשן און געטאָן צדקה פֿאַר אָרעמעלײַט.

שבת פֿלעגט זי הערן לייענען די סדרה אין שול פֿון איר רייניקייט, און דאָס איז געווען פֿאַר איר אַ טרייסט. ווײַל אַזאַ תּנאַי האָט זי געהאַט אויסגענומען מיטן שול־גבאַי: די ערשטע פֿיר וואָכן זענען אירע, און יום־כּיפּור — און שבת־בראשית — אירער, און פֿון ווײַטער אָן איז יעדער דריטער שבת אירער.

פֿון דער סדרה נח אָן איז זי אָפּגעשוואַכט געוואָרן, און איר כּוח האָט זיך אײַנגעבראָכן. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז פּלוצעם אומגעריכט, אין צוויי־דרײַ טעג, איז זי שלאַבעריק געוואָרן, און דער מלאך־המוות האָט אָנגעהויבן קריכן איר אין די אויגן אַרײַן.

פֿון מאָל צו מאָל פֿלעגט זי פֿאַרשלאָפֿט ווערן. פֿון דאָקטוירים האָט זי זיך אָפּגעזאָגט צוליב די אָרעמעלײַט, ווײַל זיי האָבן פֿאַרהאַנט קעגן די דאָקטוירים. זי האָט זיך פֿאַרלאָזט אויף די רייד פֿון צדיקים. צדיקים זאָגן אַזוי: „אַז אַ מענטש גייט צון אַ דאָקטער, קאָן ער יאָ און קאָן נישט גענעזן ווערן, אָבער אַז אַ מענטש טוט צדקה — וועט ער אויף געוויס גענעזן ווערן”. האָט זי גענומען און צוגעלייגט דעם לוין פֿאַר די דאָקטוירים צו דער צדקה, וואָס זי האָט געגעבן, און זיך אומגעקערט צון איר באַשעפֿטיקונג.

הגם זי האָט זיך שטאַרק געעלטערט, פֿלעגט איר נישט באַפֿאַלן קיין אימה פֿאַרן מלאך־המוות, און זי האָט אים נישט געהאַט אין זינען. גלײַך ווי אירע יאָרן זאָלן נישט זײַן קיין געציילטע און איר לעבן נישט אָפּגעמאָסטן. און אַזוי אַ איז עס.

די־וועלט, וואָס איז פֿריִער ווײַט געווען פֿון איר אַ סך דורות, ביז די אָבֿות אויף צוריק און ביז משיח־צײַט פֿאָרויס, האָט זיך הײַנט באַזונדערס דערווײַטערט פֿון איר און איז גאָר־גאָר אײַנגעשרומפּן געוואָרן. זי האָט שוין אין איר גאָרנישט ניט געהאַט, חוץ איר ריינקייט, און די צדקה, און דאָס ביסל מצוות, וועלכע וועלן קומען און וועגן איר עדות זאָגן אויף יענער וועלט. גאָרנישט האָט זי נישט פֿאַרלאַנגט פֿאַר זיך, און גאָרנישט גענאָסן פֿון דער־וועלט, נײַערט אַוועקגעגעבן לײַטן פֿון דעם וואָס זי פֿאַרמאָגט, פֿון דעם וואָס איז איר איבערגעבליבן. איר גאַנץ וועזן האָט זיך געשטרעקט בלויז צו יענער־וועלט, וואָס דאָרטן זענען אַלע אירע קינדער, וועגן וועלכע זי טראַכט שטענדיק, צו יעדער צײַט און צו יעדער מינוט, און איז צווישן זיי, אָט ווי איינער וואָס גייט אויף איין זײַט ירדן און שמועסט מיט זײַן חבֿר אויף דער צווייטער זײַט.

אין איינער אַ האַרבסטיקער נאַכט איז זי געלעגן אויף איר געלעגער, און דער שלאָף איז צו איר נישט געקומען. זי האָט געהערט שטימען פֿון מענטשן, וואָס לויפֿן און שרײַען אין גאַס. איז אַראָפּגעגאַנגען פֿון בעט און האָט צוגעבויגן דעם קאָפּ צום פֿענצטער. דערזען אַ מענטשן־געווירבל אין מיטן גאַס, וואָס שרײַען אויף קולי־קולות, גלײַך זיי וואָלטן זײַן אויסן זינען: „מיר האָבן אַ מדינה! מיר האָבן אַ מדינה!”. פֿון ווײַטנס האָט זיך דערטראָגן די שטים פֿונעם מענגאַפֿאָן און דער געברום פֿון אויפֿגעברויזטע מאַסן, ווי די שטים פֿון צעשטורעמטן ים. זי איז ווײַטער געשטאַנען אין געדאַנקען און מוטלאָזיק, האָט זיך קיין ריר נישט געטאָן, נישט געפֿרייט און נישט געוווּנדערט, נאָר אַ קײַ געטאָן אַ צוויי־דרײַ מאָל די צונג, ווי אַ בהמה־דקה, בעת זי איז מעלה־גרה, טיף אָפּגעזיפֿצט פֿון געוווינהייט וועגן און אַוועקגעגאַנגען שלאָפֿן.

# xiii

בעת דער מלחמה פון די אראבער, איז איר שוועסטערס אן איינִיקל געקומען קיין ארץ־ישראל. אין אנהייב האט זי אים נישט דערקאנט, ווייל ער איז נאך געווען א קינד, ווען זי איז אוועקגעפארן קיין ארץ־ישראל, און ערשט איז ער אויסגעוואקסן און געווארן א בחור. נאר לסוף, אז ער האט איר געזאגט ווער ער איז, איז איר פרחה־נשמתה געווארן, און הענט־און־פיס האבן איר גענומען ציטערן. זי איז אים באלד ארויפגעפאלן אויפן האלדז, האט אים ארומגענומען, געקושט און געיאמערט איבער אים און זיך געפרייט מיט אים. גענומען זיין פנים צווישן אירע הענט און אים אנגעקוקט, און ווידער גענומען יאמערן איבער אים און זיך פרייען מיט אים.

דאס איז געווען א בחור מיט א געשטעל פון א יִנגל און א פנים פון א זקן, מיט א געבויגענעם רוקן און פליכיקן שארבן, אז דריי ציין אין סאמע פארנט. זיינע אויגן — טריב, ווי רויך אין מיטן העלן טאג. אויגן פון א מענטשן, וואס האט נישט קיין איין צווייפל אין זיין לעבן, קיין איין זאך צום פארוואונדערן זיך דערויף און דעסט גלייכן זאכן וואס פארבלענדן, נייערט אלץ איז געוויסיק, קלאר און אנטפלעקט פאר אים.

אלע פורעניותן, גרוילן און אלע הארבע, בייזע צושטאנדן, וואס דאס יִדישע פאלק האט דורכגעמאכט פארן לעצטן דור, האבן זיך אויסגעלאזט צון אים, זענען געווארן דער עצם פון זיין לעבן און די געשיכטע פון זיינע קורצע יארן און שטעקן נאך אין אים ביז היינט. פון זיי און אין זיי נעמען זיך עם זיינע טראכטענישן; פון זיי נעמט זיך זיין אפזונדערן זיך מיט זיך אליין, ווי עמעץ, וואס איז מיד פון מענטשן, און זיין לעבן האט אים דערעסן; פון זיי און אין זיי נעמט זיך זיין שווייגן, וואס ער שווייגט, ווי א ריכטער אין געריכט, און

צום משפּט פֿאַר אים שטייט די גאַרע וועלט גופֿא. דאָס איז געווען אַ שווער און ביטער שווייַגן, אַ צאַרנדיקס, אַ פֿינצטערס און אין האַרץ פֿאַרבאַרגנס, און עס שטעקט דערין אַלץ: זייַן טאַטע־מאַמעס אויף דר׳ערד פֿאַרגאָסענע בלוט; דאָס ווייגעשריי פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג אויפֿן ראַנד פֿון קבֿר, וואָס זיי האָבן געמוזט גראָבן פֿאַר זיך אַליין; דאָס געשריי פֿון מאַמעס, וואָס מ׳האָט פֿון זייערע הענט אַרויסגעריסן זייערע יִינגעלעך און מיידעלעך צום דערמאָרדן; עופֿעלעך און זייגקינדער, וואָס זייַנען געשלײַדערט געוואָרן דורך די שׂונאימס הענט פֿון הויז אַראָפּ אונטן, און זייער בלוט האָט זיך צעשפּריצט אויף דער ערד און אויף ביימער; דאָס צעטראָגענע געלויף פֿון בחורים און מיידלעך, וואָס מ׳האָט זיי אויסגעטאָן נאַקעט אין מיטן גאַס, אין אַ טאָג פֿון ווינט און שניי, און די שׂונאים טרײַבן זיי מיט נאָהײַקעס און רייצן אַן אויף זיי די הינט, און דער שניי איז דורכגעזאָפּט מיט זייער בלוט; די עבֿודת־פּרך אין הונגער און אין קעלט און אין סכּנת־נפֿשות אונטער דער שווערער האַנט פֿון דעם פֿאַריאָכער; די טויטע פֿון הונגער, וואָס ליגן אין יעדער וווינונג און אין יעדן ווינקל; דאָס זיצן אין באַהעלטעניש און אין אונטערגרונד, אין אימה און ציטערניש, טעג און נעכט; און דעסט גלײַכן די האַנדלונג פֿון פֿעלקער און דאָס בייז פֿון אַ רישעותדיקער און פֿאַרשמוציקטער וועלט, וואָס דאָס מויל איז נישט אין שטאַנד עס אויסצודריקן, און נישט דער אויער עס אויסצוהערן.

ער איז געזעסן קעגן איר און איר דערציילט שטיקלעכווײַז, וואָס ס׳איז זיי אַלע געשען, די פֿאַמיליע־גלידער, ווי אַזוי זיי זענען אומגעקומען, און אויך אַ ביסל פֿון די אַלע ביטערע זאַכן אַן אַ סוף, וואָס זענען מיט אים אַליין געשען.

און אָט ווי זי הערט אים אַזוי אויס, פֿאַרברעכט די הענט און פֿאַרגייט זיך אין געוויין, האָט ער זיך אויפֿגעהויבן און געלאָזט אַוועקגיין. זי האָט געוואָלט אים פֿאַרהאַלטן בײַ זיך, ער זאָל וווינען בײַ איר אין שטוב, און זי וועט פֿאַר אים אַלץ טאָן און אים אויסהאַלטן — האָט ער עס נישט אָנגענומען. ווײַל ס׳איז זײַן חובֿ, האָט ער געזאָגט, צו גיין צוריק אויף דער מלחמה.

אומזיסט האָט זי אויסגעשטרעקט צו אים די הענט מיט געבעט און תּחנונים און געוויינט פֿאַר אים און געטענהט, אַז זי איז אומגליקלעך, אַז זי האָט קיינעם נישט, איז עלנט, ווי אַ שטיין, אַז זי האָט נישט אויף דער וועלט קיינעם, אויסער אים, אַז דורך אים און אין אים זעט זי די פּנימער פֿון אירע קינדער און הערט זייער שטים. געזען, אַז זי פּועלט נישט בײַ אים, אַז ס׳איז אַן אוממעגלעכע זאַך, האָט זי גענומען און אים דערלאַנגט איר איבערגעבליבן פֿינגערל און געזאָגט: „נאַ, לאָז עס זײַן פֿאַר דיר״. ער האָט אַ נעם געטאָן דאָס רינגל מיט די שפּיץ פֿינגער, זײַטיק אַ קוק געטאָן דערויף און עס אוועקגעלייגט, גלײַך ס׳וואָלט נישט זײַן פֿון גאָלד און איידלשטיינער, נײַערט פֿון מעש און גלאָז. זי האָט אים אויסגעטײַטשט און פֿאַרלויבט ווי שיין עס איז, אַז מ׳האָט עס געשאַצט אין אַ סך געלט, און איז צון אים צוגעשטאַנען ער זאָל עס נעמען.

ער איז געזעסן פֿאַרטאָן אין זיך, מיט אַ פֿאַרחושכט פּנים און אויגן, וואָס פֿינקלען און זעען די אַן אַ שיעור פֿינגערלעך, די אַלע איידלשטיינער, בראַנדזע־

לעטן, זייגערס, קייטעלעך, גאָלדענע ציין און דאָס איבעריק דײַטשישע רויב, וועלכע זענען בשעתּם געלעגן אָנגעוואָרפֿן הויפֿנסווײַז און בערגלעכווײַז.

זי איז ווידער און אָבער צון אים צוגעשטאַנען און אויסגעליובט אַט דאָס רינגל אירס, אַז ס׳איז אַ טײַער רינגל, אַ רינגל אַן אַנטיקל. ער האָט זיך אַ קווענקל געטאָן און איר געענטפֿערט מיט אַ נעבעכדיק און קרום שמייכעלע, ווי עמעץ וואָס לאַכט פֿון וויטיק, אַז ער פֿאַרלאַנגט נישט קיין ירושה, אַז ער האָט וואָס ער באַדאַרף, און ס׳איז אים אַן איבעריקע זאַך. האָט זיך באַלד געזעגנט מיט איר און זי איבערגעלאָזט אַ ווײַנענדיקע און ביטער יאָמערנדיקע, ווי עמעץ וואָס באַקלאָגט אַ טויטן.

# xiv

**דעם זעלבן טאָג** האָט זי גענומען אַ זײַדן שמאַטקעלע און אויפֿגעניײט דערפֿון אַ קליין בײַטעלע, אַזעלכס ווי די קינדער נייען זיך אויף חנוכּה־געלט, און איז געגאַנגען און אַרײַנגעבראַכט אַ הויפֿנדל אַש. מיט זיפֿצעניש און שעפּטשעניש און לאַנדיק טרערן האָט זי אָנגעפֿילט דאָס בײַטעלע מיטן אַש, אַרײַנגעלייגט דערין דאָס פֿינגערל און עס אויפֿגעהאַנגען מיט אַ שנירעלע אויפֿן האַלדז. באַלד האָט זי זיך איבערגעלייגט און אַראָפּגענומען פֿון זיך דאָס בײַטעלע. מיט ציטערנדיקע הענט אויסגעטאָן די אויערינגלעך פֿון די אויערן, זיי אַרײַנגעלייגט אינעם אַש און צוריק זיך אויפֿגעהאַנגען דאָס בײַטעלע אויפֿן האַלדז. האָט זיך באַקומען, אַז איר פּנים איז געמינערט, ווי ס׳וואָלט מטושטשער און דריבנער געוואָרן, און די אויגן זענען אויס טרויעריקער, צעמישטער און צעשראָקענער.

און אַז מיט זיך אַליין אַזוי, איז ווי שוין אין דעם געטומל פֿון דער שטאָט. דער עולם האָט זיך געפֿרייט מיט די ייִדישע נצחונות, די פּנימער שטאַלץ, און די שטימונג אַ געהויבענע, ווי די גאַנצע וועלט איז זײַנע. די גאַסן האָבן געראַשט פֿונעם גערודער פֿון די דזשיפּן, וועלכע זענען געפֿלויגן אַהין און צוריק. פּאַנצער־אויטאָס האָבן זיך געטראָגן מיט צאָרנדיקער גבֿורה. ייִדישע זעלנער האָבן געזונגען, שטייענדיק צוזאַמענגעקוועטשטע אויף לאַסטאויטאָס. ייִדן פֿון די גלות־לענדער, נאָר וואָס געקומענע מיטן ים, האָבן געפֿאָכעט מיט די הענט דורך די טירן־פֿענצטער פֿון די אויטאָבוסן. מעגאַפֿאָנען פֿון פּאַרטייען האָבן זיך קעגנזײַטיק איבערגעשריגן. מיידלעך, באַוואָפֿנטע מיט סטענען זענען געשטאַנען בײַ פֿאַרצוימונגען און שטעכלדראָטן. טשאַטעס בחורים און מיידלעך, צעלאַכטע און צעשריגענע, האָבן אַרומגעשטיפֿט און אָפּגעטאָן קונדסישע

שטיק. צווישן די אַלע איז די אַלטיטשקע געווען זייער צעמישט און מיזערנע, נעבעכדיק און פֿאַרלוירן, גלײַך זי איז נישט בײַ זיך, נישט אויף איר אָרט און נישט אין איר צײַט. אין אָט דער מהומה פֿון פֿרייד און גאולה האָט זי אַרויסגעבראַכט אין זיך דאָס געדעכעניש פֿון אירע קינדער, וואָס זענען אָפּגע־מעקט געוואָרן אויף קידוש־השם און האָבן נישט זוכה געווען צו געניסן פֿון דאָזיקן גוטס. און איר האַרץ האָט זיך אָנגעפֿילט מיט טרויער און צער, טרערן לויפֿן איר אַז אין האַלדז און שטיקן זי.

מיט סכּנת־נפֿשות איז זי אַריבערגעגאַנגען פֿון איין אָרט אויפֿן צווייטן און פֿון איין טראַטואַר אויפֿן צווייטן. מיטן קעסטעלע אין דער רעכטער האַנט, מיטן קײשל אין דער לינקער און מיטן בײַטעלע אויפֿן האַרצן האָט זי זיך מיט אַ שטופּ נאָך אַ שטופּ דורכגעקוועטשט, געשטעלט פֿאַר די מענטשן און זיי פֿאַרהאַנדלט איר סחורה. ווײַל כאָטש די ייִדן האָבן שוין באַקומען אַ מדינה, האָט זיך נאָך פֿאַר זיי דער סדר־העולם נישט געענדערט. ווער ס'איז אַן אָרעמאַן — איז אַן אָרעמאַן, ווער ס'איז הונגעריק — איז הונגעריק, און ווער ס'פֿאַר־גיסט טרערן שטילערהייט — פֿאַרגיסט. און ייִדישע אָרעמעלײַט זענען דאָ אַ סך, און אויף וועמען זיך צו פֿאַרלאָזן האָבן זיי נישט, ווי נאָר אויף רחמים פֿון דעם הימל.

## טו

איר שוועסטערס אייניקל איז צון איר אַ צווייט מאָל געקומען, געזעסן אַ ביסל און האָט איר דערציילט זאַכן און קלייניקייטן, וואָס ער האָט אַ מאָל געזען ביי אירע קינדער. פֿון דעמאָלט אָן איז ער מער נישט געקומען און האָט איר אויך מודיע געווען, אַז ער וועט נישט קומען, ווייל ער גייט אין דער מלחמה דורכצוברעכן דעם וועג קיין ירושלים.

פֿון דעם מאָמענט אָן האָט שוין איר געמיט פֿון קיין מנוחה נישט געוווּסט, און זי פֿלעגט זיך פּייניקן און דאגהן. זי קוקט זיך אויס די אויגן, און ס'באַפֿאַלט איר איין קרענק נאָך דער אַנדערער. ביז זי האָט זיך לסוף געמוזט לייגן אין בעט אַריין.

שפּעטער צו האָט זי זיך געצווּנגען, איז אַראָפּגעגאַנגען פֿונעם געלעגער און אַוועקגעשלייכט האַנדלען צו פֿאַרדינען אויפֿן אויסקומעניש. דער טאָג איז געווען אַ שיינער, אַ טאָג וואָס איז אויסגעוואַקסן פֿונעם הימל, מיט אַ סך זון און אַ סך בלוי. גלייך ווי אַ שטיק הימל וואָלט אַראָפּגעפֿאַלן און פֿאַרפֿלייצט די וועלט.

ווי זי גייט זיך אַזוי פּאַמעלעכן אַ מידע און אויסגעשעפּטע, האָט זי אויפֿגעהויבן די אויגן און דערזען, יידישע זעלנער גייען שורותווייז אין מיטן גאַס, מיטן געווער אויף זיך, מענטשן שטייען צוזאַמענגעקוועטשט אויפֿן טראָטואַר און קוקן זיי נאָך. האָט זי זיך דורכגעשטופּט דורך זיי און איז געבליבן שטיין פֿאַרוים זיי ביים סאַמע ראַנד פֿון טראָטואַר. אויסגעשטרעקט די האַנט צו יעדן זעלנער, וואָס האָט זיך צון איר דערנענטערט, געשאָקלט מיטן קאָפּ און געשעפּשעט מיט די ליפּן.

א יונגע פֿרוי מיט אַ פֿרײַ געלאָזן און אַ ביסל צו היפּשן לײַב, מיט אַ פּנים וואָס איז צעבליט און צעשײַנט מיט מוטער־חן, גלײַך זי וואָלט פֿאַרמאָגן עפּעס פֿון דער צעשײַנטער לאַנדשאַפֿט און פֿון דער שטרעקעס־אַטמאָספֿער תּשרי־צײַט אין זייער פּראַכט און אין זייערע קאָלירן, האָט זי דערזען אַט אַזוי אַ, — איז יענער אײַנגעפֿאַלן אַז זי שטרעקט אויס די האַנט נאָך אַ נדבֿה. יענע האָט גענומען און איר אויסגעטײַטשט וואָס דאָ קומט פֿאָר. איז די אַלטיטשקע געבליבן שטיין אַ פֿאַרוווּנדערטע און האָט איר געענטפֿערט, אַז נישט קיין נדבֿה, חס־ושלום, פֿאַרלאַנגט זי פֿון זיי, נײַערט זי גיט זיי אַ ברכה, אַז דער אייבערשטער, געלויבט זאָל ער זײַן, זאָל זיי פֿירן בשלום און מציל זײַן פֿון דער האַנט פֿון יעדן שונא, פֿון חיילות און פֿון באַנדעס.

איז די פֿרוי באַלד געוואָרן גינציק צון איר, גלײַך זי וואָלט דערזען פֿאַר זיך איר באָבע, און ס'האָט איר אַ שלאָג געטאָן דער ריח פֿון איר שטעטל, דער ריח פֿון קינדהייט, חלומות און בענקשאַפֿטן און אַלץ, וואָס איז אַוועק און וועט זיך שוין נישט אומקערן.

ווען די זעלנער זענען שוין געווען אַריבערגעגאַנגען, האָט זיך די אַלטיטשקע געלאָזט אַוועקגיין, נאָר דאָס גיין איז איר שווער אָנגעקומען. די קני האָבן איר געטאָנעט, און די אבֿרים זענען שווער געווען. זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט און אַנידערגעזעצט אויף אַ שטיגל בײַ אַ הויז. אין אַ ווײַל אַרום האָט זי זיך אויפֿגעהויבן און ווידער גענומען גיין. אָבער נישט אָפּגעגאַנגען קיין פֿינף־זעקס טראָט, זיך ווידער אַראָפּגעלאָזט.

יענע יונגע פֿרוי, וועלכע איז געשטאַנען פֿון ווײַטן און זיך צוגעקוקט וואָס מיט איר געשעט, איז צוגעקומען און גענומען זי אונטערפֿירן. זיי זענען געגאַנגען בײַנאַנד, ווי אַ מאַמע מיט איר קינד. אַ ביסל געגאַנגען און אַ ביסל געשטאַנען, און ווידער געגאַנגען. אין גאַנג האָט די אַלטיטשקע דערציילט מיט אַ געכאַפּטער און אָפּגעהאַקטער שטים אַלץ וואָס מיט איר האָט פּאַסירט. אויך וועגן דעם ספֿר־תּורה, וואָס זי האָט געפֿירט אין שול אַרײַן, האָט זי איר דערציילט און וועגן איר שוועסטערס אייניקל, וואָס איז געקומען קיין ארץ־ישׂראל. ער איז נאָר וואָס אַרויס פֿון דעם שונאס הענט דאָרטן, און שוין איז ער אַוועק אויף דער מלחמה דאָ. ווי פֿיל זענען דאָס, ריבונו־של־עולם, די ייִדישע שונאים אומעטום! און אויך — וועגן דעם פֿינגערל, וואָס איז איר געבליבן, אַ טײַער פֿינגערל, נישט אין געלט צו שאַצן.

— האָט עס נישט געוואָלט נעמען... — האָט זי געזאָגט פֿאַראיבלדיק און ווי פֿאַרוווּנדערט.

און אין צווישן האָט זי זיך שווער אָנגעהאַנגען אויפֿן אָרעם פֿון איר אונטער־פֿירעריןֹ און גענומען אָטעמען און סאָפּען. האָט דערפֿילט אין אירע אַלטע ביינער, ווי די כּוחות לאָזן זיך איר אויס.

קוים־קוים האָט זי זיך דערשלעפּט אַהיים און געלייגט אין בעט אַרײַן.

— כ׳בין שוין... — האָט זי געשעפּטשעט מיט אַ פֿאַרשמאַכטער שטים, אויסגעשטרעקט די הענט אויפֿן ליַילעך, און אירע לעפֿצן האָבן זיך צעעפֿנט מיט אַ שוואַכן שמייכל. — כ׳בין שוין אָנגעקומען צו דער ענדע פֿונעם ריבונו־של־עולמס מעשׂים.

באַלד נאָך דעם איז איר באַפֿאַלן אַ דרימל, און זי איז איַינגעשלאָפֿן. איר אונטערפֿירערין האָט זיך אַראָפּגעבויגן, איז געשטאַנען לעבן איר, און אַ צוויי־דריַי מאָל אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ מיט הנאה און צופֿרידנקייט. גליַיך זי וואָלט זיך איַינגעקוקט און געזען אַן אומגעוויינלעכע זאַך.

אין עטלעכע מינוט אַרום איז זי שטילערהייט אַרויסגעגאַנגען פֿון שטוב און אַוועק מיט אַ ליַיכטנדיק פּנים און פֿאַרקלערטע אויגן, מיט אַ פֿאַרוווּנדערטן שמייכל אויפֿן רויטס פֿון אירע ליפּן.

אויף מאָרגן איז זי געקומען צו איר. האָט זי געטראָפֿן ליגן אַ קראַנקע, און אַ שכנה פּאַרעט זיך אַרום איר. און אַזוי איבער מאָרגן און אַ טאָג שפּעטער. נאָך שבת איז זי ווידער געקומען, און האָט געטראָפֿן די טיר געשלאָסן.

— זי איז שוין אויפֿן עולם־האמת, — האָט איר געזאָגט די שכנה מיט אַ טרויעריק פּנים — זי זאָל האָבן אַ ליכטיקן גן־עדן. געווען אַ צדיקת, אַ צדיקת...

## i

די רעוואָלוציע האָט געברויזט איבערן לאַנד, אויפֿגערודערט שטעט און ייִדישע שטעטלעך. די מענטשן האָבן געזונקען אין הונגער, בייזע קרענק און מיתות־משונות.

רב נתן נטע קאָהאַן האָט זיך געמאַטערט מיט זײַנע צוויי קליינע ייִנגלעך צו דערהאַלטן זיי בײַם לעבן אין דעם הונגער. נאָר מער ווי פֿאַרן דערהאַלטן זייער גוף, האָט ער געזאָרגט פֿאַרן דערהאַלטן די נשמה. און וואָס ער האָט זיי נישט דערגעבן אין עסן, האָט ער דערלייגט מיט מוסר־זאָגן און לערנען מידות טובֿות.

— אַז וויל איז צום מענטשן, וואָס שטאַרקט זיך איבער זײַן יצר־הרע און האַלט זיך אָפּ פֿון שווילטאָג און פֿון נידעריקע תאוות, בפֿרט הײַנט אין אַט אָ די ביטערע צײַטן, — האָט ער פֿאַרוואָרפֿן דעם קאָפּ צום נאַקן, ווי אַ קאַטשער, און זײַן היפּשע און ברייטע באָרד, אין וועלכער ס'זענען אויסגעמישט זילבער און קופּער, בלײַבט שטאַרצן אַרויף, — און באַנוגנט זיך מיט דעם וואָס ער האָט, ווי די חכמים זאָגן: „אוכל מעט ומתברך במיעוו” — עסט ווייניק, און ס'טוט אים וויל באַקומען.

אַזוי דעסט גלײַכן פֿלעגט ער דרשענען פֿאַר זיי, אַלץ לויט דער דחקות אין דערנערונג און וועדליג דער ביטערער צײַט.

זיי פֿלעגן זיך נישט באַנוגענען מיט זײַנע דרשות, און שרײַען אויף קולי־קולות:

— מיר זענען הונ־גע־ריק!

פֿלעגט ער באַלד בלײַבן שטיין פֿאַרשעמט און פֿאַרלוירן, מיט אַ פֿאַרחושכט פּנים, ווי מע וואָלט אים אַ זעץ געטאָן אין דער פּאַטילניצע.

— עכברושים! — זאָגט ער צושאָקלענדיק מיטן קאָפּ, קאַפּויער ווי ער טראַכט אין האַרצן. — פּאַדסוויניקעס!

בײַ טאָג, ווען ס'איז די צײַט לויטן אַלטן שטייגער צו עסן מיטיק, פּלעגן זיי זיך זעצן צום טיש און עסן, וואָס ס'האָט זיך נאָר געלאָזט, אַלץ וואָס מע לייגט נישט אין טאָפּ אַרײַן, אַלץ וואָס האָט שוין פֿאַרלוירן דעם נאָמען עסן, און אַלץ וואָס ס'איז נישט דער שטייגער צו עסן. צום מיינסטן פֿלעגן זיי עסן טרוקן ברויט, שוואַרץ ווי די ערד, וואָס האָט אין זיך מער פּסולת, ווי עפּעס רעכטס, שוין אָפּגערעדט, אַז ס'איז געווען ווייניק, אַ כּזית. דערפֿאַר פֿלעגט ער זיך פֿלײַסיק באַמיִען, זיי די ציין צו פֿאַררעדן. פֿלעגט זיי דערציילן וועגן זייער ברודער העניעך און זייער שוועסטער אסתּר, אַז ווי נאָר זיי וועלן קומען צו פֿאָרן, וועלן זיי ערשט דעמאָלט עסן, וועלן זיי ערשט איין מאָל עסן — אַלץ, וואָס נאָר זייער האַרץ גלוסט, אַ געקעכטס, וואָס געקעכטס הייסט, און אַ סעודה, ווי עס דאַרף צו זײַן. אַ סעודה, ווי פֿאַר אַ קעסטקינד!...

האָרכן זיי, די קליינע, זייערע אויגן גלאַנצן, די אָפּגעצערטע פּנימלעך רויטלען זיך, און זיי גיבן אים אַן עצה, אַז העניעך און אסתּר זאָלן קומען צו פֿאָרן שוין.

דעם שבת פֿלעגט ער מאַכן ווי ס'געהער צו זײַן, מיט אַ סך געריכטן און אַ סך זמירות. ס'האָט אויף זײַן טיש גאָרנישט אויסגעפֿעלט, נישט קיין רעטעך מיט גענדזנשמאַלץ, נישט קיין טשאָלנט, נישט קיין לאָקשן־קוגל און נישט קיין צימעס פֿון פֿלוימען מיט ראָזשינקעס. פֿון וואַנען האָט זיך דאָס אַלץ צון אים דערנומען? פֿון אייבערשטן, וואָס אַלץ קומט פֿון זײַן געבענטשטער האַנט.

ווי נאָר ער זעצט זיך צום טיש, שנײַדט ער אָפּ אַ כּזית ברויט און דערלאַנגט דעם, שנײַדט אָפּ און דערלאַנגט דעם און זאָגט געלאַסן:

— עסט, קינדער, און פֿאַרזוכט דעם טעם פֿון רעטעך מיט שמאַלץ.

גיבן זיי זיך גלײַך אַ כאַפּ צו און פֿאַרברענען כּהרף־עין דעם כּזית, וואָס זיי האַלטן אין האַנט, און דערשפּירן אין אים דעם טעם פֿון האַרבן און שאַרפֿן רעטעך, וואָס פֿאַראַווירט דאָס מויל און שטיפּלט די ליפּן — מחיה נפֿשות!

אין אַ ווײַליטשקע אַרום גיט ער זיי ווידער אַ כּזית און זאָגט:

— און ערשט, קינדער, עסט און פֿאַרזוכט דעם טעם פֿון טשאָלנט!

צווישן איין כּזית און דעם צווייטן זינגען זיי די שבתדיקע זמירות. זיי, די קליינע, פֿאַררײַסן די העלדזלעך און שרײַען, די מײַלעכלעך צעעפֿנט, די פּנימלעך פֿאַרגאָפֿט, און די אייגעלעך אַנגעשטעלט אויפֿן טאַטן. ער אָבער, דער טאַטע, זיצט געלענט אויף אַ זײַט, דער קאָפּ אָנגעלענט אויף דער האַנט, דאָס פּנים שאַרע, ווי אַש, די אויגן פֿאַרמאַכט, און שאָלט פֿאַרויס אַלע מיט אַ געבראָכענער און מידער שטים, ווי אַז אַלטע און קראַנקע ציג, וואָס מעקעט, און אירע צוויי ציגעלעך מעקען איר נאָך. באַלד גיט ער זיי ווידער אַ קנאַפּלעכם כּזית און זאָגט מיט אַ שלאָבעריקער שטים:

— עסט און פֿאַרזוכט דעם טעם פֿון לאָקשן־קוגל. לאָקשן־קוגל איז זייער און זייער אַ וואָזשנע מאכל!

# *ii*

אַ סך, אַ סך האָט זיך רב נתן נטע אָנגעפּלאָגט און צוגעטראַכט עצות און תחבולות — און נישט געזען קיין אויסוועג. וואָס זאָל ער טאָן? געוואַלד, וואָס זאָל ער טאָן? אפשר זאָל ער זיך איבערלייגן און פאָרן קיין קיִעוו האַנדלען מיט טרייפענער סחורה: צעלניקזאַכן, סאַכאַרין און טיי אַ ביסל, און דעסט גלייַכן נייטיקע לעבנס־מיטלען, וואָס פאַר האַנדלען מיט זיי קומט טויטשטראָף? אָבער אויב ער וועט, חס־ושלום, אַרייַנפאַלן צו זיי אין די הענט, וועלן זיי אים דאָך נישט פאַררעכנען, נישט דעם זכות פון זייַן טאָכטער דער קאָמיסאַרין אין כאַרקאָוו און נישט דעם זכות פון זייַן זון אין דער רויטער אַרמיי, ווו ער איז גאָר־גאָר פון די גרויסע, אַ גאַנצער גלאַוונע־קאָמאַנדישניק. אלא וואָס דען, ער זאָל פאַרלייגן די הענט און בלייַבן זיצן אָן פּרנסה — אדרבה, ווי קאָן מען עס? מילא ער, ער איז שוין אַ ייִד אין די יאָרן, אָבער די קינדער, די ק י נ ד ע ר, וואָס וועט זייַן מיט זיי?

אַז ווי גוט איז צו האָבן אַ קו, אַז ווויל איז יענעם וואָס האָט זי און האַלט זיך בייַ איר. מיט אַ קו קאָן אַ מענטש מאַכן אַ לעבן, אַ שיי־ ־ יין לעבן. אַ גרייַלעך שיינס. אָבער! הייַנט קויפן אַ קו, איז פאַר אַ מענטשן, ווי אַ מאָל קויפן אַ פאַרמעגן, פעלדער און נחלאות, הייַזער אויפן קרעשטשאַטיק. וואָלט ער האָבן אַ נייַמאַשין, וואָלט ער זי פאַרטוישט אויף אַ קו. פאַר וואָס האָט ער נישט געקויפט פאַר „זייַנער", עליה השלום, אַ נייַמאַשין בשעתּה? אַזוי, איז נישט געבליבן נאָך איר מער ווי אַ האַלב פונט ליכט... וואָס וועט ער טאָן מיט אַ די ליכט? אָט האָט שלמה באַליאַסני געהאַנדלט מיט דרייַ פונט צוקער, און אָפּגעפּוילט זעקס חדשים אין אַרעסט. אַ נס, וואָס ער איז אַרויס אַ גאַנצער פון זייערע הענט. ס'איז סכּנות־נפשות. מע דאַרף זייַן געוואָרנט, זייער און

זייער אַפּגעהיטן. שבֿ־ואַל־תּעשׂה, פֿאַרמאַך די אויגן און קוק נישט, פֿאַרמאַך דאָס מויל און רעד נישט, האַלט אײַן די מחשבֿה און טראַכט נישט — און דאַך ביסטו מיטן לעבן נישט זיכער. און אַפֿשר זאָל ער פֿאָרט ריזיקירן און אַריבערפֿירן אַ האַלב זעקל זאַלץ פֿון אַדעם קיין קיִעוו, ס'איז נישטאָ, זאָגט מען, קיין זאַלץ אין קיִעוו, און דעסט גלײַכן אַ ביסל אויפֿגערוימטן חמץ, וואָס מע קוקט פֿאַר די אויגן נישט אָן? די עצה איז טאַקע אַ גוטע עצה. אַ סך גוטע עצות זענען דאָ, אָבער מע פֿאָלגט זיי נישט.

אַך, ווי ס'בענקט זיך נאָך אַ שטיקל ציגאַר, דאָס חיות גייט אים אויס. אָבער! אַ ציגאַר, מײַן פֿרײַנד, איז אַן אײדעלע זאַך. זינט „זײַנע" איז געשטאָרבן, האָט ער נאָך קיין טעם פֿון אַ שטיקל ציגאַר נישט טועם געווען. זינט „זײַנע" איז געשטאָרבן, האָט ער נאָך קיין טראָט נישט געשטעלט אָן יסורים און ווייטיקן. ווען „זײַנע" איז געשטאָרבן, איז ער געבליבן ווי אויפֿן וואַסער. וואָס קאָן מען טאָן? — ס'איז אַזוי דער שטייגער פֿון ששת־ימי־בראשית. דער מענטש קומט אויף דער וועלט אין איינעם מיטן דעקרעט פֿון טויט. ווער סע שטאַרבט ביומו, און ווער נישט ביומו. ווער סע שטאַרבט מיט אַ נאַטירלעכן טויט, און ווער מיט אַן אומנאַטירלעכן. אוודאי איז וויל צו יענעם, ווער ס'גייט פֿון דער וועלט און לאָזט נישט איבער נאָך זיך קיין קליינע יתומים. ער אַליין, נתן נטע, איז געגליכן צו אַ ייִנגל אַ יתום. דער אייבערשטער האָט געוואָלט, ער זאָל בלײַבן עלנט, האָט ער צוגענומען בײַ אים דאָס ווײַב.

עס בענקט זיך נאָך הענעכן און אסתּרן. ער גאַרט זיי אָנצוקוקן, צו זיצן און שמועסן מיט זיי און געהאַלפֿן ווערן אַ ביסל אין זייער זכות אין אָט די צײַטן פֿון בראָד און צאָרן אויף דער וועלט. און חוץ דעם, וואָס איז דער תּכלית? הענעך האָט ביז הײַנט נישט חתונה געהאַט, און ס'איז אַ סבֿרה, אַז ער איז, חס־ושלום, נישט בקו־הבריאות. און אויך אסתּר האָט נישט חתונה געהאַט. זי איז שוין נישט קיין מיידעלע. אַ בוגרת איז זי און נישט קיין יונגינקע. כּײַ וואָלטן זיי אַהיים געקומען. ווער ווייסט? אַ זיווג איז נאָר פֿונעם אייבערשטן באַשערט. ווען דער זיווג קומט צון אים, און ווער עס גייט צום זיווג. אָבער דער הײַנטיקער דור איז ביטער. מ'איז טרוד, מ'האָט קיין צײַט נישט, נישט אַ ווײַב צו נעמען, נישט אַ ווײַב צו ווערן. שוין אַפּגערעדט, אַז מע האָט קיין צײַט נישט פֿאַר אַן אַלטן טאַטן. וואָס מיר טאַטע? ווער מיר טאַטע? אַ טאָוואַ־רישטש* איז בילכער פֿון אַ טאַטן. אַ וועלט מיט טאָווארישטשעס. איינער דעם אַנדערן איז אַ טאָווארישטש.

— טאָווארישטש... — האָט רב נתן נטע געפּרוּפֿט מאַטל פּיקעלני, אָט דער לעצטער שבֿלעצטער, דער צורר און שׂונא־ישׂראל, דער בלוטיונג און רויבער, וואָס איז באַוואָפֿנט ביז די ציין, ווי אַ באַנדיוק, ווי אַן אַרכיבאַנדיט.

— מאָטיע! — האָט רב נתן נטע אויסגעצויגן און אַ קוק געטאָן אויף אים זײַטיק. — איך געדענק, ווי איך בין געווען סנדק אויף דײַן ברית. ווי בין איך עס דיר געוואָרן אַ טאָווארישטש?

* חבֿר.

— קאַנטערעוואָלוציע ! ... — איז מאָטל פּיקעלני אויפֿגעטרייסלט געוואָרן און האָט באַקומען אַ פּנים פֿון אַ גזלן. — אין אַרעסט וועל איך דיך פֿאַרשפּאַרן ! ווי דער שוואַרצער פּעפּער וואַקסט, וועל איך דיר פֿאַרשיקן !

ווען הענעך וואָלט זײַן הי, וואָלט דער אַ שייגאַץ זיך נישט דערוועגט אַזוינס אים צו זאָגן.



**מאָטל פּיקעלני איז געווען** אַ הויכוווּקסיקער יונג מיט לאַנגע פֿיס, מיט אַ ברייט און חוצפּהדיק פּנים, מיט אויגן וואָס זאָגן: ס'איז פֿאַרבאָטן! ער האָט דער ערשטער איַינגענומען אַלט־בודע, פֿאַרעפֿנטלעכט אויפֿרופֿן, אַרויס־געלאָזן די סאַמע שאַרפֿסטע לאָזונגען און איז דערגאַנגען די יאָרן מיט קאָנטרי־בוציעס, אַרעסטן און קאָנפֿיסקאַציעס. מענטשן האָבן געציטערט פֿאַר אים אימת־מות. ווי נאָר מ'האָט אים דערזען פֿון וויַיטן גיין אין גאַס אין זיַין קורצער לעדערנער קורטקע, מיטן רויטן שטערנדל אויפֿן היטל און דעם רעוואָלווער אויף דער זיַיט, איז זיי גליַיך באַפֿאַלן אַ שרעק, און זיי האָבן גענומען זיך באַהאַלטן אין די שטיבער, נאָכשיקנדיק אים שטילע קללות און חרמות.

צו ערשט האָט ער אָפּגעשלאָסן אַלע געוועלבער אויפֿן מאַרק. דערנאָך זיך אַ לאָז געטאָן אויף זיי מיט איינעם פֿון יענע בראָכלאָזונגען: „קריג די פּאַלאַצן און שלום די היַיזקעס" און זיי אַרויסגעטריבן פֿון זייערע וווינונגען, אַז די אָרעמסטע און געמיינסטע פֿון פֿאָלק זאָלן קומען אין זיי וווינען. נישט מער, יענע האָבן נישט אָנגענומען די טובֿה און זענען נישט געקומען. ער האָט ווידער זיך אַ לאָז געטאָן אויף זיי: „ווער ס'אַרבעט נישט, דער עסט נישט" און זיי געצוווּנגען צו האַקן האָלץ אין וואַלד און אָנלאָדעווען וואַגאָנעס אויפֿן וואָקזאַל. און דעסט גליַיכן שוואַרצע אַרבעט, וועלכער ער האָט אַרויפֿגעלייגט אויף זיי, כּדי צו מאַכן זיי פֿאַר אמתע פּראָלעטאַריער.

איז געוואָרן אַ הימל־געשריי, און אַלט־בודע איז פֿול געוואָרן מיט „אוי ווייַ צון אונדז!"

— מיר זענען פֿאַרפֿאַלענע! — האָט מען אָפּגעזיפֿצט. — ער וועט אונדז אומברענגען, חס־ושלום, אָט דער גזלן, דער רוצח, וואָס האָט זיך אויף אונדזער לעבן אָפּגעלייגט, בעוונותינו־הרבים. אַ גזר מן השמים!

ס'האָבן נישט געהאָלפֿן די אײַנבעטענישן און די תּחנונים, וואָס מ'האָט אוועקגעלייגט פֿאַר אים. אַפֿילו זײַן טאַטע, זעליג גלעזער, וועלכער איז געוואָרן אַ שתּדלן און האָט זיך בײַ אים אײַנגעשטעלט פֿאַר זיי, האָט נישט פּועל געווען.

— ס'איז אַרויסגעוואָרפֿענע רייד! — האָט זיי מאָטל פּיקעלני אָפּגעזאָגט דעם פּסוק.

אַפֿילו, האָט ער געזאָגט, זיי וועלן זיך שטעלן מיט איין פֿוס אויף דר'ערד און מיטן צווייטן אויפֿן בוידעם, וועט ער נישט ענדערן קיין איין זאַפּיאַטאַיע* אין דער רעוואָלוציע. אדרבה, ער האָט נאָך צוגעזאָגט, אַז ער וועט אויסקאָרע־נייען אַלע זייערע גענגעלעך און פּאַסטעמקעס, אַלע זייערע מאַניפֿאַרגעס און קרוטשקעלעך, און, נישקשה, די האַנט וועט אים נישט קורץ זײַן.

— מיר'ן זי צושטיקן, — האָט ער אַ הייב געטאָן אַ קולאַק — די הידרע פֿון דער קאָנטררעוואָלוציע!

אויך כאַנקע האָט נישט פּועל געווען. אין יענער צײַט האָט ער חתונה געהאַט מיט כאַנקען. גאַנץ אַלט־בודע האָט געקאַכט, ווי אַ קעסל: מאָטל קאָוואַל און כאַנקע מאַן־און־ווײַב! רב יחיאל מעכל מאַשביץ, עליו־השלום, און זעליג גלעזער מחותּנים. נו־נו! געוואַלד, געוואַלד, וועמען האָט זיך עס געקענט חלומען, אַז כאַנקע וועט זיך פֿאַרפּלאָנטערן מיטן דאַזיקן באַנדיט! אָט די כאַנקע, דאָס מיידל, די מושלמת מיט אַלע מעלות: שיין — וואָס שייך שיין? — אַ קראַסאַוויצע, נאָר אין דער „ניוואַ"** זי אַרײַנצושטעלן! אַ מיוחסת און אַ מזג־טובֿ, אַ כאַכיימע, אַן אינטעליגענטנע, אויסגעשטודירט אַלע קלאַסן און גימנאַזיעס — און דער אַ זשלאָב, דער אַ בורילע און גראָבער יונג, דער אַ שלעגעריונג, דער אכזר און רוצח. אײַ־אײַ, ס'איז שוין עק וועלט! נאָר מילא. אַז פֿאַר איר איז רעכט, איז פֿאַר אונדז ניחא. אדרבה, האָבן זיי זיך דערטראַכט, זי איז דערצו דערגאַנגען גראָד פֿון זייער טובֿה ווענן, זי זאָל זיך פֿאַר זיי אײַנשטעלן און אויספּועלן בײַ אים גוטע גזירות. האָט מען גלײַך גענומען אַרײַנשלײַכן זיך בגנבֿה צו איר, אין דער לייבנגרוב, צו מאָטל פּיקעלני אין שטוב, און געבעטן בײַ איר רחמים. נישט מער, ס'האָט נישט פּועל געווען, ווי געזאָגט. מאָטל איז נישט אַנטקעגנגעקומען איר בקשה און האָט זיך אויף זיי נישט דערבאַרעמט. האָבן זיי שוין ערשט געוווּסט אויף געוויס, אַז זיי האָבן נישט אויף וועמען זיך צו פֿאַרלאָזן. ס'איז כּלו כּל הקיצין. ווי אויסגעפּאַטשטע האָבן זיי זיך אַרומגעדרייט אין איין פּחד און אימה. ווי באַוווּסט, איז נישטאָ דער מענטש, וואָס זאָל נישט זינדיקן, און דאָס איז נישט פֿון די גרינגע זאַכן, וואָרעם דער הונגער איז נישט קיין צדיק, ובפֿרט אין די הײַנטיקע ביטערע צײַטן און בײַ דעם אַ מלכות, וואָס איז ביטער גאַל און גאַרנישט פֿאַר קיין מענטשן איבערצוטראָגן.

אָבער זייער עיקר־פּרנסה, אויב זיי האָבן זי געהאַט, איז געווען בלויז פֿון די זאַכן, וואָס זיי פֿלעגן אויסטוישן אויף לעבנס־מיטל בײַ די דאָרפֿישע פּויערים:

* קאָמע.

** אַ רוסישער אילוסטרירטער זשורנאַל פֿון פֿאַר דער רעוואָלוציע.

א סאַמאָוואַר פֿאַר א האַלבן פּוד מעל, א זײַגער פֿאַר א קערצל קאַרטאָפֿל, א שאַפֿע פֿאַר א ביסל גרויפּן. די הײַזער האָבן זיך שוין אויסגעליידיקט פֿון די מיינסטע כּלים און מעבלשטיק. מ'האָט אויספֿאַרקויפֿט, ווי מע פֿלעגט זאָגן אין אַלט־בודע, הכּל־בכּל־מכּל־כּל־פֿלעקל. און דער אייבערשטער האָט נאָך געהאַט נאָך א מעסטל זיי צו געבן : דעם ווינטער. דער ווינטער איז געוואָרן א מיט־שותּף צו די יסורים, וואָס זענען געקומען אויפֿן מענטשן : ראשון־שבראשון — דער הונגער, שני־שבראשון — דער טיפֿוס, און שלישי־שבראשון — די קעלט. פֿון אַט די דרײַ איז אַלט־בודע פֿאַמעלעכל אויסגעגאַנגען.

אומגעריכט האָט רב נתן נטע אָפּגענומען א גרוס פֿון זײַן הענעכן. די מאַדאַם גרינבלאַט איז געקומען קיין קיִעוו און האָט אים באַגעגנט אין גאַס, שטעלט אײַך פֿאָר, אויפֿן קרעשטשאַטיק, און גלײַך דערקענט און אָפּגעשטעלט. אַהין, אַהער, און מ'האָט זיך צערעדט. ס'האָט איר צוגעשפּילט דאָס גליק, ווײַל גראָד דעם טאָג איז ער געקומען, הענעך, קיין קיִעוו, און שוין די זעלבע נאַכט איז ער אַוועק אויף דער מלחמה. א מזל, שטעלט אײַך פֿאָר! א שטיקל פּאָסילקע האָט ער געשיקט מיט איר צו רב נתן נטען : טיי און צוקער, טיטון א ביסל, און געלט א ביסל באַרעס. וואָס זשע טוט דער אייבערשטער? שיקט ער אָן אויף איר די מלאכי־חבלה, די „טאָוואַרישטשעס" די שיינע. זענען געקומען און האָבן איבערגעטאַפּט אַלצדינג אויף איר, זי אויסגעטאָן, כ'בעט איבער אײַער כּבֿוד, פּאַזשאַלוסטאַ*, געלאָזט שטיין, שטעלט אײַך פֿאָר, כּמעט אַזוי ווי די מאַמע האָט זי געהאַט, און צוגערויבט בײַ איר די סחורה מיטן געלט, אַלץ וואָס זי האָט פֿאַרמאָגט, און נישט איבערגעלאָזט אויף איר, איר זאָלט זאָגן, א פֿאָדעם. הכּלל, ער איז אַרײַנגעפֿאַלן, רב נתן נטע. וואָס וועט ער דאָ נעמען זיך אויסטענהן מיט דער מאַדאַם, דער פּאַסקודע, אַז א בראָך זאָל אויף איר קומען, און וואָס זאָל ער ענטפֿערן אויף דעם נידעריקן שווינדל? ער איז אַפֿילו א כּוהן, נאָר ער האָט זיך פֿונדעסטוועגן באַוועלטיקט און איר קיין האַלב וואָרט נישט געזאָגט, נאָר גענומען הענעכס בריוו, מיט צאָרן א שפּײַ געטאָן און איז זיך אַוועקגעגאַנגען. עט, אַט די חצופֿות! דו שפּײַסט זיי אין פּנים אַרײַן, און זיי זאָגן, א רעגן גייט.

א צעקלעמטער איז ער געקומען צוריק אַהיים. האָט זיך אַנידערגעזעצט, ווי ער גייט און שטייט, ענלעך צום עפּעס א קופּע טראַנטעס, אײַנגעטוליעט אין זײַן טולעפּ און היטל און אין דער וואַלענער פּאַטשיילע, אַז אַרומגעדרייטע עטלעכע מאָל אַרום האַלדז. האָט זיך צוגעבויגן צום פֿענצטער, וואָס זײַן אייבערשטע העלפֿט איז פֿאַרקלאַפּט מיט ברעטלעך און פֿאַרשטעקט מיט שמאַטעס, די אונטערשטע פֿאַרנומען מיט אײַז און שנייגעפֿריר און לאָזט דורך א טונקעלע שײַן. האָט געלייענט דעם בריוו אין דער האַנט, איין מאָל, א צווייט מאָל און א דריט מאָל.

* ביטע.

— ביז וואנעט וועט ער זיך מיט איר דעם קאָפּ פאַרדרייען? — האָט ער אַ צי געטאָן אַז אַקסל נאָכן אויסלאָזן דאָס לייענען, רעדנדיק דורך די וואָלקנס פּאַרע, וואָס שפּאַרן אים פֿון מויל אַרויס, און זײַן פּנים איז געוואָרן דורכויס אין קנייטשן. — ער לעבט אין גאַנצן אין טעות און פֿאַרפֿירעניש.

אַ לאַנגע צײַט איז ער געזעסן און האָט געטראַכט און אַרויסגעלאָזט אַ זיפֿץ נאָך אַ זיפֿץ. ביז ער האָט זיך לסוף אויפֿגעשטעלט, געקלאַפּט אַ פּוס אין אַ פּוס, אַראָפּגענומען דעם מחזור פֿון אַלמער און אַרויסגעריסן פֿון אים דאָס ערשטע ריינע בלעטל. אָפּגעזוכט אַ רעשטל בלײַפֿעדער און געזעצט זיך צום טיש. אַ נעץ געטאָן מיט דער צונג דעם שפּיץ בלײַפֿעדער און גענומען פֿירן מיט די פֿאַרפֿרוירענע פֿינגער:

„ב"ה. יום ד' טו"ב אדר פה בודה־ישן.

אל כבוד בני היקר התורני, המשכיל המופלג, השלם במידות ובדעות, מוה' חנוך הניך, נ"י".

ער האָט זיך אַ ווײַל פֿאַרטראַכט, אַ גראַבל געטאָן מיט אַ פֿינגער אין דער באָרד און שטיל אָפּגעזיפֿצט.

„הנה־נא", האָט ער זיך ווידער אײַנגעבויגן איבערן פּאַפּיר, „פתח דברי כי אדבר שלום לי ת"ל עם כל יתר ביתי הלא המה אחיך ניסל ופרויקה שיחיו, כלנו חיים ושלום, כה יתן ה' לשמוע רק החיים והשלום ממך כל הימים". — נו, קום איך קודם־כּל דיך צו לאָזן הערן, אַז ס'איז פֿרידן צו מיר, אַ דאַנק דעם אייבערשטן, מיט אַלע איבעריקע פֿון מײַן הויז, דאָס זענען דײַנע ברידערלעך ניסל און פֿרויקע, זאָלן לעבן, מיר זענען בײַם לעבן און געזונט, אַזוי זאָל גאָט געבן, מיר זאָלן הערן פֿון דײַן לעבן און געזונט אַלע צײַטן.

דאָ האָט ער מפֿסיק געווען, אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ, אַ פֿיר מיט די אויגן און זיך פֿאַרקוקט אויף דער סטעליע. אַ סך האָט ער געטראַכט אים מודיע צו זײַן, און נישט געוווּסט וואָס פֿריִער. צו שרײַבן איז דאָ אַ סך, און דאָס פּאַפּיר איז קנאַפּ.

ער האָט זיך ווידער אַ מאָל אײַנגעבויגן און געשריבן אַ ביסל פֿון זײַן לעבן, אַז ס'איז קיין לעבן נישט, און פֿון זײַנע געשעפֿטן, אַז דאָס זענען קיין געשעפֿטן נישט. דער יקרות האַלט אָן, די פּרנסה איז אונטערגעגאַנגען, מענטשן יאָגן זיך נאָך אַ שטיקל ברויט און דעריאָגן עס נישט, איין צרה קריכט נאָך דער צווייטער, און איין שוואַרציאַר פֿליט נאָך דעם צווייטן. אַ צולאָג צו זיי, אַ פּלאָג צון אַ קלאָגעניש, איז די קעלט, כּפֿל־כּפֿליים שטאַרקער ווי אַלע יאָרן. קיין האָלץ צו הייצן איז נישטאָ, און ווער ווייסט וואָס דער מאָרגן וועט נאָך ברענגען. דערבײַ האָט ער אים אָגב מיטגעטיילט, וואָס האישה גרינבלאַטעבע האָט אים אָפּגעטאָן, און קיין ערלעכער מענטש איז אויף דער וועלט נישטאָ, בפֿרט אַ מאַדאַמעכע, אַ פּאַסקודע, רחמנא־ליצלן. און פֿון די קליינינקייטן — צו וויכטיקע זאַכן, צו די ייִדישע מאַכטהאָבערס, די פֿאַרצוקערס, בלוט־פֿאַרגיסערס און שטיינערנע הערצער, וואָס זענען גוזר גזירות, גזלענען און ראַבעווען, שטראָפֿירן, רצחנען און פֿאַריאָכן די ייִדן, ערגער ווי ס'האָט זיי פֿאַריאָכט דאָס מלכות־הרשעה.

מיט רב נחום קרוין איז געשען א מעשׂה, אז מ'האָט אים אָרומגעשונדן, ווי אַז עק פֿון אַ הערינג, צוגענומען זײַן גאַנץ פֿאַרמעגן, אַרויסגעטריבן פֿון זײַן הויז, און ער פֿאַרמאָגט נישט זײַנס אײנגנס, איר זאָלט זאָגן, אַפֿילו אַ שטײן, דעם קאָפּ אָנצושפּאַרן. און נאָך אַ מעשׂה, וואָס איז געשען מיט רב גור־אַריה בוך, וועלכן מ'האָט אין מיטן דער נאַכט אַראָפּגעשלעפּט פֿון געלעגער, און פֿון דעמאָלט אָן איז ער פֿאַרשוווּנדן, און קײנער ווײסט נישט וואָס ס'איז מיט אים געשען. און אַ מעשׂה, וואָס האָט פּאַסירט מיט רב פּיניע צאַליוק, וועלכן מ'האָט פֿאַר־שיקט אין דאָנבאַס, און מיט רב וואָוטשע לאַנדע, און רב יהושע העשעלע לוריע, און רב יעקבֿ יוסף נעמיראָווסקי, וועלכע זענען געשטאָרבן פֿון טיפֿוס. און דעסט גלײַכן. ער האָט נאָך איבערגעלאָזט אַ שטיקל בײַם ראַנד פֿון דעם בלעטל פֿאַר אַז „עיקר שכחתי" און געשריבן בזה־הלשון:

„ע. ש. בני אהובי כנפשי, נפשי קשורה בנפשך בכלל ובפרט, כאילו דמות־יוקנך עומדת לנגד עיני! ומה ששייך לפקודתך באתי להודיעך נאמנה, כי נבצר ממני למסור פריסת־שלומך לחנקה, שכבר היא אם לבת קטנה, כי נשׂאה למוטל פיקלני, ושם הבת שנולדה לו — חוה, ויהי השם נושא חן לפני, שכבר החזרתם את העולם לימים ראשונים. ועתה, בני יקירי הנחמד להשכיל, שמע לקול עצתי לטוב ולהועיל לך ושכח זה העניין וזה העסק, והשם ברוך הוא יעזרך ויזמין לך עפּעס גרעסערס ובעסערס במהרה בימינו, אָמן. ואשים קנצי למיו, כה דברי אביך הצופה ומביט ומצפה לישועתינו בתוך ישועת כל ישראל, ונזכה כולנו להסתופף בצל החיים ולהתועד יחד ולראות זה את זה בקרוב בימינו בלבבות שמחים, נאום נתן־נטע במו"ה שלמה זלמן ז"ל הכוהן". —

ע. ש. מײַן זון, וואָס כ'האָב דיך ליב, ווי מײַן אײגענע זעל, וואָס מײַן זעל איז פֿאַרבונדן מיט דײַן זעל אין כּלל און אין פּרט, גלײַך דײַן בילד שטײט מיר פֿאַר די אויגן! און וואָס שײַך דעם וואָס דו פֿאַרלאַנגסט, קום איך דיר מודיע זײַן ערלעך, אַז איך בין נישט אין שטאַנד איבערצוגעבן דײַן גרוס כאַנקען, ווײַל זי איז שוין אַ מאַמע פֿון אַ טעכטערל, ווײַל זי האָט חתונה געהאַט פֿאַר מאָטל פּיקעלני, און דאָס מײדעלע, וואָס איז אים געבוירן געוואָרן הײסט — חוהלע, און דער נאָמען האָט בײַ מיר נושׂא־חן געווען, ווײַל איר האָט שוין דערבראַכט די וועלט צו אָדם־הראשונס צײַטן. און ערשט, מײַן טײַערער, ווויל־קענעוודיקער זון, הער זיך צו צו דעם שטים פֿון מײַן עצה, וואָס איז פֿאַר דײַן גוט און וווּיל, פֿאַרגעס די דאָזיקע זאַך און דעם דאָזיקן ענין, און השם־יתברך וועט דיך העלפֿן און דיר צושיקן עפּעס גרעסערס און בעסערס במהרה בימינו, אָמן. און איך וועל מאַכן אַן ענדע צו מײַנע ווערטער, אַזוי זענען די רייד פֿון דײַן טאַטן, וועלכער קוקט, און קוקט אויס, און האָפֿט אויף אונדזער ישועה צוזאַמען מיט דער ישועה פֿון אַלע ייִדן, און מיר זאָלן אַלע זוכה זײַן צו שטײן אין שאָטן פֿון לעבן און מיר זאָלן זיך טרעפֿן צוזאַמען און זען אײנער דעם אַנדערן בקרובֿ בימינו מיט פֿרײלעכע הערצער, דאָס זענען די רייד פֿון נתן נטען במו"ה שלמה זלמן ז"ל הכּוהן.

## טו

**דער פֿרילינג איז געקומען** צו דער צײַט. דער טײַך האָט פֿאַרפֿלייצט די נאָענטע לאַנקעס און איז אַרײַן צוריק אין זײַן געלעגער. די וואַסער־ריטשקעס, וואָס האָבן זיך געיאָגט מיט אַ הויך געפּלויש בײַ די גאַסנראַנדן, זענען אַריבער. די זון איז געהאַנגען אין געשטרײַפּטן הימל נישט קיין הייסע, נישט קיין קאַלטע, נײַערט אַ לעבלעכע און האָט צוגעגעבן דעם שטעטל אַ קרענקלעד אויסזען. אין אַ מישמאַש זײַנען געשטאַנען די הײַזער אויפֿן בערגל־אַרויפֿשטײַג פֿאַר דער גרויסער שול, וואָס האָט זיך אָנגעזאַפּט מיט שניי און רעגן־וואַסער און איז שוואַרץ געוואָרן. גלײַך זיי וואָלטן זיך נאָר וואָס אויפֿגעהויבן פֿון אַ קרענק: צוזאַמענגעקוועטשטע, צעקרימטע און אויף אַ זײַט געבויגענע, אָן די לאָדנס און טירן, וועלכע זענען אין דער שווערער ווינטערצײַט געוואָרן אָפּגעריסן און זענען אַוועק אין דער הרובע אַרײַן. זייער דאַכשטרוי איז צעפֿלאָכטן, ווי אַ הון, וואָס דער ווינט האָט זי אַ יאָג געטאָן, און אירע פֿעדערן האָבן זיך צעשויבערט. די ערד האָט אויפֿגעפּוישט און איז טיף אויסגעקנעטן געוואָרן, ווי אַ ראָשטשינע. די גאַסן האָבן זיך געצויגן פֿון אַ באַיורע צון אַ פּלעטש און פֿון אַ פּלעטש צון אַ טוואָן. דאָ און דאָרט האָבן זיך געשפּרייט קאַלעזשעס איבער דער ברייט פֿון די געסלעך און זענען שטיין געבליבן בײַ די הײַזערשוועלן און די הילצערנע טראָטואַרן, אונטערגעגראָבענע און אויסגעלעכערטע, מער לאַך ווי טראָטואַר. די מענטשן זענען אַריבערגעגאַנגען איבער קלאָטקעס און העלצער, פֿאַרלייגטע איבער די קאַלעזשעס, ווי געגאַנגען איבערן הימל, איבער די וואָלקנס און דער זון. טייל מאָל פֿלעגן זיך אָנטרעפֿן צוויי אירע אין מיטן אַ קלאָטקע, האָבן זיי זיך אַרומגעכאַפּט, איינער האָט אַריבערגעשטעלט דעם אַנדערן מיט פֿלינקער בריהשקייט, און זיי זענען זיך צעגאַנגען איבערן הימלשן קעניגרײַך, דער אַהין, און דער אַהער. פֿון יענער זײַט טײַך האָבן געגרינט די פֿעלדער, די לאַנקעס זענען פֿאַרפֿלייצט מיט אַ שלל ערשטע קווייטלעך, און

צו מיינסטן מיט געלע צאַצקעס, גאַנצע דעקעס געלע צאַצקעס. בײַ נאַכט האָבן געקוואַקעט די זשאַבעס, און דער גאַנצער אַרום איז פֿול געווען מיט זייער גערויש.

דער פּסח איז אַוועק, ווי ער איז געקומען: אַ מצה און ווײַן, אַ ליאַדע איי און אַן קאַרטאָפֿליעס און אַ ביסעלע שמאַלץ. ווי ס'האָט געזאָגט זײַטשיק דער אַלטער משׂכּיל: אַ סדר פֿון גאַלע מרור און אַ „שפֿוך חמתך" מיט ליידיקע כּוסות. קוים־קוים האָט אים דער עולם דורכגעמאַכט. ס'איז כּמעט נישט קענטיק געווען קיין חילוק צווישן יום־טובֿ און וואָך. איז דאָס נאָך ווייניק, זענען די טשעקאַ־לײַט אַרײַנגעקומען אין בית־מדרש, ווען דער עולם האָט געהאַלטן בײַ הלל זאָגן, און האָבן אַרויסגענומען די פּני פֿון שטאָט צו קערן די גאַסן. האָט זיך באַלד אויפֿגעהויבן אין בית־מדרש אַ טומל, אַ בהלה, און דער גאַנצער עולם האָט גענומען שרײַען און טענהן — נאָר מ'האָט זיך אויף אים נישט אומגעקוקט. זענען דרײַ פֿון דעם עולם געלאָפֿן אין איספּאָלקאָם, צו מאָטל פּיקעלני.

— מאָטל!... טאָוואַרישטש... — האָבן זיי געסאָפּעט ווי די גענדז. — ברודער אונדזערער, טײַערינקער... האָב רחמנות, דערבאַרעם זיך... ס'איז דאָך הײַנט יום־טובֿ... פּסח!

ניין, ער איז נישט זייער טאָוואַרישטש און נישט זייער ברודער. זאָלן זיי ניין טאָן, וואָס די פֿאָלקסמאַכט האָט באַפֿוילן. געזעץ איז געזעץ. ס'איז כּתובֿ־וחתום.

און אַז זיי זענען נאָך אַלץ פֿון אים נישט אָפּגעשטאַנען, האָט ער אַרויסגעכאַפּט צו זיי דעם רעוואָלווער.

— אַרויס פֿון דאַנען, קאָנטערעוואָלוציאָנערן, בורזשויען פֿאַרשאָלטענע! — האָט ער אַ ריטשע געטאָן אויף זיי. — אויב איר ווילט נישט גלײַך דאָ אויפֿן אָרט געממיתט ווערן! איך וועל אײַך ווײַזן אַ פּסח! איך וועל אײַך ווײַזן אַ יום־טובֿ! איך וועל אויסקאָרעניען פֿון אײַך די קאָנטעררעוואָלוציע. האָט קיין מורא נישט, כ'וועל אויסקאָרענייען! מיט די פֿיס וועל איך אײַך טרעטן! אין אַ ים פֿון צרות... אין קראַטקי־וויק...

באין־ברירה האָבן זיי מקבל געווען אויף זיך דעם דין. גענומען די גרויסע בעזעמער אין די הענט און זיך געשטעלט צו דער אַרבעט: מאַרשירן מוטיק שורותווײַז איינע הינטער די אַנדערע, ווי די ייִדן אַריבערשפּרײַזנדיק דעם ים און אַריבערגייענדיק דעם ירדן, מיט די טליתים אויף די אַקסלען און די יאַרמלקעס אויף די קעפּ, פֿאָכען מיט די בעזעמער אַהין און אַהער און זאָגן הלל אויף אַ הויך קול.

זעליג גלעזער, מאָטל פּיקעלנים טאַטע, האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו זיי, איז אַרויס פֿאַר זיי פֿון פֿאָרנט, ווי אַ בעל־תּפֿילה, זיך פֿאַרגאַנגען הויך אויף אַ קול און געציקלט:

— „מקימ־מ״י מעפֿר דל, מאשפּות ירים אביון"... — ער ריכט אויף פֿון שטויב דעם אָרעמאַן, פֿון מיסט הייבט ער אויף דעם אבֿיון.



גלייך נאָך פּסח איז געקומען הענעך. אומגעריכט איז ער געקומען. קיינער האָט פֿריִער נישט געוווּסט וועגן דעם, און קיינער האָט אים נישט אָפּגעוואַרט. ווי אַ בליץ איז אַריבער די בשׂורה פֿון איין עק אַלט־בודע ביזן צווייטן. תּיכּף זענען די גאַסן פֿול געוואָרן מיט אַ געטומל. מענטשן האָבן זיך אַ לאָז אַרויס געטאָן פֿון טירן און פֿון הויפֿן און געלאָפֿן אין אַ געמישעניש מקבל־פּנים צו זײַן דעם גאַסט, מאַכנדיק מיט די הענט, דרייענדיק מיט די גאָמבעס, די היטלען פֿאַרשאַרט אַהינטער.

—הענעך! — האָבן זיי געשריגן אין געלויף. — הענעך איז געקומען! הענעך רב נתן נטעס!

רעדלעכווײַז זענען זיי געשטאַנען אין גאַס און האָבן זיך צוזאַמען געקאַכט.

— ר'איז געקומען, האַ! סוף־כּל־סוף...

— געלויבט דער אייבערשטער! דאָס איז נישט גלאַט אַזוי.

— אַ, ניין! סע שטעקט עפּעס דערין.

— איך מיין, ס'איז שוין קאַפּוט אונדזער תּכשיט מיט זײַן גאַנצער טײַערער קאָמפּאַשקע.

— אם־ירצה־השם. אוודאי קאַפּוט. ס'האָט זיך שוין געפֿונען עמעצער, וואָס וועט קאָנען באַשטיין קעגן אים, דעם כּאַמוק.

יענעם גאַנצן טאָג האָט רב נתן נטעס שטוב געראַוישט, ווי אַ בינשטאָק. מאַנסביל און ווײַבער האָבן זיך צוגעשטופּט צו הענעכן און מיט פֿריילעכע און פֿאַרוווּנדערטע פּנימער גערעדט צון אים מיט אָפּגעכאַפּטע און געכאַפּט רייד.

— נו, ווי? — האָבן זיי געפֿרעגט — וואָס מאַכט איר? וואָס הערט זיך נײַעס אויף דער וועלט?...

די ווײַבער האָבן געלאָזט פֿאַלן טרערן און אויסגעשאָטן פֿאַר אים דאָס גאַנצע זעקל על־רגל־אחת. וואָס זיי האָבן אַלץ געהאַט אויסצושטיין פֿון די באַנדיטן און וואָס פֿון דער מאַכט און דעם געשמאַקן מאָטל פּיקעלני, אַז אַך און ווי צו זײַן קאָפּ.

פֿון מאָל צו מאָל האָט אַ נײַ געזעמל געטאָן אַ פֿאַל אַרײַן אין שטוב מיט גערויש און געפּילדער.

— אוי געוואַלד, הענעך! — האָט איינער אויסגעשריגן. — שלום עליכם, הענעך!

— זדראַסטי, טאָווארישטש הענעך — האָט אַ געשריי געטאָן אַ צווייטער.

— ס'פּרײַעזדאָם, הענעך!

רב נתן נטע איז געווען צעטומלט און צעטראָגן און האָט נישט געוווּסט, וווּ ער איז אויף דער וועלט און בײַ וואָס ער האַלט. ער האָט געקוקט אויף אים מן־הצד, אויפֿן דאָזיקן מענטשן דעם הויכגעוואַקסיקן, מאָגערן און אָפּגע־צערטן, מיטן געבויגענעם רוקן, קורצער ראיה און אָפּגעבליאַקעוועטן בערדל, מיטן שעמעוודיקן שמייכל אויף די פֿאַרבלאַסטע ליפּן.

— הענעך... הענעך... — האָט ער געמורמלט צו זיך אַליין, זײַנע אויגן פֿינטלען, און די באָרד ציטערט. — דאָס איז הענעך...

פֿאַר מנחה זענען געקומען די פּני פֿון שטאָט, די געוועזענע געהויבענע לײַט און די קאַרפּנקעפּ. אַנדערע זענען געקומען אויסגעפּוצטע, אָנגעטאָן לכּבֿוד דעם געשעעניש אין זייערע שבתדיקע בגדים, און אַנדערע — אָפּגעריסענע און אָפּ־געשליסענע, צוליב אַ בייז אויג. זיי זענען געזעסן אַ ביסל פֿאַר הענעכן און האָבן אים באַהיטעוודיק געפּאָרשט מיטן בליק, מיט אַ לויערנדיקן שמייכל, אַ שולדיקן און שרעקעוודיקן, און געשמועסט מיט אים שטיל און געלאָסן. אָבער מער ווי געשמועסט, האָבן זיי פֿאַרשטאָכן די אויגן אין דר'ערד און געשוויגן, ווי עמעץ וואָס ס'איז אים אין לערנען עפּעס קשה געוואָרן. אין גיכן האָבן זיי שטיל און טיף אָפּגעזיפֿצט, זיך אויפֿגעהויבן און אַוועקגעגאַנגען.

רב נתן נטע איז געגאַנגען זיי באַגלייטן. בײַם טויער האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט מיט אים און אים אײַנגערוימט:

— זאָגט אים. דערציילט אים אַלצדינג... דעם גאַנצן אמת... ער זאָל וויסן, אַז מיר זענען ריין פֿון זינד און אומשולדיק. טענהט אײַן מיט אים, רב נתן נטע, טענהט אײַן. אולי ירחם...

## *vi*

**פאר די לאנגע יארן**, וואס רב נתן נטע האט נישט געזען העניכן, איז זיין געשטאלט פאר אים פארווישט געווארן. מיט וואס פאר א שבחים ער האט געקאנט אים באצירן — האט ער באצירט, און מיט וואסער גרויסקייט און מעלה ער האט געקאנט אים באשיינען — האט ער באשיינט. ביז לסוף האט ער זיך אים געמאלט ווי א מין וואונדערלעכער העלד, וואס מיט זיין גרויסקייט און גבורה קלינגט די גאנצע וועלט. גלייך ווי לענין און טראצקי זאלן זיין דער פולאפ פון דער וועלט, און דער דריטער צו זיי איז העניך. ערשט האט ער אים אנגעקוקט פארוואונדערט, ווי אנטוישט און צעמישט. ע ר, ע ר — האט ער נאכגעטראכט וועגן אים — האט מורד געווען אין מלכות! ע ר האט זיך ארומגעוואלגערט איבער די טורמעס, אויף קאטארגע און סיביר, און איז אלץ ביינעשטאנען! . . .

איז אלץ ביינעשטאנען, האט אבער באצאלט דערפאר מיט זיין בלוט. צוריק־געקומען א צעשעדיקטער און אוים מענטש. הוסט און כריפעט, ווי אן אלטע סקריפענדיקע טיר.

— וואס איז דיר? — האט ער אים א פרעג געטאן באהיטעוודיק און מיט אויסבאהאלטענער שרעק.

— גארנישט.

— ביסט קראנק?

— ניין. יא . . . ס'איז נישט וויכטיק.

ער האט מיט אים קיין סך נישט געשמועסט. ניי־ערט יא־יא, ניין־ניין, און דערמיט פלעגט ער אים אפפטרן.

און כאטש ער איז קראנק, און א ז ו י קראנק, קוים־קוים וואס ער האלט זיך אויף די פיס, האט ער זיך גלייך א נעם געטאן צו דער רעוואלוציע און איז פארנומען און פארטרודט דעם גאנצן טאג. ער רוט נישט און האט קיין

מנוחה נישט, עסט נישט און טרינקט נישט, און מאַכט אַ תּל פֿון די כּוחות. פּשוט, ער הרגעט זיך אָוועק.

אין אַ פֿרײַער צײַט האָט ער געאַרבעט אין גערטל, וואָס ער האָט זיך געמאַכט הינטער דער שטוב און פֿאַרזעצט דאָרטן קאַרטאָפֿליעס, אוגערקעס, רעטעך און מײערן, און דעסט גלײַכן גרינוואַרג.

די שטוב האָט זיך געפֿירט, ווי פֿריִער, בצימצום און בדוחק — אַ פּוסטע, לײדיקע פּאָס. הענעך האָט באַקומען זײַן פּאַיאָק, גלײַך ווי אַלע, אַ קנאַפּ, בײדנע ביסל לעבנס־מיטל, און זיך באַגנוגנט.

— דו דאַרפֿסט זיך הײלן. — איז רב נתן נטע צו אים צוגעשטאַנען. — דאַרפֿסט זיך צופּילנעווען.

פֿון מאָל צו מאָל, ווען ער פֿלעגט זען, אַז הענעך האָט אַ פֿרײַע מינוט, פֿלעגט ער נעמען זיך אַרומדרײען און אַרומטענצלען אַרום אים.

— איז וואָס זשע? . . . וואָס? — האָט ער אים געצויגן פֿאַר דער צונג.

— וואָס? — לאָזט הענעך אַרויף אַ געצוווּנגענעם שמייכל אויף די ליפּן.

— וואַבטשע . . .*

— גוט.

טוט רב נתן נטע אַ הײב אויף די אויגנברעמען, און זײַן פּנים, אַ צעאַקערטס אין דער לענג און אין דער ברײט, באַקומט דאָס אויסזען פֿון אַ „סלקא־דעתך"

— שיקט זיך עס צו זאָגן? !

ביסלעכווײַז קומט ער צו זיך, זעצט זיך אים אַנטקעגן און נעמט רעדן צו אים וועגן תּכלית און וועגן דעם שטייגער פֿון דער וועלט. גייט אַריבער פֿון איין ענין צום אַ צווייטן און טוט אַ שפּרונג איבער צו דער רעוואָלוציע, אין וועלכער זיי ביידע, ער און און אסתּר, האָבן זיך אַרײַנגעפּלאָנטערט און אַ תּל געמאַכט פֿון זייער לעבן.

— אויף וואָס און וועלכן האָט איר אוועקגעגעבן אײַער לעבן? — טענהט ער. — פֿאַר וועלכן ביסטן געזעסן פֿאַרשפּאַרט אין די טורמעס און האָסט זיך אויסגעוואָלגערט אויף אַלע קאַטאָרגעס? צוליב אַט דער רעוואָלוציע, אַז אַ בְראָך זאָל אויף איר קומען? זי איז דאָך נישט, נישט קיין גאולה און נישט קיין ישועה, נאָר עפּעס אַזאַ אַנשיקעניש, גזילה און רציחה, צוואַנגאַרבעט און כּל דבֿר אָסור. גיי גיב אַ קוק וואָס פֿון מענטשן איז געוואָרן, ווי ייִדן ווערן אונטערגעבראָכן, אויף ייִדישע שׂונאים, און גייען פֿון דער וועלט!

די גאַנצע רעוואָלוציע, זאָגט ער, איז געקומען נאָר פֿון זייערט וועגן, פֿון מאָטל פּיקעלנים וועגן און דאָס איבעריקע „מיסט און קויט", וואָס זייערע גזירות זענען בייזערע ווי המנס.

אַזוי און דעסט גלײַכן טענהט ער פֿאַר אים און זאָגט דאָס, וואָס מענטשן זאָגן עס נישט בפּרהסיה. נאָר מער ווי ס'איז געזאָגט געוואָרן, איז נישט דער־זאָגט געוואָרן, ווײַל הענעך פֿלעגט פּינטלען מיט די אויגן, אַרויפֿציִען אַ קרענק־לעכן שמייכל אויף די ליפּן, זיך אויסדרייען און נישט סטײַען.

*. בכלל.

# vii

צוויי יאָר איז הענעך געווען אין קיִעוו אין אונטערערד, איין יאָר געזעסן אין תּפֿיסה ביזן משפּט, דרײַ יאָר געווען אויף קאַטאָרגע, אין אָרלאָווער צענטראַל, נאָכן משפּט, און צוויי יאָר פֿאַרשיקט אין סיביר אין יאַקוטסקער געגנט, און דערנאָך פֿאַרטאָג אין דער רעוואָלוציע.

נאָך די אַלע יאָרן, צוריקגעקומען קיין אַלט־בודע, האָט ער זי געטראָפֿן ווי זי איז געווען אַ מאָל. די זעלבע הײַזער וואָס אַ מאָל, אויסגעקרימטע און אײַנגעהויקערטע. די זעלבע געוועלבער אויפֿן מאַרק, אונטער איין היטל און שטייען צוגעמאַכטע, ווי אין אַ שבתדיקן טאָג. די זעלבע קרומע געסלעך, פֿאַרפּאַסקודעטע מיט רעשטלעך קאַלעזשעס, וואָס זענען עוסק טאָג און נאַכט אין הימלזאַכן. און די זעלבע ייִדן, וועלכע באַהאַלטן זיך אויס הינטער זייערע בערד־און־פּאות, ווי הינטער אַ פּאַרקן, די פּנימער פֿינצטער, און די אויגן פֿול מיט טרויער און פּײַן. אַט שטייט אַ ייִד אויף דער שוועל פֿון זײַן טיר, פֿאַרמאַכט די אויגן און גענעצט, אַזוי ווי ער איז געשטאַנען אַ מאָל, מיט אַ צוועלף און פֿופֿצן יאָר צוריק. און אַט יענער, וועלכער לאָזט זיך גיין מיט דער קלאַטקע איבער דער קאַלעזשע און שפּרײַזט אין דער הימלוועלט צווישן געזאַמלטע וואָלקנס, איז, דאַכט זיך, געגאַנגען אַזוי אַ מאָל. אַט יענע פֿרוי איז אַ מאָל געשטאַנען פֿון יענער זײַט קאַלעזשע, ווי זי וואָלט שטיין פֿון יענער זײַט הימל, די הענט פֿאַרשטעקט הינטערן פֿאַרטעך, און זענען נאָך אַלץ פֿאַרשטעקט דאָרטן. און אַט דער וואָלקן, וואָס איז אַ מאָל אַרײַנגעפֿאַלן אין דער קאַלעזשע, ווערט נאָך אַלץ אין איר צעפּלאָסן. ס'האָט זיך דאָ גאָרנישט נישט געענדערט. אַפֿילו די רעוואָלוציע, וואָס האָט אויפֿגעטרייסלט די גאַנצע לאַנד, האָט דאָ גאָרנישט נישט געענדערט, נײַערט אָנגעהויפֿנט אַ בראָך איבער אַ בראָך. ווי די גאַנצע רעוואָלוציע, וואָלט

מען געקאָנט זאָגן, איז דאָ איבעריק און האָט נישט וואָס איבערצוקערן און וואָס אויסצובעסערן, און נישט וועמען עס איז, צוליב וועלכן ס'זאָל כּדאַי זײַן די וועלט איבערצוקערן.

הענעכס פֿאַרהעלטעניש צו אַלט־בודע איז געווען אַ שוואַכע. פֿון זינט ער איז צום פֿאַרשטאַנד געקומען און גענומען פֿאַרקערן מיט מענטשן, האָט ער נישט צוגעזען איר דערשלאָגנקייט, נישט מיטגעפֿילט אירע לײַדן און נישט אײַנגעזען פֿאַר איר קײן זכות. די אַלע קאַמפֿן, וואָס ער האָט געפֿירט, האָט ער נישט פֿאַר איר געפֿירט, און זײַן גאַר מסירת־נפֿש איז נישט פֿאַר איר געווען און האָט מיט איר גאָרנישט צו טאָן געהאַט. אַפֿילו אין די ביטערסטע מאָמענטן זײַנע אויף קאַטאָרגע און פֿאַרשיקונג איז זי אים נישט אַרויף אויפֿן געדעכעניש, און ער האָט איר ריח נישט דערשפּירט. גלײַך נישט אין איר איז ער געבוירן געוואָרן און נישט אויף איר באָדן אויסגעוואַקסן, און נישט מיט איר לופֿט האָט ער געאָטעמט. גלײַך זי וואָלט קײן מאָל נישט זײַן און האָבן געווען, נײַערט עפּעס אַן אויסטראַכטעניש.

אויך הײַנט איז זײַן קומען צוריק געווען נישט מחמת ליבשאַפֿט, נאָר מחמת מוז, ווײַל ער איז שוין געווען אײַנגעבראָכן און מער נישט אין שטאַנד צו דינען אין דער אַרמיי. דערצו נאָך האָט ער נעגאָרט צו זען כאַנקען.

— כּל־זמן דו לעבסט און ביסט אין שטאַנד...

# *viii*

באנקע איז געווען די טאכטער פון רב יחיאל מעכל מאשביץ, איינער פון די אלט־בודער גבירים, דער גרעסטער צווישן זיי, וואס גבירישער שם שטייגט ווייט איבער זייער עשרות. זי איז געווען א געפיעשטשעטע ביי איר טאטן, אן אויסגעטיילטע פון די מיינסטן מיידלעך אין שטעטל, ווייל זי האט געלערנט אין גימנאזיע און שפעטער אין קיעווער אוניווערסיטעט. פאר דער צייט פון איר לערנען אין גימנאזיע איז זי פארכאפט געווארן פונעם סאציאליזם. טאקע הענעך האט דאס איר דערצו דערפירט, ווייל ער האט אנטפלעקט פאר דער יוגנט מארקס' לערע און זיי געבונטעוועט קעגן דער מאכט און דעם גאנצן לעבנס־שטייגער. באלד איז אריין אין דער געוווינהייט פון אלע צו באנוצן די אויסדרוקן: „מערווערט", „אבסאלוטער און רעלאטיווער מערווערט", „די מא־נופאקטור און ארבעט־צעטיילונג", „העטעראגענישע מאנופאקטור" און „אר־גאנישע מאנופאקטור". און מע פלעגט זינגען לידער: „דובינושקא", „אוי, דאליע מיינע, דאליע", „סטענקא ראזין", „די בורלאקעס" און דעסט גלייכן רעוואלוציאנערע לידער.

ווען זי האט געענדיקט די שול און איז געקומען צו פארן קיין קיעוו, האט זי הענעך אריינגעפירט אין דער פארטיי. זי האט זיך פארנומען מיט געהיימער פראפאגאנדע און געשאפן אנהענגער פארן סאציאליזם; זיך באזעצט אלס באלעבאסטע אין א דירה, ווו ס'איז איינגעארדנט געווארן א פארטייישע דרוקעריי, צו דרוקן געהיים רעוואלוציאנערע ביכער; אונטערגעהאנדלט מיט אדוואקאטן צו פארטיידיקן ארעסטירטע חברים; געזאמלט געלט פאר דעם פאליטישן רויטן קרייץ און די באדערפענישן פון די ארעסטירטע און פארשיקטע אויף סיביר. זיי האבן זיך, הענעך און זי, קעגנזייטיק פארליבט און שוין געזאלט

חתונה האָבן. דערווײַל איז ער געוואָרן אַרעסטירט און פֿאַרמשפּט אויף פֿאַר־שיקונג קיין סיביר.

פֿון דעמאָלט אָן האָט זי זיך אין גאַנצן פֿאַרטאָן אין דער אַרבעט און פֿאַרגעסן אין זיך און איר פּערזענלעכער לעבן. אין צווישנצײַט איז געקומען די מלחמה. דרײַ מאָל איז זי פֿאַרשפּאַרט געוואָרן אין תּפֿיסה, און לסוף האָט זי די מאַכט אַרויסגעשיקט אין איר היימשטאָט, קיין אַלט־בודע, זי זאָל זיך דאָרט געפֿינען אונטער פּאָליציייִשער השגחה. דערווײַל איז איר פֿאָטער געשטאָרבן, און פֿריִער נאָך זענען אירע דרײַ ברידער געווען אַנטלאָפֿן איינער נאָכן אַנדערן קיין אַמעריקע. ס'איז געבליבן בלויז איר מוטער, אַן אַלטע און קראַנקע, פּאַראַליזירט אויף איין זײַט.

נישט־ווילנדיק איז זי שטעקן געבליבן אין אַלט־בודע און האָט זיך אָפּגעגעבן מיט דער קראַנקער מוטער. ביסלעכווײַז האָט זי זיך אָפּגעוווינט פֿון דעם אונטערערד־געטומל, און ס'איז איר געוואָרן ווײַט און אַלץ מטושטשער די וועלט, פֿון וועלכער זי איז אַרויסגעריסן געוואָרן. אַ סך זאַכן, וואָס זענען אַלע אירע יאָרן דערשטיקט געוואָרן אין איר האַרצן, זענען צוריק אויפֿגעשוווּמען, און ס'האָבן איר גענומען דערעסן מחשבֿות, ווי אַ דריבנער רעגן, וואָס פֿאַלט טראָפּן נאָך טראָפּן. אין אַנטוישונג און לײַדן האָט זי אײַנגעזען, ווי ווײַט איר וועלט איז צעשטערט, און ווי איר לעבן גייט אוועק אין גאָרנישט. זי האָט אַ טראַכט געטאָן נאָכצופֿאָרן הענעכן קיין סיביר. האָט אָבער אַליין געוווּסט, אַז דאָס איז נישט מער ווי אַ פֿאַנטאַזיע, זי וועט נישט פֿאָרן און גאָרנישט נישט אָנהייבן צו טאָן. און אַזוי ביז ס'איז געקומען די רעוואָלוציע אומגעריכט, מיט דונערן און בליצן. האָט זי זיך גלײַך אויפֿגעוואַכט און געטאָן אַ לאָז אַרײַן אין דער מהומה, וואָס האָט פֿאַרכאַפּט דאָס לאַנד. אָבער איר צײַט איז שוין געווען אַריבער — זי האָט זיך נישט אַרײַנגעפּאַסט אין אָט דעם תּוהו־ובֿוהו, און איז אַוועקגעשטויסן געוואָרן דורך אַנדערע, יונגע דרייסטע מיט געמבעס. זי האָט זיך געשטעלט מן־הצד, אַ צעמישטע, און געוואַרט טאָג־טעגלעך אַז הענעך זאָל צוריקקומען. איר בענקשאַפֿט נאָך אים איז אַלץ שטאַרקער געוואָרן, באַזונדערס נאָך דעם ווי איר מוטער איז געשטאָרבן, און זי איז געבליבן אַליין, אַן איינזאַמע און עלנטע. אָבער ער איז נישט צוריק־געקומען. גראָד דעמאָלט האָט מאַטל פּיקעלני געוואָרפֿן אויף איר אַן אויג, און ס'זענען נישט אַריבער קיין צוויי־דרײַ וואָכן, ווי זי האָט אומגעריכט־פּלוצעם חתונה געהאַט פֿאַר אים, און גאַנץ אַלט־בודע איז אויפֿגערודערט געוואָרן פֿון איין עק ביזן צווייטן.

# *ix*

פֿון ערשטן טאָג אָן זינט הענעך איז געקומען קיין אַלט־בודע, האָט ער זיך געשלאָגן מיט דער דעה, ווי צו קומען צו כאַנקען. כאָטש אַ סך יאָרן טיילן זיי פֿונאַנדער, און אַ סך כוואַליעס זענען איבער זיי אַריבער, האָט ער זי אַלץ געהאַלטן פֿאַר זײַנע. באַזונדערס האָט ער זיך דערפֿילט זיכערער דערין אין תּפֿיסה, זיך געצויגן צון איר מיט דער נשמה, געפֿאַנטאַזירט און געחלומט וועגן איר אָן אַ סוף און געלייגט אויף איר גרויסע האָפֿענונגען, זײַנע בעסטע האָפֿענונגען אויף דער צוקונפֿט. אין יענע צײַטן, ווען ער איז פֿאַרשפּאַרט געווען אין תּפֿיסה, פֿלעגט זיך קענגשטעלן דער אָרטיקער מאַכט און קעמפֿן אויף לעבן־און־טויט פֿאַר זיך און זײַן ערע, פֿון צײַט צו צײַט אַרײַנגעוואָרפֿן ווערן אין קאַרצער, פֿון וואַנען מע פֿלעגט אים אַרויספֿירן דורכוים אין שפּיטאָל אַרײַן, און פֿלעגט געשטראָפֿירט ווערן מיטן פֿאַרבאָט צו באַקומען טיטון, שרײַבן אַ בריוו, לייענען אַ בוך און דעסט גלײַכן הארבע שטראָפֿן, שווערע אויסצוהאַלטן, — פֿלעגט ער האַלטן אין איין ווענדן זײַן געדאַנק צו כאַנקען. שוין אָפּגערעדט, אַז זי איז אים בײַגעשטאַנען שפּעטער אויף פֿאַרשיקונג אין סיביר, אין יענעם ישובֿ פֿון פֿינף־זעקס יאַקוטישע יורטעס, אין הונגער און קעלט און פֿולשטענדיקער איינזאַמקייט, צווישן וויסטע שניי־דעקעס, וואָיען פֿון ווינט און שטילקייט פֿון דריקנדיקער, וואַרגנדיקער אימה, און ער איז פֿון זינען נישט אַראָפּ און זעלבסטמאָרד נישט באַגאַנגען. ביז לסוף איז געקומען די רעוואָלוציע און האָט אים פֿאַרכאַפּט, פֿאַרשיכורט, און ווען ער האָט זיך אויסגעניכטערט, איז ער שוין געווען אַ געפּערלעד קראַנקער, וואָס שמעקט מיט טויט. ער האָט זיך גלײַך איבערגעלייגט צו פֿאָרן זען כאַנקען, כּל־זמן ער איז אין שטאַנד, הגם ער האָט שוין געוווּסט, אַז זי איז פֿאַר אים אַ פֿאַרלוירענע. ער האָט רעזיגנירט פֿון דעם

פלאַץ, וואָס מ'האָט באַשטימט פֿאַר אים אין דער סאַנאַטאָריע, און זיך אומגע־קערט קיין אַלט־בודע. ערשט האָט ער זיך געשלאָגן מיט דער דעה, ווי אַזוי אַרום זאָל ער זיך זען מיט איר.

לסוף האָט ער זיך גענומען אין די הענט אַרײַן און איז, שוין אין אַ דרײַ־פֿיר טעג אַרום, געקומען און זי דערווישט אײנע אַליין אין שטוב. די זאַך האָט זיך אַרויסגעוויזן לײַכטער, ווי ער האָט זיך פֿאַרגעשטעלט. ס'האָט זיך שנעל באַ־רויִקט די שטורעם־כוואַליע, וואָס האָט זיך אויף זיי אַ וואָרף געטאָן אין ערשטן מאָמענט מיט אַ סך פֿריידיק־לײַדנדיקע אויסרופֿן און אויסגעשרייען, אַ מישמאַש פֿון ווערטער אָן אַן אָנהייב און אָן אַ סוף. זיי זענען געזעסן אײנער קעגן אַנדערן צעמישטע און צעדולטע, האָבן געמאַכט מיט די אויגן און געשטאַמלט, אָבער אַ מאָל און ווידער אַ מאָל זיך איבערפֿרעגנדיק וואָס מע מאַכט.

— נו, ווי? ... — האָט זי געפֿרעגט מיט אַ הייזעריק און מאַט קול, און אַ לײַכטע רויטקייט, ווי די שײַן פֿון פֿאַרגאַנגענעם טאָג, אַ קוים קענטלעכע, איז איר אַרויס אויפֿן טונקלען פּנים, און ס'האָט געציטערט איר גאָמבעלע, דאָס שווערלעכע און אַ ביסל צו לײַביקע.

— גוט, — האָט הענעך, אוועקקוקנדיק, געענטפֿערט מיט אַ צווייפֿלהאַפֿטן, שעמעוודיקן שמייכל.

זיי האָבן אַ ווײַל געשוויגן, ביז זי האָט ווידער אַ זאָג געטאָן:

— וועסט זיך דאָ לאַנג פֿאַרזאַמען?

— כ'ווייס נישט. — האָט ער געשמייכלט און געמאַכט מיט די אויגן. — מיר'ן זען.

— זעסט נישט אויס באַזונדערס געזונט. — האָט זי אויף אים אַ קוק געטאָן מן־הצד, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און איז געבליבן זיצן פֿאַרטראַכט אין זיך אַרײַן. איר פּנים איז באַשײַנט געוואָרן מיט אַ שימערנדיקן האַרבסט־אומעט, אַ ווײַטן און נאַקעטן.

ער האָט איר גאָרנישט נישט געענטפֿערט, נאָר געשמייכלט און געשוויגן.

— דײַן לעצטן בריוו האָב איך באַקומען פֿון יאַקוטסק. — האָט זי אַ זאָג געטאָן אַ פֿאַרקלערטע נאָך אַ לאַנג שווײַגן.

— יאָ. — האָט ער געענטפֿערט. — איך האָב דעמאָלט פֿאַרלאָזט דאָס דאָרף.

— כ'האָב געוואַרט אויף דײַן קומען... — האָט זי אַ זאָג געטאָן מיט אײַנגעהאַלטענעם אומעט, און אויף איר פּנים איז געפֿאַלן אַ שאָטן פֿון אירע ברעמען, וואָס האָבן אַ ציטער געטאָן.

— דאָס איז געווען אין אָנהייב פֿון דער רעוואָלוציע, סוף פֿעברואַר. — האָט ער אָנגעשטעלט אויף איר די אויגן און איר אויפֿגעקלערט. — און מיר האָבן נאָך נישט געקאָנט לאָזן זיך אין וועג אַרײַן. דער ווינטער איז געשטאַנען אין זײַן סאַמע ברען, און דער טײַך, די לענאַ, געפֿרוירן. מיר זענען קעגן אונדזער ווילן שטעקן געבליבן אין דער שטאָט יאַקוטסק, ביז חודש מײַ. דרײַ חדשים האָבן מיר געוואַרט.

זי האָט אָנגעהאַנגען אויף אים די אויגן און אים באַטראַכט. ווי זי וואָלט גאַרנישט נישט באַנומען.

— און דערנאָך — האָט ער ווײַטער גערעדט — זענען מיר געקומען קיין מאָסקווע. ס'איז געווען אַ סך אַרבעט.

אַזוי האָבן זיי צווישן זיך גערעדט און אויסגעמיטן צו זאָגן זיך דאָס, וואָס איז זיי געלעגן אויפֿן האַרצן. ביז דאָס קינד האָט זיך אויפֿגעכאַפּט אין צווייטן צימער און איז אַרויס מיט אַ געוויין.

— דאָס איז מײַן טעכטערל. — האָט זי, אויסדרייענדיק דעם קאָפּ צו דער טיר, אַ זאָג געטאָן מיט אַן אויפֿגעשײַנט פּנים. — איך האָב אַ טעכטערל...

— יאָ, יאָ... — האָט זיך הענעך אײַליק אויפֿגעהויבן און געלאָזט אַוועקגיין, אַ געבויגענער, מיט צעמישטע אויגן, מיט אַ דערשראָקענעם שולדיקן שמייכל אויף די ליפּן.

## x

**ווי דאָס רובֿ סאָציאַליסטן** פֿון פֿאַר דער רעוואָלוציע, מענטשן פֿון גײַסט און געוויסן, האָט העניעד אין האַרצן נישט מסכּים געווען מיט דעם שפּיכות־דמים, אכזריות, דער זיך פֿאַרכלינענדיקער רשעות און הנאהדיקער הפקרות, מיט וועלכע די רעוואָלוציע גייט אָן. פֿונדעסטוועגן האָט ער זיך פֿון דער רעוואָלוציע נישט צוריקגעצויגן, ווײַל איר דרך איז אַזעלכער. רעוואָלוציע ווערט נישט געמאַכט מיט קיין ווייכער האַנט. די רעוואָלוציע איז גרעסער פֿון אַלע זיטן און געבאָטן אין דער וועלט, און פֿון דער גאַנצער מאָראַל, ווײַל זי גופֿא איז די גאַרע מאָראַל, דער עיקר פֿון אַלע מאָראַלישע עיקרים, און אויסער איר איז אַלץ אַ בײַזאַך. אדרבה, ער איז צו זיך נאָך שטרענגער געוואָרן, אַרײַנגעטראָטן אין דער רויטער אַרמיי און האָט אַוועקגעגעבן פֿאַר איר דאָס לעבן, זי צו דערצײַען און אויסצוכאַוועון פֿאַר דער זאַך פֿון דער רעוואָלוציע.

ווען ס׳איז אים אײַנגעפֿאַלן זיך אומצוקערן קיין אַלט־בודע, האָט ער גענומען טראַכטן:

— אָט די אַלט־בודע, וואָס פֿאַר אַ פּנים האָט דאָרט די רעוואָלוציע? איז זי דאָרט פֿײַנער? לײַטישער? ייִדן זענען דאָך קיין אכזרים נישט. און כאָטש ס׳איז פֿאַראַן צווישן זיי שׂנאה־קנאה און מחלוקת — זענען דאָך אָבער צווישן זיי קיין רוצחים נישטאָ. און אַפֿשר קומט אין איר גאָרנישט נישט פֿאָר, און זי פֿאַרשלאָפֿט די רעוואָלוציע? ניין, שלאָפֿן שלאָפֿט זי נישט — זי טומלט און רודערט, און די רעוואָלוציע האָט איז איר אַ פֿריילעך און לצנותדיק פּנים. זי איז פֿול מיט געטומל פֿון יאַריד, מיט פֿרייד פֿון אַ חתונה און שׂמחת־תּורה־דיקער שכּרות אין בית־מדרש!

און אַז ער איז געקומען און האָט צוגעזען, וואָס דאָ טוט זיך — איז עס גאָר קיין יאַריד נישט, נישט קיין חתונה און נישט קיין שׂמחת־תּורה. דער

שטאַרקער אויפֿברויז, וואָס אין גאַנצן לאַנד, איז אויך דאָ אין אַלט־בודע, און די מאַכערס און שלעגערס, וואָס אומעטום, זענען אויך דאָ אין אַלט־בודע. און כאָטש ס'זענען דאָ נישט פֿאַראַנען קיין בלוטפֿאַרגיסערס און קיין מערדער, האָט ער פֿונדעסטוועגן געהערט פֿון דעם מיליציע־קאָמיסאַר, אַ שילער פֿון זעקסטן קלאַס גימנאַזיע, טאַוואַרישטש דודקין, אַז ער האָט שטאַרק חשק אַוועקצולייגן אַ ייִדן. און אויסגעדריקט האָט ער זיך בזה־הלשון:

— איין ייִדן לכל־הפּחות וואָלט איך וועלן אַוועקלייגן פֿאַר מײַן לעבן! נישט קיין גוי, עט, וואָס איז מיר אַ גוי! נאָר אַ ייִדן, דווקא אַ ייִדן!

די שטעטלדיקע מאַנסלײַט האָבן ביטער געקרעכצט, געקרעכצט שטאַרקער ווי אומעטום. די ווײַבער אויף זייער שטייגער: האָבן געוויינט. געוויינט אויף זייערע זין אין דער רויטער אַרמיי, אויף דער מלחמה, אויפֿן הונגער אין שטוב, אויפֿן אונטערגאַנג פֿון דער פּרנסה, אויף רעקוויזיציעס און דעסט גלײַכן. אַנדערע פֿלעגן אַ כאַפּ טאָן הענטכן אין גאַס, אויסרעדן זיך דאָס האַרץ און וויינען פֿאַר אים, גלײַך די רעוואָלוציע וואָלט געלעגן אין זײַן האַנט, און ער וואָלט קאָנען אַלץ ענדערן, ווען ער זאָל נאָר וועלן.

— איז עס אײַך נישט קיין חרפּה און קיין בזיון זיך צו באָדן אין אונדזער בלוט? — פֿלעגן זיי פֿאַרגיסן טרערן און רעדן מיט אַ ציטעריקער און אָפּגע־האַקטער שטים. — האָט איר אַ האַרץ פֿון שטיין? זענט איר דען גויים, אָדער חיות־רעות? אַז ווינד און ווי איז צו אונדז, צו וואָס מיר זענען דער־גאַנגען! הונגעריקע, נאַקעטע, צעוויטיקטע, און מע באָדט זיך אין קראַטקע־וויק ...קיין שטיקל ראַזעווע ברויט פֿאַר אַ קינד איז נישטאָ...פֿאַר וואָס שווײַגט איר? פֿאַר וואָס לייגט איר זיך נישט אַרײַן דערין? איר זענט דאָך נישט ווי יענער מחבל, אַ רוח אין זײַן טאַטנס טאַטנס טאַטן אַרײַן; ווי יענער גאַוואָניאַק, דער פּאָסליעדניער שבפּאָסליעדנער! ווי קאָנט איר צוזען אונדזער בראָך און נויט? איר האָט זיך אָנגעוואָליעט אויף אונדז, רוחות, שדים און מלאכי־חבלה, איר פֿון איין זײַט, און פּעטליורע מיט די באַנדיועקעס פֿון דער צווייטער זײַט און מאַכן פֿון אונדז אַ תּל־עולם. אוי ווי איז צו אונדז, ביטער און פֿינצטער, ביטער און פֿינצטער!

אַלע תּשובֿות, וואָס ער האָט זיי געגעבן, האָבן נישט באַרויִקט זייער געמיט.

— דאָס איז עס די אמתע גערעכטיקייט?! — זענען זיי געשטאַנען פֿאַר־וווּנדערטע. — דאָס איז יושר? אַז אָך און אַז ווי איז צו אײַך, און צו אײַער שאַנד און דעם פֿינצטערן אמת אײַערן! רצחנען, און גזלענען, און ראַבעווען, און וואָס אין דער קאָרט...

איינע פֿון זיי, בתיה רבֿקה, אַ נידעריטשקע און אײַנגעשרומפּענע אַלטיטשקע, וואָס אירע קינדער זענען געווען אינטעליגענטן, דער אַ געוועזענער קאָמיסיאָנער אויפֿן וואָקזאַל, דער אַן אַגענט פֿון זינגער־מאַשינען, און יענע אַן אַקושערקע, — האָט, בשעתּה אַן אָנגעשמעקטע פֿון זיי, צו אים אַ זאָג געטאָן געלאַסן און באַדאַכט:

— נו, דאָס איז דאָך שוין אַפֿילו קעגן דער גמרא דאָסטאָיעווסקי...

# *xi*

העניך איז נאָמינירט געוואָרן פֿאַרן סעקרעטאַר פֿון דער פּאַרטיי. דעם גאַנצן טאָג, פֿון אין דער פֿרי ביזן אָוונט, איז ער פֿאַרטאָן געווען אין אַרבעט. גיט אויף אַרבעט און האַרעוועט אַליין, גיט אַכטונג און קאָנטראָלירט, טרײַבט אונטער און אינסטרויִרט, וואַרפֿט אַרויס אומערלעכע חבֿרים פֿון דער פּאַרטיי און פֿאַרטוישט אויסגעגליטשטע באַאַמטע אויף אַנדערע. די מאַכט־אינסטאַנצן זענען אויפֿגעטרייסלט געוואָרן און האָבן גענומען אָנזאָגן דאָס וואָס זיי האָבן פֿאַר־פֿעלט: די פּראָפֿסאָיוזן*, וואָס זענען אומטעטיק געווען, די קאָאָפּעראַטיוון, וואָס זענען זיך צעפֿאַלן, דעם קולטפּראָסוועט**, דעם סאָבעס*** און דעם קאָמ־בעד****, וועלכע זענען אָפּגעשטאַנען. מ'האָט געשאַפֿן קלובן, זומערפּלעצער, קינדער־קאָלאָניעס און דעסט גלײַכן. און ס'האָט אָנגעהויבן אויפֿלעבן.

ס'זענען צערונען געוואָרן די האָפֿענונגען, וואָס די מענטשן האָבן געלייגט אויף העניכן און געטראַכט, אַז ער איז געקומען אָוועקנעמען די מאַכט בײַ מאָטל פּיקעלני און זיך מיט אים אָפּרעכענען, אַז ער וועט העלפֿן דער יִדישער באַפֿעלקערונג און לינדערן אירע נויטן. ס'הייבט זיך גאָרנישט אָן. מאָטל פּיקעלני איז געבליבן תּקיף, ווי פֿריִער, און האָט געהערשעוועט איבערן קהל. אדרבה, ער האָט נאָך אַרויסגעגעבן פֿאַר יענער צײַט אַ נײַע גזירה, צוגענומען בײַ קהל צוויי בתּי־מדרשים פֿאַר דער מאַכט ווענן, און העניך האָט קיין פּיפּס נישט געטאָן.

* פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראייניגן.
** קולטור-בילדונג.
*** סאָציאַלע פֿאַרזיכערונג.
**** קאָמיטעט פֿון דער אָרעמקייט.

פֿארשעמט האָבן אויסגעזען די ספֿרי־תּורות, ווען מ׳האָט זיי אַרויסגענומען פֿון אָרון־קודש און אַריבערגעטראָגן אין דער אַלטער שול, און דערשלאָגן האָט אויסגעזען דער גאַנצער עולם, וואָס איז זיי נאָכגעגאַנגען.

געוואַלד! געוואַלד — האָבן מענטשן געשאָקלט מיט די קעפּ און אָפּגעזיפֿצט מיט ווי אין הארצן. — מיר זענען פֿאַרפֿאַלענע! באַגראָבענע און פֿאַרשאָטענע!

פֿון דעמאָלט אָן האָט מען זיך מיאש געווען פֿון העניכן און זיך געשושקעט, אַז ער איז אויך נישט קיין אײַ־אײַ־אײַ, אלא אַ מין סאָרט מאָטל פּיקעלני, ביידע פֿון איין שניט.

— די זעלבע סחורה און פֿון זעלבן שטיק. — האָט מען גערעדט מיט פֿאַרצווייפֿלונג און מיט צער.

פֿון מאָל צו מאָל פֿלעגט מאָטל פּיקעלני אַרײַנקומען צו העניכן, און זיי פֿלעגן זיצן, זיך באַראַטן און צוטראַכטן פֿאַראָרדענונגען. פּיקעלני, אין דעם פֿרענטש און די גאַליפֿע־הויזן, מיטן רעוואָלווער בײַ דער זײַט, האָט אויסגעזען ווי אַ העלד און אַ כוואַט, וואָס גאָר די מאַכט פֿון דער וועלט ליגט בײַ אים אין די הענט. און העניך — — אָנגעטאָן אין עסיק און אין האָניק, ווי מ׳האָט וועגן אים געזאָגט אין אַלט־בודע: אַ קורץ אָפּגעבאַרעט מאַנטל, אַן אויס־געריבענס אין די עלנבויגנס מיט אַרויסגעקראָכענע צוויטן, און אַ פּאָר צערעפּעטע און אויסגעקרימטע שטיוול, — האָט אויסגעזען שפֿלדיק און נעבעכדיק ביז דער לעצטער מדרגה.

רב נתן נטע האָט געהאַט אַ האַרץ אויף אים, אויף העניכן, פֿאַרוואָס ער חבֿרט זיך מיט מאָטל פּיקעלני.

— ווּ זענען זײַנע אויגן? ווּ איז דער שׂכל זײַנער? — האָט ער זיך געקאָכט.

— אַז בסך־הכּל וויל איך נישט, ער זאָל מײַן שוועל איבערטרעטן. חבֿר־לאַפּ האָט ער געמאַכט מיט אים!

מאָטל פּיקעלני פֿלעגט זיך אין העניכס בײַזײַן האַלטן אַ ביסל דערונטער, פֿאַרהאַלטן פֿרײַנדלעך צו רב נתן נטען און אים אונטערקויפֿן מיט אַ גלײַכוווערטל אויף זײַן שטייגער. רב נתן נטע פֿלעגט נישט נתפּעל ווערן פֿון זײַן פֿרײַנדלעכקייט און נישט ווערן אויפֿגעלייגט פֿון זײַן גלײַכווערטל.

— דײַן טאַטע האָט אַ פֿול האַרץ אויף מיר. — האָט מאָטל פּיקעלני איראָניש געשמייכלט. — איך בין בײַ אים פֿאַררעכנט פֿאַר אַ רוצח.

— אַ ייִד איז נישט קיין רוצח. — האָט אים רב נתן נטע געענטפֿערט בכּובֿד־ראש.

— נאָר וואָס? — האָט אים מאָטל פּיקעלני געצויגן פֿאַר דער צונג.

— ערגער פֿון אַ רוצח: אַ באָלשעוויק!...

— כאַ־כאַ־כאַ . . . — האָט זיך מאָטל פּיקעלני מקלאָמפּערשט גוטווייליק צעלאַכט. — אַבער זעט, אַלטער, היט די צונג, ווײַל איר קאָנט נאָך צו טאָן האָבן מיט דער טשעקאַ!

פֿלעגט זיך רב נתן נטע אָפּהאַלטן פֿון אַרײַנלאָזן זיך מיט אים אין אַ לאַנגן משׂא־מתּן, זיך אויפֿהייבן און אַוועקגיין פֿון שטוב.

# *xii*

דער דרויסן איז געווען לער, צעפּראַלט צו די צעגרינטע פּאַשעפּעלדער און צעכראַסטעט צום הימל. נידערגעשלאָגן זענען געשטאַנען די הײַזער, ווי עפּעס אַלטע לײַט קאַליעקעס: לאָמע, חולי־נופלים און משוגעים. טײל געטינקעוועט מיט לײם, צעפֿאַלענער דאָ און דאָרטן, און טײל פֿון האַלצברוסעס, וואָס ליגן אײנער אויפֿן אַנדערן, צוזאַמענגעשלאָסענע בײַ די עקן מיט שטיקלעך אַרויס־שטאַרצן אין בײדע זײַטן. זײערע דעכער, טײל פֿון גרינעם בלעך און מײנסטן טײל פֿון שינדלען און שטרוי, לאָזן זיך אַראָפּ שטאַרק משופּע. שילדן זענען געהאַנגען, ווי אין די אַמאָליקע צײַטן, אויף הײַזער און באַדעכלטע גאַנקעס מיט צעקרימטע און אויסגעבראָכענע שטיגלעך, נישט אַנדערש ווי נאָר זיך צו רײצן מיט די מענטשן, זײ זאָלן וויסן וואָס זײ האָבן אָנגעווירן: אַ געמעל פֿון אַ פֿיש, וואָס ליגט וואָגיק אויף אַ טעלער, מיט אַ גאָפּל פֿאַרשטאָכן אין רוקן; אַ געמעל פֿון אַ געפֿלאָכטענעם קוילעטש און אַ סאַמאָוואַר, וואָס סע זעצט פֿון אים אַ פּאַרע, ווי אַ מין עמוד־ענן, מיט אַ קלײן טשײַניקל אויף זײַן קאָפּ; אַ פּרעס־אײַזן מיט אַ שטיקל פֿון אַ שער, וואָס איז אָפּגעקראָכן צוליב די רעגנס, און אַ פּאָר בלויע, פֿאַרזשאַווערטע הויזן, וואָס הענגען מיט נסים אין דער לופֿטן. רויטע פֿענער האָבן געפֿלאַטערט אין לערן רוים.

אויף די ווענט און פּאַרקנס, פֿאַרזונקענע אין ווילדע גראָזן און קראָפּעווע, זענען געהאַנגען געמעלן פֿון עפּעס באַנדיטן און מענטשן־מערדער: דער האַלט אויפֿגעהויבן אַ קולאַק און זעט אויס, ווי ער וואָלט שרײַען מיט צאָרן, און דער האַלט אויסגעשטרעקט אַ באַגנעט און וויל דערשטעכן אַ נידעריק מענטשל, אַ פּליכעוואַטס און בײַכלדיקס. אונטער די דאָזיקע געמעלעכצן זענען געווען אונטערגעשריבן פּאַראָלן און גרויסע רעוואָלוציע־לאָזונגען, אימהדיקע באַפֿעלן און וואָרענונגען מיט בײזע שטראָפֿן און טויטאורטײל.

רב נתן נטע האָט זיך אַרומגעשלענדערט אין דרויסן, אויסגעמיטן די וואַסער־קאַלוזשעס, וואָס האָבן געגלוט מיט זייער בלוי און גלאַנץ, ווי פֿון הימל אַראָפּ־געפֿאַלענע, און זײַן פּנים איז געווען אומעטיק, די אויגן מיד, און דער קאָפּ פֿאַרוואָרפֿן אים אויפֿן גניק, ווי בײַ אַ קאַטשער.

— אַ דאָסאַדע, אַ דאָסאַדע* . . . — האָט ער געשעפּטשעט צו זיך אַליין.

מענטשן האָבן באַמערקט, אַז ער איז עפּעס משונהדיק, אַז זײַן גאַנץ גיין איז נישט ווי סע געהער צו זײַן. האָט מען אים נאָכגעקוקט געהיים דורך די פֿענצטער און שפּאַרונעס און נאָכגעפֿירט נאָך אים מיט די אויגן פֿון איין אָרט אויפֿן צווייטן.

— וואָס איז מיט אים? — האָבן זיי זיך געוווּנדערט און איבערגעשושקעט.

— וואָס איז אים געשען? פֿאַר וואָס עפּעס גייט ער אַרום אַ ז ו י אַ?

אַנדערע זענען אַרויסגעקומען, האָבן זיך געשטעלט אויף דער שוועל פֿון זייער טיר און אים באַגריסט.

— ווי'ן גייט מען עס? — האָבן זיי געפֿרעגט.

— אין דר'ערד אַרײַן! אין דר'ערד אַרײַן! — האָט ער זיי געענטפֿערט מיט אַ פֿאַרכמורעט פּנים און אַ מאָל געטאָן מיט דער האַנט צו דער ערד.

בענצל סאָלאָדוכע האָט זיך צון אים צוגעלאָזט און איז געגאַנגען לעבן אים שמועסנדיק. זײַן לוסטרינענער שוואַרצער ראָק, אַן אָפּגעבליאַקעוועטער, גלאַנצט קעגן דער זון, ווי אַ רעגנבויגן, ווען ער הייבט אַן זיך פֿונאַנדערצופֿליסן. זײַנע אויגן דרייען זיך אַהין און אַהער. די באָרד, געל און שפּיציק, איז ווי געמאַכט פֿון פֿאַרשטויבטער ראָגאָזשע. דאָס מויל, אַ גרויס, רירעוודיקס און אײַליקס, ווי בײַ אַ מאַלפּע. און זײַן וואַנץ איז פֿול מיט זויער געוואָרענעם שמייכל און שטאַרק דינער איראָניע.

— וואָס הערט זיך נײַעס, רב נתן נטע? — האָט ער געטאָן אַ מאָל מיטן מויל און אַ פּינטל מיט די אויגן. — וואָס מאַכט אײַער הענעך?

— ער מאַכט! ער מאַכט! — האָט רב נתן נטע אַ וואָרטשע געטאָן מיט צאָרנדיקן עגמת־נפֿש.

— אַז וווּל איז אײַך, וואָס איר האָט דעם זון לעבן זיך. — האָט סאָלאָדוכע טיף אָפּגעזיפֿצט — איר האָט, ברוך־השם, אויף וועמען זיך אָנצושפּאַרן.

— יאָ, יאָ. — איז רב נתן נטע געוואָרן אומגעדולדיק, און דער זאָג האָט געמיינט אַ הארבן ניין.

— אַזאַ זון, אַן עין־הרע! — האָט זיך סאָלאָדוכע גערעדט זײַנס און ווײַטער געצויגן — וואָס איז ער, דער סעקרעטאַר פֿון פּאַרטקאָם**, צי וואָס?

— עט! — האָט זיך רב נתן נטע אויפֿגעכאַפּט און צון אים אַ קרים געטאָן מיט דער נאָז. — פּאַרטקאָם־שמאַרטקאָם . . .

— אַזאַ זון, אַזאַ זון . . . — האָט סאָלאָדוכע אַ קוואָקע געטאָן, ווי אַ חולה הון.

* האַרצווייטיק.

** פּאַרטיי־קאָמיטעט.

— וואָס זון? ווער זון? ווו זון? — איז רב נתן נטע אַרויף אויף אים מיט רוגזא. — קליינע קינדער לאָזן נישט שלאָפֿן, גרויסע קינדער לאָזן נישט לעבן... ס'אי' נישט־גוט! איר הערט, וואָס איך רעד צו אײַך? ס'איז מיר ערשט נישט בעסער ווי פֿריִער! ס'אי' טויזנט מאָל נישט־גוט!

— אַזוי - - וי. — האָט סאָלאָדוכע געזײַטלט אַז אויג צון אים און טיף אָפּגעזיפֿצט. אם בארזים נפלה שלהבת... ס'איז לחלוטין נישטאָ דאָס שטיקל פּרנסה. אַפֿילו נישט כּדי מזון סעודה אחת. מע טאַנעט, מע גייט אויס. ס'איז חס־ושלום כּלו כּל הקיצין.

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן און געגאַנגען געבויגן און פֿאַרקלעמט. פּלוצעם איז ער שטיין געבליבן, האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אַרום זיך און פֿאַרגאַפֿט זיך אַרומגעקוקט.

— פּוסט. — האָט ער אַ זאָג געטאָן. — ס'איז דאָ גאָרנישט נישטאָ... אַן עק פֿון אַ הון, אַ פֿעדערל, איר זאָלט זאָגן.

— פּוסט, פּוסט. — האָט אים רב נתן נטע נאָכגעזאָגט. — פּוסט און וויסט.

בענצל סאָלאָדוכע האָט אַ צוויי־דרײַ מאָל אָפּגעהוסטלט, אַ נייג געטאָן דעם קאָפּ אויף אַ זײַט, ווי אַ פֿידלער, און געזאָגט:

— המם... ה... מם... כ'האָ' געוואָלט... איך האָב געוואָלט... השם־יתברך אליין האָט אײַך צוגעשיקט פֿאַר מיר... באו מים עד נפש. כאָטש פֿון בריק אין וואַסער אַרײַן. גאָט אין הימל ווייסט... ווען כ'וואָלט קאָנען באַקומען אַ קאָמאַנדיראָווקע פֿאַר מײַן גרישען... ער זאָל פֿאָרן עפּעס אַנטאָפּן, מיר זאָלן נישט אויסגיין פֿאַר הונגער... אַ קאָמאַנדיראָוועטשקע, האַ?

— ובכן? — האָט רב נתן נטע געגאַפּיעט אויף אים.

— אפֿשר וועט איר פֿאַרוואָרפֿן אַ וואָרט פֿאַר מיר, ע... ע... בײַ אײַער הענעכן... אַ... אַ... אפֿשר...

— ניין! ניין! — האָט זיך רב נתן נטע דערשראָקן און אַ וואָרף געטאָן אויף צוריק. — לאָזט מיך צו רו מיט דעם דאָזיקן שליחות! איך בעט אײַך. ברענגט מיך נישט צו קיין נסיון. ער וועט מיך נישט געהאָרכן. איר פֿאַרשטייט? ער וועט מיך נישט געהאָרכן. און חוץ דעם... השם ישמרנו... זאָל גאָט אויסהיטן... היזהר והיזהר! איר שפּילט זיך מיט פֿײַער! וואָס, איר זענט אַ זייגקינד? איר ווייסט נישט?...

— וואָס זאָל איך טאָן? וואָס זאָל איך טאָן? — האָט בענצל סאָלאָדוכע אָפּגעזיפֿצט.

ער האָט אויפֿגעהויבן די אויגן אויף אַ בוים, וואָס ס'האָט זיך אים געמאַכט, און פֿונעם בוים אַריבערגעפֿירט די אויגן צום הימל.

— נו... — האָט ער אַ וואָרטשע געטאָן אומבאַשטימט, און זײַנע ליפּן האָבן זיך פֿאַרקרימט מיט אַ שמייכל פֿון קלעמעניש.

# xiii

װען מאָטל פּיקעלני האָט אַראָפּגעװאָרפֿן די װינטער־מלבושים און זיך אַנגעטאָן זומערדיק, האָט ער באַקומען אַן אַנדער אויסזען און איז געװאָרן װי עפּעס אַ נײַ באַשעפֿעניש. זײַן געשטעל איז העכער געװאָרן, און זײַן פּנים האָט אויפֿגעשײַנט מיט אַ נײַ ליכט. װי ס'װאָלט זיך פֿון אים אָפּגעטאָן זײַן האַרטקייט און יענץ שטעכיק קעלטעלע אין זײַנע אויגן.

פֿונדעסװעגן פֿלעגן די מענטשן זיך היטן פֿאַר אים און דערװײַטערן פֿון זײַן בליק. נײַערט נאָכקוקן אים מיט זיבן אויגן, װי ער שפּאַנט, אַ יונג, מיט דער רויטער בלוזע און דעם גאַנצן קלאַפּערגעצײַג: דעם רעװאָלװער, דעם רויטן שטערן און דער נאַהײַקע אין האַנט, אַ גוט אויפֿגעלייגטער, מיט אַ צעשײַנט פּנים און אַרויפֿגעריסענעם קאָפּ איבער גאַנץ אַלט־בודע.

— אָ, איז איספּאָלקאָם* אַרײַן! — שעפּטשעט מען, דרייענדיק מיט די בערד נאָך אים אַהין און אַהער. — אָ, איז אופּראָדקאָם** אַרײַן! אוי װיי, איז טשעקאַ אַרײַן!

באַלד שוידערט מען אויף, מע טראָגט זיך אָפּ פֿון די טירן־פֿענצטער, און מע מאַכט זיך גלײַך מען איז נישטאָ.

מאָטל פּיקעלני האָט זיך אויף זיי נישט אומגעקוקט, כאָטש ער זעט זיי אַלע, װייסט װאָס ס'טוט זיך בײַ זיי אין אַלע לעכער און שפּאַרונעס און קאָן אויף אויסנװייניק אַלע זייערע טועכצן, װעלענישן און מחשבֿותן.

— װאָרטס־װאָרטס! — טראַכט ער זיך און טוט אַ פֿליק אַראָפּ מיט זײַן נאַהײַקע אַ צװיי־דרײַ רומיאַנעק־בלימלעך. — איך האָב ספּריטנע הענט, פּאַסן פֿון איך שינדן!

* אויספּיר־קאָמיטעט.

** ראַיאָניקער פֿאַרזאָרגונגס־קאָמיטעט.

צוויי פֿאַרחושכטע זקנות, וואָס האָבן שוין נישט וואָס זיך צו שרעקן פֿאַר געכאַפּט ווערן צו אַרבעט און באַגאַנגענע זינד און גאָרנישט וואָס אָנצוּווערן, שטעלן אײַן דאָס לעבן אין קאָן, גייען צו און בלײַבן שטיין פֿאַר אים. איינע אַ נידעריטשקע און געקנייטשטע, מיט אַ פֿינף־זעקס הערעלעך אויף דער גאָמבע. די צווייטע אַ הויכע און געקנייטשטע, מיט אַ האַלדז, ווי אַ פֿידל. זיי הייבן אָן צו רעדן, חנפֿענען אים, לעקן זיך אים אונטער.

— גוט, גוט... — ענטפֿערט זיי מאָטל פּיקעלני און הייסט זיי גיין אין סאָבעס צו באַקומען דאָרט אַ ביסל קליידונג און שפּײַזוואַרג.

טוען זיי באַלד אַ שיט אַ סך ברכות אויף זײַן קאָפּ, אַ מיש אויס כאַנקען און זײַן קליין טעכטערל, השם־יתברך, משיחן און די ייִדישע גאולה אין איין קניפּל, און חזרן עס איבער ווידער אַ מאָל און אָבער אַ מאָל.

— נו, גוט, גוט... — שלאָגט זיי מאָטל פּיקעלני איבער אין מיטן די רייד און זאָגט זיי עפּעס וועגן דער גאולה, וואָס איז שוין געקומען, וועגן דער רעוואָלוציע מיט איר סערפּ און האַמער און דער דיקטאַטור פֿון פּראָלעטאַריאַט.

זײַטשיק, דער אַלטער משׂכּיל, דערזעט, אַז ס'איז ערשט געקומען פֿאַר אים אַ שעת־רצון, לערנט ער אַ קל־וחומר פֿון די זקנות און טוט זיך אײַליק אַ לאָז צון אים אין דרויסן. ער איז זיכער אין זײַנע כּוחות, אַז ער וועט אים זאָגן עפּעס אַזוינס, וואָס וועט אים אַ נעם טאָן, און דערנאָך וועט ער נעמען רעדן וועגן דער סחורה, וואָס מ'האָט בײַ אים אין קלייט רעקוויזירט, אפֿשר וועט ער זיך דערבאַרעמען. הינטער אים צאַפּלט זיך בלישטשיק אַרויסצוגיין און אויסלייגן זײַנע טענות. דאָס איז אַן אַלטיטשקער, וואָס די ווינטערקעלט האָט זיך נאָך נישט אויסגעוועפּט פֿון זײַנע אַלטע ביינער, איז אַ שמויסענער קוטשמע אויפֿן קאָפּ און שווערע וואָליקעס אויף די פֿיס. ער טוט זיך אַ טאָרע בײַ דער קוטשמע, אַ וויש אָפּ די נאָז, ברענגט אַרויף אויפֿן מויל אַ צעקרימט שמייכל, און זײַן פּנים באַקומט דאָס אויסזען פֿון תּשעה־באָבֿ, וואָס געפֿאַלט אום ערבֿ־שבת. הינטער אים שטייט בענצל סאָלאָדוכע פֿון יענער זײַט טיר פֿון זײַן שטוב, ווי אויף גלײַענדיקע קוילן, שטעלט זיך איבער פֿון איין פֿוס אויפֿן צווייטן, בײַסט זיך די נעגל און וואַרט אָפּ וואָס דאָ וועט זײַן.

— גוט מאָרגן, טאָוואַרישטש פּיקעלני! — טוט אים זײַטשיק אַ סאַלוטיר מיט דער לינקער האַנט בײַם היטל און קוקט אויף אים סקאָס מן־הצד.

מאָטל פּיקעלני קערט אַוועק פֿון אים דעם קאָפּ, גייט ווײַטער און קוקט זיך נישט אום אויף אים. בלײַבט זײַטשיק שטיין געבויגן און גענייגט אויף אַ זײַט, די הענט אַראָפּגעלאָזט, דער גרויסער שטערן צעאַקערט אויף דרײַ טיפֿע באַראָזדעס, און זײַן גראָ בערדל, אַ צונעשוירנס ווי אַ קליניק, ציטערט אויף זײַנע אײַנגעפֿאַלענע באַקן.

אין אַ ווײַל אַרום טוט ער זיך אַ ריר פֿון אָרט און לאָזט זיך גיין אַהיים.

— וויי־וויי, צו שאַנד און צו שפּאָט... — מורמלט ער צו זיך מיט זיפֿץ און קלעמעניש. — צו שאַנד און צו שפּאָט...

באַלד האָפּסלען און לױפֿן צון אים בלישטשיק און סאַלאַדוכע מיט אַרױס־שטאַרצנדיקע אױגן, און זײערע בערד פֿליִען זײ פֿאַרױס.

— נו, װאָס? — זידן זײ, װי די טשײַניקעס — האַ?

— איך װײס נישט, צי מײַן תּשובֿה װעט אײַך צופֿרידנשטעלן. — ענטפֿערט זײ זײַטשיק מיט אַ בײזן שמײכל.

— װאָס? װאָס?

— גאַרנישט.

— גאַרנישט? — זאָגן זײ אים נאָך, װי אַ יִינגל זאָגט נאָך אַ רבין. — ס'הײסט גאַרנישט?

— ער האָט מקיים געװען די מצװה פֿון זיך נוקם זײַן אין אַ ייִדן. — רעדט זײַטשיק צו זיך אַלײן.

— װאָס האָט ער געװאָלט?

— גײט פֿרעגט אים. ער איז דאָך אײַער מיזיניק.

— אונדזער מיזיניק? — ער איז דאָך סך־הכּל אײַער בכור!

אַזױ רײסן זיך אַרום דאָס חסידות מיט דער השׂכּלה, שטײענדיק אױף אײן פֿוס.

— אָט אַזױ איז עס. — האַלט זיך זײַטשיק בײַ זײַנעם, פֿאַרלײגט בײדע הענט אױפֿן רוקן און בײגט זיך אײַן, װי ער װאָלט זײַן אָנגעלאָדן מיט אַ שװערער משׂא. — זה דודי וזה רעי — אָט אַזױ איז עס די מעשׂה.

— װאָס װעט זײַן מיט אונדז? — קװעטשט סאַלאַדוכע מיט די פּלײצעס.

— געװאַלד, געװאַלד!

—ייִדן גײען אונטער, גײען אונטער. — רעדט זײַטשיק צו זיך אַלײן, װי מיט אַ צולהכעיס־טאָן — ייִדישקײט גײט אונטער. קאַפּוט.

אַזױ פּלעגט ער טענהן זײַן גאַנץ לעבן.

תּוך־כּדי־דיבור בלײַבט ער שטײן, װי צוגעשמידט צום באָדן, הײבט אַרױף אַ פֿינגער און טוט אַ זאָג מיט אַן אימהדיק פּנים:

— אָבער ס'איז פֿאַראַן אַ װעלט, װאָס רופֿט זיך היסטאָריע!...

ער באַװײַזט נישט צו פֿאַרענדיקן די רײד, װי שכנא שפּיל, בערל הורא און יוחנציע פּיטום קומען אָנצולױפֿן מיט אַ בהלה, סאַפּענדיק װי די גענדז און װאַרפֿנדיק מיט די אױגן אין די זײַטן, און פּרעפּלען מיט די לעפֿצן:

— װאָס? װאָס? װער? װאָס איז געשען?...

# xiv

מאטל פיקעלני האט זיך פארנומען מיט אלץ מיט אנאנדער. און נישט ווי א געזעל, וואס ארבעט פאר אנדערע, נייערט ווי א באלעבאס, וואס יעדער קלייניקייט ליגט אים אויפן קאפ, און ער באלעבאטעוועט מיט אלצדינג. ארבעט האט זיך אנגעלייגט אויף אים פון אלע זייטן, פון די פארשיידענע אינסטאנצן אין אלט־בודע און פון די נאענטע און ווייטע דערפער; אן אנפלייץ ארבעט. ווילט איר, קאן מען זאגן אויף אים: א זידנדיקער קעסל, און ווילט איר, קאן מען זאגן: דונערן און בליצן. צו יענער צייט האט ער געענדערט זיין נאמען אויף מאקסים אינטערנאציאנאל. אבער דער נאמען האט זיך נישט צוגעקלעפט צון אים, און „מאטל פיקעלני" און „מאקסים אינטערנאציאנאל" זענען אנגעגאנגען געמישט ביינאנד. ביסלעכווייז איז מאקסים אינטערנאציאנאל פארגעסן געווארן, און מאטל פיקעלני איז פארבליבן, ווי פריער — מאטל פיקעלני.

דעם ערשטן מיי האט מאטל פיקעלני צוגעגרייט מיט גרויס פאראד: מיט א מאסנצוג, מיט א סך פענער און מוזיק. א גרויסער מיטינג איז צו שטאנד געקומען אויפן הויף פונעם איספאלקאם, אונטערן פרייען הימל. אלע אלט־בודער איינוווינער זענען געקומען, קיין איינער האט נישט געפעלט. מ'איז געשטאנען א שורה לעם א שורה, געדיכט און צונויפגעקוועטשט ביינאנד, ווי קערלעך פון זונרויזן. די טאווארישטשעס, סיי מאנסביל, סיי פרויען, סיי יידן, סיי נישט־יידן, זענען געשטאנען און האבן געהאלטן רעדעס פאר זיי. זיי ווידער האבן אפלאדירט, אזש אלע שפערלעך אויף די פארקאנעס און אויף די ביימער האבן זיך אויפגעריסן פון די ערטער און פונאנדערגעפלויגן.

אויך מאטל פיקעלני האט געהאלטן א רעדע, כדי דאס פאלק זאל וויסן סארא חכם ער איז, אז נישט נאר איז ער ערלעך מקיים וואס מע דארף, נייערט א

גרויסער אַראַטאַר אויך דערצו. ער האָט זיך נישט אַריַינגעלאָזט צו פֿיל און טיף אין מאַרקסן און ענגעלסן און איז נישט אַנגעגאַנגען ווי מיט זיַידענע הענטש־קעס, נאָר געזעצט מיטן קולאַק אין טיש, ווי עפּעס געשליַידערטע האַמערס און קאַוואַדלעס. האָט אויסגעשריגן אויפֿגעקאָרקעוועט און אויפֿגעשפּונטעוועט בי־טערע גזירות, הארבע געזעצן און שטראָפֿן, און געמאַכט אַש און פּאָרעך פֿון אייראָפּע און דער בורזשואַזיע פֿון דער גאַנצער וועלט. די פֿאַרזאַמלטע האָבן זיך פֿיַין געמיט פֿון זיַינעט וועגן און אים שטאַרק אַפּלאָדירט. יעדער איינער האָט זיך געסטאַרעט איבערצושטיַיגן דעם צווייטן, כּדי ער זאָל אים באַמערקן און אָפּשאַצן לויט זיַינע מעשׂים.

מער פֿון אַלע איז צופֿרידן געבליבן מאָטל פּיקעלני. פֿאַר נאַכט איז ער געקומען צו הענעכן. ער האָט זיך געריכט אויף הענעכס לויב. ער איז אים אַרומגעגאַנגען מיט רייד, האָט אים אונטערגעקויפּט מיט ווערטער און געזאָגט, אַז ער, הענעך, האָט גאָר אַ וואַזשנע רעדע געהאַלטן. הענעך האָט אים גאַרנישט געענטפֿערט. האָט ער ווידער גענומען רעדן, ווי פֿיַין דער יום־טובֿ האָט זיך איַינגעגעבן. נאָר יענער האָט אים אַלץ נישט געענטפֿערט, איז געזעסן און געשוויגן, ווי זיַין שטיי־גער. ער האָט זיך באַראַטן מיט הענעכן וועגן עטלעכע זאַכן: וועגן ענינים פֿון די פּראָפֿסאַיוזן, דעם קאָמסאָמאָל, דעם דאָרף קוכאַרי, וואָס טוט אָפּ אַל דאָס בייז, און אַז אַ שטראָף־עקספּעדיציע וועט זיך עס נישט אויסדרייען.

לסוף האָט ער זיך אויפֿגעהויבן אַוועקצוגיין. ער האָט פֿאַרבעטן הענעכן, ער זאָל אים באַזוכן. יענער ערשטער באַזוך זיַינער, האָט ער געטענהט, רעכנט זיך נישט, וויַיל ער, מאָטל, איז דעמאָלט נישט געווען אין דער היים.

— קום צו גיין. — האָט ער געזאָגט. — מע וואַרט אויף דיר.

אין דערבײַיִקן צימער איז געזעסן רבֿ נתן נטע איינער אַליין. ער האָט געבענקט נאָך זיַינע יִנגערע יִנגלעך, ניסל און פֿראַיקע, וואָס הענעך האָט זיי אַריַינגעגעבן אין אַ קינדער־קאָלאָניע, און די שטוב איז פּוסט און וויסט געוואָרן.

— נו, וואָס הערט זיך נײַעס? — האָט מאָטל פּיקעלני, פֿאַרבײַגייענדיק, אים אַ פֿרעג געטאָן און געזיַיטלט אויף אים אַן אויג. — וואָס פֿאַר אַ „יסוד" איז הײַנט?

אויפֿן באַדעכלטן גאַנעק פֿאַר דער שטוב, אויפֿן אייבערשטן טרעפּל זענען זיי געשטאַנען ביידע, ער און הענעך. ער האָט פּאַוואָליע אַרויסגעצויגן דעם רעוואָלווער פֿון שיידל און אים געהיט געפֿירט אַהין און אַהער, צילנדיק מיט אים אין אַ וואָראָנע אין גאַס. באַלד האָט זיך דערהערט אַ שאָס, און די שויבן האָבן אַ ציטער געטאָן. די וואָראָנע האָט געטאָן זיך אַ ריס פֿון אָרט, אַ פֿאָכע מיט די פֿליגל און אַ הייב אַרויף.

— אַך, סוואָלאָטש! — האָט ער צוריק אַריַינגעלייגט דעם רעוואָלווער אין שיידל, אַ לאָז געטאָן אַ שפּיַישפּריץ פֿון צווישן די ציין און איז אַראָפּגעגאַנגען פֿון די טרעפּלעך.

# סט

**העגעך איז שוין געהאַט געווען** אין אַלט־בודע אַ צוויי־דריי וואָכן. מיט די אַרטיקע אײַנוווינער, וואָס זענען אַלע ייִדן, פֿלעגט ער זיך נישט טרעפֿן און נישט פֿאַרנעמען, ווי מאָטל פּיקעלני. האָט זיך מיט זיי נישט געשעמט און נישט פֿאַרטיידיקט. פֿלעגט זיך מיט זיי נישט אָפּט באַגעגענען, נישט געקאָנט זייערע באַדערפֿענישן און זיך נישט אָפּגעגעבן מיט זייערע קלאָפּאָטן. נײַערט זיך פֿאַרלאָזט אויף דער רעוואָלוציע, אַז זי וועט זיי אויפֿריכטן צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע רוסישע פֿעלקערשאַפֿטן.

פֿון צײַט צו צײַט פֿלעגט ער זיי באַהילפֿיק זײַן, ווײַל כאָטש זיי האָבן זיך פֿון אים מיאש געווען, פֿלעגן זיי זיך בגנבֿה אַרײַנכאַפּן צון אים אין פּאַרטקאָם און צושטיין צון אים. יעדער איינער פֿון זיי באַזונדער און אַלע צוזאַמען האָבן באַדאַרפֿט אָנקומען צו זײַנער אַ טובֿה, וועלכע איז אין דעם כּלל פֿון די נסים־ונפֿלאות, וואָס דער אייבערשטער טוט פֿאַר זיי, און אַז איר, דער טובֿה, וואָלטן זיי נישט איבערגעהאַלטן.

— טוט אַ חסד. דערבאַרעמט זיך אויף אַז אָרעמע ייִדן. מיר הונגערן און זענען געבליבן בײַ חוסר־כּל, אַן לײַב־און־לעבן.

מאָטל פּיקעלני האָט זיי געיאָגט פֿון אים.

— אײַער דוד זאָל דאָ נישט זײַן! — האָט ער זיי אַרויסגעגעבן אַ שטרענגן באַפֿעל.

באַזונדערס האָט זיך צוגעטשעפּעט צון אים, צו העגעכן, פֿאָלעק קאַסאַי. ער איז געקומען און האָט זיך געשטעלט פֿאַר אים מיט אַן אַנטבלויזטן קאָפּ, משונה פּנים און נעבעכדיקן שמייכל אויף די ליפּן.

— איינער אַ מענטש, — האָט ער גענומען רעדן שטיל, ווי עפּעס אַ סוד־זאַך,

— פֿאַרלאַנגט איר זאָלט אים אַרײַנשרײַבן...

— ס'הייסט, מיר זאָלן אַרײַנשרײַבן? — האָט אים הענעך נישט פֿאַרשטאַנען.

— אין אײַערע ביכער.

— איינער אַ מענטש, אַ ייִד. — האָט זיך פֿאַלעק קאַסאַי אַרויסגעדרייט פֿון אַ קלאָרער תשובֿה.

— גוט, זאָל ער קומען.

— ער 'עט קומען, ער 'עט קומען, שרעקט אײַך נישט. איר מעגט זיכער זײַן. ער איז אַ לײַטישער מענטש. ער נייטיקט זיך, לא־עליכם, אין פּרנסה. איר פֿאַרשטייט?... נו, בקיצור, פֿאַרשרײַבט מיך און גיט מיר, זײַט אַזוי גוט, אַ צעטעלע צום פֿינאַטדיעל*, אָדער אַ וואָסערע עס איז שטעלע. איר וועט מיר ראַטעווען דאָס לעבן... צוויי־דרײַ שורהלעך בלויז... אײַער פּאַטשעריק** וועט זײַן געגוג פֿאַר מיר...

פֿון דעמאָלט אָן פֿלעגט ער קומען טאָג־טעגלעך און שטיין פֿאַרן טויער. מאַכן זיך, ווי ער דאַרף האָבן עפּעס צום ראַיקאָמסאָמאָל***, אָדער צום וואָיענקאָם****, וואָס ביידע זענען אין שכנות מיטן פֿאַרטקאָם, זיך אַרומקוקן, ווי אַ גנבֿ, און טאָן מיט אַ מאָל אַ כאַפּ אַרויף זיך אויף די שטיגן.

ביז איין מאָל האָט אים מאָטל פּיקעלני געפּאַקט שפּרינגען איבער די שטיגן, אָנגעכאַפּט און זיך צעשריגן אויף אים, אַז ער וועט אים אַרעסטירן. איז הענעך אַרויס צעשראָקן און האָט אים אַרויסגעראַטעוועט פֿון זײַנע הענט. גענומען איבערבעטן, זיך באַמיט אים צו באַרויִקן און געהוסט, געקײַכט און געבראַקעט מיט בלוט.

פֿון דער מעשׂה אָן האָט ער זיך אָפּגעשלאָסן, ווי מיט אַן אײַזערנער טיר, און נישט צוגעלאָזט קיינעם צו זיך פֿון אים עפּעס וואָס צו געניסן, קיין שום זאַך נישט, גאָרנישט מיט גאָרנישט.

* פֿינאַנץ-אָפּטיילונג.

** האַנטשריפֿט.

*** ראַיאָן-קאָמיטעט פֿון דער קאָמוניסטישער יוגנט.

**** מיליטערישער קאָמיסאַריאַט.

# *xvi*

די אָוונטן זענען געווען שיינע, די אָוונטן פֿון חודש אייר, וואָס טיילן זיך זיך אויס מיט בענקשאַפֿט און כּלערליי סענטימענטן. די לבֿנה האָט פֿאַרגאָסן די גאַס מיט אַ פֿאַרפֿירערישער שײַן. די גאַס האָט געבלויט, אויסגעצויגן זיך זייער לאַנג און איז פֿול געוואָרן מיט געהיימענישן און מיט יענער טונקלעניש, וואָס טרעפֿט אָפֿט אין די ווײַטע טאָלן, טײַך־געלעגערס און צווישן די קוסטעס בײַם ברעג טײַך. אין אַ ווינקל מערבֿ־זײַט האָבן זיך געהויבן גלאַנצן, ווי עפּעס בליצן, נאָר וועלכע ס'קומען נישט קיין דונערן. אויף אַ הרף־עין האָבן זיך בײַ די הימלראַנדן באַוויזן וואָלקנס, רויטע, ראָזע, באַגילדטע איבער וואָלקנס גרינע; פֿיאָלעטע איבער וואָלקנס פֿינצטערע. לײַכטינקע ווינטעלעך האָבן זיך געשפּונען, ווי פֿעדעם, איבערגעריסן און ווײַטער געצויגן. אַ שטאַרקער און ביטערער דופֿט פֿון בעז איז אויפֿגעגאַנגען פֿון די קוסטעס פֿאַר די הײַזער און האָט באַווירצט די נאַכט. שטיל האָבן אַרומגעפֿלאַטערט די פֿלעדערמײַז, און ס'האָט זיך געטראָגן דאָס קוואַקען פֿון די זשאַבעס. פֿון ווײַטן האָט דער טײַך געבריענט, ווי אַ שײַטער. אַ שטערן איז געהאַנגען איבערן שפּיץ פֿון אַן איינזאַמען ווײַטן טאָפּאָל און האָט געציטערט.

גרופּעסווײַז און פּאָרלעכווײַז האָבן געשפּאַצירט בחורים און מיידלעך. די בחורים, ווי דער שטייגער איז פֿון ייִדן, אַפֿילו זיי זענען קאָמוניסטן און אַפֿילו קאָמיסאַרן מיט געווער אויף זיך, האָבן טייל געפֿירט וויציקע שמועסן, און טייל באַהאַנדלט די טעאָריע פֿון רעוואָלוציע מיט אַ געהויבענעם סטיל און דרייסטער מליצה און אַרויסגעזאָגט שאַרפֿע מיינונגען און געדאַנקען, עקסטרעמע און געוואַגטע.

סײַ די, סײַ יענע זענען אַריבערגעגאַנגען פֿון וויצן און טעאָריעס צו פֿלירט און ליבע, און ס'האָט זיך אײַנגעשטעלט אַ באַרעדעוודיק שטיל־שווײַגעניש,

פֿול מיט פֿארבארגענער בענקשאַפֿט און אומרו. באַלד איז מען זיך פֿונאַנדער־געגאַנגען אין פֿאַרהוילענע ווינקעלעך און דאָרטן פֿאַרשוווּנדן.

נאָכן איינשלעפֿן דאָס קינד איז מאָטל פּיקעלני און כאַנקע אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן. זיי האָבן געשפּאַצירט געלאַסן, פֿויל און נאָכלאַזיק, נאָכשלעפּנדיק די שטעקלאַטשן, און זייערע שאָטנס שפּרייזן פֿאַר זיי, לאַנגע, אויסגעצויגענע, ווי אַ פּאָר ריזן.

אין מיטן זייער גיין איז צו זיי צוגעשטאַנען רייזל וואָסקרעסניצע, דעם אַלטן שוחטס טאָכטער. זי איז געווען אַ פֿאַרזעסענע מויד, אַ נידעריקע און לײַביקע, מיט אַ שטאַרק קלײַענדיק פּנים און קופּער געלע האָר. זי האָט אַ מאָל געלייענט טאָלסטאָיס „וואָסקרעסעניע", איז געקומען און דערציילט אירע חבֿרטעס די גאַנצע מעשׂה, וואָס איז זיך פֿאַרלאָפֿן מיט זיי, מיט נעכליודאָוון און קאַטיושע מאַסלאָווא, פֿון אָנהייב ביזן סוף. יענע האָבן זיך געוווּנדערט, געזיפֿצט, אויס־געשפּיגן און געוואָלט דערגיין דעם שׂכל פֿאַר וואָס סע הייסט וואָסקרעסעניע. האָט זי זיי געענטפֿערט גאָר פּשוט, ווײַל די דאָזיקע געשיכטע, וואָס האָט מיט זיי פּאַסירט, איז אויסגעפֿאַלן אום זונטיק. דערפֿאַר האָט מען איר געגעבן דאָס צונעמעניש „וואָסקרעסעניצע".

צוליב דעם וואָס איר פֿאָטער איז געווען פֿון די כּלי־קודש, האָט איר די מאַכט נישט באַזאָרגט מיט קיין אַרבעט אויף חיונה. שוין אָפּגערעדט, אַז די פּאַרטיי האָט זי נישט אָנגענומען פֿאַר קיין מיטגליד. זי איז זיך געגנגען אָנגעלאָפֿן און האָט אַ סך קאַמפֿן געפֿירט, מע זאָל זי רעכטפֿאַרטיקן פֿאַר דער פּאַרטיי. נישט אַדורכגעלאָזט קיין איין אַמט, נישט צו קלאַפּאַטשען דאָרט, און נישט קיין איין פּאַרטיי־חבֿר, אים דעם קאָפּ נישט צו דרייען, און נישט געפּועלט. אַפֿילו מאָטל פּיקעלני האָט זיך פֿון אירע הענט נישט געראַטעוועט. זי האָט זיך אויף אים שטאַרק אָנגעזעצט, פֿלעגט מיט אים אײַנטענהן, צושטיין צון אים מיט רייד און פֿאַרגיסן פֿאַר אים טרערן, און ווידער אַ מאָל און אָבער אַ מאָל.

— אַז מײַן טאַטע איז אַ שוחט, איז עס מײַן שולד? — האָט זי געטענהט.
— איז אפֿשר געווען ווײַל איך האָב אַזוי געוואָלט און פֿון מײַן טובֿה וועגן? דאָס איז איין מאָל אַוועק. צווייטנס, וואָס זאָל טאָן אַ מענטש, וואָס האָט נישט געהאַט די זכיה אַרויסצוקומען פֿון אַ נידעריקער משפּחה און קאָן זיך נישט איבערנעמען מיט קרובֿים בעלי־מלאכות און פּראָסטע לײַט, אָט ווי לעניִן און טראָצקי, למשל? און דריטנס, וואָס וואָלט איר וועלן זאָל טאָן אַז אַלטער ייִד פֿון די פֿאַרצײַטישע דורות? ער זאָל זײַן אַ בודיאָני, אָדער אַ ראָזע לוקסעמבורג? און חוץ דעם, וואָס פֿאַר אַ פּסול האָט איר אויסגעפֿונען אין שוחטות? און בכלל ווו האָט איר דאָס געלערנט, אַז שוחטישע קינדער טאָרן נישט אַרײַן אין דער פּאַרטיי? ס'איז אַ בפֿירושער פּסוק אין מאַרקסן? אדרבה, ווײַזט עס מיר אָקאָרשט, פּאָזשאַלוסטאַ*. כ'בין דווקא אַ בעלנית עס אָנצוקוקן.

* ביטע.

ערשט, אַז זי האָט דערזען מאָטל פּיקעלני מיט כאַנקען שפּאַצירן, האָט זי זיך אַ לאָז געטאָן צו זיי. מאָטל האָט נישט באַוויזן אַ זאָג צו טאָן „מיר זענען פֿאַרפֿאַלן", ווי זי האָט שוין געעפֿנט דאָס מויל און גענומען מאָלן און שיטן, און רעדן פֿאַר פֿײַער און פֿאַר וואַסער.

— גוטן אָוונט. — האָט זי זיי באַגריסט און געלאָזט זיך בײַנאַנד מיט זיי.

— איר זענט אַרויסגעקומען כאַפּן מײַיוווקע*? זייער פֿײַן. וואָס הערט זיך בײַ אײַך? וואָס מאַכט חוהלע? אַ טײַער קינד, מיר זאָל זײַן פֿאַר איר. זי פּויזעט שוין אַרום? פּלאַפּלט שוין? מיר זאָל זײַן פֿאַר אַלע אירע ביינדעלעך, ריבונו־של־עולם!

אַזוי האָט זי זיי באַשאָטן מיט הויפֿנס פֿראַגעס אין איין אָטעם. נאָר באַלד האָט זי זיך געטאָן אַ לאָז און אַ נעם צום עיקר.

— נו, טאָוואַרישטש, וואָס הערט זיך?

— וואָס ס'הערט זיך? — האָט זיך מאָטל פּיקעלני געוויצלט. — מע שאַטקע־וועט דעם שונא און מע דעררעשטעוועט די קאָנטעררעוואָלוציע.

— הלוואַי פֿון אײַער מויל אין גאָטס אויערן. — איך דאַרף זיך נישט שטעלן פֿאַר אײַך אין פּאָסאָן, אָבער איך בין אויך אַן אמתע געקאָנטשעטע קאָמוניסטקע. כאָטש איך בין נישט פֿאַרשריבן אין אײַערע ביכער, בין איך פֿונדעסטוועגן אַ קאָמוניסטקע מיט לײַב־און־לעבן. מיר זאָלן אַזוי לעבן און געזונט זײַן, איך און איר. מער קאָמוניסטקע פֿון אַ סך אַנדערע, וואָס זענען פֿאַרשריבן און אָפּגעשטעמפּלט. טשעסטנאַיע סלאָוואָ**! און אינטעליגענטער אַוודאי, נישטאָ וואָס צו רעדן. אָבער וואָס קומט אַרויס דערפֿון? צרות. לײַדסט און שווײַג. אַן אויסרייד האָט מען זיך וועגן מיר געפֿונען: אַ שוחט! אַ משל — פּעט־רישקע. יאָ, טאַקע אַ שוחט, אָבער נישט קיין בורזשוק! מיר זענען, ברוך־השם, אַלע יאָרן געווען קבצנים שבקבצנים, קבצנים אין זיבן פּאָלעס, אַזוי זאָלן עס זײַן אונדזערע שונאים. בין איך שולדיק, וואָס דער טאַטע איז אַ שוחט? אפֿשר וועט איר מיך נאָך שטעלן צום משפּט, פֿאַר וואָס מײַנע אָבות זענען געשטאַנען לעבן באַרג סיני? נו, און טאַקע אין דער אמתן, וואָס האָט איר זיך אָנגעזעצט אויף מיר? ביז וויפֿל איז דער שיעור? מיר צאַפּט זיך דאָס בלוט פֿון האַרצן, טריפֿט אָפּ טראָפּן נאָך טראָפּן, און איר שטייט זיך און שעפּט נחת פֿון מיר! טאָוואַרישטש כאַנקע, פֿאַרוואָרפֿט אַ גוט וואָרט פֿאַר מיר, ער זאָל מיך צונעמען אויף אַ וועלכן עס איז פּאָסטן: צי פֿאַר אַ בוכהאַלטער אין אַ קאָאָפּעראַטיוו, צי פֿאַר אַ באַרעמהאַרציקע שוועסטער, אָדער פֿאַר עפּעס וואָס אין סאָבעס. נאָר אַ סך בעסער וואָלט זײַן פֿאַר אַ באַרעמהאַרציקע שוועסטער, ווײַל איך טראַכט צו שטודירן דאָקטעריי אין אוניווערסיטעט. ס'מאַכט נישט אויס, כ'בין נאָך אַזאַ בריה, ווי בראָכקע דעם בעדערס. ברוך־השם, קליגער און אינטעליגענטער פֿון איר און, לכל־הפּחות, אַזאַ כּשרע, ווי זי, און ס'קאָן נאָך אַרויסקומען פֿון מיר עפּעס רעכטס.

* די לופֿט אין חודש מײַ.
** ערנוואָרט.

מאַטל פּיקעלני האָט געפּראָוועט חוזק איבער איר און מסכּים געווען צו איר רייד, וואָס זי האָט געזאָגט, אַז זי איז אַ כּשרע און ס'קאָן אַרויסקומען פֿון איר עפּעס רעכטס.

— זיכער! — איז זי באַשטאַנען אויף איר. — אָבער חכמות אויף אַ זײַט. איר דאַרפֿט מיך צונעמען. פּאַזשאַלוסטאַ. טאָוואַרישטש מאַטל, איך בעט אײַך. איר זענט דאָך נישט, ווי מע זאָגט, גלײַך צו אַנדערע. איר, אַז איר וועט נאָר אַ פּיפּס טאָן — האָב איך אויסגעשפּילט אין איין „שמע־ישׂראל".

— אין איין „שמע־ישׂראל", אין איין „שמע־ישׂראל", — האָט מאַטל פּיקעלני איבערגעחזרט אירע ווערטער, — גייט זיך אַהיים.

— און וואָס איז מיט מײַן אינטערעס?

—מ'עט זען.

— זאָל איך מאָרגן קומען אין איספּאָלקאָם?

— ניין.

— נאָר ווי דען?

— וואַרט, ביז איר וועט באַקומען אַ פּריגלאַשעניע*.

— הייסט עס, האָט איר געזאָגט: מ'עט זען! נו, גוט. איך גליב אײַך, איך האָב בטבֿע צוטרוי צו מענטשן. טאָוואַרישטש כּאַנקע, איר זענט אַן עדות, אַז ער האָט מיר צוגעזאָגט.

זי האָט זיך מיט זיי צעזעגנט און איז אַוועקגעגאַנגען.

— האָט זיך צוגעטשעפּעט צו מיר, ווי סמאָלע! — האָט מאַטל פּיקעלני אַ זאָג געטאָן מיט אַן אויפֿגעהעצטער שטים.

כּאַנקע האָט געשוויגן און גאָרנישט נישט געזאָגט.

ער האָט געשפּירט, אַז זי טראַכט ערשט וועגן הענעכן.

האָט ער צו איר אַ זאָג געטאָן:

— וואָס איז דיר?

— גאָרנישט. — האָט זי אים געענטפֿערט, ווי פֿאַרוווּנדערט.

דערווײַל זענען זיי צוגעקומען צום קלוב פֿונעם קאָמסאָמאָל. געבליבן שטיין פֿאַרן אָפֿענעם פֿענצטער און האָבן אָנגעשטעלט די אויגן אויף די יונגלעך און מיידלעך, וואָס זענען געזעסן קעגן הענעכן, דיסקוטירנדיק צווישן זיך. געהערט ווי ניומע, יאָסל שוסטערס זון, טענהט:

— מיר קאָנען זיך נישט רעכענען מיט עפּעס אַ מאָראַלישער עטיק דאָרט, ס'הייסט, עפּעס אַ הומאַניסטיטשעסקע, ווײַל דאָס קאָן אָפּשוואַכן אונדזער רעוואָלוציע. מע רעכנט זיך נישט, הייסט עס, מיט די לײַדן פֿונעם אינדיווידיעם הײַנטיקע צײַטן. דער אינדיווידיעם האָט קיין שום ווערט נישט. און ס'האָט שוין געזאָגט דאַנטאָן אין זײַן צײַט, ווען ער האָט פֿאַרטיידיקט פֿאַרן קאָנווענט דעם טעראָר: „נעמט זיך, חבֿרים, אַראָפּ אַ בײַשפּיל פֿון דער נאַטור, ס'הייסט,

* אײַנלאַדונג.

וואָס די נאַטור זאָרגט נישט פֿאַרן אינדיווידיעם, נאָר פֿאַרן דערהאַלטן דאָס געשלעכט!..."

— פּראַווילנאַ!* — האָט מאָטל פּיקעלני אַרײַנגעשטעקט דעם קאָפּ אין אָפֿענעם פֿענצטער. — דיסקוטירט, דיסקוטירט, טאָוואַרישטשעס, די זאַכן. צעשרויפֿט אַלץ אויף שטיק־שטיקלעך. אָבער נאָר פֿון דער טאָטשקע־זרעניע** פֿון דער רעוואָלוציע, און אַל דאָס איבעריקע שמיצט אַרויס אויפֿן מיסט — יערונדאַ***! און דער עיקר, טאָוואַרישטשעס, איר זאָלט וויסן צוליב וואָס איר לעבט אויף דער וועלט. אַז איר לעבט פֿאַרן סאָציאַליסטישן היימלאַנד, פֿאַר דער רעפּובליק פֿון די פֿרײַע נאַציעס. איר ווייסט ג אָ ר נ י ש ט, טאָוואַריש־טשעס, וואָס פֿאַר אַ וווּנדערלעך לעבן ס'ווערט פֿאַר אײַך צוגעגרייט אין אײַער סאָציאַליסטישן היימלאַנד. וואָס פֿאַר אַ לעבן! וואָס פֿאַר אַ לעבן! אַד־אַד! ...אַרבעט, אויפֿבוי, בילדונג, אַלץ, אַלע בילדונגען אויף דער וועלט, אוניווער־סיטעטן, טעאַטערן, פּאַלאַצן — אַלץ פֿון אײַערט וועגן, טאָוואַרישטשעס! און אָט אין גיכן וועלן מיר דערלעבן די וועלט־רעוואָלוציע, די הערשאַפֿט פֿון איין אינטערנאַציאָנאַל פֿון די פּראָלעטאַריער פֿון דער גאַנצער וועלט. לאָנדאָן, פּאַריזש, ניו־יאָרק אויך, און אַלע זאַגראַניצעס**** וועלן זיך אַלע צוזאַמען פֿאַר־אייניקן, און איבער אַלע וועט שטיין דאָס רויטע רוסלאַנד. איר וועט זײַן גליקלעך, טאָוואַרישטשעס, צווייפֿלט גאָרנישט. אַזוי גליקלעך, ווי ס'איז נישט געוועזן קיין שום פּאָקאָלעניע***** פֿאַר אײַך, זינט די וועלט שטייט.

אַזאַ דרשה האָט ער פֿאַר זיי אָוועקגעלייגט און זי אויסגעלאָזט אַזוי:

— זעצט פֿאַר, טאָוואַרישטשעס, מיר'ן אײַ נישט שטערן. קום, כאַנקע.

* ריכטיק.
** שטאַנדפּונקט.
*** שטות.
**** אויסלאַנדס.
***** דור.

# XVII

מער פֿון אַלץ איז אַלט־בודע האָט הענעך געבענקט נאָכן טײַך און שוין עטלעכע מאָל געוואָלט גיין אַהין, נאָר ס'האָט זיך אַלץ נישט געמאַכט. ביז לסוף האָט זיך אָפּגעפֿונען אַ פֿרײַע צײַט, איז ער אַהין געגאַנגען.

יענער טאָג איז געווען אָנהייב תּמוז. די זון איז געווען אַן אומדערטרעגלעכע. דער הימל — אַ טריבער, געשטרײַפֿט מיט לײַכטע וואָלקנדלעך, ווי שניי. דער וועלטרוים — דורכגענומען מיט דרימל, און די לופֿט אַ שווערע, ווי ער וואָלט שטיל געאָטעמט און פּולסירט. דער טײַך האָט זיך געשפּרייט, ווי אַ געפּאָלירטער שפּיגל. פֿײַער־פֿינקעלעך האָבן געשפּריצט פֿון אים און אַרומגעפֿלאַטערט אַהין און צוריק קעגן דער זון. פֿון מאָל צו מאָל איז אַרויפֿגעשווומען אַ פֿיש און גלײַך אַראָפּ אונטן אין מיטן צוויי־דרײַ קרײַזן, וואָס זענען זיך צעגאַנגען איינער דרויסן פֿונעם אַנדערן. פֿון מאָל צו מאָל האָט אַ ווײַ געטאָן אַ טרוקן ווינטל, אַ גלײַיִקס, ווי פֿײַער, און געמאַכט דינע בראָזדעס אויפֿן טײַך.

הענעך איז געלעגן אויף אַ זײַט אינעם ווייכן גראָז און האָט זיך דערמאָנט זאַכן, וואָס האָבן פּאַסירט מיט אים אין זײַן קינדהייט. אָט אַ דאָרטן, געדענקט ער, איז געווען דאָס אָרט פֿון די שיפֿלעך, און אָט אַ דאָ זענען געשטאַנען דרײַ סלופּעס, אָפּגערוקט איינער פֿונעם אַנדערן, און אויף זיי אויבן געשריבענע שילדלעך: מאַנסביל; פֿרויען; פֿערד. יעדער מין פֿלעגט זיך גיין אויף זײַן באַשטימט אָרט און זיך אָפּבאָדן. ער האָט זיך דערמאָנט אין זײַן מוטער, ווי זי האָט אים איין מאָל פֿאַר נאַכט אַרומגעזוכט און געטראָפֿן אין טײַך זיך אַרומפּליושקען מיט אַ קאָמפּאַניעלע קליינוואַרג. זי האָט אים געטריבן אַ נאַקעטן מיט דער רוט אין האַנט דעם גאַנצן וועג, פֿון טײַך ביז צו דער שטוב. ער האָט זיך דערמאָנט די פֿאַרזאַמלונגען, וואָס ער פֿלעגט מאַכן אין די שיפֿלעך אויפֿן

טייך, די שפאצירן, וואס ער פלעגט מאכן מיט כאנקען אויף א שיפל קעגן דער לבנה־שיין. און דעסט גלייכן פארשיידענע זאכן.

די זון האט געפאכעט איבער אים, אפגענומען די כוחות, מטושטש געמאכט זיינע זינען און זיך באמיט ארויסצופירן אים פון דער ווירקלעכקייט. פארשיידענערליי מחשבות, וואס צוליב זיין פארנומענקייט מיט די נויטן פון דער רעוואלוציע האט ער קיין צייט נישט געהאט מיט זיי זיך אפצוגעבן, האבן זיך איצטער געשטופט ארויף צו זיינע זינען. פון מחשבה צו מחשבה איז אים קלאר געווארן זיין גאנצער סדר־הכל, און אלצדינג האט זיך אים ארויסגעוויזן קאפויער. זיין קרענק איז נישט שוואכער געווארן, נייערט, פארקערט, שטארקער, און זיין כוח מינער פון טאג צו טאג. און באזונדערס איז אויסגערונען זיין גוטער חלום, וואס האט זיך אים געחלומט, כאטש ער האט אים נישט באנומען, און ער זעט איין באשיימפערלעך: כאנקע איז פאר אים א פארלוירענע אויף אייביק.

יא, זי איז פאר אים א פארלוירענע, פארפאלן, און ס'איז שוין צו שפעט אויך. אומזיסט און אומנישט געקומען אהער. און אז שוין יא געקומען, דארף ער זיך נישט פארזאמען, נייערט זיך אומקערן צום מיליטער אויף דער מלחמה. ער וועט זיך מיען אויף וויפל די כוחות וועלן אים סטייען. נישטא קיין ברירה. וועט זיך אננעמען מיט כוח און ארייַנכאפן אלץ וואס איז נאר מעגלעך.

ס'זענען אנגעקומען דריי מיידלעך, שטיין געבליבן, האבן געכאפט א קוק אויף אים און גענומען שושקען זיך צווישן זיך. באלד האבן זיי זיך דערווייטערט פון אים, זיך אויסגעטאן הינטער דער ווערבע און זענען אריין אין וואסער. אין עטלעכע וויַיל ארום האבן זיי זיך אנגענומען פאר די הענט און א פאר מאל אונטערגעטוקט.

— טאווארישטש, טאווארישטש! — האבן זיי אונטערגעשפרונגען, שרייענדיק מיט געלעכטער צו הענעכן, און ס'האבן אונטערגעטענצלט זייערע בריסטן און צוגעפארבט די לופט אויף ראז. גלייך ווידער געטאן זיך אווארף אין וואסער אריין, געקלאפט מיט די פיס, געמאכט א שוים און אנגענומען פולע הענט בלוי, סובטעלקייט פון בלוי.

הענעך האט אויפגעהויבן דעם קאפ, אנגעשטעלט אויף זיי די אויגן און געזען דריי קעפ שווימען אויפן בלוי פון טייך. האט זיך אויפגעזעצט, געטאן א וויש אפ מיט דער מאגערער האנט דעם שוויים פון שטערן און זיך געפילט, ווי ער וואלט זיך געפונען אין סאמע מיטן פון דער מיט זומער, גאר־גאר ווייט אין זיין טיפעניש.

— טאווארישטש! טאווארישטש קאהאן!... — האבן די מיידלעך געשריגן און געלאכט, גענומען זיך אפשפריצן מיטן וואסער און נאכיאגן איינע די אנדערע.

הענעך האט אפגעזיפצט, אריבערגעפירט די אויגן אויפן הימל. דער הימל איז געווען בלייך, מטושטש, גלייך ער גייט אוים פון צו פיל שיין און גלאנץ. לייכטע וואלקנדלעך זענען געשוועמען פאמעלעך, שטיין געבליבן און ווייטער געשוועמען.

# XVIII

**פֿון זינט העניעך האָט** באַזוכט כאַנקען איז זי אומרויִק געוואָרן און האָט זיך קיין אָרט נישט געפֿונען. דאָס געוויסן האָט זי געפּײַניקט און שלעכטע מחשבֿות האָבן זי געקוועלט. די גאַנצע צײַט האָט זי זיך אַליין באַשולדיקט. „איך האָב אים פֿאַרראַטן" — האָט זי זיך פֿאָרגעוואָרפֿן. ער, פֿאַרקערט, איז געבליבן בײַ זײַן טרײַשאַפֿט. האָט נישט חתונה געהאַט מיט קיין יאַקוטקע, ווי ס'האָבן עס געטאָן אַ סך פֿאַרשיקטע, זי זאָל אים העלפֿן טראָגן זײַן לאַסט אין אַט דעם שווערן עלנט, נײַערט זי האָט אים פֿאַרראַטן.

שטיקלעך געכאַפּטע זכרונות האָבן זיך איר ארויפֿגעשטופּט אויפֿן זינען, ווי די בילדער פֿון גרינע לאָנקעס, פֿעלדער אוןביימער, וואָס גייען פֿאַרביי, ווען מע פֿאָרט אויף אַ טײַך. זי האָט זיך דערמאָנט, אַז די דרוקערײַ פֿון דער פּאַרטיי וועלכע מ'האָט גערופֿן „דער גרויסער קאָנספּיראַטאָר", איז געווען אין זייער וווינונג, אירס און העניעכס, וואָס זענען אָנגעגאַנגען פֿאַר אַ פֿאָרפֿאָלק, און העניעך און דער חבֿר סיאָמע, אַפֿאַנאַסיעוו און די קליינע ציווע, זענען געווען באַשעפֿטיקט אין איר בײַם דרוקן רעוואָלוציאָנערע שריפֿטן און אַלערליי פּראָפּאַגאַנדע־זאַכן. אָט די אָ ציווע, אַן איבערגעגעבענע און עקזאַלטירטע רעוואָלוציאָנערין, אַ נידעריטשקע, מאָגערע און שוואַרצלעכע, מיט גרויסע אויגן און אַ קאָפּ פֿול קרויזן, האָט זיך אָפּגעזאָגט צו געניסן פֿונעם לעבן, נישט געגעסן און נישט געשלאָפֿן און נישט אָנגעקוקט די זונשײַן, נײַערט פֿלײַסיק, ווי אַ מוילוואָרף, געאַרבעט טאָג און נאַכט. „נישטאָ קיין צײַט, נישטאָ קיין צײַט", — פֿלעגט זי זאָגן אין אײַלנדיקער בהלה, — „טאָמער וועט מען מיך פֿאַרשפּאַרן אין תּפֿיסה". „און מע וועט דיך אויפֿהענגען". — פֿלעגט אַפֿאַנאַסיעוו איראָניזירן. „און אפֿשר וועט מען מיך אויפֿהענגען אויך". — פֿלעגט זי אָפּענטפֿערן ערנסט. „ניין, ניין,

דו האָסט נישט קיין האָפֿענונג, מע זאָל דיך אויפֿהענגען״, — האָט זיך אַפּאַנאַסיעוו געריצט מיט איר, — „דו ביסט נישט פּעראָווסקאַיאַ. האַף נישט״. זי האָט זיך דערמאָנט אין וואַריאַ נאַזאַריעוואַ, אַ מײדל, אַ לאַכערקע, מיט אַ פּנים בלוט און מילך, מיט העלע האָר און גרויע שטראַלנדיקע אויגן, מיט אַ פּאַררײסענער אַ ביסל איבערשטער ליפּ. זי איז געווען העכסטנס שכנה אין תּפֿיסה, געזעסן אין אַ צעלע לעבן זײַנער. טאָג־טעגלעך פֿלעגט זי קלאַפּן אין זײַן וואַנט און ריידן מיט אים, ביז לסוף האָט זי זיך פּעסט אין אים פֿאַרליבט, און די תּפֿיסה איז איר געוואָרן ווי אַ חתונה־זאַל. און ווען מע האָט זי אַרויסגעלאָזט פֿון תּפֿיסה אויף דער פֿרײַ, האָט זי אַ שמייכל געטאָן איר הוט אין דר׳ערד אַרײַן, און פֿון די אויגן האָבן זיך איר געגאָסן טרערן. כאַנקע האָט זיך דערמאָנט אין אַנדריי וואַסיליעוויטש קאָרנייעוו, העכסטנס גוטער חבֿר, וועלכער האָט זי באַגלייט צו דער דײַטשישער גרענעץ אַפּצונעמען אומלעגאַלע אויסגאַבעס, אָנגעקומענע פֿון אויסלאַנד. זיי האָבן זיך אויפֿגעהאַלטן דרײַ טעג אויף איין אכסניה און אין איין צימער, און ער האָט זי נישט פֿאַרטשעפּעט, נישט אָנגערירט אַפֿילו. ער איז דאָס זעלבע יאָר אָוועקגעפֿאָרן אויף די קאַניקולן אין זײַן געבוירנשטאָט, קיין פּערם, צוריק שוין נישט געקומען, אַרײַנגעטראָטן אין אַ מאָנאַסטיר, און ס׳זענען נישט אַריבער קיין דרײַ־פֿיר חדשים, ווי ער האָט זיך אויפֿגעהאָנגען.

און דעסט גלײַכן אַ סך זאַכן האָט זי זיך דערמאָנט, און אַלץ האָט איר אויסגעזען אַזוי שיין, אַזוי פֿײַן. יענע צײַטן — גרויסע צײַטן. איר האַרץ האָט געקוואָלן מיט בענקשאַפֿט, און ס׳איז איר געווען אומעטיק אויפֿן געמיט.

ערשט, וואָס זאָל זי טאָן? מיט וואָס קאָן זי פֿאַרריכטן, עס זאָל איר פֿאַרגעבן ווערן? זי איז געווען אין צווייפֿל: זאָל זי פֿאַרלאָזן מאָטל פּיקעלני און גיין צו העכסטנס, צי גאָרנישט נישט אָנהייבן צו טאָן? און האָט געהאַלטן אין איין ראַנגלען זיך מיט זיך אַליין.

# *xix*

העניך האָט זיך געלייגט קראַנק אין בעט אַריַין. אין דער פֿרי, בעת ער האָט געגעסן פֿרישטיק, האָט אים אַ זעץ געטאָן בלוט פֿון האַלדז און פֿאַרגאָסן דעם טיש. ער איז געבליבן זיצן, גלײַך די שטול וואָלט אים צוגעשמידט, דער־שראָקן און צעמישט, די הענט הענגען אים אַראָפּ, און די אויגן בלאָנדזשען אַרום.

— געוואַ - - אַלד! — איז רב נתן נטע אויפֿגעשפּרונגען פֿון אָרט מיט אַ הויך און ביטער געשריי. — ראַ - טע - וועט!

העניך איז צוריק געגאַנגען צו זײַן געלעגער, האָט זיך אַנידערגעלייגט נאַזנדיק, און זײַן ברוסט האָט זיך געהויבן אַרויף און אַראָפּ מיט אַ כאָרכלעניש, כריפּעניש און פּײַפּעניש.

— וואָס דאַרף מען טאָן?... — האָט זיך רב נתן נטע אײַנגעבויגן איבער אים, זײַנע הענט האָבן געציטערט, און די באָרד זיך געטרייסלט און אונטער־געשפּרונגען. — וואָס דאַרף מען דיר טאָן?

העניך האָט קיין וואָרט פֿון מויל נישט אַפּירגעבראַכט, נישט באַוועגט מיט קיין אבֿר און נישט געצוקט מיט קיין ברעם. נײַערט בלויז אים צוגעווונקען מיט אַ מאַד פֿונעם אויג, אַז ס׳איז גאָרנישט, און נישטאָ זיך וואָס צו שרעקן.

— אָבער וואָס?... וואָס?... — איז רב נתן נטע פֿון אים נישט אָפּגע־טראָטן. — זאָל איך דיר ברענגען אַ ביסל וואַסער?...

ער האָט אים קוים דורכגעזיַיט שעפּטשענדיק צווישן די ציין:

— וואַסער מיט זאַלץ.

— וואַסער מיט זאַלץ! — האָט ער אַ זאָג געטאָן ווי פֿאַרוווּנדערט, גענומען אַרומלויפֿן איבער דער שטוב, נישטערן אין דעם געפּעס און אין די טישקעסטלעך, און קיין סימן זאַלץ נישט געפֿונען.

ער איז אַרײַנגעלאָפֿן צו די שכנים און געכאַפּט אַ שטויבל דאָ און אַ ביסיטשקע דאָרט. ביז ער איז לסוף געקומען צו לויפֿן צוריק אַהיים, האָט אויסגעמישט די זאַלץ אין וואַסער, איז צוגעגאַנגען און אים אַרײַנגעגאָסן טראָפּנווײַז אין מויל אַרײַן.

ביסלעכווײַז האָט זיך הענעך באַרויִקט פֿון זײַן אויפֿברויז, און ס'האָט אויפֿגעהערט דאָס הויכע זידעניש. ער איז געלעגן, ווי פֿריִער, נאָזנדיק, צוגעדעקט ביזן האַלדז מיטן לײַלעך, אַ געלער פֿון אַלטקייט, דאָס פּנים אויסגעמאַטערט און פֿאַרוועלקט, די אויגן פֿאַרמאַכט, און די שלייפֿן באַדעקט מיט שווייס. ער האָט זיך געהיט קיין הוסט נישט צו טאָן און זיך אָפּגעהאַלטן פֿון רעדן. נאָר אַז רב נתן נטע איז פֿון אים נישט אָפּגעטראָטן און האָט אים באַלעסטיקט, האָט ער צון אים אַ שעפּטש געטאָן:

— ס'איז גאָרנישט. שרעק זיך נישט.

ס'זענען נישט אַריבער קיין דרײַ שעה, ווי ס'האָט ווידער אַ מאָל אַ זעץ געטאָן בלוט פֿון זײַן האַלדז. איז רב נתן נטע גלײַך געלאָפֿן און אײַליק גערופֿן צון אים דעם דאָקטער קאָטיק. יענער איז געקומען, האָט זיך געזעצט לעבן אים און גאָרנישט נישט געזאָגט, בלויז ער זאָל אײַננעמען וואַסער מיט זאַלץ און לייגן אַ פּעכבער אײַז אויף די פּלייצעס.

ער איז געווען, דער דאָקטער קאָטיק, אַ שווײַגער פֿון דער נאַטור. אָט דער דאַזיקער דאָקטער, וואָס איז הויך און מאָגער, זײַנע האָר אויפֿן קאָפּ זענען געל, די וואָנצעס געל און אונטערגעשוירן בײַ די עקן, און דאָס פּנים מיט די הענט פֿול מיט זומער־שפּרענקעלעך.

— וואָס?... פֿאַניע דאָקטער?... — האָט אים רב נתן נטע געכאַפּט אין אַ זײַט און איז געשטאַנען פֿאַר אים מיט געבעט.

— המ... — האָט ער אים געענטפֿערט מיט אַן אָפּגעהאַקטן ברום.

איז ער אַלץ פֿון אים נישט אָפּגעטראָטן, נײַערט נאָכגעגאַנגען און צוגעשטאַנען:

— פֿאַניע דאָקטער... פֿאַניע דאָקטער...

בלית־ברירה איז ער אַרײַנגעגאַנגען אין צווייטן צימער און האָט געזאָגט תהילים און שטיל געוויינט פֿאַר זיך אַליין.

— אוי, „עורה, למה תישן, אד־ וני! הקיצה, אל תזנח לנצח"... — דערוועק זיך, פֿאַר וואָס שלאָפֿסטו, גאָט? וואַך אויף, זאָלסט אונדז נישט פֿאַרלאָזן אויף אייביק...

אומבאַזיניקט פֿאַלן אַראָפּ די פּסוקים פֿון זײַן מויל, און ער ווערט פֿויל און זיצט און טראַכט וועגן זיך אַליין, זײַנע מעשׂים און זײַן פֿאַרשעמט לעבן. וואָס איז מיט אים געווען, און וואָס איז פֿון אים געוואָרן? ווו איז עס דער שׂכר פֿאַר דער מידיקייט פֿון דרײַ און זעכציק יאָר, וואָס ער האָלט אין איין מאַטערן זיך אויף דער וועלט? דאָס ווײַב האָט אים פֿאַראַלמנט און פֿאַריתומט אירע עופֿעלעך, און זיי זענען זיך פֿונאַנדערגעפֿלויגן פֿון דער היים, נישט האָבנדיק גאָרנישט וואָס בײַ אים צו עסן. אָרעמע, פֿאַרלאָזענע קינדער, פֿאַרוואָרפֿענע צווישן פֿרעמדע און גויים... וואָס איז מיט אסתּרן? און וואָס איז געשען מיט

הענעכן? אוי־אוי־אוי, אזא הענעד, אזא זוויבערע און לויטערע נשמה... האט קיין רחמנות נישט געהאט אויף זײַן אייגן לעבן, נישט פארלאנגט פאר זיך גאר־נישט און נישט געהאט קיין איין ליכטיקע מינוט אויף זײַן וועלט. נײַערט געשטעלט דאס לעבן אין קאן, אז אמת און יושר זאלן געוועלטיקן אויף דער וועלט, און איז געשטראפט געווארן מיט תפיסות און קאטארגעס. איז ער הײַנט געקומען צו אזא מעמד. בײַ זײַנע אכט און צוואנציק לעבנסיאר... אוי־אוי־אוי „למנצח אל שושנים לבני קורח"...

כאנקע איז געקומען און זיך געפארעט ארום הענעכן. רב נתן נטע האט זיך געמאכט נישט זעענדיק און געשוויגן, בלויז שטילערהייט אפגעזיפצט און נאך הייסער זיך גענומען זאגן תהלים מיט גרויס כוונה און א צעבראכן הארץ.

לאנגע שעהען פלעגט כאנקע טאג־טעגלעך זיך פארען ארום הענעכן און שמועסן מיט אים שטילערהייט.

— איך שרעק זיך צו זײַן באנאל. — האט הענעך איין מאל גענומען איר האנט מיט זײַנע קנאכיקע, בלאסע דלאניעס, ארײַנרעדנדיק אין שטוב ארײַן.

— ששש... — האט כאנקע ארויפגעלייגט א פינגער אויף די ליפן. — שטרענג זיך נישט אן צו פיל.

— פונדעסטוועגן... ווען איך וואלט נישט קראנק זײַן, וואלט איך דיר איצטער געזאגט: „חנה! אויב דו ווילסט, קום מיט מיר און לאמיר אוועק־פארן פון דאנען"... וואס וואלסטו מיר דעמאלט געענטפערט?

כאנקע האט אים גארנישט נישט געענטפערט, נאר ארונטערגעלאזט דעם קאפ און ארויפגעלייגט די האנט אויף זײַן דלאניע.

— יא... — האט ער שטיל א זיפץ געטאן און געלייגט זיך באקוועמער. — לאמיר זאגן: וואלסט געפארן מיט מיר... הייסט עס, אז קיינער שטייט נישט צווישן אונדז. קיינער האט עס מיר נישט געטאן, נאר איך אליין... פארשטייסט? קיינער איז דערין נישט שולדיק. נו, ס'איז שוין מער קיין צײַט נישטא צו זײַן באנאל... ערשט גיי, גיי אהיים צום קינד.




**אויך מאָטל פּיקעלני** פֿלעגט פֿון צײַט צו צײַט קומען צו הענעכן, זיצן קעגן אים, אַ יונג, אַ געזונטער, אָנגעגאָסן פֿול מיט גבֿורה, און אים דערציילן וועגן עפּעס, וואָס ס'האָט זיך אים געמאַכט, און וועגן עפּעס אַן אויפֿטו, וואָס ס'איז אים אײַנגעפֿאַלן צו מאַכן. לויט זײַן געוווינהייט פֿלעגט ער באַרעדן דעם ייִדישן עולם, אַז זיי זענען נישט ווי ס'דאַרף צו זײַן, אַז זיי זענען פּוסטעפּאַסניקעס, אַז זיי גיבן זיך אָפּ צו פֿיל מיטן ריבונו־של־עולם — אַ שעדלעכער עלעמענט.

— מיר'ן זיי די פֿליגל אונטערהאַקן! — האָט ער גערדרשנט באַרימעריש, ווי ער וואָלט פֿאַר אים פֿאַרגעלייענט, פֿאַר הענעכן. — מיר'ן זיי לערנען, ווי צו האַלטן אַ האַק, אַ גראַבאײַזן און אַ ביקס אין האַנט! מיר'ן אויסקאַרענייען זייער גאַנצן לעבנס־שטייגער, אַלע זייערע פּוסטע חלומות און האָפֿענונגען, די אַלטגעבאַקענע פֿון נעכטן־אייערנעכטן און די אַלטפֿרענקישע פֿון פֿאַר צוויי טויזנט יאָר. און די אַלע איבעריקע שאַלעמויזן! מיר'ן זיי אַרויסשלעפּן פֿון די רעכניעס און זייערע לעלעכצן, פֿון די הימלדיקע פּוסטע און נאַרישע זאַכן, זיי זאָלן באַקומען אַ געשטעל, אַ ברוסטקאַסטן, מיט אַקסלען אַ סאַזשען די לענג. זיי זאָלן ווערן לײַט! מיר'ן ענדערן, שרעק זיך נישט, דעם גאַנצן טיפּ, זייער גאַנצע ביאָגראַפֿיע!...

הענעכן האָט געמיגלט פֿון דעם דאָזיקן גאַנצן פּוסטן גרעגערײַ, פֿון די אַלע אַן אַ שיעור ביטערע עצות, וואָס ער טראַכט צו פֿאַרן ייִדישן פֿאָלק.

— צוליב וואָס אָט די גאַנצע מי? — האָט ער גענומען אים ענטפֿערן.

— סטאָפּ! — האָט אים מאָטל פּיקעלני מיט דער האַנט פֿאַרמאַכט דאָס מויל.

— כאַנקע האָט דיר פֿאַרבאָטן צו רעדן. מע טאָר נישט, טאָוואַרישטש!

אין דעם מאָמענט, ווען מאַטל פּיקעלני קומט אַריַין, טראָגט זיך רב נתן נטע אָפּ און גייט אין בית־מדרש אַריַין.

אין בית־מדרש שטייט דאָס ליכט פֿון נאָכמיטאָגציַיט: געל און סומנע, ווי דער פּאַרמעט פֿון אַן אַלט ספֿר־תּורה, דורכגעגומען מיט עפּעס פֿון דער קוהלת־שטימונג און די מעשׂיות פֿונעם חורבן־בית־המקדש. אַ וואָלקן שטויב הויערט אין דער הייך און שווייבלט קעגן דער זון מיט טויזנטער פֿינקעלעך, און ס׳ע שפּירט זיך אַ גערוך פֿון שמעק־טאַבאַקע, שטויב און אַלטע ספֿרים.

ער זעצט זיך לעבן אָרון־קודש, טוט אַ פּאַטש מיט די הענט און נעמט זיך זאָגן תּהילים מיט געוויין. טרערן פֿאַלן אים אַראָפּ פֿון די אויגן און רינען אויף דער באָרד. פֿון איין קאַפּיטל צום צווייטן ווערט ער אַלץ דערוואַרעמטער און צעגיסט זיך מיט אַ פֿיַינלעך לעכצעניש, וואָס פֿאַרפֿלייצט אים און פֿאַרטראָגט די פּסוקים פֿון זיַין מויל. ס׳דאַכט זיך, אַז נישט ער וויינט עס, ניַיערט ווי ער וואָלט זיַין ווי אַ בית־מדרש, און אַז עמעצער זיצט אין אים און קלאָגט. און ס׳איז, פֿאַרשטענדלעך, נישט פֿון די לײַכטע זאַכן צו זיַין אַ בית־מדרש: דער רוקן טוט וויי, די פֿלייצעס הויקערן זיך, די הענט לאָזן זיך אַראָפּ, דאָס האַרץ קלעמט, און טרערן שטיקן אין האַלדז. דעמאָלט דערזעט ער באַשיימפּערלעך דעם צער פֿון דעם בית־מדרש, ווי ער זעט אויס: פֿאַרוואָרלאָזט און וויסט, ווי הפֿקר. נישטאָ ווער סע זאָל אויף אים אַכטונג געבן, און דער באַלעמער אין מיטן צעוואַלגערט זיך און זינקט אַראָפּ, דער עמוד איז אויסגעקרימט און קאָרטשעט זיך צוזאַמען, די צדקה־פּושקעס זעען אויס ווי יענע פֿון דער חבֿרה־קדישאַ, און ס׳דאַכט זיך, אַז יעדער ברוס אין דער וואַנט העשעט אין דער שטיל, יעדע ברעט און יעדער ברעטל יאָמערט, און יעדע באַנק און יעדער שטענדער קרעכצט און שוידערט.

שפּעטער, ווען רב נתן נטע קליַיבט זיך אַהיים צו גיין, איז נאָך גרויסער טאָג. דער הימל איז בלוי, הויך און ברייט, צו פֿיל פֿאַר אָט דעם קליינעם געסעלע, און פֿול מיט גרויס רחמים און טיפֿער, וויַיטער און פֿונאַנדערגעשפּרייטער שטילקייט, וואָס דערמאָנט עפּעס וואָס הענעכס שוויַיגן.

# XXI

**כאַנקע האָט זיך געענדערט:** איז געוואָרן אַ שווײַגעריז, אַ צוריקגעצויגענע און אין זיך פֿאַרשלאָסענע. מאָטל פּיקעלני, הגם ער האָט עס געשפּירט, האָט דערויף קיין אכט נישט געלייגט. זײַן געמיט איז נישט געווען אויפֿגעלייגט צו די דאָזיקע „פֿאַרדרייעניש און נאָכווייעניש" פֿון די פּוסטע אינטעליגענטן.

אין אַ געווייסן טאָג, קומענדיק צוריק פֿון דער אַרבעט, האָט ער דערווישט כאַנקען זיצן בײַם אָפֿענעם פֿענצטער אַ פֿאַרקלערטע און פֿאַרקימערטע. ער האָט אויף איר אַ קוק געטאָן קרומלעך, זײַטיק, און באַשײַמפּערלעך געזען, אַז זי טראַכט וועגן דעם וואָס ליגט איר אויפֿן האַרצן, וועגן הענעכן.

— וואָס איז דיר? — האָט ער צוגעוואָרפֿן כּלאַחר־יד.

ער האָט זיך געזעצט צום טיש. געפֿרעגט וואָס ס'מאַכט דאָס קינד און דערציילט פֿראַנט־נײַעסן און פּאַסירונגען פֿון הײַנטיקן טאָג. דער און דער איז געכאַפּט געוואָרן בײַ אַ טריפֿער זאַך בשעת־מעשׂה, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, ווען די קאַשע איז נאָך היים; פֿון שפּיטאָל זענען פֿאַרפֿאַלן געוואָרן דאָס רובֿ לײַלעכער; אין אַליזאַרעוווקע האָבן פּויערים דערשטאָכן מיט ווילעס דעם סעקרעטאַר פֿון דאָרפֿסראַט.

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, האָט אויסגעקלאַפּט מיט די שפּיצן פֿינגער דעם אינטערנאַציאָנאַל אויפֿן טיש, און ס'זענען נישט פֿאַריבער קיין צוויי־דרײַ מינוט, ווי ער האָט זיך אויפֿגעהויבן און אַוועק.

שפּעטער אַ ביסל איז ער צוריק געקומען מיט הענעכן.

— כ'האָב דיר געבראַכט אַ גאַסט! — האָט ער אַרײַנגעשריגן דורכן אָפֿענעם פֿענצטער.

הענעך איז אַרײַנגעקומען מיט אַ געצוווּנגענעם, צעמישטן שמייכל. ס'איז קענטיק געווען, אַז ער איז צעטומלט. אויך כאַנקע איז צעחושט געוואָרן, אירע אויגן האָבן אַ לויף געטאָן אַהין און אַהער. זיי האָבן ביידע אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן

זײַן אַנגעשטויסן אײנער אויפֿן אַנדערן און קאָנען זיך אין די אויגן אַרײַן נישט קוקן. בלויז מאַטל פּיקעלני איז געווען ווי ער איז, געשטעלט, דאָס פּנים פֿאַר־ריסן, און די אויגן עזותדיק, ווי אײנער, וואָס דאָס מזל שפּילט אים צו.

— פֿיל זיך, ווי בײַ זיך אין דער הײם! — האָט ער אים, הענעכן, אונטער־געשטופּט זיך צו זעצן.

— זעץ זיך דאָ, דאָרט, אויפֿן בעט, אויפֿן קופּערט. קײן גאַנצע שטול איז אין שטוב נישטאָ. אַלץ איז צערינעוועט, צוז אַל די רוחות!

הענעך איז צוגעגאַנגען צום טיש, אַז אַנגעשטעלטער מיט אַ בלעכענעם טשײַניק, צוויי גלעזער, אין וועלכע ס'ווייקן זיך ציגאַרן־עקלעך און טיי־שיריים, עטלעכע ביכער, און האָט זיך נישט־זיכער אַנידערגעזעצט, ווי ס'וואָלט אים ווײ טאָן דער רוקן, אָדער די זײַטן.

— ער האָט נישט געוואָלט גײן! — האָט מאַטל פּיקעלני אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו כאַנקען, ווי דאָס זאָל זײַן אַ וווּנדער. — כ'האָב אים קוים מיט צרות פֿון שטוב אַרויסגעשלעפּט.

כאַנקע האָט אים פֿאַרענטפֿערט, זאָגנדיק: ער איז אוודאי שטאַרק פֿאַרנומען און מיד. הענעך האָט מיט אַ הוסטל אַראָפּגעשלונגען אַ ברום, וואָס לאָזט זיך פֿאַרשיידן אויסטײַטשן.

די שטוב איז געוואָרן אָנגעלאָדן מיט אַ שווערער, דריקנדיקער אַטמאָספֿער.

— וואָס שווײַגט איר? —האָט זיך מאַטל פּיקעלני אַ װענד געטאָן צו הענעכן און כאַנקען. — רעדט! זאָגט עפּעס!

זיי האָבן גאָרנישט נישט געזאָגט, געשוויגן און יעדערער איז זיך געזעסן פֿאַר זיך.

— וואָס איז מיט אײַך? — איז מאַטל פּיקעלני געוואָרן אומגעדולדיק, ווי עמעץ וואָס שרײַט, און מען ענטפֿערט אים נישט.

— גאָרנישט! — האָט אים כאַנקע געענטפֿערט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

— נײן! — האָט מאַטל פּיקעלני אַ מאַך געטאָן מיט אַ פֿינגער. — מיט אַזאַ שטימע זאָגט מען ווידוי.

כאַנקע האָט אַ שמוכע געטאָן. זיך אויפֿגעשטעלט און גענומען דעם טשײַניק מיט די גלעזער פֿון טיש.

— כ'וועל מאַכן טיי. — האָט זי אַ זאָג געטאָן און זיך געלאָזט אין קיך אַרײַן.

— המ׳ם . . . — האָט זיך מאַטל פּיקעלני אַ זעץ געטאָן אויף דער באַנק און אויסגעצויגן די פֿיס אין זײער גאַנצער לענג.

ער האָט אַרויסגענומען דאָס טיטון־בײַטעלע.

— לאָמיר פֿאַררייכערן! — האָט ער אַ זאָג געטאָן.

ער האָט פֿאַרדרייט אַ ציגאַרל און זיך אַנידערגעזעצט באַקוועם, לאָזנדיק פֿון מויל קנוילן רויך, איין קנויל נאָך אַנדערן.

— איז וואָס . . . — האָט ער אַנגעשטעלט פֿאַרוווּנדערטע אויגן אויף הענעכן, אַרויסלאָזנדיק איין רויכקנויל נאָך דער צווייטער. — צו וועמען ביסטו ענלעך? צו וועמען ביסטו דאָס ענלעך? . . .

ער איז אַ װײַל געזעסן און האָט זיך געמאַטערט צו דערמאָנען זיך, װי דאָ איז כאַנקע צוריק געקומען.

— צו װעמען איז ער ענלעך? — האָט ער איר אַ װײַז געטאָן מיט די אױגן אױף הענעכן.

— װאָס הײסט? . . . — האָט זי נישט פֿאַרשטאַנען.

— אַך! — האָט ער זיך אַ פּאַטש געטאָן אין שטערן. — צו יאַאַן קרעס־טיטעל!* געדענקסט, האָסט געהאַט אַ געמעל פֿון יאַאַן קרעסטיטעל אױסגעמאָלט אױף אַ פּאָסטקאַרטל. אָט איז ער. אַקוראַט: יאַאַן קרעסטיטעל!

הענעך האָט זיך נישט אומגעקוקט אױף אים, האָט באַטראַכט די נעגל, װי אַ ייִד בשעת הבֿדלה, און זיך פֿאַרקלערט.

ביסלעכװײַז האָט זיך אײַנגעפֿעדעמט אַ שמועס צװישן זײ, פֿאַרקניפּט זיך, רײַסט זיך איבער און װידער דאָס אײגענע.

מאָטל פּיקעלני האָט געװאָלט הערן פֿון הענעכן, װאָס ס׳האָט פּאַסירט מיט אים אין די טורמעס און אױף סיביר. הענעך האָט זיך געמאַכט נישט־װיסנדיק, זיך אװעקגעדרײט און געשמײכלט.

— כ׳בין דיר מקנא, — האָט אים מאָטל פּיקעלני אַ זאָג געטאָן — װאָס דו האָסט די זכיה געהאַט צו זײַן אַ פּאָליט־קאַטאָרזשאַן!

האָט כאַנקע באַלד אָנגעהױבן זיך דערמאָנען פֿאַרגעסענע זאַכן און פֿרעגן אױף חבֿרים, װעלכע זענען אַ מאָל געװאָרן פֿאַרשפּאַרט אין טורמעס און פֿאַרשיקט אױף סיביר.

— געדענקסט, הענעך, װאָלאַדיע עפּשטײן? — האָט זי געפֿרעגט. — װוּ איז ער? לעבט ער?

— װאָלאַדיע? — האָט איר הענעך נאָכגעזאָגט, און אַ מילדער שמײכל איז אים הענגען געבליבן אױף די װאָנצעס. — ער איז פֿאַרשיקט געװאָרן אין איר־קוטסקער גובערניע, אין אײנעם אַ דאָרף, קײן אוסט־אודאַ. פֿון דאָרט איז ער אַנטלאָפֿן, און געכאַפּט האָט מען אים ערשט אין מאָסקװע. מ׳האָט אים פֿאַר־שפּאַרט אין בוטירקע**, נאָר װײַל ער איז געװען אַ בונטאָװשטשיק, װי מע רופֿט עס: אַן אַרעסטאַנט אַ פּראָטעסטאַנט, האָט מען אים אַריבערגעפֿירט אין יאַראָ־סלאַװער צענטראַל, כּדי אים אַרױפֿצופֿירן אױפֿן דרך־הישר. פֿון דאָרטן, האָב איך געהערט, האָט מען אים פֿאַרשיקט אױף יענער זײַט בײַקאַל, און כ׳װײס נישט, װאָס ס׳איז מיט אים געװאָרן.

— און װאָס איז מיט פּעטיען? — האָט כאַנקע װײַטער געפֿרעגט.

— פּעטיע? — האָט הענעך אָנגעשטעלט די אױגן — װאָסער פּעטיע?

— פּעטיע! נו . . . דער װאָס האָט זיך פֿאַרנומען מיט דער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע. געדענקסט אונדזער מיליטערישע אָרגאַניזאַציע?

— פּעטרושאַ! — איז הענעך געװאָרן גערירט. — יאָ. כ׳געדענק. אװדאי. ס׳זענען דעמאָלט געװען צװײ מיליטערישע אָרגאַניזאַציעס: אײנע פֿון די עסערן,

* יוחנן דער טױפֿער.
** אַ טורמע אין מאָסקװע.

און איינע אונדזערע. די אַרבעט איז מיינסטן טייל באַשטאַנען פֿון אָפּהאַלטן סכאַדקעס, פֿאַרזאַמלונגען, מיטינגען אין פּעטשערסק, הינטערן מויער פֿון דער לאַווּרע . . . אין דעם אינזשעניר־מיליטער זענען גאַנצע באַטאַליאָנען געווען אונדז אונטערגעאָרדנט! פּעטרושע האָט זיך מיט זיי פֿאַרנומען. האָפּמאַן . . . פּעטרושע האָפּמאַן! מ׳האָט אים אויך גערופֿן מיטן צונעמעניש „קאַווקאַזעץ״.

— טאַקע! טאַקע! — האָט זיך אין אים כאַנקע אָנגעכאַפּט. — „קאַווקאַזעץ״! וואָס איז מיט אים? ווו איז ער?

— נו . . . — האָט הענעך טיף אַ הוסט געטאָן. — מיר האָבן זיך אַ מאָל באַגעגנט, דערמאָן איך זיך, אויפֿן וועג קיין אירקוטסק. זענען צוזאַמען געגאַנגען אין דער טײַגע. ער האָט זיך פֿאַרלאָזט אַ באָרד, ווי אַ פּעכער . . .

— וואָס דו רעדסט! — האָט זיך כאַנקע געוווּנדערט אויף אים. — אַ באָרד! פּעטיע און אַ באָרד! . . .

— שטעל זיך פֿאָר. — האָט הענעכס פּנים אויפֿגעלויכטן מיט אַן אומעטיקן שמייכל. — שפּעטער איז ער געזעסן אין טונגוסקע. האָט אַ סך געהונגערט. לסוף אַראָפּ פֿון זינען און געשטאָרבן, מיין איך, אין דעם משוגעים־הויז אין קראַסנאָ־יאַרסק . . . און טיגראַנען געדענקסטו? טיגראַן קאַזאַריאַנץ . . . מיר זענען געזעסן צוזאַמען אין אָרלאָווער צענטראַל אין איין צעלע. דעמאָלט איז נאָך בראש פֿון צענטראַל געשטאַנען דער באַרימטער מאַצעוויטש. אָבער נאָך ערגער פֿון אים איז אפֿשר געווען דער אייבער־נאַדזיראַטעל קאָזמיקאָוו, און זיי האָבן צוגעהאָלפֿן באַטורין, לישיקאָוו, סימאַשקין און אַנדערע. זיי פֿלעגן שלאָגן מכּות־רצח, ברעכן ריפּן און ביינער. האָבן געשלאָגן מיט פּאַטאָס, מיט התלהבֿות, מיט בריהשאַפּט. טיגראַן פֿלעגט פֿאַלן אין חלשות פֿון די קלעפּ. פֿלעגט מען אים אויפֿהייבן אין דער הייך און אַ זעץ טאָן אין דר׳ערד אַרײַן, אויפֿהייבן און אַ זעץ טאָן. אַז ער האָט ווידער געחלשט, פֿלעגט מען אים אָפּגיסן מיט אַ קאַלט עמער וואַסער. דאָס פֿלעגט פֿאָרקומען אין באָד. האָט ער אָנגעהויבן שפּײַען מיט בלוט, און ס׳זענען נישט אַוועק קיין זיבן־אַכט חדשים, ווי ער איז אַוועק פֿון דער וועלט. אַך, טיגראַן, טיגראַן . . . מיר פֿלעגן אַ סך שמועסן וועגן דיר, דערמאָנען דיך . . .

כאַנקע האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ צו דער ערד און איז בלאַס געוואָרן.

— אַזוי שטאַרק האָט איר געליטן! — האָט מאָטל פּיקעלני אַרײַנגערעדט אין צימער אַרײַן.

ער האָט אַ ווײַל געטראַכט און געדרייט מיטן קאָפּ אַהין און אַהער.

— כ׳בין דיר מקנא, וואָס דו ביסט פֿאַרשפּאָרט געווען אין די טורמעס! — האָט ער נאָך אַ מאָל אַ זאָג געטאָן אין דער שטיל. — כ׳וואָלט זײַן קאָנטעטער, ווען כ׳וואָלט אַ מאָל געווען געהאַט אויסגעשטאַנען די אַלע יסורים און שווערע פּײַנען, ווען מע וואָלט מיך געווען זעצן אין דר׳ערד אַרײַן! אַ מענטש, וואָס האָט אַדורכגעמאַכט די אַלע זאַכן, איז אַ באַזונדער מין מענטש, אַנדערש פֿון אַלע אַנדערע. ער . . . ער . . .

ער האָט אָפּגעהאַקט. ווי ער וואָלט נישט וויסן, וואָס ווײַטער.

כאַנקע איז אַרויסגעגאַנגען אין קיך אַרײַן, צו דערלאַנגען די טיי.

— נו, ס׳מאַכט נישט אויס. — האָט ער אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ און אַ זאָג געטאָן. — מיר׳ן זיי אַפּצאָלן, ווי זיי האָבן זיך פֿאַרדינט. מיר האָבן געצאָלט און וועלן צאָלן. זיבן און זיבעציק מאָל אַזויפֿל!

כאַנקע איז צוריק געקומען און האָט געשטעלט די טיי אויפֿן טיש. דערלאַנגט הענעכן אַ פֿאַרצעלײַיענעם קוכליק מיט אַ צעשטשערבעט רענדל, מאָטל פּיקעלנין אַ בלעכענעם קוכליק און פֿאַר זיך אַליין גענומען אַ גלאָז, געמאַכט פֿון אַ האַלב גריז פֿלעשל. אַנידערגעלייגט אין מיטן טיש פֿיר צעקראַכענע צוקערלעך און פֿאַר־בעטן טרינקען טיי.

— גלאַווסאַכאַר*! — האָט מאָטל פּיקעלני געטאָן אַ שפּאַס און אַ פּינטל מיט די אויגן.

אין דעם מאָמענט האָט זיך פֿון צווייטן צימער געלאָזט הערן, ווי דאָס קינד וויינט. האָט זיך מאָטל אַ ריס געטאָן פֿון אָרט און איז געלאָפֿן אַהין אויף די שפּיץ פֿינגער. כאַנקע האָט אָנגעשטעלט די אויגן אויף דער טיר. באַלד האָט זיך דערהערט, ווי דאָס וויגל וויגט זיך און קלאַפּט אין דער פּאָדלאָגע. הענעך האָט אויסגעשטרעקט די האַנט צום קוכליק אָקרעפּ, זיך אײַנגעבויגן און אַזוי זיצן געבליבן.

אין אַ ווײַל אַרום איז מאָטל פּיקעלני אַרײַנגעקומען צוריק, מיטן קינד אויף די הענט, און האָט אַ זאָג געטאָן כאַנקען:

— סע וויל נישט שלאָפֿן מער.

באַלד איז ער צוגעגאַן און געבליבן שטיין פֿאַר הענעכן.

— דער פּלאַד פֿון אונדזער ליבע! — האָט ער אים ברייט אונטערגעטראָגן דאָס קינד, שעפּנדיק נחת. — מיר הייסן חוה. אַ געטרײַער טאָווארישטש און אַן אמתע קאָמוניסטקע.

— ווײַז עס אַהער מיר. — איז כאַנקען אומעטיק געוואָרן אויפֿן געמיט, און איר פּנים האָט זיך צעקרימט.

זי האָט גענומען דאָס קינד און איז אַרײַנגעגאַנגען דערמיט אין צווייטן צימער עס אָנצוזייגן.

מאָטל פּיקעלני איז געזעסן קעגן הענעכן, האָט גענומען פֿאַרבינדן מיט אים אַ שמועס און זיך באַמיט אים צו פֿאַרנעמען.

— איך וואָלט וועלן — האָט ער אים געזאָגט — באַנעמען אונדזער לערע, זנאַטשעט, די מאַרקסיסטישע לערע, גרינטלעך. כאַנקע האָט מיר געגעבן צו פֿאַרשטיין, און כ׳האָב זיך שוין אָנגעהערט מיט ווי פֿילע לעקציעס פֿון אַנדערע. נו, און אַליין אויך שוין אַרײַנגעקוקט און פֿאַרשטיי אַ ביסל די דאָזיקע פּאָליט־גראַמאָטע. כ׳בין נישט בלינד אין דער זאַך. פֿונדעסטוועגן . . . אפֿשר וועסטו מיר, טאָווארישטש, זאָגן בקיצור: וואָס אַזוינס איז דער „קאַפּיטאַל" און וואָס שטעקט אין דעם?

הענעך האָט אים דאָרט עפּעס וואָס געענטפֿערט.

* הויפּט-אַפּטיילונג פֿאַר צוקער-אינדוסטריע.

— כ'פארשטיי. — האט זיך מאטל פיקעלני געקראצט אין פאטילצינע און גערעדט, ווי געשמועסט מיט זיך אליין. — דאס איז פאליטישעסקע עקאנאמיע, לאמיר זאגן: אזא מין פילאסאפיע, אדער וואס . . . בקיצור, די תורה פונעם פראלעטאריאט, ווי ביי אונדז די שווארבע* א שטייגער, די עוואנגעליע ביי די גוים, און כ'וויים נישט, ווי מע רופט עס ביי די טאטערן . . . „קאפיטאל"! די אמתע תורה, וואס וועט לעבן אייביק און אפווישן אלע תורות אויף דער וועלט: דעם חומש, די עוואנגעליע און אלע שאר־ירקות.

הענעך האט זיך אויפגעהויבן, וועלנדיק אהיימגיין, נאר מאטל פיקעלני האט אים נישט געלאזט.

— ניין, ניין, ניין! — האט ער אים אנגעכאפט מיט ביידע הענט און צוריק אנידערגעזעצט. — דו עסט מיט אונדז וועטשערע.

די זון האט זיך געזעצט. דאס צימער איז פול געווארן מיט שימערן און פארבן. ס'איז געקומען די צייט, וואס איז נישט טאג און נישט נאכט, די שפארע צייט פון דעמערונג, וואס נאגט דאס געמיט. ביסלעכווייז איז דאס פינצטערניש אלץ געדיכטער געווארן. דורכן אפענעם פענצטער האט זיך געזען דאס שטעטל: שווארץ, שטיל און גאטספארכטיק, ווי אין גאנצן דעם ריבונו־של־עולמס.

מאטל פיקעלני האט גענומען און אנגעצונדן דאס קאנעעצל.

— און דאס אלץ מיר, יידעלעך — אונדזערס א שטיקל ארבעט! — האט ער זיך איינגעבויגן איבערן קאנעעצל, עפעס פאררוכט דארט, און דאס קאנעעצל האט גענומען אויסשלאגן אין דער פינצטערניש פון צימער ווי אן אנצינדונג פון א געשוויר. — אלץ אונדזעריקע: משה רבנו, דאס יויזל, קארל מארקס . . .

כאנקע איז אריינגעקומען און האט געבראכט צום טיש.

— נו, קום עסן. — האט זיך מאטל פיקעלני געוואנדן צו אים פריינדלעך. — מיר'ן האבן היינט שטשאוול־בארשטש. כאנקע אליין האט געקליבן דעם שטשאוול אין פעלד.

כאנקע האט אנידערגעשטעלט פאר זיי א ביסל שטשאוול, געקאכט אין וואסער און א קאשע פון געקאכטן ווייץ. די קאשע איז געווען א נישט־פרישע, א געבלי־בענע פונעם ווארמעס, א טרוקענע, אן זאלץ און אן א זכר פון געשמילץ, שווער צו צעקייען, שווער אראפצושלינגען און לאזט זיך נישט עסן.

דער שמועס צווישן זיי האט זיך געצויגן פון איין עניין צום צווייטן, פון די פויערים, וואס זאמלען אן די תבואה צו דער אפראוויזאציע און זי איז נישט ווי ס'דארף צו זיין, פון דער נישט־געהעריקער אפראוויזאציע צו די קאאפעראטיוור־קלייטן. דערפון איז מאטל פיקעלני אריבערגעשפרונגען צו עפעס גרויסע פלענער צו פארבעסערן די לאגע פון אלט־בודע, צו א פאפיר־פאבריק און צוקער־פאבריק, צו עלעקטרע און א קינא, צו אן ארבעטס־פאלאץ און קולטור־פאלאץ. און דעסט גלייכן.

— מיר'ן נעמען א ביסל משקה? — האט ער געטאן א קוק הענעכן אין די אויגן און א זאג מיט א פראגע, וואס מיינט, ס'איז א סברה. — כאנקע, דערלאנג.

* עשרים וארבעה — פון תנ"ך.

כאַנקע איז געגאַנגען און געבראַכט אַ פֿלעשל בראַנפֿן מיט דרײַ כּלים: דעם פֿאַרצעליײַענעם קוכליק, דעם בלעכענעם קוכליק און די גלאָז, געמאַכט פֿון אַ האַלב גרין פֿלעשל.

הענעך האָט געקוקט אויף איר מיט פֿאַרוווּנדערונג.

— נו, רעכט. — האָט מאָטל פּיקעלני צענומען די הענט אין בײדע זײַטן. — טרינקען מיר, הייסט עס.

ער האָט גענומען דאָס פֿלעשל מיט גרויס ערנסט און אָנגעגאָסן אין די כּלים.

— מיר'ן טרינקען פֿאַר דער סאָציאַליסטישער וועלט־רעוואָלוציע. — האָט ער צו זיי אָנגעקלאַפּט מיט זײַן קוכליק.

איידער ער האָט גענומען טרינקען, האָט ער אונטערגעטראָגן דעם בראַנפֿן צו דער נאָז און פֿון אים עטלעכע מאָל אַ שמעק געטאָן, געפֿירט פֿאַרבײַ דער נאָז און דערנאָך מיט אַ מאָל איבערגעקערט אין מויל אַרײַן.

הענעך האָט אַ זופּ געטאָן עטוואָס פֿון זײַן קוכליק און געכאַפּט זיך פֿאַרבײַסן מיט אַ שטיקל ברויט. כאַנקע ווידער האָט פֿאַרזוכט איין זופּעלע, אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, אַ סאָפּע געטאָן, און איר פּנים האָט זיך פֿאַרקרימט.

— די צײַט, אין וועלכער מיר לעבן, איז אַ גרויסע צײַט, — האָט מאָטל פּיקעלני צוגערוקט צו זיך דאָס קאַנעצל און זיך צעדרשנט. — אַ צײַט, פֿון וועלכער סע הענגען אָפּ אַלע פּאָקאָליעניעס און די גאַנצע וועלט.

ער האָט נאָך אַ מאָל אָנגעגאָסן פֿון פֿלעשל אין די כּלים אַרײַן.

— ווי מיינסטו, טאָוואַרישטש? — האָט ער ווײַטער גערעדט. — וואָס שטייט אונדז פֿאָר אין דער צוקונפֿט? לאָמיר הערן פֿון דיר. דו ביסט שוין דורכגע־גאַנגען דורך פֿײַער און דורך וואַסער, ביסט קלאָר אין מאַרקסן, לענינען, טראָצקין און אַנדערע גדולים, און האָסט אַ קאָפּ אויף די פּלייצעס. איז וואָס? ווי מיינסטו? די רעוואָלוציע איז אין געפֿאַר? ס'איז דאָ וואָס זיך צו שרעקן?

ער האָט אויסגעקערעוועט דעם קאָפּ און געוואַרט, וואָס ער וועט זאָגן, הענעך.

— דו ווילסט הערן? — האָט ער אין אַ ווײַל אַרום ווידער גענומען רעדן. — איך'ל דיר זאָגן. הער: דער נצחון וועט סוף־כּל־סוף קומען! אַ סך צרות וועלן טאָקע קומען, אַ סך פּלאָגן, ריכטיק. אָבער דער נצחון וועט סוף־כּל־סוף קומען. ער מוז! דער קאָמוניזם וועט זיך פֿאַרשפּרייטן איבער דער גאַנצער וועלט, און רוסלאַנד וועט זײַן די מאַמע פֿון אַלע מדינות און לענדער, און די רוסישע שפּראַך — דער לשון־קודש פֿון אַלע פֿעלקער . . .

זיי האָבן געטרונקען אין צווייען, מאָטל פּיקעלני און הענעך. כאַנקע האָט נישט געטרונקען.

מאָטל פּיקעלני האָט אָפּגעווישט מיט דער האַנט דאָס מויל, אָנגעגאָסן פֿון פֿלעשל אין די כּלים און איז געזעסן מיט אַ פֿאַרריסן פּנים. ער איז געווען גוט אויפֿגעלייגט, וואָס ער האָט אַזוי פֿײַן געדרשנט און אַזעלכענע דערהויבענע רייד פֿאַר זיי אָנגעקגעלייגט.

— און ערשט וועלן מיר טרינקען פֿאַר . . .

— נישט טרינקען! — האָט אים כאַנקע איבערגעריסן. — גענוג.

— אוי, ניין. — האָט מאָטל פּיקעלני אויפגעהויבן די האַנט אין דער לופטן — ערשט אָנגעהויבן און שוין ענדיקן! ניין, דאָס וועט נישט גיין.

— ער דאַרף נישט טרינקען. — איז כאַנקע באַשטאַנען אויף אירן.

— ס׳מאַכט נישט אויס, ס׳מאַכט נישט אויס. — האָט הענעך זי געלאָזן באַרויִקט. — ס׳גלוסט זיך מיר טרינקען אַ ביסל.

— טרינק! — האָט מאָטל פּיקעלני אַ הילך געטאָן אויף אים. — נישט געפוילט זיך! ווי אַ חסיד, און נישט ווי קיין בטלן.

זיי האָבן אָנגעשלאָגן איינער אין אַנדערנס כּלי און שטיל שווייַגנדיק אויסגעטרונקען אַ צווייט־דריטע כּוסות.

— האָטס רחמנות . . . — האָט כאַנקע גענומען בעטן זיך רחמים.

— נישטאָ קיין רחמנות — האָט מאָטל פּיקעלני געדרייט מיטן קאָפּ אַהין און אַהער. — איך וויל נישט הערן. ווער ווייסט אויף וואָס נאָך דו קאָנסט קומען בעטן רחמנות!

— גוט, גוט. — האָט הענעך זיך באַמיט אײַנצונעמען זי און גערעדט מיט אַ פאַרשניאַשקעטער, ווייכער און מאַטער שטים. — בלויז די כּוסע וועל איך אויסטרינקען. פאַר דײַן געזונט, כאַנקע.

ער האָט גלײַך איבערגעקערט די כּוסע אין האַלדז אַרײַן און גענומען הוסטן און כראַקען.

מאָטל פּיקעלני האָט זיך מער נישט אומגעקוקט אויף אים, נײַערט שנעל אָנגעגאָסן איין גלאָז נאָך דער צווייטער און געטרונקען אַליין.

דאָס פײַערצינגל פון קאָנעצל האָט געצוקט און געפלאַטערט, ווי ס׳וואָלט וועלן זיך אַפּרײַסן און אַוועקפליִען פון דאַנען, פון דער דאַזיקער דריקנדיקער פינצטערניש, אַ פולע מיט געהיימענישן, צער און האַרץ־קלעמעניש. שאָטנס האָבן געפּראַוועט זייערע שטיק, זיך אויפגעשטעלט און אַראָפּגעזעצט, זענען געקראָכן אויף די ווענט, אויף דער סטעליע און מיט אַ מאָל זיך אין שרעק פונאַנדערגעלאָפן.

צווישן איין כּוסע און דער צווייטער האָט מאָטל פּיקעלני אויפגעזונגען אויפן קול דעם „אינטערנאַציאָנאַל״.

— עטאָ בודיעט נאַש פּאָסליעדני* . . . — האָט ער געריטשעט. — טרינקט, טײַוואָלים!

— מע וויל נישט! — האָט אים כאַנקע געענטפערט מיט אַ געמאַכטן, שטיפערישן שמייכל.

— אי רעשיטעלני באַי!** . . . — האָט ער צוגערוקט דאָס פּנים צו איר און אַרײַנגעשריגן אין די אויגן אַרײַן.

ער האָט זיך אויפגעהויבן און געטאָן מיטן עלנבויגן אַ שלײַדער אַראָפּ פון טיש די אויסגעליידיקטע פלאַש, איז געגאַנגען און אַפּערגענומען פון הינטערן קופערט אַ פלאַש סאַמאָגאָן. זיך אַנידערגעזעצט, גענומען אַ כּוסע זיך אַליין און דערלאַנגט אויך הענעכן.

* דאָס וועט זײַן אונדזער לעצטע.

** און אַנטשיידענע שלאַכט.

— פֿאַר וואָס רעדסטו גאָרנישט? — האָט ער אַ פֿרעג געטאָן מיט פֿאַרבאָר־גענעם פֿאַרדראָס. — רעד! זאָג עפּעס אַ לײַטיש וואָרט!

הענעך האָט אים נישט געענטפֿערט, איז געזעסן מיד און אָפּגעלאָזן, מיט פֿוילקייט אין די גלידער און שמייכל אין די אויגן.

— סײַדן, — האָט מאָטל פּיקעלני אַרויסגעזאָגט אַ סבֿרה, — דו שווײַגסט צוליב געוווינהייט, וואָס דו האָסט באַקומען אין די טורמעס... צוליב געוווינ־הייט, הא?... לחיים!

ער האָט אויסגעטרונקען זײַן כּוסע און ווידער אָנגעגאָסן.

— איך הייב נישט אָן צו פֿאַרשטיין, — האָט ער אויף אים אַ קוק געטאָן זײַטיק, — ווי קומסטו צו ווערן אַ באָלשעוויק. אַ באָלשעוויק, מײַן פֿרײַנד, דאַרף האָבן ידים און קולעקעס, נישט קיין באָרד. און כאָטש דו ביסט אַ באָלשעוויק, נאָר זײַן ביסטו נישט מער ווי אַ רעוואָלוציאָנער. הא! וואָס?...

ער האָט איבערגעקערט די כּוסע און אויסגעשטרעקט די האַנט צום ברויט. אָבער גלײַך זי אַוועקגענומען פֿונעם ברויט צו דער פֿלאַש און אָנגעגאָסן.

— און אַ באָלשעוויק איז נישט קיין רעוואָלוציאָנער? — האָט אים כאַנקע געשטעלט אַ האַרבע פֿראַגע מיט שטעכעלירנדיקער פֿאַרוווּנדערונג.

— ניין. — האָט מאָטל פּיקעלני אַוועקגעכאַפּט דעם בליק פֿון איר פּנים. — דער איז עפּעס אַנדערש, און דער איז עפּעס אַנדערש. אַ באָלשעוויק איז אַ מענטש אויף דער ערד, אָבער אַ רעוואָלוציאָנער געפֿינט זיך ערגעץ אויף דער לבֿנה...

— אויף דער לבֿנה? — האָט כאַנקע אַ פֿרעג געטאָן מיט אַ געצוווּנגענעם שמייכל.

— יאָ. וואָלגערן זיך איבער טורמעס איז ווי געלעבט אויף דער לבֿנה.

ער האָט אַ נעם געטאָן די כּוסע אין האַנט און איז, נישט באַוויזנדיק צוצו־טראָגן זי צום מויל, פֿאַרזונקען אין געדאַנקען.

— איך בין נישט אין שטאַנד דאָס אויסצודריקן... — האָט ער געזאָגט אַ פֿאַרקלערטער — ווען איך וואָלט האָבן אַנדערע ווערטער... אויסטער־ליש־־שע... באַזונדערע...

— גענוג צו טרינקען. — האָט אים כאַנקע אַ שעפּטשע געטאָן און אַוועקגע־קערט פֿון אים דעם קאָפּ.

— אַ רעוואָלוציאָנער איז אַ לײַכטזיניקער פּאַרשוין. — האָט ער אויף איר קיין קוק נישט געטאָן און גערעדט מיט אַ בייזן שמייכל. — אַ פֿאַרחושטער, צעקריכט אונטער די הענט, אַ נאַכגיביקער און אַ פֿרײַנד פֿון אַ ליאַדע וועמען. און פּונקט קאַפּויער איז אַ באָלשעוויק: אַ פֿײַנד פֿון אַ ליאַדע וועמען, און אַ ליאַדע ווער האָסט אים, אַ דיקטאַטאָר, אַ ביטערער טשעקיסט אָן רחמנות און קומט אײַנשטעלן אויף דער וועלט אָזעלכס, וואָס איז קעגן דעם שטייגער, וואָס ליגט זיך נישט אויפֿן שׂכל און וואַרפֿט אָן אַ פּחד אויף די מענטשן. אַ רעוואָ־לוציאָנער... מיר פֿירן אַ קאַמף מיט די רעוואָלוציאָנערן, מיט אָט די פֿאַרפֿוילטע אינטעליגענטן! מיט גלײַענדיקן אײַזן וועלן מיר זיי אויסברענען... לחיים! טרינק מיט מיר „לחיים”!

— גוט, גוט. — האָט הענעך זיך אָנגערופֿן מיט אַ שוואַכן, פֿלאַטערנדיקן שמייכל. — כ׳וועל גערן טרינקען מיט דיר נאָך אַ מאָל „לחיים". ערשט האָסטו גערעדט באַדאַכטע רייד. עפּעס וואָס אייגנאַרטיקס . . . פֿײַן, זייער פֿײַן. יאָ.

זיי האָבן געטרונקען „לחיים". גלײַך נאָך דעם האָט הענעך זיך אויפֿגעשטעלט, גענומען אַרומשפּרײַזן איבערן צימער, איז געווען פֿריילעך און האָט אַ סך געלאַכט.

— איך בין גליקלעך, — האָט ער גערעדט מיט אַ צעשטראַלט און פֿאַר־שניאַשקעט פּנים, — וואָס איך בין בײַ אײַך, וואָס איך זע אײַך גליקלעכע. גליקלעך, גליקלעך בין איך . . . איר זענט ביידע גוטע מענטשן, טײַערע חבֿרים . . . און דו, כאַנקע, ביסט שוין אַ מוטער . . . האָסט אַ טעכטערל. פֿײַן, זייער פֿײַן . . . איך פֿריי זיך דיך צו זען. איך בין דאָך אַהערגעקומען נאָר כּדי דיך צו זען. הא, כאַנקע? דו ווייסט? . . .

מאָטל פּיקעלני האָט זיך צוגעבויגן און געקוקט אויף אים, זיצנדיק מיט דער כּוסע אין האַנט.

— פֿון גרויס גליק ווייס איך נישט, וואָס זאָל איך טאָן מיט זיך . . . — האָט הענעך געשטאַמלט מיט דער צונג און איז צוגעגאַנגען און זיך געזעצט אויפֿן קופֿערט.

ער האָט זיך ווידער אויפֿגעהויבן און איז צוגעגאַנגען און זיך געזעצט לעבן כאַנקען, געקוקט אויף איר מיט ליבשאַפֿט און בענקשאַפֿט און געהיים אַ פֿיר געטאָן זײַן האַנט איבער איר קאָפּ, קוים־קוים באַרירנדיק.

— קום זעץ זיך דאָ. — האָט אים מאָטל פּיקעלני אַ ווײַז געטאָן מיטן פֿינגער אויף דער שטול.

— יאָ, יאָ. — איז ער פֿון כאַנקען אַוועקגעגאַנגען אויף די שפּיץ פֿינגער און האָט זיך געזעצט מיט אַן אומעטיק פּנים אויף דער שטול לעבן טיש. — איך האָב געטרונקען אַ ביסל איבער דער מאָס . . .

באַלד איז ער געוואָרן שלאַבעריק, די הענט־און־פֿיס זענען שווער געוואָרן, דער קאָפּ האָט זיך אים געדרייט, און רעדער פֿון זונרעפֿלעקסן האָבן געשווינדלט פֿאַר די אויגן. פֿון ווײַל צו ווײַל האָט זיך אויסגעלאָשן דער זינען, אויפֿגעהעלט און ווידער זיך אויסגעלאָשן.

— טרינק! — האָט אים מאָטל דערלאַנגט אַ פֿולן קובליק סאַמאַגאָן.

— כאַנקע . . . — האָט הענעך געשטאַמלט, און זײַן פּנים איז געוואָרן בלייך, און די טשופּרינע איז אים געפֿאַלן איבער די אויגן. — סע שאַדט נישט . . . כאַנקע . . . געליבטע . . . טײַ־ע־רע . . .

— טרינק! — האָט מאָטל פּיקעלני אָנגעשטעלט זײַן רעוואָלווער קעגן אים.

— מאָטל! . . . — האָט כאַנקע אַרויסגעלאָזט אַ הויכן און שאַרפֿן געשריי.

מאָטל פּיקעלני האָט אַרויסגעריסן זײַן האַנט פֿון אירע, זיך אַ לאָז געטאָן צו דער טיר און אײַליק אַרײַנגעשטעקט דעם רעוואָלווער אין שיידל.

— מאָטל! מאָטל! . . . — איז אים כאַנקע נאָכגעלאָפֿן. — גיי נישט אַוועק! גיי נישט . . .

ער איז געבליבן שטיין. האָט אַ פֿיר געטאָן די אויגן אַהין און אַהער און זיך אַ כאַפּ געטאָן פֿאַרן קאָפּ מיט ביידע הענט.

## XXII

די פּלאָגן, וואָס האָבן כאַנקען געפּײַניקט, האָבן זי נישט צו רו געלאָזן. ווי פֿריִער, פֿלעגט זי זיך אַרײַנטראַכטן אין זיך אַליין, זיך מאַטערן מיט אירע לייד און פּײַן, וועגן און אָפּוועגן און צו גאָרנישט נישט קומען. וואָס זאָל זי טאָן? אוועקשטויסן מאָטל פּיקעלני צוליב הענעכן — ווי אַזוי? ער איז דאָך איר מאַן און דער טאַטע פֿון איר טעכטערל. און ס'איז גאָרנישט וויכטיק, האָט זי אים ליב, צי נישט, איז זי גליקלעך, צי נישט. זי אַליין, איר ליבע און איר גליק זענען גאָרנישט נישט ווערט. ווו שטייט עס געשריבן, אַז אַ מענטש מוז זײַן גליקלעך? עט, נאַרישקייטן. סע איז, ווי סע איז. און חוץ דעם איז דאָך מאָטל איר נישט שולדיק און האָט איר קיין שום בייז נישט געטאָן. ער איז אַ פּראָסטער מענטש, אָבער אַן אָנשטענדיקער. אַ מענטש אַ טיכטיקער, אַן ערלעכער און געווויסנהאַפֿטיקער קאָמוניסט. און אַוודאי און אַוודאי אַ מענטש אַ פֿעסטער, באַשטייט אויף זײַנעם, און וועט קיינעם נישט אָפּטרעטן. אָבער הענעך, וואָס וועט זײַן מיט הענעכן? וואָס ער האָט אַלץ נישט איבערגעטראָגן, האָט זי אים נאָך אויך פֿאַרשאַפֿט קלעמעניש, נישט ווייניק האָט זי אים פֿאַרשאַפֿט, און ער איז געבליבן אַן עלנטער, אַ פֿאַרפֿאַלענער. ווער וועט אים בײַשטיין איז זײַן ביטערער לאַגע? אַך, ריבונו־של־עולם! פֿאַר וואָס איז ער געקומען ערשט, נאָך אַלעמען? וואָלט ער צום ווייניקסטן זײַן געזונט . . .

דאָס האַרץ האָט זיך איר צעריסן אויף צווייען. ס'האָט אויסגעזען, ווי די גאַנצע וועלט וואָלט זיך צעטיילט אויף צווייען און גענומען פֿונאַנדערגיין זיך אין צוויי ריכטונגען, צוויי רשותן און צוויי הויפּטזאַכן, וואָס פֿאַרלייקענען זיך אַנאַנדער: מאָטל פּיקעלני פֿון איין זײַט, הענעך פֿון דער צווייטער זײַט, און דאָס טעכטערל אין מיטן. זי, אַט דאָס קליינע נפֿשל, האָט איבערגעוווגן צווישן

זיי. און כאָנקע פֿלעגט זיך פֿון צײַט צו צײַט טרייסטן מיט איר און אײַנרעדן זיך, אַז ס'איז איר ווויל און גוט אויף דער וועלט. ווי זי וואָלט האַלטן דאָס גליק אין האַנט, זײַן פֿאַרזיכערט מיט אַלע גוטע זאַכן, און ס'פֿעלט איר נישט גאָרנישט, נײַערט, אַז ביידע, אי דער, אי יענער, זאָלן זי לאָזן צו רו.

דער אומרו אין האַרצן איז אַלץ שטאַרקער געוואָרן. לאַנגע שעהען פֿלעגט זי אָפּזיצן איינע אַליין, זיך פּײַניקן, און דאָס האַרץ איז איר צעריסן, און זי ווייסט נישט, וואָס איז איר ליבער צו טאָן. פֿאַרשיידענערליי מחשבֿות האָבן זי געיאָגט, פֿאַרפֿירט איר זינען צו זײַטיקע חלומות און פֿאַנטאַזיעס, מיט מיני עצות, וואָס הענגען אין דער לופֿטן, און אָפּגעווישט דאָס זאַכלעכע און רעאַלע. אָט איז מאָטל פּיקעלני אומגעריכט־פּלוצעם געשטאָרבן, און זי מיט הענעכן זענען אַוועק קיין מאָסקווע. איז מען באַלד געקומען און פֿאַרגעלייגט הענעכן אַ קאַטעדרע, און זי האָט זיך אומגעקערט צון אירע שטודיומס אין אוניווערסיטעט, אָדער איז אַוועק־געגאַנגען אויף אַרבעט אין אַ פֿאַבריק. און אָט גנבֿעט זי אַוועק איר טעכטערל און אַנטלויפֿט מיט איר אין אַ קאַלט רעגנדיקער נאַכט, און מאָטל פּיקעלני יאָגט זי נאָך מיטן רעוואָלווער אין האַנט. נאָך אַ ביסל, און ער וואָלט זי שוין געווען געהאַט געכאַפּט, נאָר דערווײַל האָט זיך אָנגעיאָגט הענעך, צי מיט אַ צוג, צי מיט אַן אויטאָ, און זי כּהרף־עין געראַטעוועט פֿון זײַן האַנט. און דעסט גלײַכן. ביז דעמאָלט, ווען דאָס קינד כאַפּט זיך אויף, אָדער מאָטל פּיקעלני קומט צוריק פֿון דער אַרבעט און פֿאַלט אַרײַן אין שטוב, ווי אַ וואָלקן פֿול מיט דונערן און בליצן.

# *xxiii*

**דעם גאַנצן טאָג** איז הענעך פאַרנומען געווען מיט פאַרשיידענע ענינים. אַ שווינדל איז געגאַנגען נאָך אַ שווינדל, אַ גנבֿה נאָך אַ גנבֿה און אַ פעלשונג נאָך אַ פעלשונג. חוץ דעם איז די היץ געווען אַן אומדערטרעגלעכע, האָט אויסגעמאַטערט און צוגענומען די כּוחות. פון פיל האָרעוואַניע און שטאַרקער היץ פלעגט ער אַרײַנפאַלן אין חולשות־הדעת. ער איז געוואָרן פאַרביסן אויף דער גאַרער וועלט, דערונטער אויף די אומערלעכע קאָמיסאַרן, די תּקיפֿים און סאָמאָוואָלצעס, און אויף אָט דעם פאַרוואָרפענעם יידישן שטעטל, וואָס גייט, דאַכט זיך, צו גרונט און האָט נישט וואָס צו דערוואַרטן פון דער רעוואָלוציע. איין באַשולדיקונג האָט מיטגעשלעפט אַ צווייטע, ווי איין כמאַרע ציט מיט אַ צווייטע און פאַרלייגט דעם הימל. לסוף האָט ער זיך גענומען צו זיך אַליין, רעווידירט זײַנע האַנדלונגען, זיך פונאַנדערגעקליבן ביזן מינדסטן, און ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז גאָרנישט, שלאַבעריק, אַן איבעריקער אויף דער וועלט, דעגענערירט און ברענגט קיין נוצן נישט. און אַזוי ווײַטער, און אַזוי ווײַטער.

— וואָס איז דאָס גאַנצע לעבן דײַנס? — האָט ער געטענהט פאַרביטערט. — וואָס פאַר אַ ווערטפולע, ממשותדיקע זאַך האָסטו אויפגעטאָן פאַר דײַן לעבן? מ׳האָט דיך פאַרשפאַרט אין תּפיסה, און דאָס איז די גאַנצע גבֿורה. כאַ . . .

אַזוי און דעסט גלײַכן אַ סך זאַכן באַשטענדיקע, זאַכן לאַנגאַניקע פון אַ סך יאָרן צוריק פלעגט ער זיך פאַרוואַרפן אין אויסגעשעפטקייט און פאַרצווייפלונג, און אַ האַרבער הוסט פלעגט אים באַפאַלן און אויפטרייסלען זײַן גאַנצן קערפער.

איין מאָל נאָך דער אַרבעט איז צו אים אַרײַנגעפאַלן מאָטל פיקעלני. האָט אים דערווישט אין אָט דעם געמיט־צושטאַנד און זיך פאַרוווּנדערט.

— האסט זיך אנגעכמורעט ? . . . — האט ער אויף אים זיַיטיק א קוק געטאָן און געערדט מיט פאַרבאַרגענעם שפּאָט. — איר באַפרייַט זיך קיין מאָל נישט פון איַיערע אינטעליגענטישע שטיק! לייַדן, אומעט, טרוימעריַיען, צערטלעכקייט פון בענקשאַפטן פּריטענציענדיקע, מאָנענדיקע, וויינערישע. טפו! טשעפּוכא! און אז דו ווילסט: קאָנטררעוואָלוציע! לאָז זיי איבער פאַר די פיַינד פון דער רעוואָלוציע, אז פאַרפוילט זאָלן זיי ווערן! א באָלשעוויק דאַרף זיַין לויטער און גאַנץ, מעכטיק אין כּוח, פול מיט גבורה, פעסט אין אנטשלאָסנקייט!

— ביסט געערכט, ביסט געערכט. — האט אים הענעך געענטפערט מיט א קרענקלעכן און שוואַכן שמייכל.

— ב ע נ ק ע נ י ש . . . —האט זיך מאָטל פּיקעלני געזעצט אויף דער איינציקער שטול אין צימער און געבורטשעט צו זיך אליין. — נעמט א מענטש און מאכט פון זיַין סמעטניק א גאַנצע כּסא־מלוכה!

הענעך האט געוואָלט אים פאַררעדן, האט ער גענומען דערציילן זאַכן, מיט וועלכע ער האט היַינט געהאַט צו טאָן.

— צרות. — האט ער וועגן זיי אויסגעלאָזט, ווי מע רעדט שפּאַסיק וועגן א פלאָג. — וואָס ווערסטו מאכן מיט אזעלכענע א מענטשן?

— ס'הייסט, וואָס 'עסטו מאכן? — האט מאָטל פּיקעלני געטאָן מיט א מאָל א דריי אויס דעם קאָפּ צו אים. — צום ווענטל! גליַיך אהינצו אויף יענער וועלט! אלע זענען זיי קאָנטררעוואָלוציאָנערן, אייניקלעך פון קלעריקאַלן, קנאַקערס, שעדיקערס, סאַבאָטאַזשניקעס! איך קאָן זיי, די פייגל, איינס ביַי איינס. קיין איינער פון זיי האט נישט קיין הארץ פאַר דער רעוואָלוציע. זיי, ווי די טאַטעס זייערע, זענען איבערגעשפּיצטע חכמים, וואָס אלע חכמות האָבן זיי אין בוזעם־טאַש, עקשנים און קאַפּויער־זאָגערס, אויסגעוואַרצלטע און לופטמענטשן, האָסן מענטשלעכע פּראַצע, ווי חזיר, האָבן ליב פּוסט־און־פּאַסטעווען, זויבערע און לײַכטע פּרנסהלעך, א לעבן פון רחבות און ראַסקאָש. מיר דאַרפן דאָס גאַנצע געזינדל פונאַנדערטריַיבן צו אַלדע שווארצע יאָר!

ער האט זיך לאַנג געקאָכט און געהיצט קעגן ייִדן בכלל און די „צעירי־ציון" און דעם „חלוץ" בפרט, אָט די דאָזיקע ווילדע גענדז, ווי ער האט זיי גערופן מיט א צונעמעניש, וואָס זיצן און זיצן נישט איַין, הייבן זיך אויף און פליִען אוועק. באַזונדערס האט ער געברענט אויף דריַי ייִנגלעך, וואָס זענען מיט צוויי וואָכן צוריק געשיקט געוואָרן קיין קיִעוו, אויף א קאָנפערענץ פון קאָמסאָמאָל, און האָבן זיך נאָך נישט אומגעקערט, און ס'לייגט זיך אויפן שכל, אז זיי האָבן זיך אָפּגעטראָגן קיין ארץ־ישראל.

— נאָך מיר נאָך, — האט ער געזאָגט, — איז א מצווה צו ברעכן זיי רוק־און־לענד, די אלע ציוניסטן, די אָפענע און פאַרשטעלטע, אויסצוראָמען זיי פון דער וועלט, ס'זאָל פון זיי קיין שריד־ופּליט נישט בליַיבן; צו פאַרקלאַפּן אלע בתּי־מדרשים און שולן און פאַרברענען די הייליקע ספרים, די גמרא, דעם עין־יעקבֿ און אלע איבעריקע שאַלעמויזן — און פּטור! קאַפּוט!

ער האָט זיך האַסטיק אַ הייב געטאָן פֿון אָרט אַהיימצוגיין. העניעך איז מיט אים אַראָפּגעגאַנגען באַגלייטן אים.

— איך פֿאַרשטיי נישט, — האָט ער ווײַטער גערעדט גייענדיק, — פֿאַר וואָס די פּאַרטיי לייגט נישט קיין אַכט דערויף.

דערמיט איז ער אַראָפּ פֿון די שטיגן און אַוועקגעגאַנגען.

העניעך איז געבליבן שטיין און האָט נאָכגעדענקט וועגן דעם וואָס מאָטל פּיקעלני האָט אים געזאָגט. די רייד זענען אים פֿרעמד געווען און האָבן אים נישט געגומען. אין עטלעכע ווײַל אַרום האָט ער זיי פֿאַרגעסן, און אַנדערע געדאַנקען האָבן זיך אָנגערוקט, מחשבֿות, וואָס דאָס נישט־דערזאָגטע אין זיי איז מער, איידער דאָס געזאָגטע, און דאָס צווייפֿלהאַפֿטע, איידער דאָס געוויסיקע.

די זון האָט זיך געזעצט. דער דרויסן איז געשטאַנען אין שײַן. ס'האָבן גע־לויכטן די הײַזער, און די שויבן האָבן געגליט, ווי גאָלד.

ביסלעכווײַז האָבן זיך די קאָלירן אויסגעבלייכט און זענען זיך צעפֿלאָסן, און דער וועלט־חלל איז טונקל געוואָרן. אַ בלוילעכע טונקלקייט, אין וועלכער ס'איז, דוכט זיך, פֿאַראַן עפּעס וואָס פֿון האַרצן, ווען עס ברויזט פֿון בענקשאַפֿט און לײַדן, גלײַך זי וואָלט האָבן אײַנגעזאַפּט דעם צער פֿון יעדן איינעם און די בענקשאַפֿט פֿון יעדן איינעם, האָט פֿאַרפֿלייצט די וועלט. די גרענעצן צווישן די קעגנשטאַנדן זענען פֿאַרווישט געוואָרן, און זיי האָבן זיך דערנענטערט צו אַנאַנדער. ס'זענען מטושטש געוואָרן די אַלע זאַכן, וואָס זענען געבונדן מיט דער ערד, ס'איז אָפּגעמעקט געוואָרן יעדע זאַך, וואָס האָט פֿאָרעם, און די וועלט איז געוואָרן אַ הויכע און געהיימע ספֿערע.

געבויגן, די האַנט אויף דער באָרד, איז העניעך געשטאַנען איינער אַליין, דאָס האַרץ האָט אים געקלאַפּט. און טרערן האָבן געדריקט און געבלעזלט אין זײַן קעל.

— אַוועק דײַן לעבן, אַוועק. אַוועק דײַן לעבן. — האָט ער וויטיקלעך גע־שעפּטשעט צו זיך אַליין. — אַך, ווען ס'וואָלט מעגלעך זײַן אָנצוהייבן אַלץ פֿון דאָס נײַ . . .

# xxiv

ווי אַן אמתער מאַרקסיסט, וואָס דער וויסנשאַפֿטלעכער סאָציאַליזם האָט זיך טיף פֿאַרוואָרצלט אין זײַן דערקענטעניש, און דער דיאַלעקטישער מאַטע־ריאַליזם איז אים אַרײַן אין בלוט, איז הענעך געווען אַלע זײַנע יאָרן אַן אַטעיִסט. הײַנט, ווען זײַן קראַנקהייט האָט זיך פֿאַרשטאַרקט, און ער האָט דערפֿילט אין זיך, אַז ער איז געפֿערלעך, האָבן אים אָנגעהויבן באַאומרויִקן מחשבֿות, מחשבֿות וועגן טויט, און מחשבֿות וועגן יענער־וועלט.

ער פֿלעגט איבעררײַסן די מחשבֿות און זיך פֿאַרטאָן אין די קלאַפּאַטן פֿון דער רעוואָלוציע. אָבער די מחשבֿות פֿלעגן קומען צוריק און פֿאַרשלינגען זײַן גאַנצע מי און אָוועקפֿירן זײַנע זינען פֿון דעם כּלל צום פּרט, צו זיך אַליין, צו זײַן מהות און נשמה. גלײַך ווי דאָס זאָל זײַן דער עיקר, דאָס איבעריקע אָבער: די געזעלשאַפֿטלעכע אָרדענונג, די סאָציאַלע רעפֿאָרמען און אַזוי ווײַטער, און אַזוי ווײַטער, — איז אומבאַטײַטיק. פֿאַרגענגלעך און פֿאַרשווינדנדיק.

וויפֿל ער זאָל נישט האָבן זיך באַמיט, האָט עס אים נישט געהאָלפֿן. די מחשבֿות האָבן אים נישט צו רו געלאָזן. ס׳האָט זיך באַזעצט אַן אימה אין זײַן האַרצן, די אימה פֿאַרן טאָג פֿון שטאַרבן, די אימה פֿאַר דער אייביקער פֿינצ־טערניש, די אימה פֿאַר דעם נ י ש ט ־ ז ײַ ן און די אימה פֿאַר נאָך עפּעס וואָס, וואָס איז נישט קלאָר.

בײַ נאַכט פֿלעגט אים נישט נעמען דער שלאָף. בײַ טאָג פֿלעגט ער אַרומגיין אַן אָפּגעלאָזענער, מידער, מיט פֿוילקייט אין די גלידער און באַטריבט געמיט. פֿון צײַט צו צײַט פֿלעגט ער קראַנק ווערן און, אויפֿגעהויבן זיך אין עטלעכע טעג אַרום פֿון קראַנקן געלעגער, פֿלעגט ער נישט אײַלן זיך צו דער אַרבעט, נײַערט בלײַבן אַליין, שפּאַצירן אין פֿעלד, זעצן זיך אָפּרוען בײַם ברעג טײַך,

נאָכקוקן אַ פֿאַרבײַציִענדיקן וואָלקן, אַ פֿאַרבײַפֿליִענדיקן שמעטערלינג, אַ קליין בלוי בלימל, ווי פֿון הימל געמאַכט; דערשפּירן אין זיי דעם טעם פֿון לעבן און דערמאָנען זיך אין דעם טאָג פֿון טויט.

— דאָס אַלץ וועט איבערבלײַבן . . . — פֿלעגט ער שאָקלען מיטן קאָפּ און זאָגן אומקלאָר־קלאָר, צי באַדויערנדיק, צי טרייסטנדיק זיך.

אין די פֿאַרנאַכטן פֿלעגט ער זיצן אויפֿן גאַניק איינער אַליין. דער לערער רוים איז ווי פֿול מיט גרוילן, און די לבֿנה־שײַן איז בלייך און שיטער, ווי דאָס פּנים פֿון אַ בר־מינן. איינס אַ שטערנדל, אַ קליינס און בלאָס, וואָס צייכנט זיך נישט דײַטלעך, האָט ער אָנגענומען פֿאַר זײַנס.

— אָט איז עס . . . — פֿלעגט ער אָנשטעלן דערויף די אויגן און זאָגן שטילער־הייט, גלײַך ער וואָלט אומגעריכט באַגעגנט אַ האַרציקן פֿרײַנד. — דאָס וועט איבערבלײַבן נאָך מיר . . .

אַ סך פֿלעגט ער טראַכטן וועגן כאַנקען און אויסלאָזן אַזוי:

— אין איינעם אַ טאָג קומט מאָטל פּיקעלני צוריק אַהיים און זאָגט צון איר: „האָסט געהערט עפּעס אַ מעשׂה? — הענעך איז געשטאָרבן".

אַזוי האָט ער זיך געפּלאָגט אַ צוויי־דרײַ וואָכן, ביז לסוף געכאַפּט זיך און דערזען, ווי נידעריק ער איז געפֿאַלן. איז ער געבליבן שטיין פֿאַרוווּנדערט, פֿירנדיק די אויגן אַהין און אַהער, מיט אַ משונה פּנים, ווי עמעץ, וואָס מען איז באַגאַנגען איבער אים אַ גוואַלד־אַקט.

— אַזעלכער בין איך? . . . — האָט ער געמורמלט.

ס'איז אים קיין מאָל אויפֿן זינען נישט געקומען, אַז אַזאַ אַפּיקורסות וועט אַרײַן אין אים, אַזאַ אידעאַליסטישער אומזין. האָט ער גלײַך אָנגענומען אַ באַשלוס זיך אומצוקערן אין דער רויטער אַרמיי.

— גענוג! — האָט ער אַ זאָג געטאָן. — כ'בין אומזיסט געקומען צוריק. עט, פּוסטע זאַכן. פֿאָרן צוריק! שנעל פֿאָרן צוריק! . . .

# XXV

זיי זענען לאַנג, די טעג, אָט די תּמוז־טעג, וועלכע האָבן תּמיד אַ היפּשע מאָס פּוסט־און־פּאַסטקייט. בפֿרט הײַנט, ווען די מענטשן זענען געניטערהייט פֿרײַ פֿון האַנדל. טעג, וואָלט מען קאָנען זאָגן, פֿון צדקה, וואָס דערעסן, ווי צדקה־געלט, און ליגן זיך, ווי שטיין, אויפֿן האַרצן.

רב נתן נטע האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון זײַן בײַטאָגיקן שלאָף, אויסגעטרונקען אַ גאַנצע קוואָרט לעבלעך וואַסער פֿון פֿאָס און געזעצט זיך פֿאַרן אָפֿענעם פֿענצטער. אַן אָפּגעלאָזענער און אָפּגעשוואַכטער, דאָס פּנים געווייקט אין שוויס, די אַרבל פֿון העמד צעריסן און פֿאַרגעלט פֿון אַלטקייט, און דאָס היטל אַוועקגעשאַרט אויף אַ זײַט. ער האָט אַרויסגעלאָזט אַ דרײַ־פֿיר הויכע געגעצן נאָך אַנאַנד און אויסגעשטרעקט די האַנט צום משניות, וואָס איז געלעגן אויפֿן עק טיש. מער פֿון דעם משניות וואָלט אים ערשט בעסער געשמעקט אַ גלאָז טיי, שוין אָפּגערעדט עפּעס וואָס אַ קײַ צו טאָן, נאָר ס'איז דאָך אָבער נישטאָ. בעל־כּרחו האָט ער געזשומעט, ווי אַ בין, און געלערנט, און געגענעצט, ביז ער איז געקומען צום זאָג „ולוקחין ביצים ותרנגולים מכּל מקום" — און מע קויפֿט אייער און הינער פֿון אומעטום. האָט ער זיך דערמאָנט אין די בודיאַנער הענער. נעכטן צו חצות, אַז דער שלאָף האָט אים נישט גענומען, איז ער אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן אַ ביסל אָפּקילן זיך, און די הענער פֿון נאָענטן דאָרף, אין בודיאַני, האָבן זיך איבערגערופֿן. איז ער געבליבן שטיין, האָט צוגעהערט אַז אויער צו האָרכן, און זייער קול איז אים אויסגעקומען, ווי מוזיק, ווי דער רויש פֿון דער אַמאָליקער וועלט, פֿול מיט ברכה און שפֿע. און ווען די הענער זענען שוין געווען אַנטשוויגן, איז ער נאָך אַלץ געשטאַנען אונטערן אויסגעשטערנטן הימל, איינער אַליין, אין די בלויזע העמד־און־גאַטקעס, ווי עמעץ וואָס איז נישט בײַ די

געדאַנקען, און האָט נאָכגעטראַכט װעגן דעם ריבונו־של־עולמס מעשׂים. ערשט האָבן יענע מחשבֿות זיך צוריקגעקערט און זענען אים געקומען אויפֿן זינען, האָט ער שנעל גענומען און צוגעמאַכט דאָס ספֿר, אַנגעטאָן בחיפֿזון די קאַפּאָטע און אַװעק פֿון שטוב.

ער האָט זיך מיישבֿ געװען צו גיין צו מאיר חנה־העניעס. אפֿשר װעט זיך געפֿינען בײַ אים אַ ביסל פֿאַדעם, אַדער זאָל צו פֿאַרהאַנדלען די פֿויערים. אָבער גלײַך אויפֿן אָרט פֿון דעם געדאַנק זיך צוריקגעצויגן.

— עט, — האָט ער אַװעקגעמאַכט מיט דער האַנט, — חלומות.

באַלד איז ער געװאָרן אַפּהענטיק און האָט גענומען גיין פֿויל, גלאַט אַזוי זיך. נישט װיסנדיק װוּהין.

„צוליב װאָס זענען אַט די אַלע מאַטערנישן?״ — האָט ער זיך געטראַכט, װי געװיינלעך און שטענדיק. — „װאָס איז דער תּכלית? און װעמען איז נייטיק אַט די גאַנצע חתונה?״

ער האָט אויפֿגעהויבן די אויגן צום לערן חלל, און ס׳איז אים אַרויף אויפֿן זינען עפּעס פֿון אַנדערע צײַטן, פֿון װײַטע לענדער און אַ לעבן פֿון שלוה און נחת.

„װאָס איז דער תּכלית פֿון דער דאָזיקער װעלט?״ — האָט אים אַ מחשבֿה װידער גענומען עגבערן אין קאָפּ — „צוליב װאָס איז זי באַשאַפֿן געװאָרן. און װאָס פֿאַר אַ נוצן ברענגט זי? און צוליב װאָס פֿאַר אַ זאַך אויפֿצוטאָן בין איך אַהער געקומען, און װאָס קאָן איך אויפֿטאָן? װ אָ ס? װ אָ ס?״

ער איז געשטאַנען פֿאַר דער חורבֿה פֿון דאַדיע דראָב, װאָס ער און זײַן גאַנץ הויזגעזינד זענען אומגעקומען אין די פּאָגראָמען, ס׳איז חרובֿ געװאָרן דאָס הויז, און ס׳איז חרובֿ געװאָרן דאָס בלומען־גערטל. װאָס פֿאַרן הויז. ערשט איז אין גערטל אויסגעװאַקסן אײנאײנציקע מאַלװע, אַ הויך און שטאָלץ שטענגל, באַזעצט מיט פֿינף ראָזע בלומען נאָך אַנאַנד. ער האָט זיך פֿאַרקוקט אויף די דאָזיקע בלומען און זיך געװוּנדערט, גלײַך ער װאָלט געזען אַן אומגעװיינלעכע און אומפֿאַרשטענדלעכע זאַך. ס׳הייסט, װאָס טוט דאָ די בלום אין ד ע ר צ ײַ ט און אויפֿן ד אָ ז י ק ן אָרט?

— דאַדיע דראָב, ער און זײַן הויזגעזינד, — האָט ער געשאָקלט מיטן קאָפּ קעגן דער מאַלװע, — האָבן מקדש־השם געװען. אַט צוליב װאָס זיי זענען געקומען אַהער: זיי האָבן מקדש־השם געװען!

ער האָט געכאַפּט אַ קוק אַהין און אַהער צו זען, אויב עמעצער האָט אים באַמערקט שטיין אַזוי פֿאַר דער מאַלװע, און אײַליק געלאָזט זיך פֿון דאָרט אַװעקגיין, װי עמעצער אַנטלויפֿט פֿאַר אַן עבֿירה.

# xxvi

**דער בית־המדרש** איז לער געווען, ווי געוויינלעך איז דער צייט, פאר מנחה. די לופט דארטן איז געווען א געלע, ווי נישט די זון וואלט אויף איר גערוט, נייערט זי וואלט גענומען געווארן פון צווישן די אלטע ספרים־בלעטער אין אלמער. א צעפארענער איז געשטאנען דער באלעמער אין מיטן, אויסגעקרימט אויף א זייט. דער עמוד איז צעהויקערט. ווי ער וואלט זיך קארטשען פאר ווייטיק, און די מעשענע הענגלייכטער הענגען אין לערן חלל מיט ארויסגעדרייטע הינטערטיילן און צעבויגענע רערלעך. אין א ווינקל, צווישן אויוון און פענצטער ליגט אן איבערגעקערטער שטענדער.

דריי־פיר אלט לייט זענען זיך געזעסן באזונדער און געגודיעט איבער א בלאט גמרא און א פרק משניות. די איבעריקע האבן גערעדט וועגן פאליטיק און מלחמה און געשמועסט וועגן טראצקיס גרויסקייט. די אלט־בודער האבן זיך איבערגענומען מיט טראצקין, וואס אין אים שטעקט גאר די גרויסקייט, די חכמה און די גבורה, און פון אים קאן מען אפלערנען אויף דעם גאנצן כלל־ישראל. נישט ער איז אן אויסנעם פון דעם כלל, נאר פארקערט, האט אלע אריינגענומען מיט זיך אין כלל אריין.

דער ראש־המדברים איז געווען שואליק קאטשור. ער איז געווען א מענטש אין די מיטעלע יארן. נישט קיין פאלנער מענטש, נאר א שטיקל מענטש: א נידעריקער און מאגערער, ווי א יינגל, מיט א פנים, א פינצטערס, ווי די ערד, מיט פלינקע און צעטומלטע אויגן, מיט א געלבלעך בערדל, א שפיציקס, ווי א קליניקל, מיט א גרויסן שטערן, א דורכגעאקערטער מיט א סך פאלדן. ער איז געווען א גרויסער מומחה וואס שייך טראצקין. פלעגט שיטן וועגן אים, ווי פון א געלעכערטן זאק ארויס, זאכן, וואס חוץ אים האט קיינער נישט געהערט און

נישט געזען. צווישן לענינען און טראצקין האט ער העכער געשטעלט טראצקין. ווייל ער איז, פלעגט ער זאגן, דער סאמע ערשטער, דער גלאוונע קאמאנדעשטשע. די גאנצע רויטע גווארדיע איז זיינס א פיין שטיקל ארבעט, איז אין זיין רשות און אנערקענט נישט קיין אנדער ראש איבער זיך, נייערט אים אליין. און כאטש ער איז דער גלאוונע קאמאנדעשטשע, פלעגט ער זאגן, און ווינט אין סאמע קרעמל, און פארט אין ניקאליי דעם צווייטנס פאיעזד, פונדעסטוועגן האלט ער זיך נישט גרעסער פון יעדן פשוטן סאלדאט. נישט בלויז איין מאל האט ער אנגעפירט מיטן גאנצן מיליטער און זיך געשלאגן מיטן שונא, ווי א פשוטער סאלדאט. און נישט בלויז איין מאל האט ער געטאן א שפרונג ארויף אויפן פערד און מיטגעצויגן מיט זיך א גאנצן באטאליאן, וואס איז אנטלאפן פונעם פראנט. און נאך א מעשה מיט א באטאליאן, וואס האט זיך צעבונטעוועט, האט ער דערציילט. האט ער גלייך געטאן א קום צו זיי, איז ארויפגעשפרונגען אויף א פאס פולווער, געהאלטן פאר זיי א דרשה, און ס'זענען נישט אריבער קיין עטלעכע מינוט, ווי זיי האבן אים א הייב געטאן אויף די הענט. און פון ערשט אן — מארש אויפן פראנט! דעסט גלייכן האט ער וועגן אים דערציילט א מעשה מיט א טאווארישטש, וואס האט זיך פארזינדיקט. יענער טאווארישטש איז געווען א קאמוניסט, א פראסטאק, א גארנישט שבגארנישט, עפעס א ראטנע קאמאנדיר. האט ער אויף אים געטאן א קוק און א זאג צון אים: „ווי האסטו נעקאנט אזוי זיך דערנידעריקן און באגיין אזא פארברעכן?! צי ווייסטו נישט, ווער דו ביסט? דו האסט דעם כבוד צו זיין א מיטגליד אין דער פארטיי, וואס שטייט אין שפיץ פון דעם ארבעטער־קלאס פון דער גאנצער וועלט!"

— ביי לענינען, — האט ער געטאן א פארשאר דאס היטל אויף דער פאטיל־ניצע און גערעדט מיט א פארגעניגיק און צעשמייכלט פנים. — איז ער דאס גאנצע לעבן און די נשמה. טאג־טעגלעך, עטלעכע מאל אין טאג, קומט ער צון אים אין שטוב אריין, זיך מיט אים צו בעראטן וועגן גאר הויכע זאכן, רעדט מיט אים דורכן טעלעפאן און שיקט אים צעטלעך, א צעטעלע נאך א צעטעלע. און אז ער פארט אין וועג אריין, שיקט ער אים א סך בריוו און טעלעגראמעס אן א סוף. טייל מאל, ווען זיי זיצן צוזאמען אויף א זיצונג פון דעם סאוונארקאם און רעדן ארום פארשידענע זאכן, שיקט טראצקי צו צו לענינען א קליין צעטעלע: „צי צוריק, טאווארישטש לענין, דיין פארשלאג, וואס דו האסט פארגעשלאגן, ווייל אזוי און אזוי, איך זע, אז סע קאן פון אים ארויסקומען א מיכשול פאר אונדזער רעוואלוציע". ענטפערט תיכף לענין מיט א קורץ צעטעלע כהאי־לישנא: „ביסט גערעכט, טאווארישטש טראצקי, טייערער ליעוו דאווידאוויטש. כ'האב געמאכט א פעלער. איך נעם אראפ מיין פארשלאג פון סדר־היום". דעמאלט, ווען די דייטשן זענען אריין קיין רוסלאנד און האבן עם פארנומען, האט לענין געוואלט פארלאזן פעטראגראד. האט זיך טראצקי גלייך געטאן א שטעל אויף און א זאג: „ניין, טאווארישטש לענין! זאל מיט אונדז געשען, וואס סע זאל נישט געשען. און מיר וועלן פעטראגראד נישט אפגעבן. מיר'ן פארטיידיקן די שטאט ביזן לעצטן טראפן בלוט". האט לענין צון אים א שאקל געטאן מיטן

קאָפּ און געזאָגט: „אפשר ביסטו גערעכט, טאָוואַרישטש טראַצקי. לאָמיר פּראָבירן”.

— אונדזער לייבעלע! — האָט אַ מאַך געטאָן איציק שפּרינצעס מיט טאָדל און לויב אין איין קנייטש.

— ימח שמו! . . . — האָט צוגעגעבן מלך קאַראַביייניק.

אָפּגעשטאַנען דאָ אַ צוויי־דרײַ מינוט און אויסגעהאַרכט וואָס שואליק קאַטשור האָט גערעדט, האָט רב נתן נטע געטאָן אַ ציִ אַרויף אַן אַקסל און אַ ברום שטיל און פֿאַר זיך אַליין:

— עט, פּלוידערבײַ!

ער האָט גענומען אַ גמרא פֿון אַלמער און זיך געזעצט צווישן רב ברוך לעוויטין און רב יוסף מאיר באָרישאַנסקי, וואָס זענען געזעסן און האָבן זיך געשאָקלט און געלערנט מיט אַ ניגון.

רב יוסף מאיר האָט איבערגעריסן אין מיטן לערנען, אַ פּיר געטאָן די האַנט איבער די צעוואָקסענע שטערנבערעמען, פֿון די שטערנבערעמען אויף דער היפּשער באָרד און אַ זאָג געטאָן אין דער וועלט אַרײַן:

— אוי, גוואַלד, וואָס טוט מען? ווי לעבט מען אויף דער וועלט?

האָט רב ברוך אַרויסגעלאָזט אַ זיפֿץ און אים געענטפֿערט:

— אוי וויי. מיר האָבן אַ דערבאַרעמדיקן גאָט אין הימל.

— מיר האָבן טאָקע אַ דערבאַרעמדיקן גאָט אין הימל — האָט רב יוסף מאיר טיף אָפּגעקרעכצט, — אָבער אויך אַ ביטערן מלאך־המות.

זיי האָבן זיך צוריק גענומען צום לערנען און געשאָקלט זיך זיצנדיק און געזשומעט, ווי די בינען. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט רב ברוך אויסגע־קנאַקט איינציקווײַז די פֿינגער און אַ זאָג געטאָן מיט אַ שפּור פֿון שמייכל:

— אוי, טאַטע־פֿאָטער! ווו דאַקאַזשעט מען אַ פּגם אין דער משפּחה? אַ שמץ־פּסול ווו נעמט מען?

רב נתן נטע האָט אַ קוק געטאָן אויף רב ברוכן, אויף זײַן באָרד, אַן ענלעכע צו שטרוי, אין זײַנע העלע און לערע אויגן און גאַנצן בלייכן און שטילן פּנים, אין וועלכן ס'איז פֿאַראַן עפּעס חודש־אלולדיקס און דערמאַנט פֿעלדער, אַנטבלויזטע ביימער, קבֿר־אָבֿות און שופֿר־בלאָזן, — און טיף אָפּגעזיפֿצט.

— צו וואָס פֿעלט דיר אַ שמץ־פּסול? — האָט רב יוסף מאיר אויסגעדרייט דעם קאָפּ, אויף אים אַ קוק געטאָן, און זײַנע שטערנבערעמען האָבן זיך אים געטאָן אַ הייב אַרויף און זיך אויסגעבויגן, ווי פֿײַלן־בויגנס.

— וואָלטן מיר דעמאָלט די טאָוואַרישטשעס מזכּה געווען, — האָט רב ברוך געענטפֿערט — מיט עפּעס וואָס דאָס לעבן צו דערהאַלטן.

— דערויף איז ווינציק אַ שמץ־פּסול, — האָט רב יוסף מאיר באָרישאַנסקי געגנוי באַחשבונט, — נײַערט אַ גאַנצע קופּע שרצים.

— טע־טע־טע . . . — האָט רב ברוך אַ הייב אַרויף געטאָן אַ פֿינגער און אַ זאָג. — ווען איך זאָל האָבן אַ קופּע שרצים, ווער וואָלט זיך דעמאָלט צו מיר גלײַכן!

זיי האָבן לאַנג געשמועסט צווישן זיך, ביז לסוף האָט רב נתן נטע געטאָן א פֿאַרמאַך די גמרא און זיך אויפֿגעשטעלט.

— אין ערגעץ נישט, — האָט ער א זאָג געטאָן מיט א פֿאַראיבלדיק פּנים, — שטערט מען נישט אַזוי דאָס לערנען, ווי אין בית־מדרש.

ער האָט אַרײַנגעשטעלט די גמרא צוריק אין אַלמער. האָט אויפֿגעהויבן די אויגן און באַמערקט מעכל פּוכיר זיצן האַלב ליגנדיק אויף א זײַט, די באַק אויף א האַנט, די אויגן אָנגעשטעלט אין לערן רוים, און דאָס פּנים נידער־געשלאָגן.

ער האָט זיך צוגן אים אָנגערופֿן:

— וואָס זשע הערט זיך נײַעס, מעכל? וואָס איז מיט דיר?

מעכל פּוכיר האָט זיך אָפּגעהאַלטן מיט אַן ענטפֿער, בלויז אַן אויג א ווענד געטאָן צו אים. אין א ווײַל אַרום האָט ער צו אים א זאָג געטאָן מיט א באַדעכטיקער און געלאַסענער שטים:

— ס'איז מיר נמאס געוואָרן . . .

— וואָס איז דיר נמאס געוואָרן? — האָט אים רב נתן נטע נישט פֿאַרשטאַנען.

— צו זײַן א מענטש.

רב נתן נטע האָט אויף אים א קוק געטאָן קרומלעך, מן־הצד, און איז זיך אַוועקגעגאַנגען מיט קליינע טריטעלעך.

עטלעכע מענטשן זענען איינער נאָכן אַנדערן אַרויסגעגאַנגען פֿון בית־מדרש. קיינער האָט זיך אויף זיי נישט אומגעקוקט. נאָר שפּעטער, ווען מ'האָט זיך גענומען שטעלן דאַווענען מנחה, איז קיין מנין אין בית־מדרש נישט געווען.

איז מלך קאַראַביינ יק אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן און צוגעשטאַנען צו יעדן, וואָס איז אָנגעקומען אין גאַס, ער זאָל אַרײַנגיין משלים זײַן צום א מנין.

— קומט אַרײַנכאַפּן א קדושה. טוט א טובֿה און קומט אַרײַן. ס'פֿעלט איינער צום מנין.

ס'האָט זיך נישט געפֿונען קיין בעלן אויף א קדושה.

ווען די זון איז אונטערגעגאַנגען, האָבן זיי שוין קיין ברירה נישט געהאַט, און אומעטיק און זיפֿצנדיק געשטעלט זיך דאַווענען ביחידות, יעדער פֿאַר זיך אַליין.

# XXVII

**ווי יעדן טאג**, איז אויף רב וואלף מאריאמטשיקס באדעכלטן גאניק זיך צונויפגעקומען א רעדל באלעבאטים. רב וואלף האט געשפילט מיט פאלעק קאסאי אין שאך, און דריי ייִדן זענען געשטאנען ארום זיי און אונטערגעהאלפן מיט עצות. די איבעריקע זענען געזעסן אויף די אויסגעקרימטע בענק, וואס ריפען און סקריפען, און האבן גערעדט צווישן זיך. אונטן, אויפן שטיגל פון גאניק, איז געזעסן מעכל פוכיר און האט זיך נישט אריינגעמישט אין זייער שמועס. דער שמועס איז אריבער פון איין עניין צום אנדערן, צוזאמענגעמישט אמאליקע צייטן און היינטיקע צייטן, צרות און חריפותדיקע איינפאלן, טענות מיט שפאסעריי, ווי ס'איז דער שטייגער פון געפאלענע מענטשן. ענלעך צו זיי, איז געשטאנען דער באדעכלטער גאניק, ווי א צעזעצטער קאסטן, א צעקרימטער און צעטרייסלטער. אויך אלע הייזער ארום און ארום זענען געשטאנען צוזאמענגעדריקט, דורכגעפוילט, ווי נישט־במציאותדיק. דעסט גלייכן דער טאג אליין, וואס האט זיך דערנענטערט צום סוף פון זיין מי און אויסגעזען פארלאזט און וויסט, און דער רוים, וועלכער האט זיך אויסגעמאטערט און געבליבן אן אטעם.

צווישן איין עניין און דעם צווייטן האט שמעיה קלאץ אפגעקרעכצט פון בויך ארויס און געזאגט מיט א נידעריקער און גראבער שטים:

— אוי, ריבונו־של־עולם! וואס טוט מען, וואס טוט מען?

האט נאך אפגעזיפצט אברהם יהושע לאבאטע, ווי איינער, וואס איז אריינגעפאלן אין א גרוב און האט שוין די כוחות פארלוירן, שרייענדיק, און זיך מיאש געווען פון הילף, און שטיל געזאגט:

— געוואלד, געוואלד . . .

— אַז אַ ייִד ווערט אַ גוי, איז ער ערגער פֿון אַ גוי! — האָט פֿאָלעק קאָסאָי אויפֿגעהויבן די אויגן פֿון שאַכברעטל און פֿעסטגעשטעלט אַ כּלל — און האָט פֿײַנט ייִדן, מער ווי אַ גוי.

— זיי זענען ערגער, ערגער פֿון די גויִים! — האָט גרשון בוסעל געסאַפּעט, ווי אַ גאַנדז. — ווייסן לחלוטין נישט, וואָס רחמנות איז אַזוינס, וואָס פֿאַר אַ מין חיה דאָס איז.

— מהרסיך ומחריבֿיך ממך יצאו — דײַנע צעשטערער און דײַנע פֿאַרוויסטער וועלן אַרויס פֿון דיר. — איז סענדער שמויסל אַרויס מיט אַ פּסוק, ווי אַ לאָמער טוט זיך אַ לאָז אַרויס אויף זײַן קוליע.

— זיי וועלן אם־ירצה־השם גיין אין דר'ערד אַרײַן. — האָט אַ זאָג געטאָן זיידל „ליהודים", אַ מאָגער און נידעריק מענטשל, מיט אַ בערדל ווי שטרוי, אַ לאַנגע נאָז, אַ גרויס מויל און אַן אַקסל, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ, ווי אַ וואָגשאָל, ווען זי וועגט אַריבער. — זיי דאַרפֿן גיין אין דר'ערד אַרײַן, און פֿאַרדינען זיך צו גיין אין דר'ערד אַרײַן, און ווי באַלד זיי דאַרפֿן און פֿאַרדינען זיך מוזן זיי גיין. אם־ירצה־השם, בקרובֿ, בקרובֿ בימינו!

— אוי לה ל„גדולה" שאינה גורמת טובֿה בעולם — ווײ איז צו דער „גרויס־קייט", וואָס ברענגט נישט קיין גוטס אויף דער וועלט. — איז סענדער שמויסל ווידער אַרויס, ווי אַ לאָמער אויף זײַן קוליע, מיט אַ מאמר חז"ל.

— אוי לה ל„גדולה" שקוברת את בעליה! — ווײ איז צו דער „גרויסקייט", וואָס באַגראָבט איר אייגנטימער! — איז אים זיידל „ליהודים" אַקעגנגעשפּרונגען און האָט אַראָפּגעשלונגען דורך דער וואַנצע אַ פֿאַרגעניגיקן שמייכל.

—אדרבה, אַז ווייל איז צו דער גרויסקייט, וואָס באַגראָבט איר אייגנטימער!

— האָט אים סענדער שמויסל אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט צווישן זײַנע אויגן.

— אַ ז ווייל, אַ ז ווייל...

— אַך, אַך, די רעוואָלוציע, אַז אַ בראָך זאָל אויף איר קומען! — האָט שמעיה קלאָץ איבערגעחזרט און אָפּגעקרעכצט פֿון בויך אַרויס. — זי האָט אונדז געפּעלט ווי אויגן־ווייטיק.

—און ווער האָט זי געבראַכט אויף אונדז? — האָט אים אבֿרהם יהושע לאַבאַטע געשטעלט אַ פֿראַגע און אַראָפּגעווישט מיט דער האַנט דעם שווייס פֿון זײַן הויכן שטערן. — אפֿשר איוואַן העפּ? אונדזעריקע דאָך, ייִדישע בחורים!

— שאַך! . . . — האָט אויסגערופֿן רבֿ וואָלף, אַ טײַטל געטאָן מיט איין פֿינגער אין דער הייך און אַ זאָג געטאָן צו די שמועסנדיקע. — ד אָ ר ט זענען קיין רעוואָלוציעס נישטאָ, בלויז דאָרט. אַז די מלאכים פֿירן זיך אויף לײַטיש, מיט שׂכל און פֿאַרשטאַנד, איז דאָך אַלץ ווויל און גוט, דאַרף מען קיין רעוואָ־לוציעס נישט.

דאָס האָט ער אַרײַנגעשמוגלט אַ גנבֿיש וואָרט צום פֿאַרענטפֿערן גלאָט אין דער וועלט אַרײַן, צוליב „כּי עוף השמים יוליך את הקול" — ווענט האָבן אויערן. ווי ס'האָט אים אַ מאָל געטראָפֿן, אַז ער איז געשטרויכלט געוואָרן מיט דער צונג, און מ'האָט אים פֿאַרנומען אין דער טשעקאַ.

— מיר זענען נישט קיין מלאָכים, — האָט זיידל „ליהודים" אַנגעזשמורעט אויף אים די אויגן און לצנותדיק געשמייכלט. — מיר זענען פּראָסטע חי־וקימס, און אַז אַד און ווי איז צו אונדז!

— זאָל מען מיך לאָזן אַרויספֿאָרן פֿון רוסלאַנד. — האָט גרשון בוסעל געסאַפּעט ווי אַ גאַנדז. — כ'האָב אַ שוואָגער אין אַמעריקע, און האָב אַ קרובֿ אין אַנטווערפּן, מײַן ערשטער ווײַבס, זכרונה לבֿרכה, אַ שוועסטערס אַ זון. כ'פֿאַרלאַנג נישט מער, מע זאָל מיך לאָזן אַרויספֿאָרן קיין אויסלאַנד. וואָס האַלטן זיי מיך דאָ אין באַהעלטעניש?

— אַ מאָל האָט מען געוואָלט באַהאַלטן דעם ספֿר קוהלת, — האָט זיידל „ליהודים" אַרויסגעוויזן זײַן חריפֿות. — און הײַנט באַהאַלט מען דעם מענטשן.

— די מעשׂה איז אַזוי, — האָט רב וואָלף גענומען אַ פֿיגור פֿון שאַכמאַט־ברעטל און זי געהאַלטן אין דער לופֿטן צווישן צוויי פֿינגער. — אין רוסלאַנד איז נאָד שלעכט, אָבער דאָרטן, אין אייראָפּע, אין אַמעריקע, איז שוין שלעכט.

ער האָט באַלד אַנידערגעשטעלט די פֿיגור אויף אַ קעסטעלע פֿונעם ברעטל און ווידער אַ מאָל אויסגערופֿן:

— שאַד!

— זײַ מיך מציל פֿון מײַנע פֿײַנד און נאָכיאָגער. — האָט פֿאָלעק קאָסאַי זיך אונטערגעזונגען, אַרײַנלייגנדיק דעם קאָפּ צווישן ביידע דלאָניעס.

האָט אים זיידל „ליהודים" אונטערגעכאַפּט:

— אַד . . . כ'האָב הײַנט גראָד אויפֿגעמישט דעם „שבֿט מוסר", האָב איך דערזען שטיין אין אים געשריבן: דער מענטש יאָגט נאָד און ווערט נאָכגעיאָגט. יאָגט נאָד, וואָס ער וועט נישט דעריאָגן, און ווערט געיאָגט פֿון דעם, פֿון וואָס ער וועט נישט אַנטרינען.

מעכל פּוכיר האָט זיך אויפֿגעהויבן און געלאָזט גיין אַ געבויגענער, די אויגן פֿאַרשטאָכן אין דר'ערד.

האָט אים רב נתן נטע באַגעגנט אין מיטן גאַס, פֿאַרהאַלטן און אַ פֿרעג געטאָן:

— ס'איז דאָ עמעצער בײַ רב וואָלפֿן?

ער האָט געענטפֿערט:

— ס'איז דאָ.

— מע שפּילט?

— אומם . . .

— ווער?

— רב וואָלף און פֿאָלעק.

— אהאָ . . . — האָט רב נתן נטע ווײַטער געצויגן און אַ קוק געטאָן אויף אים זײַטיק. — סע שטייען שיינע טעג. מחיה נפֿשות.

האָט מעכל פּוכיר אַרויפֿגעהויבן די אויגן און אַרײַנגערעדט אין דער וועלט אַרײַן:

— עפּעס ווי עולם־הבא־טעג.

רב נתן נטע האָט געשוויגן, גאָרנישט זיך אָפּגערופֿן צו אים, נײַערט נאָכגע־דענקט, אַז ער איז עפּעס נישט ווי ס'קער צו זײַן, אַז פֿון טאָג צו טאָג זעט ער אוים משונהדיקער.

— אַזוי פֿיל מענטשן זענען געשטאָרבן . . . — האָט זיך ווידער אָנגערופֿן מעכל פֿוכיר פֿון זײַן פֿאַרטראַכטעניש אַרוים.

— וואָסערע מענטשן? — איז רב נתן נטע געשטאַנען אַ פֿאַרווונדערטער.

— די מענטשן . . . די אַלע מענטשן, וואָס זענען פֿון אייביק אָן געשטאָרבן.

— נו? — האָט רב נתן נטע ווײַטער געוואָלט הערן.

— גאָרנישט. — האָט מעכל פֿוכיר אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ און זיך אַרומגע־קוקט. — און פֿונדעסטוועגן איז גוט און ווויל אויף דער וועלט . . .

—ובֿכן? — איז רב נתן נטע סמוטנע געוואָרן.

— גאָרנישט. — האָבן מעכל פֿוכירס ליפּן זיך פֿאַרקרימט מיט אַ פֿאַרהוילענעם שמייכל, וואָס זאָגט נישט גאָרנישט. — און אַז מיר וועלן אוועקגיין פֿון דער וועלט, וועט אויך זײַן אַזוי: די זון וועט שײַנען, דער הימל וועט זײַן בלוי, און די וועלט, ווי אַ נײַ־געבוירנס. פֿײַן. זייער פֿײַן.

— נו, נו! — האָט זיך רב נתן נטע אויף אים צעבייזערט. — רעד נישט קיין נאַרישקייטן.

ער האָט זיך גלײַך אַ ריר געטאָן פֿון אָרט און איז אַוועק פֿון אים אַ צעמיש־טער, מיט קליינע טריטעלער, פֿלינקע און אונטערגעטריבענע.

אין אַ ווײַליטשקע אַרום האָט ער אויסגעדרייט דעם קאָפּ, אַ קוק געטאָן און געזען, ווי מעכל פֿוכיר גייט זיך פּאַוואָלינקע, געבויגן און אָפּגעלאָזן, ווי אַ פֿערד אין אַ רעגנדיקן טאָג.

ער האָט אַ צי געטאָן מיט די פּלייצעס אַרויף און איז ווײַטער געגאַנגען. אין מיטן דערינען איז ער מיד געוואָרן. דאָס האַרץ איז אים פֿאַרחלשט, און די קני־עס ציטערן. ער האָט זיך געזעצט אויף אַ שטיגל פֿון אַ גאַניק, און דער קאָפּ האָט זיך אים פֿאַרדרייט. אין די אויגן איז אים געווען פֿינצטער, און אַ קאַלטער אַנגסט־שווייס האָט אים באַשלאָגן.

# *xxviii*

מעכל פוכיר איז נישט ארויס רב נתן נטעס פון זינען. יעדעס מאָל, וואָס ער האָט אים באַגעגנט, האָט ער אים אַרײַנגעגנאַרט אין אַ שמועס, כדי צו דערגיין, וואָס סע קומט פאַר מיט אים. מעכל האָט גאָרנישט פאַרהוילן און גאָרנישט אויפגעדעקט, נײַערט גערעדט סתם אַזוי זיך, צו דער זאַך און נישט צו דער זאַך, אַלץ וואָס ס'איז אים גראָד אויפן זינען געקומען.

איין מאָל האָט אים רב נתן נטע באַגעגנט אין גאַס, געבויגן, פאַרטראַכט, אויפגעלייגט, און דאָס פּנים קרענקלעך און צעשמייכלט. ער האָט זיך צו אים צוגעלאָזט, און זיי זענען געגאַנגען צוזאַמען. ער האָט צו אים אַ זאָג געטאָן:

— וואָס מאַכסטו, מעכל?

מעכל האָט אים געענטפערט ווי מיט עפּעס אַ צופרידענעם שמייכל:

— סוף־כל־סוף וועלן מיר דאָך אַלע שטאַרבן, און ביז דעמאָלט ווי סע איז — איז. נישט וויכטיק.

אַ צווייט מאָל האָט ער אים באַגעגנט און געפרעגט, וואָס ער מאַכט. האָט אים מעכל געענטפערט נישט צו דער זאַך:

— צו וואָס איז עס, דאָס לעבן? צו וואָס? ס'איז נישט באַוווּסט.

מ'האָט דערציילט וועגן אים, אַז ער איז געקומען אויפן בית־עולם אויף דער לוויה פון איינעם פון זײַן משפּחה, האָט ער זיך קאַנטעס אַרומגעשפּאַצירט צווישן די קבֿרים און געמורמלט:

— אַך, ריבונו־של־עולם, ווי גוט און וווּל דאָ איז! סאַראַ שלווה און מנוחה דאָ איז!

און נאָך האָט מען דערציילט, אַז ער איז געזעסן אין בית־מדרש אין אַ רעדל מענטשן. יענע האָבן גערעדט צווישן זיך און געקרעכצט, ווי דער שטייגער פון

ייִדן. האָט זיך מעכל פּוכיר אויפֿגעשטעלט, אַרומגעקוקט און מיט אַ שמייכל אַ זאָג געטאָן:

— מ'איז זיך מצער, מע זאָרגט, מע קרעכצט. מיר'ן דאָך שטאַרבן! איר האָט פֿאַרגעסן?

דעמאָלט האָט רב וואָלף מאַריאַמטשיק געטאָן אַ שאָקל מיטן קאָפּ און אַ זאָג מיט שבֿרי־לבֿ:

— אוי, האָט דער אַ אָפּגעלערנט מיט מיר אַ בלאַט מרה־שחורה!...

רב נתן נטע האָט זיך פֿאַרנומען מיט אים, מיט מעכל פּוכיר, כּדי אים פֿרײַער מאַכן די געדאַנקען, און בײַ אים גאָרנישט פּועל געווען.

— כ'בין גרייט. — האָט אים מעכל פּוכיר געענטפֿערט אויף אַלע זײַנע רייד.

— וואָס הייסט גרייט? — האָט רב נתן נטע נישט פֿאַרשטאַנען.

—כ'בין גרייט אַוועקצוגיין...

— וואָס רעדסטו? — האָט זיך רב נתן נטע דערשראָקן, און הענט־און־פֿיס האָבן אים גענומען ציטערן. — וואָס פֿאַר אַ דיבורים זענען דאָס, רחמנא־ליצלן...

— כ'בין גרייט, — האָט מעכל פּוכיר איבערגעחזרט, ווי עמעץ וואָס שטעקט אין אייַן געדאַנק.

— מעכל! פֿאָלג מיך און גלייב מיר. — האָט רב נתן נטע אָנגענומען זיך פֿאַר דער באָרד. — קוק זי אָן. איך בין שוין אויף דער עלטער, און די באָרד גרוי. מיר'ן נאָך זוכה זײַן, אם־ירצה־השם, און האָבן אַ גוט לעבן.

— אויף דער וועלט איז נישט כּדאי. — האָט אים מעכל פּוכיר געענטפֿערט געלאַסן. — איך בין נישט להוט, נישט זשעדנע, נישט זשעדנע...

ער האָט אַ ווײַליטשקע געטראַכט און ווידער גערעדט ווי צו זיך אַליין:

— מײנסטן טייל בין איך שוין נישט הי. די חלומות וואָס מע ווײַזט מיר... די וועגן, מיט וועלכע מע פֿירט מיך, די היילן און די גראַטעס... און די מענטשן, וואָס זענען שוין פֿון לאַנג אויפֿן עולם־האמת און טרעפֿן זיך מיט מיר און שמועסן מיט מיר...

רב נתן נטע האָט זיך אַ וואָרף געטאָן און אָפּגערוקט זיך אַ צוויי־דרײַ טריט. מעכל פּוכיר האָט אַרויפֿגעהויבן די אויגן אויף אַ גרויסער טשאַטע וואָלקנס, וואָס האָט זיך פּאַמעלעך געצויגן צום בית־עלמין צו. באַלד האָט ער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, זיך אַוועקגערוקט און אַוועקגעשלײַכט אַ פֿאַרטראַכטער, ווי גוט אויפֿגעלייגט, מיט אַ שמייכלדיק פּנים.

# *xxix*

שלאָפֿן מיטאָג צײַט איז געוואָרן אַ מינהג בײַ לײַטן. ווי אום שבת, אַזוי פֿירן זיי זיך אין דער וואָכן. פֿון מיטאָגצײַט אָן הערן זיך קלאַנגען אין גאַס: כראָפּעריײַען הייבן זיך אַרויף און לאָזן זיך אַראָפּ, פֿון אַלטע לײַט, פֿון מאַנסביל און פֿון ווײַבער — יעדער לויט זײַנע כּוחות. אין אַ צוויי־דרײַ שעה אַרום כאַפּט זיך דער דרויסן ווידער אויף. גענעצערײַען גייען אַרויס פֿון יעדער שטוב און טראָגן זיך אין דער לופֿטן: הויכע און נידעריקע, דינע און גראָבע, אויסגע־צויגענע און הייזעריקע, און אין מיטן דערינען אַ הוסטעניש און קרעכצעניש אומעטום. די מענטשן באַווײַזן זיך אין די טירן פֿון זייערע הײַזער און שטייען אָפּגעלאָזענע, גלאָצן און גענעצן.

רב נתן נטע האָט זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון שלאָף, זיך אויפֿגעזעצט, אָנגענומען זיך מיט ביידע הענט פֿאַר דער באָרד, פֿון ד ע ר זײַט און פֿון ד ע ר זײַט, און אַרויסגעלאָזט אַ הויכן, ברייטן און לאַנגן גענעץ. באַלד האָט ער אַראָפּגעווישט מיט די פֿויסטן די טרערן פֿון די אויגן און גענומען אַרומגיין איבער דער שטוב, ווי אַ משוגענער, וואָס איז אַנטלאָפֿן פֿון שפּיטאָל: אַ באָרוועסער און אָן דער קאַפּאָטע, אַ צעקנייטשטער און נאַכלעסיק, די אונטערשטע ליפּ הענגט אַראָפּ, און די אויגן אויסגעלאָשן און פֿאַרשטאָכן אין דער פּאָדלאָגע, ווי ער וואָלט געזוכט, גאָט ווייסט וואָס, זיך אַליין, צי דעם נעכטיקן טאָג.

— איצטער, — האָט ער געשלײַכט מיד און פֿויל און גערעדט גענעצנדיק, — וווהין גייט מען און וואָס טוט מען?

די נודאָטע האָט אים געטריבן און אַרויסגעשלעפּט פֿון שטוב. ער איז געווען בייז אויפֿגעלייגט צוליבן הונגער, וואָס האָט אים געדרייט די קישקעס, און צוליב דער נודאָטע, וואָס האָט אויף אים געדריקט; צוליב אָט דער גאַס,

איבער וועלכער ער גייט ווידער אָבער מחמת אויפֿגעצוווּנגענער פּוסט־און־פּאַסניקייט, און צוליב די מענטשן, צו וועלכע ער קומט און הערט זייערע שמועסן, איבערגעקײַטע ביז מיגל.

ער האָט זיך נישט־לאַנג פֿאַרהײַעט און איז אַרויפֿגעגאַנגען צו רב וואָלף מאַריאַמטשיקן אויפֿן גאַניק. דאָרט האָט זיך שוין געפֿונען דאָס גאַנצע חדר: זיידל „ליהודים", סענדער שמויסל, אַבֿרהם יהושוע לאַבאַטע און אַלע אַנדערע, לויט זייער שטייגער טאָג־טעגלעך נאָכן בײַטאָגיקן שלאָף. דער באַלעבאָס אַליין, רב וואָלף, איז נישטאָ, ערגעץ אַוועקגעגאַנגען, האָבן זיי געזאָגט, און נאָך נישט צוריקגעקומען.

זיי זענען געזעסן און גערעדט צווישן זיך. סענדער שמויסל האָט גערימט רב וואָלפֿן, אַז ער איז שאַרף אין שאַך.

— נישטאָ צון אים קיין גלײַכן. — האָט ער געזאָגט.

האָט זיך צון אים אָנגערופֿן זיידל „ליהודים":

— יפֿתּח אין זײַן דור איז, ווי שמואל אין זײַן דור. אַ מאָל זענען געווען לייבן, גרויסע מײַנסטערס, הײַנט איז אַפֿילו רב וואָלף אַ מײַנסטער!

האָט זיך אָנגערופֿן רב אַבֿרהם יהושוע לאַבאַטע:

— רב ישׂראל אהרון, עליו־השלום, ער איז געווען אַ מײַנסטער!

— פּססס . . . — האָט גרשון בוסעל אַ צישע געטאָן, ווי אַז אַנגעגליט אײַזן, וואָס מע לייגט אין קאַלט וואַסער. — ר ב י ש ׂ ר א ל א ה ר ו ן ! אַ מײַנסטער, אַ גרויסער מײַנסטער!

— ער האָט די נשמה אַפֿילו אַרויסגעהויכט בײַם שאַכברעטל. — האָט זיך סענדער שמויסל אונטערגעאײַלט זאָגן אַ זאַך, אַ באַוווּסטע.

רב נתן נטע האָט זיך דערמאָנט אַ מעשׂה, וואָס איז זיך פֿאַרלאָפֿן. איין מאָל, מיט אַכצן יאָר צוריק, אום מוצאי־שבת, האָבן רב ישׂראל אהרון און רב וואָלף געשפּילט אין שאַך. ווי זיי שפּילן אַזוי, בעת רב וואָלף צאַפּלט זיך איז דער נעץ, וואָס רב ישׂראל אהרון האָט פֿאַר אים פֿאַרלייגט, און ער, רב וואָלף, לערנט מיט אַ ניגון פֿאַר זיך אַליין: „אוי, האָסטו מיר דערלאַנגט סאַמע אין דער פּאַטילניצע!", האָט רב ישׂראל אהרון אויסגעצויגן די הענט אויפֿן טיש און אַנידערגעלייגט אויף זיי דעם קאָפּ. דערנאָך האָט רב וואָלף געמאַכט עפּעס אַ גאַנג און אים אַ זאָג געטאָן: „שוין! גיי דו" — האָט ער אים גאָרנישט נישט געענטפֿערט. האָט ער געמיינט, ער איז אוודאי אײַנגעשלאָפֿן, האָט ער אויסגעשטרעקט צון אים די האַנט — זע, ער איז דאָך טויט . . . לײַט האָבן דערנאָך געשמועסט, אַז ער איז געשטאָרבן מיט אַ מיתת־נשיקה. האָט עס געהאַרכט רב יהושוע העשעלע, וועלכער איז דעמאָלט געווען אַ זקן קרובֿ צו די שמונים, און איז בייז געוואָרן: „וואָס איז דאָס? — אַן אויסכאַפּעניש! כּיי וואָלט ער זיך בעסער געלייגט אין בעט אַרײַן און געליטן יסורים, און נישט אַזוי אַ, רחמנא־ליצלן, אָן איין שמע־ישׂראל! . . ." אָבער אויך ער, רב יהושוע העשעלע, איז געשטאָרבן גראָד מיט אַ מיתה־משונה און מיט אַן אויסכאַפּעניש, געהרגעט געוואָרן אין די פּאָגראָמען.

ווען רב נתן נטע האָט זיך דערוואַכט פֿון זײַנע מחשבֿות, האָט ער געהערט ווי שמעיה קלאַץ זיפֿצט פֿון בויך אַרויס און דערציילט אַ מעשׂה מיט אַ האַלב זעקל זאַלץ, וואָס הערשל באַלאַמוט האָט געהאַט און גענומען דערפֿאַר ווייץ, פֿינף פֿוד ווייץ פֿאַר אַ פֿונט זאַלץ. און פֿאַר אַ ביסל פֿון די ווייץ האָט ער גענומען טיטון.

— וועלטן האָט ער איבערגעקערט מיט דעם האַלבן זעקל! — האָט ער אויסגעפֿירט גוזמאַדיק.

— נישט יעדן גילט עס אַזוי אָפּ. — האָט געסאָפּעט גרשון בוסעל.

באַלד האָבן אַלע גענומען זיך אײַנציִען און קרעכצן און קלאָגן.

דער האָט געזאָגט:

— נישטאָ ווער ס'אַל העלפֿן, און נישטאָ ווער ס'אַל שיצן די ייִדן.

און דער האָט געזאָגט:

— נישטאָ דער מינדסטער ראַטוניק.

און אַ דריטער:

— מע גייט אונטער, מע קומט אום, חס־ושלום.

און דעסט גלײַכן אַזעלכע רייד.

רב נתן נטע האָט געוואָלט זיך אויפֿהייבן און נישט געקאָנט. דאָס האַרץ איז אים שוואַך געוואָרן, און ס'האָט אים באַשלאָגן אַ קאַלטער שווייס. ווי דורך אַ נעפּל, האָט ער געהערט וואָס חבֿרה שמועסט. זיי האָבן אים אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן האָבן דערגאַנגען שוין צום לעצטן, צו דער ענד פֿון אַלע טועכצן און צום סוף פֿון אַלע זאַכן. האָבן שוין מער גאָרנישט וואָס צו טאָן אויף דער וועלט. און אַזוי האָט ער אַליין זיך אַליין אויסגעזען.

איז אַ ווײַל אַרום האָט ער זיך אויפֿגעהויבן, פֿאָכנדיק מיט דער האַנט איבערן פּנים.

דער דרויסן איז געווען פֿול מיט הימל. די צײַט איז נישט צײַט, נישט טאָג און נישט בין־השמשות. דער טאָג לאָזט זיך שוין אויס און גייט אַוועק, און ס'איז נאָך אַלץ גרויסער טאָג. די זון איז נאָך הייס, אָבער פֿאַרוועלקט, נישט ווי איבער אַ ייִשובֿ, נאָר ווי איבער אַ חרובֿ געוואָרענעם מקום.

ווידער און אָבער איז אים דאָס האַרץ פֿאַרחלשט געוואָרן, ווי פֿריִער. ער האָט זיך צוגעשפּאַרט מיטן רוקן צון אַ וואַנט און איז געשטאַנען אָטעמענדיק און סאָפּענדיק, מיט אַ בלאַס פּנים און אַרויפֿגעריסענע אויגן, ווי פֿאַרגאַפּטע. גלײַך ער וואָלט זיך וווּנדערן, וואָס זײַן בליק גרייכט צום הימל, וועלכער איז הויך, ווײַט פֿון אים אַ מהלך פֿון פֿינף הונדערט יאָר . . .

# XXX

אין די אַלט־בודער שכנותדיקע דערפֿער איז די הערשאַפֿט פֿון די באַלשעוויקעס געווען אַ צווייפֿלהאַפֿטע, יאָ און ניין. וויפֿל זיי האָבן נישט געדריקט די פּויערים, האָבן זיי נישט געפּועלט בײַ יענע, זיי זאָלן נישט אויסבאַהאַלטן די תּבֿואות פֿון דער מאַכט. פֿלעגט די מאַכט קומען און נעמען בגוואַלד: אויפֿרײַסן די פּאָדלאָגעס אין די כאַטעס, איבערקערן די הויפֿן, פֿונאַנדערוואַרפֿן די הויפֿנס גנאָי און יעדעס אָרט, ווו זיי זענען געווינט געווען צו באַהאַלטן.

באַזונדערס האָט זיך פֿאַרזינדיקט דאָס דאָרף סיניאַווקע. ווען די שליחים פֿונעם פּראָדקאָם* זענען געקומען אַהין נעמען די נאָרמע תּבֿואה, האָבן די פּויערים זיי פֿרײַנדלעך אויפֿגענומען און געגרייט פֿאַר זיי אין שטוב פֿון קאָמבעד אַ מאָלצײַט. נאָר ווען יענע האָבן געגעסן און געטרונקען און געלאָזט זיך ווילגיין, האָבן זיי גענומען און אונטערגעצונדן די שטוב מיט זיי צוזאַמען. טייל זענען געוואָרן פֿאַרברענט לעבעדיקערהייט, און טייל געהרגעט דורך די פּויערים, ווען זיי זענען אַרויסגעשפּרונגען פֿון פֿײַער אין דרויסן. מאָטל פּיקעלני האָט זיך אָפּגערעכנט מיט זיי מיט אַ פֿעסטער האַנט און מיט גרויס אַכזריות. צענדליקער מענטשן האָבן באַצאָלט מיט זייער בלוט, און אַנדערע צענדליקער זענען פֿאַרשפּאַרט געוואָרן אין תּפֿיסות. פֿון דעמאָלט אָן האָט זיך אײַנגעשטעלט אַ האַס צווישן סיניאַווקע און דער מאַכט, און ס'האָט געשוויבלט מיט דעזערטירן, באַנדיטן און אַנדערע פֿאַרברעכער.

אויך אָליזאַראָווקע האָט באַקומען איר גאָב פֿון זײַן האַנט, נאָר ער האָט גאָרנישט פּועל געווען. אָליזאַראָווקער גויִים האָבן געכאַפּט אַ קאָמוניסט, אַ שליח פֿון דער מאַכט, אים דערמאָרדט, אויפֿגעריסן דעם בויך און אים אָנגעפּאַקט מיט ווייץ. דערנאָך האָבן זיי אים אַרויפֿגעלייגט אויפֿן וואָגן פֿונעם דאָרפֿסראַט־

* פֿאַרגרייטונגס-קאָמיטעט.

סעקרעטאַר און אים געשיקט דורך אַ זיבניעריק ייִנגל, אַ יתום אַן טאַטע־מאַמע, קיין אַלט־בודע. געקומען, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן מאַרק און געשריגן:

— דאָס דאָרף האָט געשיקט, אײַך זאָגן: נעמט אָפּ די נאַרמע תּבֿואה, וואָס קומט אײַך.

איצטער האָבן זיך די אַליזאַראָוועקער בּאַראַטן און פֿאַרבאָטן די ייִדן צו קומען אין וואַלד עפּעס נעמען דאָרט.

— דער דאַזיקער וואַלד — האָבן זיי געמאָלדן — געהער צון אונדז.

אַ גרופּע ווײַבער און קינדער זענען געקומען אין וואַלד קלײַבן שוואָמען. האָבן די אַליזאַראָווער גענומען און זיי אַרויסגעטריבן מיט שאַנד און שפּאָט. אין עטלעכע טעג אַרום האָבן זיי געשלאָגן מכּות־רצח צוויי ייִדן, וואָס זענען געקומען נעמען ברענהאָלץ פֿאַר זייערע אויוונס.

— איר האָט קיין רעכט נישט צו קומען אין אונדזער וואַלד. — האָבן די גויִם געשריגן. — ער איז נישט אײַערער און נישט אײַערע זיידעס. ער איז אונדזערער! אַ צווייט מאָל, אויב מיר'ן דאָ טרעפֿן אַן אײַעריקן, וועלן מיר אים אוועקלייגן. בלוט וועט זיך דאָ גיסן!

מאָטל פּיקעלני האָט געהערט וועגן דעם, נאָר עס איז אָבער נישט גענומען. ס'הייסט, ער איז פֿאַרנומען און האָט קיין צײַט נישט אויף פּוסטע זאַכן. ער האָט געהאַט אַ סך אַרבעט, אַ סך און פֿאַרשיידענע געשעפֿטן. צווישן איין אַרבעט און אַ צווייטער פֿלעגט ער זיך טרעפֿן מיט די שליחים פֿון די דערפֿער, וואָס קומען אָפּגעבן באַריכטן פֿון זייער טעטיקייט דער מאַכט, און הערן פֿון זיי, וואָס עס טוט זיך אין דאָרף.

— אײַ־אײַ, וועלן זיי אַרײַנכאַפּן! — האָט ער שטיל גערעדט צו זיך אַליין. — זיי וועלן נאָך זען, וואָס זיי וועלן קריגן פֿון מיר.

איינער פֿון די סיניאַוועקער, יורקאָ קאָזעלעץ, איז געוואָרן דער באַטקע* פֿון אַ קליינער באַנדע און פֿלעגט גראַסירן פֿון אָרט צו אָרט און אָנוואַרפֿן אַ שרעק אויף די ייִדישע שטעטלעך.

פֿון צײַט צו צײַט פֿלעגט ער זידלען און דראָען מאָטל פּיקעלני.

— ער וועט אײַך אויפֿהענגען אויף אַ בוים, האָט ער געזאָגט. — האָבן אים די מענטשן געבראַכט די ידיעה פֿון אים. — זאָל זײַן נאָמען נישט זײַן יורקאָ, אויב ער וועט אײַך נישט אויפֿהענגען, אַזוי און אַזוי אין אײַער מאַמען אַרײַן, אויף אַ בוים!

* הויפּט.

# xxxi

**אַ מאָל איז געווען** אַ זעלבשוץ אין אַלט־בודע. און נישט בלויז איינע, נײַערט צוויי: איינע אַ לעגאַלע, וועלכע מ'האָט גערופֿן דער „קאַדער", און איינע אַן אומלעגאַלע, וועלכע מ'האָט גערופֿן גלאַט ז ע ל ב ש ו ץ, אָדער „די געהיימע זעלבשוץ". אין דעם קאַדער זענען געווען דרײַסיק בחורים. זיי זענען געווען אונטערגעאָרדנט דער פּאָליציי צו מאַכן רעוויזיעס אין הײַזער ווען ס'איז נייטיק, אַרעסטירן פֿאַרברעכער און כאַפּן דעזערטירן, און דער מיליציע־קאָמיסאַר, טאָוואַרישטש דודקין, איז געווען איבער זיי. אין דער געהיימער זעלבשוץ זענען געווען פֿיר ראָטעס. בראש פֿון יעדער ראָטע איז געשטאַנען אַ קאָמאַנדיר, וועלכער האָט געלערנט זײַנע יינגלעך שיסן פֿון אַ ביקס, אַ רעוואָלווער און אַנדער וואָפֿן. אָבער סײַ די, סײַ יענע זענען אין צווישנצײַט זיך שוין צעפֿאַלן: די מערהייט בחורים, סײַ די לעגאַלע, סײַ די אומלעגאַלע, זענען געפֿאַלן אין די קאַמפֿן מיט די פּאָגראָמשטשיקעס, און די מינדערהייט איז אַרײַנגעטראָטן אין דער רויטער אַרמיי.

הײַנט, אַז די צײַט האָט געבראַכט דערצו, האָט פֿאַר דעם זיך אַ נעם געטאָן אַבֿרהמל זוואָדניק. צונויפֿגענומען אַ צענדליק מענטשן און פֿלײַסיק געמאַכט מיט זיי כסדר מאַנעוורעס. ער איז געווען אַ ספּעציאַליסט דערין. האָט בשעתו געדינט אין דער אַרמיי און איז געווען אַ קאָמאַנדיר פֿון אַן אָפּטייל, אַ ווזוואָדני. ווען ער איז צוריקגעקומען פֿון מיליטער, האָט זיך זײַן טאַטע, ביליק האָלאָטע, געגרייסט מיט אים און גערימט אין טאָג אַרײַן: „מײַן אַבֿרהמל איז אַ זוואָדניק!" פֿון דענסטמאָל אָן איז אים דאָס צונעמעניש צוגעשטאַנען שוין לעולם־ועד.

א צוויי־דריי שעה פֿאַרן זון־אונטערגאַנג פֿירט אַבֿרהמל אַרויס זײַן מיליטער אויף אַן עפֿנטלעכן פּלאַץ און פֿאַרנעמט זיך מיט זיי: שטעלט זיי אויס אין שורות, גלײַכט אויס זייערע פֿיגורן, שטעלט זיי אײַן פֿוס בײַ פֿוס, צו שפּאַנען, ווי בראַווע לײַט. ער לערנט זיי שיסן מיט די שטעקנס, וואָס זיי טראָגן אויף די אַקסל, און זײַן געשריי טראָגט זיך העט־העט אין דער ווײַט אַרײַן.

לײַט שטעלן זיך אָפּ, קוקן זיך צו און טוען עפּעס אַ זאָג.

איינער זאָגט:

— אָט דאָס הייסט אַ וואָדניק!

און אַ צווייטער זיפֿצט אָפּ און טוט אַ זאָג:

— געלויבט דער אייבערשטער, מיר האָבן אויף וועמען זיך צו פֿאַרלאָזן . . .

איינער שאָקלט מיטן קאָפּ:

— אַ היפּש חייל, אַן עין־הרע!

און אַ צווייטער:

—אַ חבֿרה־קדישא . . .

# XXXII

יורקאַ, יענער באַטקע פֿון די באַנדיטן, האָט געכאַפּט פֿינף ייִדישע הענדלער, וועלכע האָבן בײַ נאַכט געשוואַרצט קאָנטראַבאַנדע קיין זאַפּאַדאָווקע, און זיי דערמאָרדט אין דעם וואַלד לעבן אַלט־בודע. שפּעטער איז ער באַפֿאַלן אַ קליין ייִדיש שטעטל, ליכע־גרעבליע, און עס חרובֿ געמאַכט. אַלט־בודע איז גלײַך אויפֿגעטרייסלט געוואָרן. מענטשן האָבן זיך גיזאַמלט אין גאַס, זענען געשטאַנען רעדלעכווײַז, די פּנימער דערשראָקן, די אימה קנוילט זיך אין די אויגן, פֿאַרשטעקט זיך אַרום מויל, אין דער באָרד, אין די שפּיץ פֿינגער, די בלאַסע.

— געוואַלד, — האָבן זיי געשעפּטשעט מיט די ליפּן, — וואָס הייבט מען אָן צו טאָן ?

ס'זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען איבערן שטעטל פֿון איין עק צום צווייטן, און מ'האָט געשמועסט : אַזוי און אַזוי, ס'גייט אַ פֿאַרמעסט צווישן יורקאָן און מאַטל פּיקעלני, און ווי וועט זײַן צון אונדז, אויף די ייִדישע שׂונאים, ווען ער וועט אַרײַן, חס־ושלום, קיין אַלט־בודע.

די קלאַנגען האָבן זיך פֿאַרמערט פֿון טאָג אויף טאָג. מיט אימה פֿלעגן די מענטשן אַריבערקוקן אויף יענער זײַט טײַך, אויף די ווײַטע פֿעלדער, דאָרט ווו ערד און הימל גיסן זיך צוזאַמען : דאָרטן שטעקט עס, דוכט זיך, דאָס פּורעניות. אַנדערע זענען אַרויפֿגעקראָכן אויפֿן בוידעם, און אַנדערע אַראָפּגעקראָכן אין קעלער און פֿאַרגרייט זיך אַ באַהעלטעניש אויף דער גרויליקער שעה.

רב נתן נטע האָט זיך קיין אָרט נישט געפֿונען. בײַ נאַכט פֿלעגט ער ליגן אויפֿן געלעגער, די אויגן צעעפֿנט אין דער פֿינצטערניש אַרײַן, און זײַן נשמה פֿלעגט אויפֿפֿלאַטערן פֿון יעדן קלאַנג און ווידערקלאַנג, וואָס איז אים אַרײַן אין די אויערן פֿון דעם דרויסן. בײַ טאָג פֿלעגט ער זיך אַרומדרייען צווישן די מענטשן,

און מער ווי יענע האָבן געזאָגט, האָט ער פֿון זיי געהערט: פּחדים, גרוילן און שווידערלעכקייטן. פֿונדעסטוועגן פֿלעגט ער זיך מאַכן האַרץ און רעדן צו זיי דערמוטנדיקע רייד:

— ייִדן! — פֿלעגט ער זאָגן, בעת זײַנע אויגן לויפֿן אַרום צעמישט, און די ליפּן צוקן. — ס׳וועט גאָרנישט נישט געשען. הערט וואָס איך זאָג אײַך: ס׳וועט גאָרנישט נישט געשען!

— פֿון וואַנען נעמט איר עס? — שטעלט מען אַן אויף אים די אויגן מיט שרעק און האָפֿענונג.

— הערט מיך אויס. — חזרט ער איבער עקשנותדיק. — ס׳וועט גאָרנישט נישט געשען, זאָג איך אײַך. ס׳וועט אונדז קיין בייז נישט טרעפֿן, מיטן אייבערשטנס הילף.

— איר האָט געהערט עפּעס וואָס פֿון הענעכן?

— ווייס איך דאָרט הענעך! ער ווייסט נישט מער פֿון אײַך.

— ע... — דרייען זיך אוועק פֿון אים די קעפּ אַנטוישטע. — איר זענט גלאַט אַ טרעפֿער?...

ס׳איז געווען די צײַט פֿון נאָך מיטאָג, אַ פּוסטע און הייסע. נישטאָ קיין שטיקל שאָטן. די זון רוט אויף אַלע הײַזער און אַלע געסלעך. די וועלט איז צונויפֿגעמישט פֿון צוויי מאָס הימל און איין מאָס ערד. אַ הייסער ווינט ווייעט און ווייעט נישט, טוט אַ שאַר די שטרוי פֿון אַ דאַך, אַ פֿינקל אין דער לופֿטע, וועלכע האָט זיך ווי אַראָפּגעוואָרפֿן פֿונעם הימל אין געסל אַרײַן. דער הימל איז געהאָנגען אַן אויסגעזויבערטער פֿון אַ מינדסטן וואָלקן. אָט דער הימל, וואָס איז, דוכט זיך, אַ צולאָג צו דער ייִדישער געשיכטע: הויך, טיף און וויסט...

רב נתן נטע איז געגאַנגען זיך פּאַוואָליע איבער דער לערער גאַס, טראָט בײַ טראָט, ווי עמעץ, וואָס איז היימיש מיט נסים, דער קאָפּ פֿאַרוואָרפֿן אַהינטער אויף דער פּאָטילניצע, ווי ביי אַ קאַטשער, מיט צעפֿלאַטערטע, דערשראָקענע אויגן.

— „כצל ימינו על הארץ ואין מקוה" — ווי אַ שאָטן איז אונדזער לעבן אויף דער וועלט, — איז אים אַרויף אַ פּסוק אויפֿן געדאַנק.

ער האָט זיך דערמאָנט אין הענעכן, וועלכער האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון זײַן קרענק, נאָך דעם ווי ער איז נאָך אַ מאָל פֿאַרשלאָפֿט געוואָרן, און ער האָט שוין געטראַכט וועגן אים, אַז ס׳איז, חס־ושלום, זײַן סוף, אויף שונאי־ציון.

— געלויבט דער אייבערשטער... געלויבט דער אייבערשטער... — האָט ער שטיל געזאָגט, אויפֿהייבנדיק די אויגן אַרויף צו דער הייד, און געזען דעם הימל אַ פֿולן מיט טיפֿן און ברייטן רחמים, ווי דער ים.

— אַד־אַד, — האָט ער אָפּגעזיפֿצט פֿון האַרצן, — טאַטע דערבאַרעמדיקער.

פֿון ווײַטן, פֿון דער טיף פֿון וואַלד, האָט זיך דערטראָגן דאָס קול פֿון צוויי קוקאַווקעס, וואָס קוקען בײַנאַנד.

# XXXIII

די מאַכט האָט דערקלערט אויסנאַם־צושטאַנד. פֿאַרנאַכט צו האָבן זיך מענטשן געאײַלט צו לויפֿן אַהיים. די גאַסן האָבן זיך אויסגעליידיקט, ווי אום ערבֿ־תּשעה־באָבֿ. די הײַזער זענען געשטאַנען פֿינצטערע, ביז דער העלפֿט אײַנגעבויגענע, ווי זיי וואָלטן זיך געלאָזט שווימען. אין אַ ווינקל מערבֿ האָט געברענט אַ רויטלעכער שפּור פֿון זון־אונטערגאַנג. דער רוים האָט זיך אָנגעפֿילט מיט אַ שיטערן בלוי און פֿאַרוואַנדלט אין אַן עולם־התּוהו.

אויף דער פּאָסטגאַס האָבן מאַרשירט די זעלבשוץ־לײַט. אין דער זײַט לעבן זיי איז געגאַנגען אַבֿרהמל זוואָדניק און האָט געשריגן מיט אַ הייזעריקער שטים:

— אַס, דוואַ, אַס, דוואַ* . . .

די וואַכפּאָסטנס האָבן זיך געלאָזט צו די עקן שטאָט. זענען געגאַנגען שטילערהייט, צווייענווײַז, מיט געווער אויף זיך.

ס'איז צונעפֿאַלן די נאַכט.

דער רוים איז געוואָרן פֿינצטער און געהאַנגען, ווי אַן אַראָפּהענגענדיקער הויכער באַרג, אַן אומהדיקער און פֿולער מיט געהיימענישן.

אין דער לופֿט האָט זיך געטראָגן דער ריח פֿון טיטון־בלײַעכץ, און ס'האָט זיך אים נאָכגעצויגן דער דופֿט פֿון לעווקאָיע.

פֿון מאָל צו מאָל האָט זיך דערהערט אַ רוף:

— שטיי! ווער גייט?

און הגם מע האָט נישט געהערט דעם דורכגייערס ענטפֿער, האָבן אים אַלע געוווּסט און אַ מורמל געטאָן צו זיך אַליין: „דער וואַלד רוישט".

* איינס, צוויי.

די מענטשן האָבן זיך געליינט אויף זייערע געלעגערס, יעדער האַלטנדיק די נשמה אין דער האַנט. די מיידלעך האָבן אַנידערגעשטעלט לעבן זייער געלעגער געפּעסן מיט שוועבל־זויער.

מאָטל פּיקעלני איז געגאַנגען קאָנטראָלירן די וואַכפּאָסטנס. אויפן וועג האָט ער באַגעגנט הענעכן, וועלכער האָט געשפּאַצירט איבער דער גאַס.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און אַ געשריי געטאָן:

— שטיי!

האָט אים הענעך אַ שושקע געטאָן:

— דער וואַלד רוישט.

— אַך, דאָס ביסטו עס? . . . — האָט אים מאָטל פּיקעלני אַרײַנגעקוקט אין פּנים.

— איך.

— שפּאַצירסט? . . . — האָט ער פאַרדריסלעך אַ זאָג געטאָן מיט אַ טאָן פון אַ שטרענגער באַמערקונג. — הײַנטיקע נאַכט איז נישט אויף צו לאָזן זיך וווילגיין. ס'איז אַ שטרענגע צײַט. כ'האָב נאָר וואָס באַקומען אַ ידיעה. סאַווקאַ האָט זי געבראַכט. י ע נ ע ר קאָן יעדע רגע באַפאַלן די שטאָט.

ער האָט געטאָן אַ צוויי־דרײַ געבאָפּטע צי פונעם ציגאַר־עקל, אַ צעקוועטש עם מיט צוויי פינגער און אַ וואָרף אַוועק.

—איכ'ל אים ווײַזן, — האָט ער אַ זאָג געטאָן אין דער נאַכט אַרײַן, — אַז דאָס מויל זאָל אים פון הינטן שטיין!

— ווי אַזוי 'סטו אים ווײַזן? — האָט אים הענעך געפרעגט מיט אַ מאַטער שטים. — מיר האָבן דאָך נישט קיין מענטשן, אים זיך קעגנצושטעלן.

— שווײַג, שווײַג. — האָט מאָטל פּיקעלני פאַרהוילן. — דאָס איז נישט דײַן געשעפט. נישט דײַן געשעפט . . .

ער האָט זיך מיט אים גלײַך צעשיידט און געלאָזט זיך גיין, אונטערפּײַפנדיק דעם אינטערנאַציאָנאַל. אין אַ פּאָר סעקונדעס אַרום איז ער ווידער געבליבן שטיין און האָט אַ געשריי געטאָן:

— שטיי! ווער גייט?

— אַ בירגער, אַ טאָוואַרישטש, אַ פרײַנד, אַ ברודער, — האָט זיך דערהערט די שטים פון אַן עלטערן מענטשן, וואָס ענטפערט געלאַסן און מיט ישובֿ־הדעת, — ווי איר ווילט זיך. איך בין זײַטשיק . . . איר פײַפט זיך אונטער, טאָוואַרישטש מאָטל. יעדער מאַכט זיך זײַן ברכה. איינער זאָגט ברכת־חתנים, און אַ צווייטער זאָגט ברכת־אבֿלים . . .

— וואָס טוט איר איצטער אין דרויסן? — האָט זיך מאָטל פּיקעלני געטאָן אַ וואָרף צון אים און אַ זעץ אין דער פּאָטילניצע.

— וואָס אי' דאָס? . . . — האָט זײַטשיק געטאָן אַ לאָז אַראָפּ דעם קאָפּ און זיך צעוויינט. ער האָט זיך גלײַך געטאָן אַ צי אויף צוריק און אַ רוק אָפּ פון אים אַ דרײַ־פיר טראָט.

— איך װײן נישט, נײן־נײן. — איז ער געבליבן שטײן און גערעדט פֿון געװײן אַרױס. — איך לאָך דאָס.

— מאַרש! — האָט מאָטל פּיקעלני בײז אַ הוקע געטאָן אויף אים. — דײַן דור זאָל דאָ נישט בלײַבן!

זײַטשיק האָט זיך שנעל אַפּגעטראָגן און איז מיט שרעק אַרײַן צו זיך אין שטוב. מאָטל פּיקעלני איז זיך װידער אַװעק זײַן װעג, שטיל אונטערפּײַפֿנדיק דעם אינטערנאַציאָנאַל.

די לבֿנה איז אַפּערגעקומען פֿון הינטערן װאַלד, אַ גרױסע און אַ געלע, װי מעש, האָט באַגאָסן מיט ליכט די שפּיצן בײמער בײַם ראַנד װאַלד, אַנגעצונדן אַ שײַטער אין טײַך, און דער טײַך האָט גענומען פֿליסן מיט פֿײַער און גאָלדענע רענדלעך.

# xxxiv

ס'איז אַריבער אַ וואָך, און ס'האָט גאָרנישט נישט פּאַסירט. מענטשן האָבן שוין געטראַכט, אַז דאָס בייז איז אַריבער. ביז אין איינעם אַ טאָג האָט זיך דערהערט אַ געשריי אין שטעטל: „זיי גייען!" דאָרע, ליזע און סאָנקע, דריי מיידלעך, וואָס האָבן זיך געבאָדן אין טײַך, זענען געקומען צו לויפֿן צעפּלאָשעטע, כמעט אויסגעטאָנענע און האָבן געשריגן:

— זיי גייען! פֿון יענער זײַט טײַך, פֿון דער זײַט פֿון דער סיניאָווקע! יאָ... יאָ... אַ גרויסע באַנדע. און מיט איר גויִים און גויעס, און פֿערד־און־וועגן אָן אַ שיעור...

האָט זיך אַלט־בודע גלײַך אויפֿגעכאַפּט פֿון איר שלאָף. מענטשן האָבן זיך געלאָזט לויפֿן אין צעמישעניש אַהין און אַהער. טאַטעס און מאַמעס מיט קינדער, וועלכע זיי האָבן געהאַלטן אויף די הענט, ווי ספֿרי־תּורות, זענען אַרומגעלאָפֿן אַהין און אַהער אין גאַס. האָבן אַט געוויינט, אַט צעלאָזט זיך מיט קלאָגרייד. קינדער האָבן זיך אָנגעהאַלטן בײַ די מאַמעס קליידלעך און געהעשעט פֿון אימה. מענטשן זענען געווען צעקאָכט און געלאָפֿן מיט צעעפֿנטע מײַלער און פֿונאַנדערגעשפּרייטע הענט. אַלטע לײַט האָבן זיך געשלעפּט פֿון טירן און גאַנקעס, און מיידלעך זענען געפֿלויגן אַהין און צוריק.

מאָטל פּיקעלני איז רירעוודיק געלאָפֿן אין שפּיץ פֿון אַ חבֿרה קאָמסאָמאָלצעס, טשעקאַ־לײַט און מיליץ, באַוואָפֿנטע מיט רעוואָלווערן און ביקסן. הינטער אים האָט געשפּרײַזט אַבֿרהמל זוואָדניק מיט זײַן מיליטער, מיט גראַבליעס, דישליעס און ווילעס. נאָך זיי איז געלאָפֿן העניעך מיט די לעצטע כּוחות, אָטעמענדיק און סאָפּענדיק, די האַנט אויפֿן האַרצן, דאָס פּנים בלייך און באַגאָסן מיט שווייס, און זײַן טשופּרינע צעפּאָטלט און אַראָפּגעהאָנגען איבערן שטערן.

באַלד זענען די גאַסן אָפּגעליידיקט געוואָרן, ווי אַז אָפּגעשניטן פֿעלד אין חודש תּשרי, און האָבן אויסגעזען ברייטער ווי זיי זענען. די געסלעך זענען געווען פּוסט. שטומע זענען געשטאַנען די הײַזער, צוזאַמענגעדריקט זײַט בײַ זײַט און שטרוי בײַ שטרוי. קוים־קוים וואָס זיי האַלטן זיך, צי אָנגעשפּאַרט אויף צוויי־דרײַ סלופּקעס, אָדער שטייען אין גאַנצן אויף נסים. זייערע דעכער ליגן שווער אויף זייערע פּלייצעס, און טיר און גאַניק ציטעריק פֿאַרשטעקט אין דער זשמעניע. אַ העמד איז געהאַנגען אויף אַ שטריק, אַן אַריבערגעצויגענעם פֿון איין וואַנט צו דער צווייטער, און שאַרפֿער געמאַכט אינעם געסל, וואָס זעט אויס ווי אַ פֿינצטערע לאָך, דעם טעם פֿון וויסטקייט און חורבן.

# XXXV

די באנדע איז געווען א קליינע, א דרייסיק־פערציק מענטשן. טייל רייטן און טייל גייען צו פוס. אבער צו זיי זענען צוגעשטאנען א סך זייערע פון די ארומיקע דערפער, אז אנגעלאף פון גויים און גויעס, וועלכע האבן איבערגעלאזן די פעלדער און געלאזט זיך אויף ראבונעק קיין אלט־בודע.

זיי זענען געגאנגען, ווי אין א חגא־טאג, פילדערנדיק און לאכנדיק, מיט יובל־דיקן גערויש און געטומל, און האבן פריילעך געזונגען לידער.

די זון איז געשטאנען אין מיטן הימל־געוועלב. די פעלדער זענען פרעכטיק מיט זייערע תבואות, הייסע, גליענדיקע. די לאנקעס זענען גרין. בלוי און רחבותדיק איז דער הימל־געשפרייט.

יורקא איז ארויסגעפארן א פיר־פינף טראט פארויס זיינע לייט, האט פאר־האלטן דאס פערדל און זיך אפגעשטעלט. האט זיך אפערגעבויגן פון איבערן זאטל און באדעכלט מיט דער האנט די אויגן. דערביי א פאד געטאן מיט דער נאהייקע קעגן אלט־בודע און א זאג געטאן א שמוציק ווערטעלע, כדי צו בא־ווייזן זיין חריפות. באלד האט ער א טרייב געטאן דאס פערדל, א געפלעקטס, א מאגערס, מיט אן אראפגעהאנגענעם קאפ און הויכע פיס, אז אויסגעהארעוועט דארפיש פערדל, און גענומען שטארק גאלאפירן.

זיי זענען צוגעקומען נאענט צו דער בריק, געבליבן שטיין, האבן אויסגע־גלייכט די רייען און גענומען ארויפגיין, אויפזינגענדיק מיט הארץ און התלהבות אלע מיט א מאל.

צוגעקומען אין מיטן דער בריק, האט זיך דערהערט א גרויסער הילך. די בריק האט א ציטער געטאן, א צעשאקל זיך א צוויי־דריי מאל אהין און אהער, און

ס'האָבן געטאָן אַ פּלי אין דער הייך אַרויף ברעטער, באַלקעס, שטיקער שטאַנגען און אײַזן. ס'האָבן זיך געטאָן אַ הייב אַרויף אַ שטויב און אַ רויך און פֿאַר־שטעלט די טאָגשײַן.

אין אַ ווײַל אַרום, ווען דער שטויב האָט זיך פֿונאַנדערגעשפּרייט, איז די בריק געווען צעבראָכן אויף צוויי העלפֿטן, אָראָפּגעלאָזטע אין טײַך אַרײַן. אין טײַך זענען געווען אָנגעוואָרפֿן מענטשן, קעפּ פֿון פֿערד, וועגענער, היטלען, קאַפּטנס, ליידיקע געפֿעסן, אַלץ אין איין מישמאַש. די גויים און גויעס, וועלכע זענען נאָך נישט געווען צוגעקומען, האָבן אויפֿגעהויבן אַ געליאַרעם און זיך אָפּגע־טראָגן מיטן לעבן. די פֿערד האָבן געווילדעוועט, געבריקעוועט מיט די פֿיס און געהירזשעט, און אַ ראָד פֿון אַ וואָגן האָט זיך פֿאַרטשעפּעט מיט אַ ראָד פֿון אַ צווייטן.

מאָטל פּיקעלני, וועלכער האָט געהאַט אָפּגעטאָן דאָס דאָזיקע פֿאַרטל און אויפֿגעריסן די בריק, איז אַרויסגעשפּרונגען מיט זײַנע יונגען פֿון זייער באַהעל־טעניש, און זיי האָבן נאָכגעשאָסן די אַנטלויפֿנדיקע. אַבֿרהמל זוואָדניק מיט זײַנע לײַט זענען אַריבער דעם טײַך־בראָד און האָבן זיי נאָכגעיאָגט מיט גראַבליעס און ווילעס, אַרויסלאָזנדיק קולות און משונהדיקע געשרייען.

# *xxxvi*

די חבֿרה האָבן אַרויסגעשלעפּט פֿון טײַך זיבן באַנדיטן, אַלע צעשלאָגענע, צעקײַלטע און אָפּגייענדיקע אין בלוט. די איבעריקע זענען פֿאַרטראָגן געוואָרן און פֿאַרשווּנדן אין טײַך. צווישן די, וואָס מ'האָט אַרויסגעשלעפּט פֿון וואַסער, איז געווען אויך יורקאָ. מ'האָט אים אַרויסגעצויגן פֿאַר דעם „אָסעלעדעץ"* און אַנידערגעשטעלט פֿאַר מאָטל פּיקעלני.

מאָטל פּיקעלני האָט אָנגעשפּאַרט בײדע קולאַקעס אויף די לענדן און איז געשטאַנען און האָט אים באַטראַכט. אַ צופֿרידענער שמייכל האָט געשפּילט אויף זײַנע ליפּן, קוים־קוים זיי באַרירט.

— נו, באַטקאָ! — האָט ער אויסגעצויגן — וואָס פֿאַרלאַנגסטו און צוליב וואָס האָסטו באַוויליקט צו קומען צון אונדז? אפֿשר פֿעלט דיר אוים משקה אין דײַן דאָרף און ביסט געקומען נעמען בײַ אונדז אַן עמער וואַסער פֿון טײַך?

יורקאָ איז געשטאַנען פֿאַר אים אַ צעקײַלטער און צעבלוטיקטער, אַ נידעריקער און ברייטער, די ברוינע אויגן צעלאָפֿן, די אויערן הענגען אַראָפּ, די דינע וואָנצעס אַראָפּגעלאָזן, דער „אָסעלעדעץ", די לענג ווי אַ צאָפּ, הענגט נאָס אַראָפּ איבערן שטערן, און פֿון זײַן אָנטועכץ רינט וואַסער, קאַפּעט אַ טראָפּן נאָך אַ טראָפּן.

— וואָס שטייסטו, אַזוי ווי אַ יתום, — האָט זיך מאָטל פּיקעלני געמאַכט ווי פֿאַרווּנדערט, — אַזוי דערשלאָגן און אַזאַ נעבעכל? דו האָסט געשיקט מיר אָנזאָגן, אַז דו וועסט, און דו וועסט מיר. אָט שטיי איך פֿאַר דיר, נעם און טו! נו, וואָס . . . האַ־אַ, האָט זיך פֿון דײַנע ווערטער אויסגעלאָזט אַ בוידעם! ביסט אַ בריה נאָר מיט דער צונג!

* אַ האָר־עקל אויפֿן אָפּגעגאָלטן קאָפּ.

— זײַט מיר מוחל! — האָט יורקאַ גענומען זיך בעטן מיט אַ געפּאַלן פּנים.
— אַ נאַר בין איך געווען, אַ גולם.
— און אַזעלכער פֿאַרבליבן. — האָט מאָטל פּיקעלני צוגעגעבן.
— לאָזט מיך, איך זאָל זיך פֿאַרבעסערן.
— דו ווילסט ענדערן דײַן נאַטור און דײַן פּאָוועדעניע*? — האָט מאָטל פּיקעלני אַרויסגעלאָזט פֿון מויל אַ שפּײַשפּריצל.
— בײַם געקרייציקטן און בײַ גאָט! — האָט זיך יורקאַ אונטערגעאײַלט און בחיפּזון זיך איבערגעצלמט.
— ווערסט נישט באַווײַזן, באַטקאַ, די צײַט איז קורץ.
— בײַם געקרייציקטן און בײַ גאָט... — האָט זיך יורקאַ געשטיקט און געשטאַמלט מיט דער צונג.
— אַרויסגעוואָרפֿענע רייד!
— טאָוואַרישטש... טאָוואַרישטש... — האָט יורקאַ געשעפּטשעט, און הענט־און־פֿיס האָבן אים געציטערט. — טאָוואַרישטש...
— גענוג דיר, באַטקאַ, זינגען „לאַזאַר"**!
— דערבאַרעם זיך אויף מיר... — האָט יורקאַ זיך אַ וואָרף געטאָן צו זײַנע פֿיס און געקוויטשעט מיט אַ ווײנענדיקער שטים, ווי אַ פֿרוי. — דערבאַרעם זיך אויף מײַן נשמה און ברענג זי נישט אום פֿון דער וועלט.
מאָטל פּיקעלני האָט געטאָן אַ רײַס אַוועק זײַנע פֿיס פֿון צווישן יורקאַס הענט און איז אַוועק צו דעם ווערבעבוים בײַם טײַך.
— דערלאַנגט אים אַהער! — האָט ער אַ רוף געטאָן צו דער חבֿרה.
צוויי יִינגלעך זענען צוגעגאַנגען צו יורקאַן, האָבן אים אָנגעכאַפּט פֿאַר די הענט און אויפֿגעשטעלט.
— הייב זיך אויף. — האָט אים טאָוואַרישטש דודקין אַ זעץ געטאָן אין דער פּאַטילניצע און אַרײַנגעשאַלטן אין דער מאַמען אַרײַן. — שטעל זיך אויף די פֿיס, הינטישער זון איינער!
מ'האָט אים אָנידערגעשטעלט פֿאַר מאָטל פּיקעלני לעבן דעם בוים.
— נו, אַטאַמאַן, — האָט אים מאָטל פּיקעלני אַ זאָג געטאָן, — דײַן מלוכה וועט שוין לאַנג נישט דויערן.
פּאַוואַליע האָט ער אַראָפּגענומען דעם פּאַסיק פֿון די הויזן.
— מיר'ן דיר אַרומוויקלען אַ שטריקעלע, — האָט ער גערעדט צו אים, ווי אַנטשועדיק זיך פֿאַרגעניגן, — און אויסשלייפֿן אַ שלייפֿעלע.
יורקאַ האָט אַ קער געטאָן צו אים די אויגן און געקוקט וואָס ער מײַסטרעוועט דאָרט מיט די שפּיץ פֿינגער.
— ניין... ניין... — האָט ער זיך געטאָן אַ רודער אויף און געשטאַמלט אין שרעק... — אָך, גאָט מײַנער!

* אויפֿפֿירונג.
** בעטלען רחמנות.

— נו, יורקאַ־סערדצע, — האָט מאָטל פּיקעלני געמאַכט פֿון דעם רימען אַ מין רינגל און עס געהאַלטן אין דער לופֿטן צווישן ביידע הענט. — אַזאַ כּבֿוד האָסטו זיך פֿאַרדינט. וויַיז אָהער דעם האַלדז . . .

יורקאַ האָט אַ קוק געטאָן מאָטל פּיקעלני אין פּנים אַריַין מיט אימהדיקער פֿאַרווּנדערונג, און אַ שוואַכער שמייכל האָט באַרירט זיַינע וואָנצעס.

— טו תּפֿילה צו דיַין גאָט! — האָט מאָטל פּיקעלני מיט פֿלינקער בריהשקייט פֿאַרוואָרפֿן דעם רימען אויף יורקאָס האַלדז, אים געטאָן אַ צי נאָד זיך און אַ קריך אַרויף אויפֿן בוים.

די יִנגלעד האָבן אַ נעם געטאָן יורקאָן פֿאַר די פֿיס און געגעבן אַ הייב אַרויף.

דער ווערבעבוים האָט זיך געטרייסלט און אַ סקריפּ געטאָן. עטלעכע טרוקענע צוויַיגלעך און אַ הויפֿן פֿאַרגעלטע בלעטלעך האָבן געטאָן אַ פֿאַל אַראָפּ.

אין אַ קורצער וויַיל אַרום איז מאָטל פּיקעלני אַראָפּגעקראָכן פֿון בוים און אָפּגעגאַנגען זיך פֿאַמעלעך אַן אויפֿגערודערטער און אויפֿגעקאָכטער, מיט אַ בלאַס פּנים. די יִנגלעך זענען אים נאָכגעגאַנגען, אַ פּאָר טריט הינטער אים, מיט פֿאַר־פֿלאַמטע און געפּלעפּטע פּנימער, מיט גרויסע אויגן. פֿון מאָל צו מאָל האָבן זיי אַ קער געטאָן די קעפּ אויף אַ זיַיט און בחיפּזון אַ קוק געטאָן אויפֿן געהאַנגענעם.

זיי האָבן זיך צוגעלאָזן צו דער כאַפּטע באַנדיטן, וואָס זענען געשטאַנען אין דער זיַיט, אַ זיבן־אַכט שפּאַן פֿון דעם עקזעקוציע־פּלאַץ, צוזאַמענגעטוליעטע און צונויפֿגעפּרעסטע, באַוואַכט פֿון זעקס יִנגלעך מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן אין די הענט.

— היי, פּישערס! — האָט מאָטל פּיקעלני אַ זאָג געטאָן מיט אַ הייזעריקער שטים, אַראָפּגעווישט מיטן אַרבל דעם שווייס פֿון פּנים און, גייענדיק, אַ פּאָד געטאָן מיט דער נאַהיַיקע. — הייַדאַ!

האָבן זיי זיך גליַיך אַ ריר געטאָן פֿון אָרט, די קעפּ אַראָפּגעלאָזט, די הענט אַראָפּגעהאַנגען, און די זעקס יִנגלעך האָבן זיי באַגלייט מיטן וועג קיין אַלט־בודע, צוויי פֿון הינטן, און פֿיר פֿון די זיַיטן.

מאָטל פּיקעלני איז אַוועק פֿון זיי. איז צוגעקומען צום טיַיך, האָט זיך אָנגעלענט אויף אַ סלופּ און אַ געבויגענער געבליבן שטיין. אַ שווערע מידקייט איז אים באַפֿאַלן, אַנגסט־שווייס האָט אים אַרויסגעשלאָגן אויפֿן פּנים, וואָס איז שטאַרק בלאַס געוואָרן, די אויגן האָבן זיך אים צוגעמאַכט, און די אונטערשטע ליפּ האָט געצוקט. אין אַ וויַיל אַרום האָט ער געעפֿנט די אויגן און זיך אַרומגעקוקט.

— דעם גאַנצן טיַיך פֿאַרעיפּושט, — האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט אַ גראָבער שטים און מיט עקל, — אין זייערע מאַמעס אַריַין!

# xxxvii

מאָטל פּיקעלני און די יונגעז האָבן זיך אומגעקערט מיטן וועג קיין אַלט־בודע, געשפּריַיזט מיט פֿאַרריסענע פּנימער און געזונגעז. פֿאַר זיי זענען געגאַנגענע די געפֿאַנגענע. הינטער זיי האָט זיך געצויגן אַ לאַנגע שורה וועגענער, וואָס אַבֿרהמל זוואָדניק מיט זיַינע לײַט האָבן פֿאַרכאַפּט. אויף איינעם אַ וואָגן איז געלעגן הענעך. ס'איז אים געשעז אַן אומגליקספֿאַל, אַן אָפּגעריסענע קלאָץ פֿון דער בריק האָט אים דערלאַנגט אַ קלאַפּ און פֿאַרוווּנדעט.

די ידיעה איז אָנגעקומען אין שטעטל אַרײַן. די מענטשן זענען אַרויס פֿון זייערע לעכער, געשטאַנען, האָבן זיך אַרומגעקוקט פֿאַרחידושט, געגלייבט און נישט געגלייבט זייערע אויערן, גלײַך ווי פֿאַר זייערע אויגן וואָלט פֿאָרגעקומען עפּעס, וואָס איז שלא־כּדרך־הטבֿע.

באַלד זענען זיי צו זיך געקומען. ווי אַ שטורעמווינט וואָלט זיך אַריבערגע־טראָגן איבער דער גאַס. מענטשן זענען אַרויסגעפֿאַלן איינער אויפֿן אַנדערן און געהאַלדזט זיך און געקושט.

— מזל־טובֿ! מזל־טובֿ! — האָט מען געליאַרעמט אויף קולי־קולות.

— מיר זענען געראַטעוועט! ייִדן, מיר זענען געראַטעוועט!

— אַ ישועה איז אויף אונדז געקומען! אַ גרויסע ישועה! געלויבט דער אייבערשטער!

— געלויבט דער אייבערשטער!

וויַיבער האָבן דערציילט די גבֿורות פֿונעם ריבונו־של־עולם מיט אַ ניגון פֿון קינות־זאָגן.

— זאָל געבענטשט זיַין זיַין ליבער נאָמען.

זיידל „ליהודים" האָט געדרייט דעם קאָפּ אַהין און אַהער, געטאָן זיך אַ שטעל אויף די שפּיץ פינגער און אַ געשריי:

— ייִדן! וואָס שטייען מיר דאָ! לאָמיר לויפן זיי מקבל־פּנים זײַן!

ער האָט אַ צענעם געטאָן די פּיס, ווי אַ שער, וואָס האָט זיך צעעפנט. האָבן זיך גלײַך אַלע אַ ריס געטאָן פון די ערטער און געלאָזט זיך לויפן און שפּרינגען, ווי אַ צעטראָגענע טשערעדע ציגן, און אַלע פּנימער האָבן געשטראַלט, אַלע אויגן געפינקלט, אַלע קנייטשן געשמייכלט, אַלע בערד געפלאַטערט אין דער לופט, און אַלע פּאָלעס פון די קאַפּאָטעס זענען זיך צעפלויגן.

אויף האַלבן וועג, צווישן דער באָד און דעם טײַך, האָבן זיי באַגעגנט מאָטל פּיקעלני מיט זײַן חבֿרה. פריִער נאָך, דערזען זיי פון דער ווײַטנס, האָבן זיי אויפגעבברויזט און געשפּרונגען מיט אַלע כּוחות, געפאָכעט מיט די הענט און געשריגן:

— הוררראַ! הוררראַ!

צוגעקומען צו זיי, זענען זיי געבליבן שטיין, דעכענדיק, סאָפּענדיק און פרײַכנדיק, און ס'איז פון זיי גערונען דער שוויים.

— קינדער! . . . טײַערינקע! . . . טאָווארישטשעם! . . . — האָבן זיי זיך געשטיקט און גערעדט אָפּגעהאַקט. — טאָווארישטש . . . מאָטעלע . . . מאָטעלע.

זעליג גלעזער איז געקומען צו לויפן אַ צעטומלטער, געבליבן שטיין, ווי אַ העלד, וואָס האָט אָפּגעהאַלטן אַ פולן נצחון, און האָט אַ קלאַפּ געטאָן דעם זון אויף דער פּלייצע.

— מאָלאָדטשינאַ*! — האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט אַ צעשטראַלט און צעשמייכלט פּנים. — מאָלאָדיעץ, טשעסט אי סלאַוואַ**!

די ווײַבער זענען אַרײַן צווישן דער חבֿרה, און יעדע איז געפאַלן איר זון, אָדער איר ברודער אויפן האַלדז.

— סיאָמע! . . . — האָבן זיי געליאַרעמט מיט שאַרפע און הויכע קולות, ווי פון פּאַוועס. — ליאָווע! . . . מיליע! . . . ביסט געזונט און שטאַרק? . . . אוי ווי צו מיר, אוי ווי צו מיר . . .

די מאַנסבילן האָבן זיך געשטופּט צו מאָטל פּיקעלני, זענען אים נאָכגעגאַנגען און געפרייט זיך מיט אים, אים געליובעט מיט ליבשאַפט און פרייד.

— אַ דאַנק אײַך, טאָווארישטש מאָטל, — האָבן זיי געזאָגט, — זענען מיר געראַטעוועטע! נאָר און נאָר אַ דאַנק אײַך! . . . אונדזערע חכמים, זכרונם לבֿרכה, האָבן געזאָגט: „ווער ס'דערהאַלט בײַם לעבן איין ייִדישן נפש, איז גלײַך ווי ער וואָלט דערהאַלטן אַ גאַנצע וועלט", און איר האָט געראַטעוועט אַן עיר־ואם־בישׂראל, עטלעכע צענדליק טויזנט נפשות!

* בריה, כוואַט, בראַווער יונג.

** בריה, כּבֿוד און רום.

טייל פֿון זיי זענען געגאַנגען הינטער אים און אין דער זײַט, אַ צוויי־דרײַ שפּאַן אָפּגעטראָטן, און געשמועסט צווישן זיך אויף אַ הויך קול, כּדי ער זאָל נישט־ווילנדיק הערן.

איינער האָט געזאָגט:

— זעסט? קיין יִדישע נשמה קאָן מען נישט שאַצן. אָט האָט זיך אַרויסגע־וויזן, אַז סע שלאָגט אין אים אַ יִדישער אָדער!

און אַ צווייטער האָט אים געענטפֿערט מיט אַ געהויבענעם טאָן:

— אַלאַ וואָס דען? — דער אָפּשטאַם! דער אָפּשטאַם איז דאָך „זרע קודש"!

רב ברוך לעוויטין איז אַרויס אַ פּאָר טריט פֿאַר אים, האָט פֿאַרמישט זײַן באָרד מיט אַ פֿריידיקן שמייכל און גערעדט צון אים מיט אַן עניוותדיקן פּנים:

— הײַנט וועט דיר השם־יתברך מוחל זײַן אַלע דײַנע זינד, ווײַל ביסט אונדז בײַגעשטאַנען אין אַן עת־צרה און האָסט אונדז געראַטעוועט פֿון אַלע אונדזערע שׂונאים, חס־ושלום, פֿון הריגה און גאָרן אומקום.

אויך זײַטשיק איז אונטערגעקומען, האָט אים אַ סאַלוטיר געטאָן מיט דער לינקער האַנט און גענומען רעדן מיט אַ נחת־רוחדיקן שמייכל:

— סע שטייט אין דער תּורה: „ויהי בימים ההם" — און עס איז געווען אין יענע טעג — יענע טעג זענען גרויסע, ווען גרויסע צרות קומען אויף דער וועלט. „ויגדל משה" — אַז משה איז אויסגעוואַקסן — און אַז די צרות זענען גרויס, דאַרף אויסוואַקסן אַ מענטש. און ס'איז קיין נפֿקא־מינה נישט, צי דער מענטש איז משה, צי מאָטל פּיקעלני, אָדער אַ וועלכער אַנדער מאָטל. און אַז דער מענטש וואַקסט אויס, וואָס טוט ער? — „ויצא אל אחיו וירא בסבֿלותם" — איז ער אַרויסגעגאַנגען צו זײַנע ברידער און האָט זיך צוגעקוקט צו זייער לאָסטאַרבעט...

מאָטל פּיקעלני האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף זיי און זייערע שבֿחים, גלײַך זיי זענען פֿאַר אים גאָרנישט מיט גאָרנישט.

די יִנגלעך, וואָס האָבן באַגלייט די געפֿאַנגענע, האָבן זיך אָוועקגעקערעוועט אויף אַ זײַט צוליב די מאַנסביל און באַזונדערס צוליב די ווײַבער, וואָס זענען צוגעשטאַנען צו זיי, צו די געפֿאַנגענע, געמאַכט צו זיי מיט די קולאַקעס און געליאַרעמט אויף זיי מיט קולות.

— דעם אינטערנאַציאָנאַל! — האָט מאָטל פּיקעלני געטאָן אַ ווענד דעם קאָפּ צו די יִנגלעך און אַ זאָג געטאָן מיט אַ האַלב מויל כּלאַחר־יד.

האָבן זיי גלײַך אָנגעהויבן זינגען, ווי אויך דער גאַנצער עולם, וואָס האָט זיך אַרום זיי צוזאַמענגעקליבן, און זיי האָבן געמאַכט מיט די הענט און געשאָקלט מיט די קעפּ און זענען געגאַנגען און געזונגען. און דער ליכטיקער טאָג וואַרפֿט זיי אונטער פֿון זון, פֿון הימל־געוועלב, פֿון גאָלדיקן פֿעלד און גרינער לאָנקע. די פֿרייד, וואָס פֿלאַטערט איבערן גאַנצן באַשאַף, נעמט זיי אַרום און שפּאַנט פֿאַר זיי פֿאָרויס.

כאַנקע איז געלאָפֿן מיט אַלע אַנדערע, דאָס קינד אויף די הענט, מיט אַן אויפֿגעבליט פּנים, צעפֿינקלטע אויגן און קורצן אָטעם. מאָטל האָט זי אַרומגע־

נומען און אַ קוש געטאָן אין די ליפּן, גענומען פֿון איר דאָס קינד, עס אויפֿגע־הויבן אין דער הייך און געשריגן מיט געזאַנג:

— „וואָספּריאַניעט ראָד ליודסקאָי*! . . .

— ווו איז הענעך? — האָט כאַנקע זיך אַרומגעקוקט.

— דאָרטן. — האָט מאָטל פּיקעלני איר אַ ווײַז געטאָן מיט אַ פֿינגער אויף די וועגענער, וואָס האָבן זיך געשלעפּט פּאַוואָליע. — אינעם וואָגן.

אַ צעמישטע איז כאַנקע געלאָפֿן צו די וועגענער. זי האָט געטראָפֿן הענעכן ליגן אין וואָגן אויף שטרוי, אַ בלאַסער, די אויגן פֿאַרמאַכט, און די וואָנצעס און באָרד אײַנגעריכט אין בלוט.

— וואָס איז דיר, מײַן טײַערער? — האָט זי, אַרויפֿלייגנדיק די הענט אויף זײַן אַקסל, געפֿרעגט מיט אַ דערשראָקענער שטים.

— ס'איז דער סוף. — האָט ער אַ שעפּטשע געטאָן, און אַז איין־און־איינ־ציקע טרער האָט זיך אַ קײַקל געטאָן אויף זײַן באַק.

— ניין, ניין . . . — האָט כאַנקע אַ זאָג געטאָן מיט שרעק.

אין אַ ווײַל אַרום האָט ער ווידער געעפֿנט די אויגן.

— חנה . . . — האָט ער אָנגעהויבן.

אָבער ס'האָט אים אָפּגענומען דאָס לשון, און ער האָט מער גאָרנישט נישט געזאָגט. נײַערט אָט דאָס וואָרט „חנה" האָט אין זיך אַנטהאַלטן בענקשאַפֿט און לעכצונג און אַ סך זאַכן, וואָס האָבן זיך אָפּגעזעצט און זענען קיין מאָל נישט אַרויסגעזאָגט געוואָרן.

* וועט אויפֿגעריכט ווערן די מענטשהייט.

# xxxviii

די גאַנצע נאַכט האָט זיך הענעך געוואָרפֿן און געריעדט פֿון היץ, געזונגען און געשריגן „הוראַ", זיך געריסן, ווי אַ סאָלדאַט, וואָס שטרעקט אויס ביידע הענט מיט דער ביקס, און דעסט גלײַכן געאַרבעט מעשׂים.

כאַנקע האָט געהאָלפֿן דעם דאָקטער קאַטיק, געפּאָרעט זיך אַרום הענעכן, אים אײַנגעשטילט און באַרויִקט — און מיט אים קיין עצה זיך נישט געקאָנט געבן.

מאָטל פּיקעלני איז אַרײַנגעקומען אויף אַ קורצער ווײַל. דערזען אים אין אָט דעם צושטאַנד, האָט ער אויסגעדרייט צו אים דעם קאָפּ און אַ געשריי געטאָן, ווי אַ קאַפּראַל אויף זײַנע סאָלדאַטן:

— וואָלנאָ*!

האָט זיך הענעך גלײַך אונטערגעגעבן און איז אַנטשוויגן געוואָרן.

דאָקטער קאַטיק איז אַרויסגעגאַנגען פֿון צימער און אַוועק מיט אַ באַקימערט פּנים. אין צווייטן צימער האָט רב נתן נטע געזאָגט תּהילים מיט אַ שטילער, וויינענדיקער שטים. כאַנקע איז געזעסן אַליין בײַם קאַנעצל אײַנגעבויגן און שטום, און פֿון אירע אויגן האָבן געפֿלאָסן טרערן.

אויף מאָרגן איז הענעכן לײַכטער געוואָרן. די היץ האָט נאָכגעלאָזן, און זײַן געמיט האָט זיך באַרויִקט. ער איז געלעגן שטיל אויפֿן געלעגער און האָט גאָרנישט נישט פֿאַרלאַנגט, נישט דעם דאָקטער און נישט קיין רפֿואה.

— איך דאַרף נישט גאָרנישט. — האָט ער געמורמלט.

אויך זײַנע חבֿרים, וואָס זענען געקומען אים מבֿקר־חולה זײַן, האָט ער נישט אויפֿגענומען.

* אומגעשטערט זײַן.

— אַן אַנדערש מאָל. — האָט ער אַ שעפּטש געטאָן, פאַרמאַכט די אויגן, און טרערן זענען אים פון זיך אַליין אַרויסגעפלאָסן און גערונען איינע נאָך דער אַנדערער איבער זיינע איינגעפאַלענע באַקן.

ס'זענען אַריבער צוויי טעג, און די קראַנקהייט האָט זיך געשטאַרקט. זיין אָטעמען איז שווערער געוואָרן, די נאָז האָט זיך אים אויסגעצויגן, די אונטערשטע קינבאַק שלאַבעריק און אַראָפּגעהאַנגען. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן כאַנקען. זי האָט זיך איינגעבויגן איבער אים. ער האָט צון איר אַ מאַך געטאָן מיט די ליפּן, אָבער קיין קול איז נישט אַרויסגעקומען.

ער האָט באַלד אָנגעהויבן גוססן. צווישן איין שלוקערץ און אַ צווייטן האָט ער איר אַ ווונק געגעבן, זי זאָל אַרויסגיין פון צימער. אָבער באַלד נאָך דעם האָט ער געשיקט זי צוריקרופן.

די גסיסה האָט געדויערט לאַנגע שעהען, פון מיטאָגצייט ביז פאַרנאַכט. די גאַנצע צייט איז ער געווען ביים זינען.

פאַר נאַכט האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון דעם קישן און אַ זאָג געטאָן צו כאַנקען מיט אַ לויטערער שטים:

— גיב מיר דיין האַנט.

זי האָט אָנגענומען זיין האַנט, נאָר זי איז שוין געווען קאַלט. ער האָט אָנגעשטעלט אויף איר אַ מטושטשן בליק און אַ שעפּטשע געטאָן צו איר:

— כאַנקע . . .

זיין קאָפּ האָט געטאָן אַ פאַל אויף דעם קישן. אַ ציטער איז דורכגעלאָפן דורך זיין קערפּער, און ער האָט אויפגעשווידערט דריי מאָל נאָך אַנאַנד, די פיס האָבן זיך אים אויסגעצויגן אונטערן ליילעך און זענען געוואָרן צו לאַנג.

שפּעטער אַ ביסל איז אַריינגעקומען מאָטל פּיקעלני. ער איז שטיין געבליבן און האָט אַריינגעקוקט אין זיין פּנים.

— פּונקט ווי יאָאַן קרעסטיטעל. — האָט ער שטיל אַ זאָג געטאָן צו זיך אַליין, ווי עפּעס פאַרוווּנדערט.

# *xxxix*

די קבֿורה האָט מען אָפּגעלייגט ביז אסתּר וועט קומען פֿון כאַרקאָוו, ווײַל אַזוי האָט פֿאַרלאַנגט רב נתן נטע. דערווײַל האָט מען אַריבערגעפֿירט הענעכן פֿון שטוב אין איספּאָלקאָם. דאָרט האָט מען אים אַנידערגעלייגט אויף אַ טיש און געשטעלט לעבן אים צוויי ערנוואַכן. אַלע האָבן גענומען אַרײַנגיין און גיין פֿאַרבײַ אים, מאַנסביל, ווײַבער און קינדער. די גייען אַרויס, און אַנדערע קומען אַרײַן, גאַנץ אַלט־בודע.

אויף מאָרגן איז געקומען אסתּר. אין פֿירהויז פֿון שטוב איז זי אַרויפֿגעפֿאַלן רב נתן נטען אויפֿן האַלדז.

— שוין נישטאָ אים . . . — האָט זי אַ צאַפּל געטאָן מיט אַן אָפּגעכאַפּט יתומיש געוויין. דאָס מויל האָט זיך איר פֿאַרקרימט, טרערן פֿאַלן איר פֿון די אויגן און קײַקלען זיך איר אויף דער נאָז און דער גאָמבע. — שוין נישטאָ אים.

באַלד זענען געקומען עטלעכע טאָוואַרישטשעס זי באַגריסן, האָבן זיך געזעצט לעבן איר, יעדער מיט אַ שטערן אויף דער ברוסט און אַ רעוואָלווער אויף דער זײַט, און גערעדט מיט איר צוליב רעספּעקט און צוליבן טרויער מיט אַן אומעטיק פּנים און שטיל קול. איין מאָטל פּיקעלני איז געזעסן שטאָלץ באַפּעלעריש. ער האָט פֿאָרגעלייגט אַ וויכטיקע זאַך, מע זאָל באַערדיקן הענעכן אין שטאָטגאָרטן.

— דאָס איז אַן אידעע! — האָט זיך אָנגערופֿן איינער מיט אַנשטעלערישער התפּעלות.

— ווי ס'פּאַסט פֿאַר אַ רעוואָלוציאָנערן העלד! — האָט זיך אָנגערופֿן אַ צווייטער.

— און ס׳וועט בלייבן נאָך אים אַ שיינער נאָמען און אַ גוטער אָנדענק אויף דער וועלט! — האָט זיך אָנגערופֿן אַ דריטער.

אויך אסתּר איז געווען געניייגט צו זייער מיינונג.

האָט עס דערהערט רב נתן נטע און אויפֿגעשוידערט.

— וואָס!... וואָס!... — האָט ער אַ געשריי געטאָן אין שרעק.

— דאָס איז אַ באַפֿעל פֿון דער רעוואָלוציע. — האָט מאָטל פּיקעלני אָפּגעשניטן.

— זאָל דיר גאָרנישט איינפֿאַלן! — האָט רב נתן נטע צו אים אַ געשריי געטאָן. — איך בין אייך מתרה! איך... איך...

— איר האָט דאָ נישט וואָס צו זאָגן! — האָט מאָטל פּיקעלני אַוועקגעדרייט פֿון אים דעם קאָפּ. — דאָס איז נישט אייער זאַך.

— ס׳איז מיין זון! מיין זון!... — האָט זיך רב נתן נטע געקלאַפּט מיט דער פֿויסט אין הארץ אריין, און טרערן זענען אים אָנגעלאָפֿן אין די אויגן. — איכ׳ל נישט דערלאָזן, איר זאָלט אים אָנטאָן בזיון! לאָזט טאָן אים זיין רעכט און ברענגען צו קבֿר־ישׂראל.

די זאַך האָט זיך פֿאַרצויגן. אסתּר האָט די גאַנצע צייט געשוויגן און זיך דערין נישט אריינגעמישט. ביז לסוף האָט זי אויפֿגעהויבן די אויגן און אַ זאָג געטאָן:

— לאָזט אים, און אַ סוף דערצו.

זיי האָבן זיך אונטערגעגעבן. גלייך זיך אויפֿגעהויבן און אַוועק.

אסתּר איז צוגעגאַנגען, האָט זיך געזעצט לעבן רב נתן נטען און אים געפֿרעגט, וואָס ער מאַכט, גלייך זי וואָלט זיין אַ פֿרעמדע, און נישט איר אייגענער מת ליגט דאָ פֿאַר איר. זי איז צוגעגאַנגען צו ניסלען און פֿראַיקען, וועלכע זענען צוליבן ברודערס טויט געקומען צו פֿאָרן פֿון דער קאָלאָניע, צעשראָקענע, אָפּגעצערטע, מיט פֿולע קעשענעס ווילדע באַרלעך. האָט זיי אויסגעפֿרעגט וועגן דער שול, דער קאָלאָניע און די פּיאָנערן. זיי האָבן זיך געקווענקלט און איר געענטפֿערט מיט רעספּעקט און שעמעוודיק, ניט אויפֿהייבנדיק די קעפּ.

רב נתן נטע האָט זיך אין איר איינגעקוקט זייטיק און איינגעזען, אַז זי איז מאָגער און איינגעשרומפּן, דער קאָפּ אָפּגעשוירן, די באַקן געקנייטשט און די אויגן מוטנע, ווי זי וואָלט זיין בייז און פֿאַרזויערט.

— אַן אַלטע מויד... — האָט ער געשאָקלט מיטן קאָפּ און געפּרעפּלט מיט די ליפּן מיד און צעקלעמט.

אסתּר האָט זיך אויפֿגעהויבן, איז געגאַנגען פֿון איין צימער אין צווייטן, אַ נישטער געטאָן דאָ און דאָרט און ארויס פֿון שטוב. רב נתן נטע האָט געמיינט, זי איז געגאַנגען צו הענעכן, אין איספּאָלקאָם. ערשט אין אַ ווייל אַרום, זי איז דאָ צוריק און האָט געבראַכט אַ בינטל רעטעך און מייערן און דריי אוגערקעס, וואָס זי האָט אָנגעריסן פֿון הענעכס גערטל.

— איר האָט דאָך דאָ פֿון אַל דאָס גוטס! — האָט זי אַ זאָג געטאָן. זי האָט גענומען און צוגעגרייט אַ וואַרמעס, און זיי זענען געגאַנגען צום טיש.

א צעמישטע און דריקנדיקע שטילקייט איז געשטאַנען אין שטוב. אסתּר האָט מיט חשק געקײַט, קלאַפּנדיק מיט דער צונג און סמאַטשקענדיק מיט די ליפּן. רב נתן נטע האָט געהאַלטן זײַן גאָפּל אין דער לופֿטן, און דאָס ערשטע שטיקל רעטעך, וואָס ער האָט גענומען, איז אים שטיין געבליבן אין האַלדז און האָט געוואָרגן. די קינדער האָבן געוואָרט אויף אים מיטן עסן, און זייערע אויגן האָבן צעטראָגן אַרומגעפּלאָנטערט אַהין און אַהער. ער האָט זיך אָנגעטאָן כּוח, אויפֿגעשטעלט, אַרויסגערוקט פֿון צווישן דעם טיש און דער שטול, געטאָן אַ דרײַ־פֿיר טראָט, ווי עמעץ גייט שווער איבער אַ זומפּיקן באָדן, און איז אַן אײַנגעהויקערטער, מיט אַ ציטעריקן נאַקן, אַרויסגעגאַנגען פֿון שטוב.

— עסט, עסט, — האָט אסתּר, ווײַטער קײַענדיק, געזאָגט צו די קינדער, וואָס האָבן אויפֿגעהערט עסן.

רב נתן נטע איז אוועקגעגאַנגען אין איספּאַלקאָם, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ פּניאָק לעבן דעם טויער און איז געבליבן זיצן אַ פֿאַרמאַטערטער און צעבראָכענער, מיט אַ דערשלאָגן געמיט און מטושטשן זינען.

ס'איז געווען פֿאַר מיטאָג צײַט. דער טאָג איז געשטאַנען אַ צאַרטער און מילדער. די לופֿט איז ווייך געווען, ווי אַן איבערגעצײַטיקטע בערנע, און האָט געשימערט קעגן דער זון, ווי דאָס פֿליגעלע פֿון אַ ליבעלע.

# xl

צוויי אַ זייגער בײַ טאָג איז די לוויה אַרויס פֿון איספּאַלקאָם, נאָך אַלע טרויער־רעדעס, וואָס אַ סך זייערע האָבן געהאַלטן איבער הענעכן, און אסתּרס רעדע, וואָס איז געווען לענגער פֿון אַלע.

די מיטה האָבן געטראָגן אסתּר און מאָטל פּיקעלני און נאָך פֿיר חשובֿע קאָמיסאַרן. פֿאַרויס האָבן געשפּאַנט צוויי קאָמסאָמאָלצעס, טראָגנדיק אַראָפּ־געלאָזטע רויטע פֿענער מיט שוואַרצע בענדער פֿון אויבן. נאָך זיי זענען געגאַנגען די מוזיקער, פֿיר געוועזענע קלעזמער, און האָבן געשפּילט אַן אומעטיקן חתונה־מאַרש און פֿול געמאַכט דעם דרויסן מיט טענער פֿון פֿידל, טרומייט, פֿלייט און פּויק. הינטער דער מיטה זענען געגאַנגען די טשעקאַ־לײַט מיט די ביקסן אויף דער אַקסל, די באַאַמטע פֿון די מאַכטאָרגאַנען, אַ גרופּע מיליציאָנערן, די מיטגלידער פֿון די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראייניגן און סתּם די ייִדישע באַפֿעלקע־רונג, גאַנץ אַלט־בודע פֿון עק צו עק.

כאַנקע איז געגאַנגען איינע אַליין, געבויגן און פֿאַרחושכט.

— ווײַס, ווי אַלעבאַסטער. — האָבן ווײַבער זיך געשושקעט הינטער איר און איבערגעוווּנקען.

אַ היפּש ביסל ווײַטער איז געגאַנגען רב נתן נטע, דערשלאָגן און צעבראָכן, דער קאָפּ פֿאַרוואָרפֿן צום געניק, ווי בײַ אַ קאַטשער, די אויגן טרערן, און נישט בײַ די געדאַנקען. ווי אַ נעפּל, האָט זיך דער גאַנצער גרויסער עולם געוויגט פֿאַר זײַנע אויגן, און ער אַליין האָט זיך געוויגט, ווי אַ שיכּור. פֿון מאָל צו מאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, ווי ער וואָלט דעם וועג פֿאַרלוירן, גלײַך ער ווייסט נישט,

וואָס פֿאַר אים קומט פֿאַר: צי איז עס אַ לוויה, צי איז עס אַ חתונה. און דערווײַל האָט ער ווידער גענומען גײן און געשעפּטשעט מיט האַרץ־קלעמעניש:

— אוי ווײ צו מיר, אוי ווײ צו מיר . . .

בײַ דעם פּאַרקן פֿון הייליקן אָרט איז ער געבליבן שטײן, ווי אומזיסט־אומנישטיק פֿאַרשולדיקט. האָט זיך איבערגעשטעלט פֿון אײן פֿוס אויפֿן אַנדערן, אַראָפּגעווישט מיט אַ פֿינגער אַ טרער פֿון אויג און אַ פּיר געטאָן מיט דער פֿויסט אונטער דער נאָז.

באַלד האָט זיך דערהערט דער קלאַנג פֿונעם אינטערנאַציאָנאַל און דרײַ שאָסן נאָך אַנאַנד. ער האָט זיך דערשראָקן און אַ פּיר געטאָן די אויגן אַהין און אַהער. גלײַך האָט ער זיך געכאַפּט, זיך צעשאָקלט און אָנגעהויבן זאָגן מיט אַ ציטערנדיק און אָפּגעהאַקט קול:

— יתגדל ויתקדש שמיה רבא . . .

